


# די

# אידישע מלחמות

פון

## יוֹסֵף בֶּן מַתִּתְיָהוּ הַכֹּהֵן

(יוסיפוס פלאוויוס).

## אלע 7 ביכער אין 2 טייל

איבערגעזעצט צום ערשטען מאל אויף אידיש בשלימות

פון ז. קאלמאנאוויטש.

## צווייטער טייל.

אויסגאבע פון ב. קלעצקין און פ. מארגאלין, ווילנא.

געזעצט ביי ב. א. קלעצקין. געדרוקט פון סטערעאָטיפּען אין דער דרוק „פּראָגרעס״.

ווילנא, תרע״ד — 1914.

די

# אידישע מלחמות

פון

## יוֹסֵף בֶּן מַתִּתְיָהוּ הַכֹּהֵן

(יוסיפוס פלאוויוס).

## אלע 7 ביכער אין 2 טייל

איבערגעזעצט צום ערשטען מאל אויף אידיש בשלימות

פון ז. קאלמאנאוויטש.

## צווייטער טייל.

אויסגאַבע פון ב. קלעצקין און פ. מאַרגאָלין, ווילנא.

געזעצט ביי ב. א. קלעצקין. געדרוקט פון סטערעאָטיפען אין דער דרוק „פראָמיען".

ווילנא, תרע"ד — 1914.

# פערטער בוך.

## אינהאלט:

# אינהאלט

## אינהאלט.

װעגען דער שטאָדט חברון, וואו אברהם אבינו האָט געוואוינט.

ווי אזוי די קנאים האָבען געלאָזט חאפען דורך רמאות שמעון׳ס ווייב, בשעת ער איז געווען אין אדום.

נאָך אמאָל וועגען גאלבא און די אימפעראטאָרען, וואָס האָבען געהערשט נאָך איהם אין רוים און זיינען געשטאָרבען.

ווי אזוי אספסינוס האָט איינגענומען די געביטען פון גופנא און עקרבת און נאָך אנדערע שטעדט.

נאָך וועגען שמעון דעם טיראן און וועגען די צרות, וואָס די שטאָדט האָט געמוזט אויס־שטייהן. ווי אזוי דאָס פאָלק איז אויפגעשטאנען קעגען די קנאים און האָט אויפגענומען שמעונ׳ען אין שטאָדט.

ווי אזוי וויטעליוס איז געקומען פון גערמאניען קיין רוים.

ווי אזוי די סאָלדאטען האָבען, נאָכדעם ווי זיי האָבען בעקומען ידיעות וועגען די געשע־הענישען אין רוים, אויסגערופען אספסינוס׳ן פאר אַן אימפעראטאָר.

ווי אזוי אספסינוס האָט זיך קודם כל געגעבען מיה אריינצוחאפען אלכסנדריה און עגיפטען. די בעשרייבונג פון עגיפטען און פון טייך נילוס.

ווי אזוי אספסינוס האָט בעפרייט פון זיינע קייטען יוספ׳ן, דעם מחבר פון דעם בוך.

ווי אזוי אספסינוס איז, נאָכדעם ווי ער האָט איינגעשטעלט די אָרדענונג אין אלכסנדריה, אוועק קיין אנטיוכיה און האָט פאָראויסגעשיקט מוקיאנוס׳ן קיין איטאליען.

ווי אזוי וויטעליוס׳עס קריגס־הויפטמאן צעצינא האָט, אז ער האָט דערזעהן אספסינוס׳עס מורא׳דיגען גרויסען חייל, געראָטען זיינע אונטערגעבענע, זיי זאָלען אריבערגייהן צו אנטאָניוס׳ן. ווי אזוי אנטאָניוס פרימוס האָט, אז ער האָט דערזעהן, אז די סאָלדאטען האָבען חרטה אויף זייער אויפטו און זיי האָבען שוין געהאט בדעה צו בינדען צעצינא׳ן און אָבשיקען איהם צו וויטעליוס׳ן, — זיך געפעדערט און געלאָזט אויס׳הרג׳ען אַ סך פון זיי און צעצינא׳ן אבשיקען צו אספסינוס׳ן.

ווי אזוי אספסינוס איז אוועק קיין רוים, נאָכדעם ווי וויטעליוס איז געוואָרען בעזיגט און אין געטויט, און האָט געהייסען זיין זוהן טיטוס׳ן ארויסטרעטען קעגען ירושלים.

---

# ערשטער קאַפּיטעל.

גמלא ווערט בעלעגערט און איינגענומען

1. נאָכדעם ווי די אַיינוואוינער פון טריכיה זיינען אויף אַזאַ אופן בעזיגט געוואָרען, האָבען זיך אויך אונטערגעגעבען די איבעריגע גלילים, וואָס האָבען אונטערגעהאַלטען פאַר דער מרידה קעגען די רוימער, אפילו נאָכדעם ווי יודפת איז אַיינגענומען געוואָרען. איצט האָבען די זיגער אַיינגענומען אַלע פעסטונגען און שטעדט, חוץ גוש-חלב און די פעסטונג אויפ׳ן באַרג תבור. מיט דער לעצטער האָט זיך אויך געהאַלטען די שטאָדט גמלא, וואָס איז געלעגען אויף יענער זייט אָזיערע קעגענאיבער טריכיה און וואָס איז פונקט אַזוי ווי סאָגאַנע און סעלעווקיאַ געווען אַ גרעניץ-שטאָדט פון אַגריפּס׳עס געביט. סאָגאַנע און גמלא האָבען געהערט צו גולן, די ערשטע צו דעם אַזוי אָנגערופענעם אויבערשטען גולן, די אַנדערע צום אונטערשטען גולן. סעלעווקיאַ איז געלעגען ביי דער אָזיערע מי מרום.

די דאָזיגע אָזיערע האָט 30 סטאַדיעס אין דער ברייט און 60 אין דער ליינג. איהרע זומפּען ציהען זיך ביז צו דער רייכער געגענד פון דפנה, וואו עס געפינען זיך די קוואַלען, וואָס שפּייזען דעם אַזוי אָנגערופענעם קליינעם ירדן און פאַלען אַריין אינאיינעם מיט איהם אינ׳ם גרויסען ירדן אונטערהאַלב דעם טעמפּעל פונ׳ם גאָלדענעם קאַלב 1).

סאָגאַנע און סעלעווקיאַ האָט אַגריפּס אַריבערגעצויגען אויף זיין צד נאָך אין אָנהויב פון דער מרידה. גמלא אָבער האָט זיך איהם ניט אונטערגעגעבען, ווייל נאָך מעהר, איידער יודפת, האָט זי זיך געשטיצט אויף איהר לאַגע, וואָס איז נעווען בעפעסטיגט פון דער נאַטור. פון אַ רייהע הויכע בערג ציהט זיך אַ פעלז, וואָס דערהויבט זיך גלייך ווי אַ וואַנט און בילדעט אין מיטען אַ הויקער. דער לעצטער ציהט זיך אַ געוויסע שטרעקע אין דער ליינג און לאָזט זיך אַראָב ווידער גלייך, פונקט ווי פון הינטען, אַזוי אַז דאָס גאַנצע איז געגליכען צו אַ קעמיל; דערפון האָט אויך די שטאָדט בעקומען איהר נאָמען, מעהר ניט די אַיינוואוינער לאָזען ניט דייטליך .מערקען אין זייער אויסריידען,

1) דאָס איז דער עגל הזהב, דער גאָלדענער קאַלב אין דן, וואָס ירבעם בן נבט, דער ערשטער קעניג פון קיניגרייך ישראל, האָט אויסגעבויט.

פון וואַגען דער נאָמען האָט זיך גענומען 1). ביי די זייטען און נאָך פאָרענט ציהט זיך דער אָרט אין ניט-צוגיינגליכע טיפע טאָלען אַראָב נאָך אונטען, און נאָר פון הינטען, וואו גמלא איז פערבונדען מיט'ן באַרג, פערקלענערט זיך די אומצוגיינגליכקייט אַביסעל. נאָר אויך פון דער זייט האָבען די איינוואוינער געזוכט צו מאַכען די שטאָדט שווערער צוגיינגליך, דורכדעם וואָס זיי האָבען אויסגעגראָבען אַ גראָבען, וואָס ציהט זיך אין דער קווער און שניידט אָב די שטאָדט פון באַרג. אויסגעבויט ביי דער גלייכער זייטענוואַנט פון דער שורה בערג, זיינען די הייזער געשטאַנען זייער געדיכט צונויפגעפרעסט נעבען אַנאַנד, אַזוי אַז עס האָט אויסגעדוכט, ווי די שטאָדט וואָלט שוועבען אין דער לופטען און אַיינפאַלען אויף זיך אַליין מחמת איהר הויכער לאַגע. גמלא איז געלעגען אין דרום-זייט. אין דרום-זייט ליגט אויך אַ באַרג, וואָס דערגרייכט צו אַ בעדייטענדער הויך, און ער האָט געדיענט פאַר דער שטאָדט אַלס אַ פעסטונג, וואָס פון איהר אויבערשטען טייל האָט זיך אַראָבגעלאָזען, ווי אַ גלייכע וואַנט, אין זייהר אַ טיפען טאָל אַן אָרט, וואָס איז ניט געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ מויער. אינעווייניג צווישען דער מויער, אין סאַמע עק שטאָדט, האָט זיך אויך געפונען אַ קוואַל.

2. די דאָזיגע שטאָדט, וואָס איז ניט געווען אַיינצונעמען שוין איבער איהר נאַטירליכער לאַגע, האָט יוסף נאָך פעסטער געמאַכט דורך גראָבענס און אונטערערדישע גיינג. די איינוואוינער האָבען זיך פערלאָזען אויף דער נאַטור פונ'ם אָרט נאָך מעהר, איידער די איינוואוינער פון יודפת, אָבער זיי האָבען געהאַט · אַ סך ווינציגער קריגס-פייהיגע מענשען; פערטרויענדיג זיך אויף דער פעסטיגקייט פונ'ם פלאַץ, האָבען זיי אויך ניט אָנגענומען קיין פערשטאַרקונגען. מחמת איהרע שטאַרקע בעפעסטיגונגען איז די שטאָדט געווען פול פון אַנטלאָפענע, און דערפאַר האָט זי אויך אויסגעהאַלטען אַ בעלעגערונג מצד אַגריפּס'ן אין משך פון זיבען חדשים.

3. בכן איז אַספּסינוס אַרויסגעטראָטען פון חמתא (דאָס וואָרט בעדייט „וואַרימע בעדער" — ווייל דאָרט האָבען זיך געפונען וואַרימע היילקוואַלען), וואו ער האָט געהאַט אויפגעשלאָגען זיין לאַגער פאַר טבריה, און איז אַוועק קיין גמלא. אינגאַנצען אַיינשליסען די שטאָדט איז מחמת איהר לאַגע, פערשטייהט זיך, ניט מעגליך געווען. פונדעסטוועגען האָט ער אויפגעשטעלט פּאָסטענס אין די ערטער, וואו דאָס איז געווען מעגליך, און האָט געהייסען פערנעמען דעם באַרג, וואָס בעהערשט די שטאָדט. נאָכדעם ווי די לעגיאָנען האָבען אויפ'ן געוויהנליכען אופן דאָרט אויסגעבויט אַ לאַגער, האָט ער אָנגעהויבען אויף דער הינטערשטער זייט בויען דאַמבעס, און אויך דאָס אייגענע אין מזרח-זייט, וואו עס האָט זיך געפונען ביים העכסטען פונקט פון שטאָדט אַ טורעם, דערביי האָבען געלעגערט דער פינפטער און צעהנטער לעגיאָן. דער

1) גמלא אויף אראמיש איז דאס אייגענע, וואס אויף העברייאיש גמל, ד. ה. קעמל. אין יענער געגענד איז געווען די שפראך פון דער בעפעלקערונג און אראמישער דיאלעקט.

פינפטער האָט געאַרבייט פון דאָרט אויס קעגען צענטער שטאָדט, און דער צעהנטער האָט אויסגעפילט די גראָבענס און די נאַטירליכע פער טיעפונגען.

דעמאָלט האָט עס געטראָפען, אַז איינער פון די שליידערער האָט פער־וואונדעט מיט אַ שטיין דעם קעניג אַגריפּס אין רעכטען עלענבויגען, בשעת יענער איז נעהענטער צוגעגאַנגען צום מויער און געוואָלט איבערריידען מיט די אידען, וואָס זיינען געשטאַנען אויף איהר, זיי זאָלען איבערגעבען די שטאָדט. באַלד האָבען דעם קיניגס פריינד זיך אַרומגעקליבען אַרום איהם. נאָר די רוימער זיינען אַריין אין כעס דעריבער, וואָס דער קעניג איז פערוואונדעט געוואָרען, און האָבען נאָך מיט מעהר כח זיך גענומען פאַר דער בעלעגערונג. זיי האָבען גערעכענט, אַז אַזעלכע מענשען, וואָס זיינען אַזוי פרביטערט קעגען זייער אייגענעם לאַנדס-מאַן, וואָס וויל זיי געבען אַ גוטע עצה צוליעב זייער טובה וועגען, וואָלטען אין זייער אַכזריות קעגען פרעמדע און שונאים אַריבער־שטייגען אַלע מאָסען.

4. די דאַמבעס זיינען גיך פאַרטיג געוואָרען, מחמת ס'זיינען געווען אַ סך אַרבייטס-הענד און די רוימער זיינען געווען גענינט אין אַזעלכע אַרבייטען, און דעמאָלט האָט מען געבראַכט די מאַשינעס. דערווייל האָבען כאַריס און יוסף, די אָנגעזעהענסטע מענשען פון דער שטאָדט, איינגעשטעלט זייערע בעוואָפענטע צום קאַמף. די לעצטע האָבען איבעריגענס געהאַט כמעט אָנגעוואָהרען דעם מוט. היות ווי זיי זיינען ניט געווען גענוג פערזאָרגט מיט וואַסער און לעבענס-מיטלען, האָבען זיי גערעכענט, אַז זיי וועלען ניט קאָנען לאַנג אויסהאַלטען די בעלעגערונג. אָבער די פיהרער האָבען זיי אויפגעמונטערט און האָבען זיי פונדעסטוועגען געלאָזט צוטרעטען צום מויער. און ס'האָט זיך זיי טאַקע איינ־געגעבען אַ געוויסע צייט צוריקצוטרייבען זייערע געגנער, וואָס האָבען געוואָלט אויפשטעלען די מאַשינעס. נאָר אַז מען האָט געשאָסען אויף זיי פון קאַטאַ־פולטען און באַליסטען, האָבען זיי זיך באַלד צוריקגעצויגען אין שטאָדט אריין.

דעמאָלט האָבען די רוימער געלאָזט איז דריי ערטער ווירקען שטורעם-בעק און האָבען אויף אַזאַ אופן בעשעדיגט די מויער. איצטער האָבען זיי גע־לאָזט שאַלען די טרומייטען, האָבען געקלונגען מיט זייער געוועהר און אויפ־געהויבען אַ גרויסען קריגס-געשריי און זיינען אַריינגעדרונגען דורך די איינ־געבראָכענע שטעלען פון דעם מויער אין שטאָדט אַריין. דאָרט האָבען זיי זיך אַריינגעלאָזט אין אַ געשלעג מיט די געגנער, וואָס האָבען זיך געפונען אינעווייניג. זייערע ערשטע אָנפאַלען האָבען די אידען אויסגעהאַלטען און האָבען זיי מוטיג צוריקגעשלאָגען. צולעצט אָבער האָבען זיי געמוזט אָבטרעטען קעגען דער גרעסעערער צאָהל פיינד און קעגען די אָנפאַלען, וואָס זיינען געקומען אויף יי פון אַלע זייטען, און צוריקציהען זיך אין די העכער געלעגענע טיילען שטאָדט.

בשעת די פיינד זיינען זיי נאָכגעלאָפען אויף דאָרט, האָבען זיי זיך ווידער אומגעקעהרט, האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די רוימער און האָבען זיי צוגעטריבען צו דער הויכער און גלייכער זייט בארג, וואו זיי האָבען זיך ניט געקאָנט מעהר העלפען אויפ'ן שמאָלען און שוויריגען אָרט. און זיינען אויסגעהרג'עט געוואָרען. אַנדערע, וואָס האָבען ניט געקאָנט פערטיידיגען זיך קעגען די אידען, וואָס זיינען געשטאַנען העכער פאַר זיי, און אויך ניט דורכשלאָגען זיך דורך די רייהען פון זייערע אייגענע מענשען, וואָס האָבען געשטורעמט פאָראויס, זיינען אַנטלאָפען געוואָרען אויף די דעכער פון די פיינדליכע הייזער, וואָס מען האָט געקאָנט גרייכען צו זיי פון דער ערד. נאָר ווי נאָר די דעכער זיינען פול געוואָרען, האָבען זיי זיך איינגעבראָכען אונטער דער משא, און ווי באַלד אַז איין הויז איז איינגעפאַלען, האָט זי אומגעוואָרפען אַ סך פון די בנינים, וואָס זיינען געשטאַנען טיעפער אונטען, און אויך די בנינים האָבען אומגעוואָרפען די, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זיי. דאָס האָט אַ סך רוימער געבראַכט דעם טויט. וואָרום ניט וויסענדיג וואָס צו טון, זיינען זיי אַרויפגעשפרונגען אויף די דעכער אַפילו דאַן, בשעת זיי האָבען זיי געזעהן שוין פאַלענדיג. אַ סך זיינען אַזוי בעגראָבען געוואָרען אונטער די חורבות, אַ סך זיינען אויך ניזוק געוואָרען לויפענדיג. דער גרעסטער טייל אָבער זיינען אומגעקומען דורכדעם, וואָס זיי זיינען געוואָרען דערשטיקט אין די וואָלקענס שטויב. דאָס האָבען די איינוואוינער פון גמלא גערעכענט פאַר גאָטס הילף, און דעריבער זיינען זיי, ניט אַכטענדיג אויף זייערע אייגענע אָנוועהרען, נאָך שטאַרקער אָנגעפאַלען אויף די רוימער און האָבען זיי געטויט דורך שאָסען פון אויבען אַראָב, בשעת יענע פלעגען זיך אויסגליטשען אויף די משופע'דיגע געסלעך. שטיינער האָבען זיי געפונען לרוב צווישען די איינגעפאַלענע הייזער, און געוועהר האָבען זיי גענומען ביי די דער'הרג'עטע פיינד. ביי די געפאַלענע האָבען זיי אַראָבגעריסען פון זייט די שווערדען און האָבען זיי געברויכט קעגען די רוימער, וואָס האָבען זיך געראַנגעלט מיט'ן טויט. איבעריגענס האָבען אַ סך רוימער זיך אַליין געטויט: בשעת זיי האָבען זיך געפונען אין סכנה אַראָבצופאַלען פון די דעכער, האָבען זיי זיך אַליין אַראָבגעוואָרפען. אָבער אויך פאַר די, וואָס האָבען געמיהט זיך לויפען, איז ניט געווען גרינג אַנטרונען צו ווערען. וואָרום אַזוי ווי זיי האָבען דעם וועג ניט געוואוסט און האָבען אין געדיכטען שטויב ניט דערקענט איינער דעם אַנדערן, האָבען זיי פערבלאָנדזשעט און זיינען אַנידערגעפאַלען איינער איבער'ן אַנדער'ן.

5. ווער עס האָט נאָר געקאָנט געפינען אַן אויסוועג, האָט זיך צוריקגעצויגען פון דער שטאָדט. אַספּסינוס אָבער איז געבליבען שטענדיג ביי דער זייט פון די בעדריקטע. וואָרום ס'האָט איהם אָנגעהאַפּט גרויס רחמנות, בשעת ער האָט דערזעהן, ווי די שטאָדט איז איינגעפאַלען איבער זיינע סאָלדאַטען. ניט אַכטענדיג אויף זיין אייגענער זיכערקייט, איז ער געווען אַריינגעדרונגען, אָהן דאָס אַליין צו בעמערקען, כמעט ביז צום העכסטען פונקט פון שטאָדט, וואו ער האָט זיך דערזעהן פלוצלינג אַליין אין מיטען דער גרעסטער סכנה, ארומגערינגעלט נאָר פון עטליכע בעגלייטער. וואָרום זיין זוהן טיטוס איז דע-

מאָלט ניט געווען: מען האָט איהם געהאַט געשיקט מיט אַ שליחות צו מוקי־יאַנוס׳ן אין סיריען. היות ווי דער קריגספיהרער האָט ניט געהאַלטען ניט פאַר אַ כבוד פאַר זיך און ניט פאַר נוצליך זיך אומצוקעהרען צוריק און היות ווי ער האָט זיך צוגלייך דערמאָנט וועגען די פיעל סכנות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין זיין יוגענד־צייט, און וועגען דעם מוט, וואָס ער האָט דעמאָלט אַרויס־געוויזען, — דעריבער האָט ער, ווי ער וואָלט געווען דורכגעדרונגען פון אַ געט־ליכער בעגייסטערונג, געהייסען די זייניגע, זיי זאָלען צונויפשליסען זייערע קערפּערס אין פּאַנצערס, ווי איין איינציגע גאַנצע מאַסע, האָט זיך אַנטקע־גענגעשפּאַרט קעגען די פיינדליכע מאַסען, וואָס האָבען אַראָבגעשטורעמט, און האָט אַזוי לאַנג זיך געהאַלטען, ניט מורא האָבענדיג פאַר דער מאַסע פון די אידען און פאַר זייערע פיילען, ביז וואַנען די פיינד האָבען אָבגעשוואַכט זייער אימ־פּעט, מהמת זיי האָבען אַיינגעזעהן אין זיין שטאַנדהאַפטיגקייט עפּיס וואָס איבער־מענשליכעס. ווי נאָר זייער דראַנג איז שוואַכער געוואָרען, האָט ער זיך צו־ריקגעצויגען טריט ביי טריט, נאָר דעם נאַקען האָט ער צו זיי ניט געווענדט, ביז וואַנען ער האָט זיך אַיינגעפונגען אויסערהאַלב פון דער מויער.

אַ סך רוימער זיינען געפאַלען אין דעם דאָזיגען קאַמף, צווישען דעם אויך דער דעקוריאָ עווּבּוציוס, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזען העלדענמוטיג ניט בלויז אין דער דאָזיגער שלאַכט, נאָר אויך שוין פריהער ביי איטליכער גע לעגענהייט און האָט אָנגעטאָן די אידען גרויסע שאָדענס. אַן אַנדער רוימער, דער צענטוריאָ גאַלוס, איז אינאיינעם מיט צעהן פון זיינע סאָלדאַטען אַרומ־געריגעלט געוואָרען אין טומעל פון דער שלאַכט; נאָר ס׳האָט איהם זיך אַיינ־געגעבען צו אַנטלויפען אין אַ שטוב. דאָ האָט ער געהערט, ווי די אַיינוואוי־נער האָבען ביי דער וועטשערע גערעדט צווישען זיך וועגען די אָנפאַלען פון פאָלק קעגען די רוימער און אויך קעגען איהם און זיינע חברים (ער אַליין און זיינע מענשען זיינען געווען געבאָרענע סיריער). דעריבער איז ער ביי־נאַכט אָנגעפאַלען אויף זיי, האָט זיי אויסגע׳הרג׳עט אַלעמען און איז אַנטרונען געוואָרען אינאיינעם מיט זיינע סאָלדאַטען צו די רוימער.

6. דער רוימישער חייל איז געווען זייהר נידערגעשלאָגען, בשעת ער האָט געטראַכט וועגען די אָנוועהרען, ווייל ביז איצט האָט אין ערגיץ ניט געטראָפען מיט איהם אַזאַ אומגליק. נאָך מעהר אָבער האָט ער זיך געשעמט דעריבער, וואָס ער האָט געלאָזען דעם אָנפיהרער אַליין אין סכנה. דעריבער האָט אַספּסינוס געפליסט זיך צו טרייסטען די סאָלדאַטען, נאָר וועגען זיך אַליין האָט ער גאָרניט דערמאָנט, בכדי ניט אַרויסצוזאָגען אפילו דעם קלענ־סטען טאַדעל, נאָר ער האָט דערקלערט, אַז מען מוז אַריבערטראָגען געמיינ־זאַמע אומגליקען מיט פעסטען מוט און געדענקען, אַז דאָס איז די טבע פון אַ מלחמה, אַז קיין נצחון קאָן ניט אָבגעהאַלטען ווערען אָהן בלוטפערגיסונג. אויב די הצלחה האָט אַמאָל געמאַכט אַ טראָט אויף צוריק, וועט זיך דאָס אָבער באַלד ווידער אומבייטען, און נאָכדעם ווי זיי האָבען אויסגע׳הרג׳עט טויזענדער אידען, מוזען זיי דאָך אַליין אויך ברייגען אַ קליינעם קרבן. פונקט אַזוי ווי־

דאָס בעוויזט אויף אַ נידעריגען כאַראַקטער, בשעת מען שטאָלצירט צופיעל אין גליק, אַזוי פּאַסט דאָס אויך ניט פאַר מענער זיך צופיעל צו לאָזען בויגען דורך אַן אומגליק. וואָרום גיך בייט זיך דער איינער מיט'ן אַנדערן, און נאָר דער איז אַ מוטיגער מענש, וואָס בלייבטביים קלאָרען זינען אויך אין אומגליקען און שטרעבט ווידער מיט פרישען מוט צו פעררריכטען די קלעפּ, וואָס ער האָט בעקומען.

„די סיבה דערפון, וואָס איז אָקאָרשט געשעהן, – האָט ער ווייטער גערעדט – ליגט ניט דערין, וואָס מיר האָבען זיך אויפגעפיהרט שרעקענדיג, און אויך ניט אין דער גבורה פון די אידען, נאָר פּשוט די טבע פון דער געגענד האָט זיי געבראַכט נוצען און אונז אָנוועהרען. בנוגע צו דעם פּונקט וואָלט מען אפשר געקאָנט מאַכען אייך פאָרוואורפען, וואָס איהר זייט אין אַייער קאַמפּס-אימפּעט אַוועק צו ווייט. וואָרום נאָכדעם ווי די אידען האָבען זיך געהאַט צוריקגעצויגען אין די העכער געלעגענע טיילען שטאָדט, האָט איהר בעדאַרפט שטייהן בלייבען און ניט אַיינשטעלען זיך אין די סכנות, וואָס האָבען אויף אייך געוואַרט דאָרט אויבען, נאָר איהר האָט בעדאַרפט אַיינהאַלטען בלויז דעם אונטערשטען טייל שטאָדט און פאַמעליך אַרויסרופען דעם פיינד אויף אַ רעגעלמעסיגען קאַמף, וואָס וועגען זיין אויסגאַנג וואָלט קיין ספק ניט געווען. איצט האָט איהר אויף אַייער אייגענער זיכערקייט ניט געקוקט, ווייל איהר האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט מנצח זיין. נאָר צו זיין איבעראיילט אין קאַמף און לאָזען זיך גייהן אָהן אַן אויסרעכענונג איז מען זיך ניט נוהג ביי די רוימער, וואָס זיי האָבען צו פערדאַנקען אַלע זייערע ערפאָלגען זייער קריגס-געניטקייט אין זייער טאַקטיק. אַזוי איז דער מנהג פון די באַרבאַרען און גאַנץ בעזונדערס פון די אידען. דעריבער מוזען מיר זיך אומקעהרען צו דער גבורה, וואָס איז אונז אייגענטימליך, און זיך לאָזען מעהר אויפמונטערן, איידער איבערשרעקען זיך דורך דעם אומגליק, וואָס האָט, פערשטייהט זיך, ניט בעדאַרפט זיך טרעפען מיט אונז. דעם בעסטען טרייסט אָבער זאָל איטליכער זוכען אין זיין אייגענער פויסט; דעמאָלט וועט עס זיך אַייך אַיינגעבען נקמה צו נעמען פאַר די געפאַלענע און צו בעשטראָפען זייערע מערדער. וואָס איז שייך צו מיר, וועל איך שטענדיג זיך אויפפיהרען, ווי פריהער: אין איטליכען קאַמף וועל איך גייהן פאַר אַייך קעגען די פיינד און דער לעצטער וועל איך פערלאָזען דעם שלאַכטפעלד".

7. מיט אַזעלכע ווערטער האָט ער ווידער אויפגעהויבען דעם געפאַלענעם מוט פון זיין חייל. אויף דער אַנדער זייט האָט די שמחה פון די איינוואוינער פון גמלא איבער דעם אומגעריכטען גרויסען נצחון ניט לאַנג געדויערט. וואָרום שוין האָבען אָנגעהויבען ביי זיי אויסצוגייהן די לעבענס-מיטלען, און חוץ דעם האָבען זיי געמוזט אַיינזעהן, אַז לא די וואָס ביי זיי איז ניט געבליבען קיין האָפענונג אויף אַ פּשרה, נאָר פאַר זיי איז אויך געווען לחלוטין אָבגעשניטען די מעגליכקייט צו אַנטלויפען. און דאָס האָט זיי געמאַכט אינגאַנצען מוטלויז און נידערגעשלאָגען. פונדעסטוועגען האָבען זיי פאָרט געטאָן

אַלצדינג צוליעב זייער רעטונג. די מוטיגסטע צווישען זיי האָבען געהיט די אַיינגעבראָכענע שטעלען פון מויער, און די איבעריגע האָבען פערנומען די נאָך גאַנצע טיילען. אָבער אַז די רוימער האָבען ווייטער געאַרבייט ביי די דאַמבעס און האָבען געפּרובט מאַכען נאָך אַן אָנפאַל, זיינען אַ סך אַנטלאָפען געוואָרען פון שטאָדט, טיילווייז דורך אומצוגיינגליכע טאָלען, וואו ס'זיינען ניט געשטאַנען קיין וואַך-סאָלדאַטען, טיילווייז דורך אונטערערדישע גיינג. די וואָס זיינען נאָך געבליבען אויס מורא פאַר געפאַנגענשאַפט, זיינען אומגעקומען פון הונגער; וואָרום אַלע לעבענסמיטלען האָט מען צוגענומען פאַר די קריגס-פייהיגע מענשען.

8. ניט קוקענדיג אויף אַלע די דאָזיגע גרויסע צרות, זיינען די אידען געבליבען שטאַנדהאַפטיג. אַלס אַ טפל-אַרבייט האָט אַספּסינוס אונטערגענומען דערווייל אַ קריגס-צוג קעגען דער פעסטונג אויפ'ן באַרג תבור, וואָס ליגט אין מיטען צווישען דעם גרויסען טאָל (עמק יזרעאל) און צווישען בית-שאָן. דער באַרג תבור דערהויבט זיך ביז צו אַ הויך פון 30 סטאַדיעס, און אין דרום-זייט קאָן מען צו איהם כמעט ניט צוקומען. אויף זיין שפּיץ ציהט זיך אַ פלאַ-כער שטח פון 26 סטאַדיעס, וואָס איז אינגאַנצען אַרומגערינגעלט פון בעפעס-טיגונגען. די דאָזיגע גרויסע מויער האָט יוסף אויסגעבויט אין משך פון פער-ציג טעג, און דערביי האָט מען איהם פון אונטען אַרויפגעבראַכט, חוץ אַלע בוי-מאַטעריאַלען, אויך וואַסער, וואָרום אויבען האָט מען געהאַט נאָר רעגענ-וואַסער. דאָ האָבען זיך געהאַט צונויפגעקליבען אַ סך אידען, וואָס קעגען זיי האָט אַספּסינוס אַרויסגעשיקט פּלאַקידוס'ן מיט 600 רייטער.

נאָר היות ווי פאַר דער דאָזיגער רייטער-אָבטיילונג איז ניט מעגליך געווען אַרויפצושטייגען אויפ'ן באַרג, דעריבער האָט פּלאַקידוס געפּרובט אַראָב-צונאַרען די מענשען, דורכדעם וואָס ער האָט זיי פאָרגעלייגט צו מאַכען מיט איהם שלום און האָט זיי צוגעזאָגט דערפאַר בעגענאַדיגונג. זיי זיינען טאַקע געקומען, נאָר אויך בכדי איהם אַריינצונאַרען אין אַ פּאַסטקע. וואָרום פונקט אַזוי ווי פּלאַקידוס האָט גערעדט צו זיי נאָר אַזוי פריינדליך, בכדי ער זאָל קאָנען זיי בייקומען אין טאָל, אַזוי האָבען זיי אויך אין פלוג גוטוויליג מסכים געווען צו זיין פאָרשלאָג, נאָר צוליעב דעם, בכדי אין דער אמת'ען אָנצופאַלען אויף איהם אומגעריכטערהייד. נאָר פּלאַקידוס'עס רמאות האָט אָבגעהאַלטען דעם נצחון. וואָרום ווי נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבען דער געשלעג, האָט ער לפנים זיך געלאָזט גייהן צוריק און האָט אַריינגעצויגען די אידען, וואָס האָבען איהם נאָכגעיאָגט, טיעף אין טאָל. דערנאָך אָבער האָט ער געהייסען פּלוצלינג זיינע רייטער זיך אומקעהרען קעגען זיי, האָט זיי געשלאָגען און פערטריבען און אויסגע'הרג'עט דעם גרעסטען טייל פון זיי, נאָכדעם ווי ער האָט דער-גאַנצער איבעריגער מאַסע אָבגעשניטען דעם וועג צום באַרג. דעריבער האָבען די לעצטע געלאָזען דעם באַרג תבור און זיינען אַנטלאָפען געוואָרען קיין ירושלים. די אמת'ע איינוואוינער אָבער האָבען אָנגענומען אַ פּשרה, און היות

ווי ביי זיי זיך האָט אויסגעלאָזט די וואַסער, האָבען זיי איבערגעגעבען זיך
גופא און דעם באַרג פלאַקידוס׳ן.

9. פון די איינוואוינער פון גמלא זיינען דערווייל די דרייסטערע אַנט·
לאָפען געוואָרען בעהאַלטענערהייד, אין דער צייט וואָס די שוואַכערע זיינען
אויסגעגאַנגען פון הונגער. נאָר די קריגס-פייהיגע מענשען האָבען נאָך ווייטער
אויסגעהאַלטען די בעלעגערונג. צולעצט, 22 טעג אין תשרי, האָבען דריי סאָל·
דאַטען פון 15-טען לעגיאָן זיך צוגע׳גנב׳עט אין דער צייט פונ׳ם דערפריהען·
דיגען משמור צום העכסטען טורעם, וואָס איז געשטאַנען קעגענאיבער זייער
לאַגער, און האָבען איהם אונטערגעגראָבען. דערביי האָבען די וועכטערס, וואָס
זיינען געשטאַנען אויפ׳ן טורעם, מחמת דער פינסטערקייט פון דער נאַכט, ניט
בעמערקט זיי, ניט ווי זיי האָבען זיך דערנעהענטערט, ניט בשעת זיי זיינען
שוין דאָרט געווען. בכן האָבען די סאָלדאַטען אָהן אַ שום טומעל אַרויסגעצוי·
גען פינף פון די גרעסטע שטיינער און זיינען גיך אַוועקגעלאָפען.

פלוצלינג איז דער טורעם אַיינגעפאַלען מיט גרויס רעש, בעגראָבענדיג
אונטער זיינע חורבות די וועכטער. אויך די אַנדערע פּאָסטענס זיינען אַלע
אַוועקגעלאָפען אין דער גרעסטער צעטומלעניש. דעמאָלט האָבען די רוימער
אויסגע׳הרג׳עט אַ סך אידען, וואָס האָבען געפּרובט זיך דורכצושלאָגען. אויך
יוסף איז געטראָפען געוואָרען פון אַ פייל און דער׳הרג׳עט, בשעת ער האָט
געוואָלט אַרויסשפּרינגען דורך אַ לאָך אין דער מויער. צווישען די איינוואוינער
פון שטאָדט אָבער איז, מחמת דעם מאוים׳דיגען רעש, געוואָרען אַ געלאַף, און
אַ שרעק האָט זיי ארומגעחאַפּט, אַזוי ווי דער גאַנצער חייל פון די שונאים
וואָלט שוין געווען אַריינגעדרונגען. דעם טאָג איז אויך געשטאָרבען כּצריכ,
וואָס איז גראָד געלעגען קראַנק, און דערביי האָט דער שרעק ניט ווינציג
מיטגעהאָלפען דערצו, אַז די קראַנקהייט זאָל זיך אויסלאָזען טויטליך. איבערי·
גענס זיינען די רוימער נאָך זייער פריהערדיגער מפלה פאָרזיכטיגער געוואָרען
און זיינען ערשט דעם 23-טען פונ׳ם אָנגערופענעם חודש אַריינגעטראָטען אין
שטאָדט.

10. דערווייל איז אויך טיטוס אָנגעקומען. היות ווי ער איז געווען
שטאַרק אין כעס איבער דער מפלה, וואָס די רוימער האָבען געהאַט, בשעת
ער איז ניט געווען, דעריבער איז ער מיט 200 אויסגעקליבענע רייטער און
מיט עטליכע פוס-סאָלדאַטען אַריינגעדרונגען שטילערהייד אין שטאָדט אַריין.
נאָר די וועכטערס האָבען בעמערקט, אַז ער קומט, און האָבען באַלד מיט
גרויס געשריי זיך גענומען פאַר די געוועהר. אויך איז גיך זיין אַריינמאַרש
בעקאַנט געוואָרען אין דער גאַנצער שטאָדט. דערויף האָבען איינע געחאַפּט
זייערע קינדער און ווייבער און האָבען זיי אַרויסגעפיהרט מיט קלאָג און גע·
יאָמער אויף דער פעסטונג. אַנדערע האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן אַנטקעגען
טיטוס׳ן, וואָס האָט זיי אויסגעקוילעט איינעם נאָכ׳ן אַנדערן. וועמען עס האָט
זיך ניט איינגעגעבען צו אַנטלויפען אויפ׳ן שפּיץ פון דער פעסטונג, דער איז

באַלד מחמת יאוש אַריינגעפאַלען צווישען די פּאָסטענס פון די רויטער. אַרום און אַרום האָבען זיך געהערט די קרעכצען פון שטאַרבענדיגע, און טייכענווייז האָט גערונען בלוט אַראָב דעם באַרג.

קעגען די אידען, וואָס זיינען אַנטלאָפען געוואָרען אויף דער פעסטונג, האָט אַספּסינוס אַרויסגעפיהרט זיין גאַנצען חייל, בכדי צו אונטערשטיצען זיין זוהן. דער שפּיץ באַרג, וואָס איז געווען אַרומגערינגעלט אַרום און אַרום פון שפּיציגע פעלזענס און וואָס עס איז געווען שווער אַרויפצושטייגען אויף איהם, ווייל ער האָט זיך אויפגעהויבען אויף אַ שווינדעלדיגער הויך, איז געווען פול בעפאַקט מיט מענשען און חוץ דעם אַרומגערינגעלט מיט טיפע אָבגרונדען, אַזוי אַז פאַר די אידען איז ניט שווער געווען צו דערשטעכען די רוימער, וואָס זיינען געקראָכען נאָך אויבען, און צו שעדיגען די אַנדערע דורך פיילען און דורך שטיינער, וואָס זיי האָבען אַראָבגעקייקעלט; צו זיי אָבער האָבען קיין פיילען מחמת דער הויכקייט פונ'ם אָרט כמעט ניט געקאָנט דערגרייכען.

נאָר מיט אַמאָל האָט זיך אויפגעהויבען, ווי געשיקט פון גאָט צו זייער פערדאַרבען, אַ שטורעמווינט, וואָס האָט געטריבען די פיילען פון די רוימער קעגען זיי, אָבער זייערע אייגענע פיילען האָט ער אָבגעווענדט און געלאָזט פאַלען אין אַ קרומער ריכטונג אין דער טיפעניש אַריין. ביי דער שטאַרקייט פונ'ם שטורעם האָבען זיי ניט געקאָנט ניט פעסט האַלטען זיך אויפ'ן משופּע-דיגען קאַנט פון באַרג, וואו עס האָט זיי אויסגעפעהלט שטיצפונקטען, און ניט זעהן די, וואָס זיינען אַרויף אויפ'ן באַרג. אַזוי האָט זיך די רוימער איינגע-געבען אַרויפצוקלעטערן אויפ'ן שפּיץ און אַרומצורינגלען די אידען, נאָך איידער זיי זיינען געווען אין שטאַנד זיך אַנטקעגענצושטעלען אָדער צו בעטען שוינונג. איבעריגענס איז דער כעס פון די רוימער נאָך פערמעהרט געוואָרען דורכדעם, וואָס זיי האָבען דערמאָנט זיך אָן זייערע חברים, וואָס זיינען געפאַלען ביים ערשטען שטורעם.

צולעצט האָבען אַ סך אידען, וואָס האָבען מעהר ניט געוואוסט, וואו זיי האַלטען אין דער וועלט, זיך אַראָבגעוואָרפען אינאיינעם מיט זייערע ווייבער און קינדער אין אָבגרונד, וואָס האָט זיך אַראָבגעלאָזט ביים זייט פון דער פעסטונג אויף אַן אומגעהייערער טיעף. יאָ, דער גרימצאָרן פון די בעלעגער-טע קעגען זיך אַליין האָט זיך אַרויסגעוויזען נאָך כמעט גרעסער, איידער דער כעס פון די רוימער; וואָרום אין דער צייט וואָס די לעצטע האָבען אויס-גע'הרג'עט 4000 אידען, האָט מען געפונען העכער 5000, וואָס האָבען זיך געהאַט אַליין אַראָבגעוואָרפען אין דער טיפעניש. קיינער פון זיי איז ניט לע-בען געבליבען, חוץ צוויי פרויען;ביידע זיינען זיי געווען פיליפּוס'עס שוועס-טערס טעכטער; דער דאָזיגער פיליפּוס איז געווען אַ זוהן פון קעניג אַגריפּס'עס אויסגעצייכענטען קריגס-הויפּמאַן יקים. ניצול געוואָרען זיינען זיי דורכדעם, וואָס זיי האָבען זיך געהאַט בעהאַלטען, בשעת די שטאָדט איז אַיינגענומען געוואָרען. וואָרום די רוימער האָבען אין זייער גרימצאָרן ניט געשוינט אפילו

זויגקינדער, וואָס זיי האָבּען געחאַפּט אַ סך פון זיי און אַראָבּגעוואָרפען פון דער פעסטונג. אַזוי איז געפאַלען גמלא 23 טעג אין חודש תשרי. אָנגעהויבּען האָט זיך די מרידה 24 טעג אין אלול.

# צווייטער קאַפּיטעל

גוש־חלב גיט זיך אונטער.

1. פון גאַנץ גליל איז נאָר די שטעדטיל גוש־חלב נאָך ניט געווען איינגענומען. איהר בּעפעלקערונג איז אמת געווען פרידליך געזונען, ווייל ז' איז בּעשטאַנען על פּי רוב פון ערדאַרבּייטער און כּדומה נאָך אַזעלכע מענשען, וואָס האָבּען קיין אַנדערע אינטערעסען ניט, חוץ די אויסזיכטען אויף אַ גערעטעניש. נאָר צו זייער אומגליק האָט זיך געהאַט אַריינגעקליבּען צו זיי אַן אומבּעדייטענדע צאָהל פון רויבּער, וואָס האָבּען אויך אָנגעשטעקט אַ טייל פון די בּירגער מיט'ן פיבּער פון דער מרידה. דער מאַן, וואָס האָט צונויפגעקליבּען די דאָזיגע לייט און אויפגעהעצט זיי צו דער מרידה, איז געווען יוחנן בּן לוי, אַ מענש מיט אַ פאַלשען און העכסט צווייד[י]טיגען כּאַראַקטער, וואָס איז געווען שטענדיג נוטה זיך אַרומצוטראָגען מיט גרויסע האָפענונגען און וואָס האָט דערבּיי געהאַט אַזעלכע פייהיגקייטען, וואָס האָבּען איהם געמאַכט מסוגל זיי צו פערווירקליכען. איבּעריגענס האָט איטליכער געקאָנט אַיינזעהן, אַז ער איז געווען נוטה צו דער מרידה דערפאַר, ווייל ער האָט גערעכענט צו דערגרייכען צו הערשאַפט. אונטער זיין אָנפיהרונג זיינען, הייסט עס, געשטאַנען די מורדים אין גוש־חלב, וואָס נאָר זיי זיינען געווען שולדיג דערין, וואָס די בּירגער פון שטאָדט, וואָס וואָלטען אפשר אַליין געפיהרט אונטערהאַנדלונגען וועגען איבּערגעבּען די שטאָדט, האָבּען איצט געוואַרט אויפ'ן קומען פון די רוימער אין אַ קריגערישער האַלטונג.

בּכן האָט אספּסינוס געשיקט קעגען זיי טיטוס'ן בּראש פון 1 000 רייטער, און נאָכדעם ווי ער האָט אַריבּערגעפיהרט דעם צעהנטען לעגיאָן קיין בּית־שאָן, האָט ער אַליין מיט די איבּעריגע צוויי לעגיאָנען זיך געלאָזט גייהן צוריק קיין קיסריה, בּכדי צו לאָזען זיי אויסרוהען פון דער כּסדר'דיגער שווערער האָרעוואַניע. ער האָט געהאָפט, אַז די רייכע אוצרות פון פּראָוויאַנט, וואָס האָבּען זיך געפונען אין דער דאָזיגער שטאָדט, וועלען ווידער שטאַרקען דעם קערפּער און דעם מוט פון זיינע סאָלדאַטען צוליעבּ דעם קומענדיגען קאַמף. וואָרום ער האָט גוט געוואוסט, אַז פאַר ירושלים שטייהט איהם נאָך פּאָר אַ גרויסע שטיק אַרבּייט, ווייל זי איז די הויפּטשטאָדט, דאָס האַרץ פונ'ם לאַנד און אַ זאַמעלפּלאַץ פאַר אַלע אידען, וואָס זיינען אַנטרונען געוואָרען פון די איבּעריגע געשלעגען. ניט ווינציג האָט ער גע'דאג'עט אויך מחמת דעם, וואָס די שטאָדט איז געווען אַזוי שטאַרק בּעפעסטיגט, סיי דורך איהר נאַטירליכער לאַגע און סיי דורך מויערן; און אָבּגעזעהן פון די בּעפעסטיגונגען, האָט ער,

חוץ דעם, געהאַלטען, אַז עס וועט זיין שווער גובר צו זיין די איינוואוינער פון ירושלים מחמת זייער מוט און דרייסטקייט. איבער דעם טעם האָט ער צו־געגרייט זיינע סאָלדאַטען צום קאַמף, ווי אַטלעטען.

2. אַז טיטוס איז מיט זיין רייטער־אָבטיילונג אָנגעקומען פאַר גוש־חלב, וואָלט ער געקאָנט מיט גרינגער מיה איינגעמען די שטאָדט דורך אַ פלוצלונג־דיגען אָנפאַל. נאָר היות ווי ער האָט געוואוסט, אַז ביי אַן איבערגעוואַלדיגען איינגעמען די שטאָדט וועלען די סאָלדאַטען אויס׳הרג׳ען מאַסען מענשען, און היות ווי איהם איז ניט בלויז דערעסען דער מאָרדען, נאָר ער האָט נאָך אויך רחמנות געהאַט אויף די פיעל אומשולדיגע מענשען, וואָס וואָלטען דעמאָלט אומגעקומען אינאיינעם מיט די שולדיגע, — דעריבער האָט ער בעסער געוואָלט בעוועגען די שטאָדטלייט, זיי זאָלען איהם איבערגעבען די שטאָדט דורך אַן אָבמאַך. ער האָט זיך געווענדט צו די פיל מענשען, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער מויער און וואָס האָבען געהערט כמעט אַלע צו דער באַנדע מורדים, און האָט זיי דערקלערט, אַז ער פערשטייהט ניט, אויף וואָס זיי פערלאָזען זיך, בשעת זיי ווילען זיך אַנטקעגענשטעלען קעגען די רוימער, נאָכדעם ווי אַלע שטעדט זיינען געפאַלען. ווארום זיי קאָנען דאָך זעהן, אַז אַפילו אַ סך שטאַר־קערע שטעדט זיינען צעשטערט געוואָרען דורך איין איינציגען אָנפאַל, און אַז די אַלע, וואָס האָבען זיך איבערגעגעבען צו דער גענאָד פון די רוימער, קאָ־נען געניסען אין זיכערקייט פון זייער אייגענס. ער באָט זיי אויך איצט אָן גענאָד, און ער וועט זיי מוחל זיין און פערגעסען זייער האָפערדיגען אויפפיהר. מען קאָן זיי מוחל זיין פאַר זייער האָפענונג אויף פרייהייט, אָבער ניט פאַר זייער עקשנות, מיט וועלכער זיי האַלטען זיך פאַר דאָס, וואָס מען קאָן ניטאויספיה־רען. אָבער אויב זיי ווילען זיך ניט צו הערען צו זיינע פריינדליכע רייד און צו זיין אָנבאָט וועגען אַ פשרה, דעמאָלט מוז ער זיך אָהן רחמנות נעמען פאַר די געוועהר, און זיי וועלען דעמאָלט דערגייהען, אַז די צעשטערונג פון אַזעלכע מויערן איז פאַר די בעלעגערונגס־מאַשינעס פון די רוימער אַ קינדער־שפיעל. טאָמער זשע פערלאָזען זיי זיך אויף זייערע בעפעסטיגונגען, איז דאָס נאָר אַ בעווייז, אַז צווישען די גלילים זיינען זיי, חוץ זייער שוצלויזיגקייט, געשטראָפט נאָך מיט פאַנטאַזיע.

3. נאָר לא די וואָס קיינעם פון די בירגער איז ניט דערלויבט געוואָרען צו ענטפערן דערויף, נאָר קיינער האָט אַפילו ניט געטאָרט אַרויפשטייגען אויף דער מויער. ווארום זי איז געווען אינגאַנצען פערנומען פון די רויבער, און ביי די טויערן זיינען געשטאַנען וועכטערס, בכדי קיינער זאָל ניט אַרויסגייהען צוליעב דער אונטערהאַנדלונג, אָדער קאָנען אַריינעמען די רייטער אין שטאָדט. נאָר יוחנן האָט גענומען אַ וואָרט און האָט געענטפערט, אַז ער איז מסכים אויף די פאָרשלאָגען און אַז ער וועט מיט גוטע רייד אָדער איבער געוואַלד בעוועגען דערצו אויך די, וואָס ווילען זיי ניט אָננעמען. נאָר היינטיגען טאָג— דאָס איז געווען שבת — מוז ער פייערן לויט׳ן געזעץ פון די אידען, ווייל אין דעם דאָזיגען טאָג איז זיי פונקט אַזוי פערבאָטען צו פיהרען אונטערהאַנדלו־

גען וועגען שלום, ווי צו נעמען זיך פאַר די געוועהר. אויך די רוימער מוז עס דאָך זיין בעוואוסט, אַז די אידען מוזען זיך אָבּהאַלטען איטליכען זיבּעטען טאָג פון צו טון אַלע קערפּערליכע אַרבּייטען. און ווער עס וויל צווינגען דעם אַנדערן דערצו, ער זאָל עובר זיין אויף דעם דאָזיגען דין, דער בּעגייהט ניט קיין קלענערע זינד, איידער דער, וואָס לאָזט זיך אַליין צווינגען דערצו. איבּעריגענס וועט דאָס, וואָס מען וועט די זאַך אָבּלייגען, קיין שום שאָדען ניט בּריינגען די רוימער. ווּאָרום וואָס קאָן דען עמיצער אויפטון בּיי-נאַכט, סיידען ער זאָל פּרובּען אַנטלויפען? — נאָר דאָס קאָן דאָך דער רוימישער אָנפיהרער ניט דערלאָזען, דורכדעם וואָס ער וועט אַוועקשטעלען אַרום דער שטאָדט היטערס. פונקט אַזוי ווי בּיי די אידען איז שטאַרק חשוב דאָס, אַז זיי זאָלען ניט בּעדאַרפען עובר זיין אויף קיין געזעץ, וואָס זיי האָבּען איבּערגענומען פון זייערע עלטערן, אַזוי פּאַסט עס אויך פאַר דעם, וואָס שיינקט זיי אומגעריכטערהייד דעם שלום, אַז ער זאָל אַכטען די געזעצען פון די, וועמען ער בּעגענאַדיגט. מיט אַזעלכע רייד האָט ער אָבּגענאַרט טיטוס׳ן, וואָרום ער האָט גע׳דאג׳עט ניט אַזוי וועגען שבת, ווי וועגען זיין פּערזענליכער זיכערקייט. וואָרום ער האָט בּעדאַרפט מורא האָבּען, אַז בּשעת די שטאָדט וועט איינגענומען ווערען, וועט ער תיכּף בּלייבּען אָהן אָנהייגער. פערקעהרט, בּיי נאַכט האָט ער גערעכענט, אַז ער וועט קאָנען ראַטעווען זיין לעבּען.

ס׳איז געווען אַוודאי אַ גזרה מן השמים, וואָס טיטוס האָט לא די וואָס ערפילט די פּאַלשע בּקשה וועגען אָבּלייגען דעם ענין, נאָר ער האָט אַפילו אָבּגערוקט זיין לאַגער אַביסעל ווייטער פון שטאָדט אין קידיסאַ: דורכדעם איז יוחנן לעבּען געבּליבּען צוליעבּ דעם חורבן פון ירושלים. קידיסאַ איז אַ בּעפעסטיגטע צורישע שטעדטיל, וואָס ליגט בּיים גרעניץ; די דאָזיגע שטעדטיל האָט שטענדיג געפיהרט מלחמות מיט די גלילים און איז איבּעריגענס געווען שטאַרק בּעפעלקערט און האָט געהאַט בּעפעסטיגונגען, וואָס אויף זיי האָט זי זיך געקאָנט פערלאָזען אין די מלחמות מיט יענעם פאָלק.

4. בּיי נאַכט, אַז יוחנן האָט בּעמערקט, אַז אין דער סביבה פון שטאָדט זיינען מעהר ניטאָ קיין פיינדליכע פּאָסטענס, האָט ער אויסגענוצט די דאָזיגע גינסטיגע געלעגענהייט און איז אַנטלאָפען געוואָרען קיין ירושלים. מיט איהם זיינען אַוועק ניט בּלויז זיינע בּעוואָפענטע אָנהייגער, נאָר אויך אַ סך ליידיגגייהערס מיט זייערע משפחות. נאָר דעם גאַנצען המון ווייבּער און קינדער האָט ער געקאָנט מיטנעמען מיט זיך בּלויז אויף אַ מהלך פון 20 סטאַדיעס. ווייל ער איז געטריבּען געוואָרען דורך דער מורא פאַר זיין לעבּען און פרייהייט; דעריבּער איז ער דערנאָך געגאַנגען ווייטער און האָט זיי געלאָזט זיצען. שרעקליך האָט געקלונגען דער געשריי און געיאָמער פון די פערלאָזענע. וואָרום וואָס ווייטער עס זיינען אַוועק פון זיי זייערע אייגענע, אַלץ נעהענטער, האָט זיי זיך אויסגעדוכט, זיינען די פיינד. טייענדיג, אַז די, וואָס וועלען זיי נעמען געפאַנגען, זיינען בּאַלד הינטער זיי, זיינען זיי מורא׳דיג צעטומעלט געוואָרען און פלעגען זיך אומקוקען בּיי איטליכען שאָרך, וואָס זיי פלעגען אַליין אָנ.

מאַכען מיט זייער לויפען, אַזוי ווי די נאָכיאָגער וואָלטען שוין געווען אָנגע-קומען. אַסך האָבען פערבלאָנדזשעט אין ווילדע און וויסטע געגענדען, אַסך זיינען אויך צעטראָטען געוואָרען אויפ'ן וועג, בשעת זיי האָבען געפלייסט זיך צו איבעריאָגען איינער דעם אַנדערן. בעזונדערס עלענד זיינען אומגעקומען די ווייבער און קינדער, וואָס אַסך פון זיי פלעגען מיט די לעצטע כחות רופען זייערע מענער און קרובים און בעטען זיי מיט געוויין, זיי זאָלען וואַרטען אויף זיי. אָבער שטאַרקער איז געווען יוחנן'ס בעפעהל, וואָס האָט אָנגעשריען אויף די מאַנסבילען, זיי זאָלען טראַכטען זיך אַליין צו ראַטעווען און צו אַנט-לויפען אַהין, וואו זיי וועלען קאָנען נקמה נעמען פון די רוימער אויך פאַר די איבערגעלאָזטע, אין דעם פאַל אויב זיי וועלען געריבעט ווערען. מחמת דעם האָבען זיך די אַנטלאָפענע פונאַנדערגעשפרייט אַזוי גיך, ווי עס האָט איטליכען דערלאָזען זיין כח און זיין פלינקייט.

5. בעגינען איז טיטוס געקומען פאַר די מויערן פון גוש-חלב, בכדי אויסצופיהרען דעם אָבמאַך. באַלד האָבען די בירגער איהם געעפענט די טויערן, זיינען אַרויס איהם אַנטקעגען מיט ווייבער און קינדער און האָבען איהם בעגריסט אַלס זייער אויסלייזער, וואָס האָט בעפרייט די שטאָדט פון די אונ-טערדריקער. צוגלייך האָבען זיי איהם אָנגעזאָגט, אַז יוחנן איז אַנטלאָפען גע-וואָרען, און האָבען איהם געבעטען, אַז ער זאָל זיי גופא פערשוינען, און נאָכדעם ווי ער וועט אַריינטרעטען אין שטאָדט, זאָל ער בעשטראָפען נאָר די, וואָס זיינען נוטה צו דער מרידה. צוערשט האָט טיטוס ניט געאַכט אויף די בקשות פון פאָלק און האָט תיכף געשיקט אַן אָבטיילונג רייטער, בכדי נאָכצויאָגען יוחנן. נאָר יוחנן גופא האָבען די סאָלדאַטען שוין ניט געקאָנט דעריאָגען, ווייל ער איז שוין געווען אָנגעקומען אין ירושלים. דערפאַר אָבער האָבען זיי געטויט אַן ערך 6 000 פון די, וואָס זיינען מיט איהם אַנטלאָפען געוואָרען, און האָבען אַרומגערינגעלט אַן ערך 3 000 ווייבער און קינדער און זיי צוריקגעטריבען. הגם טיטוס האָט זיך ניט ווינציגער געערגערט דעריבער, וואָס ער האָט איהם אָבגענאַרט; נאָר ער איז געווען צופריעדען דערמיט, וואָס ער האָט זיך נוקם געווען אָן די סך געפאַנגענע און דער'הרג'עטע.

דערנאָך איז ער אונטער פריידענס-געשרייען פון דער בעפעלקערונג אריינגעטראָטען אין דער שטאָדט. דערויף האָט ער געגעבען די סאָלדאַטען אַ בעפעהל, זיי זאָלען לויט'ן מנהג פון דער מלחמה איינברעכען אַ קליינעם טייל פון מויער. די העצער פון דער שטאָדט אָבער האָט ער געזוכט איינצוהאַל-טען מעהר דורך סטראַשונקעס, איידער דורך שטראָפען; וואָרום ער האָט מורא געהאַט, אַז בשעת מען וועט אָבזונדערן די שולדיגע, וועלען אַ סך איבער שנאת חנם מסר'ן אומשולדיגע. דעריבער האָט ער גערעכענט, אַז עס איז בע-סער צו האַלטען די שולדיגע אין שטענדיגער שרעק, איידער אומצובריינגען כאָטש איין אומשולדיגען. געהאָפט האָט ער, אַז די שולדיגע וועלען אפשר מחמת מורא פאַר שטראָף און מחמת דאַנקבאַרקייט דערפאַר, וואָס מען וועט מוחל זיין זייערע פריהערדיגע חטאים, חרטה האָבען אויף זייערע מעשים

פערקעהרט, אויב מען זאָל לאָזען טויטען אומשולדיגע, דעמאָלט קאָן מען שוין דאָס בייז פעררינגערן נישט פעררינגערן. פונדעסטוועגען האָט ער געלאָזען אויף צו היטען די שטאָדט אַ חייל, וואָס האָט בעדאַרפט אַרייניאָגען אַ שרעק די אומרוהיגע גייסטער און אַיינפליסען פון דאָס נייע מוט די בירגער, וואָס זיינען נוטה צו שלום.

בכן איז איצטער געווען גאַנץ גליל אַיינגענומען, נאָכדעם ווי דאָס האָט אָבגעקאָסט די רוימער ניט ווינציג טראָפּענס שוייס.

# דריטער קאַפּיטעל.

יוחנן פון גוש-חלב און די קנאים.

1. בשעת יוחנן איז אַריין אין ירושלים, האָט זיך דאָס גאַנצע פאָלק צונויפגעקליבען אַרום איהם, און אויך איטליכען פון די אַנטלאָפענע, וואָס האָבען איהם בעלייט, האָבען אַרומגערינגעלט גרויסע מאַסען מענשען, וואָס זיינען געקומען געוואָהר ווערען וועגען די אומגליקען, וואָס זיינען געשעהן אין לאַנד. שוין דער הייזעריגער, אָבגעריסענער פרייכען פון די אָנגעקומענע האָט בעוויזען, אין וואָס פאַר אַ נויט זיי געפינען זיך. פונדעסטוועגען האָבען זיי זיך נאָך געשטעלט האָפערדיג אין זייער אומגליק און האָבען געטענ'עט, אַז ניט זיי זיינען אַנטלאָפען געוואָרען פאַר די רוימער, נאָר זיי זיינען געקומען צו קעמפען קעגען זיי פון אַ זיכערן אָרט; וואָרום ס'האָט קיין שום זין ניט געהאַט אַיינצושטעלען דעם לעבען פאַר גוש-חלב און כדומה נאָך אַזעלכע קליינע שטעדטלעך, אָנשטאָט צו שוינען די וואָפען און די כחות און אָבשפּאָרען זיי פאַר דער הויפּטשטאָדט. דערביי האָבען זיי געשילדערט, ווי אַזוי גוש-חלב איז אַיינגענומען געוואָרען. דאָך איז ביי אַ סך אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז דאָס, וואָס זיי רופען אָן מיט קלינגענדיגע ווערטער אָבצוג, איז דאָס געווען ניט אַנדערש, ווי אַן אַנטלויפען. בשעת מען האָט זיך אָבער דערנאָך דערוואוסט וועגען דעם גורל פון די געפאַנגענע, איז דאָס פאָלק ניט ווינציג צעטומעלט געוואָרען, ווייל עס האָט דערין אַיינגעזעהן אַ דייטליכען מופת פאַר זיין אייגענעם אונטערגאַנג.

נאָר יוחנן גופא האָט ווינציג וואָס געאַרט דער גורל פון די, וואָס ער האָט פערלאָזען, נאָר ער איז אַרומגעגאַנגען צווישען די מענשען און האָט געפלייסט זיך צו דערוועקען ביי זיי האָפענונג און אויפמונטערן זיי צום קריג. ער האָט אַרויסגעשטעלט פאַר זיי דעם מוט פון די רוימער, אַז ער איז שוואַך, פערקעהרט דעם מוט פון זיין אייגענעם פאָלק האָט ער שטאַרק אויפגעהויבען. חוזק מאַכענדיג פון דעם אומגעניטען המון, האָט ער בעמערקט, אַז די רוימער, וואָס אפילו ביי די דערפער פון גליל האָבען זיי שלעכט געמאַכט און זייערע בעלעגערונגס-מאַשינעס האָבען גאָרנישט ניט געווירקט, וועלען קיין מאָל ניט קאָנען אַריבערשטייגען די מויערן פון ירושלים, אפילו אויב זיי האָבען פליגלען.

2. דורך אַזעלכע רייד האָבען זיך די אינגערע מענשען געלאָזט על פּי רוב פּערדרייהען די קעפּ און זיך בעגייסטערן צום קאַמף. פּערקעהרט, די די פּאָרזיכטיגערע און עלטערע מענשען האָבען אַלע פּאָראויסגעזעהן דעם קומענדיגען אומגליק און האָבען בעקלאָגט די שטאָדט, אַזוי ווי זי וואָלט שוין געווען חרוב. נאָר איידער ס'איז דערגאַנגען אין ירושלים צו בירגערקריג, איז דאָס פּאָלק אין לאַנד שוין געווען צעשפּאָלטען אויף צוויי פּאַרטייען. וואָרום אין דער צייט, וואָס טיטוס האָט מאַרשירט פון גוש-חלב קיין קיסריה, איז אַספּסינוס אַוועק פון קיסריה קיין יבנה און קיין עזה, האָט אַיינגענומעןביידע שטעדט, אַוועקגעשטעלט דאָרט גאַרניזאָנען און האָט זיך געלאָזט גייהן צוריק מיט אַ סך קריגס-געפאַנגענע, וואָס האָבען זיך אונטערגעגעבען איהם. דעמאָלט זיינען אין איטליכער שטאָדט אויסגעבראָכען אומרוהען און מחלוקת'ען צווישען די בירגער. ווי נאָר די מענשען האָבען אַביסעל פרייער אָבגעאָטעמט, נאָכ. דעם ווי זיי זיינען בעפרייט געוואָרען פונ'ם דרוק פון די רוימער, האָבען זיי געוועגדט די געוועהר איינער קעגען אַנדערן, און באַלד האָט זיך אָנגעהויבען אַ שאַרפער קאַמף צווישען די, וואָס זיינען געווען נוטה צום קריג, און צווישען דער פּאַרטיי פון שלום. צוערשט האָט אויפגעפלאַקערט די מחלוקת ביי יענע משפחות, וואָס האָבען אויך פריהער ניט געלעבט צווישען זיך בשלום. דערנאָך האָבען געשטריטען צווישען זיך אויך יענע משפחות, וואָס האָבען געלעבט אין פולער פריינדשאַפט. און היות ווי איטליכער איז צוגעשטאַנען צו זיינע געזינונגס. חברים, דעריבער זיינען אין גיכען גאַנצע מחנות געשטאַנען איינע קעגען דער אַנדערער. אומעטום האָבען געהערשט קריגערייען און מחלוקת. צולעצט האָבען די, וואָס זענען געווען נוטה צו מלחמה און מרידה, מחמת זייער יוגענד און דרייסטקייט, בעקומען די אויבערהאַנד איבער די עלטערע און פערשטאַנדיגערע מענשען. צוערשט האָבען זיי זיך אַריינגעלאָזט אין איינצעלנע רויבערייען, אָבער דערנאָך האָבען זיי זיך צונויפגעקליבען אין גאַנצע באַנדעס, בכדי צו ראַבירען די בעפעלקערונג אין די דערפער. דערביי זיינען זיי אין זייער אַכזריות און ווילדווילען לחלוטין ניט אָבגעשטאַנען פון די רוימער, אַזוי אַז די וואָס האָבען געהאַט אויסצושטייהן פון זיי צרות, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די אונ. טערדריקונג מצד די רוימער איז נאָך אַ סך גרינגער אויסצוהאַלטען.

3. די גאַרניזאָנען פון די שטעדט האָבען די גע'רודפ'טע קיין שום הילף ניט געגעבען, אָדער לכל הפחות ווינציג, ווייל, צום טייל, זיינען זיי געווען פערדראָסיג איבער די צרות, וואָס זיי גופא איז אויסגעקומען ביז איצט אויס. צושטייהן, צום טייל אויך מחמת שנאה צו די אידען. צולעצט זיינען די אָנ. פיהרער פון די רויבערבאַנדעס, וואָס האָבען געווילדעוועט אומעטום, דערעסען געוואָרען די רויבערייען אין לאַנד, און זיי האָבען זיך פעראייניגט אין איין באַנדע. פול מיט רשעות און צום פערדאַרבען פון ירושלים זיינען זיי אַריינ. געדרונגען אין דער דאָזיגער שטאָדט, וואָס האָט דעמאָלט ניט געהאַט קיין איינהייטליכע רעגירונג, און האָט לויט'ן אַלטען פּאָלקס-מנהג אויפגענומען ביי זיך אַלע פּאָלקס-ברידער אָהן בעזונדערער פּאָרזיכטיגקייט. וואָרום בכלל איז

מען געווען איבערצייגט, אַז די מענשען, וואָס זיינען געקומען פון אַלע קאַנ־טען, זיינען געקומען נאָר מיט'ן גוטען מיין צו ברייגגען הילף. נאָר זיי, שוין אָבגערעדט פון די אומרוהען, וואָס זיי האָבען אויפגעוועקט, האָבען אַריינגע־וואָרפען די שטאָדט נאָך אַמאָל אין טיפסטען אומגליק. וואָרום דורך דער אוּמנוצינער מאַסע פון ליידיגגייהערס זיינען די לעבענסמיטלען, וואָס וואָלטען געקאָנט קלעקען פאַר די קריגספייהיגע מענשען, פערברויכט געוואָרען פריה־צייטיג, און דורכדעם זיינען נאָך צו די צרות פון דער מלחמה צוגעקומען בירגערקריג און הונגערסנויט.

4. אויך נאָך אַנדערע באַנדיטען זיינען אַריינגעקומען פון לאַנד אין שטאָדט אַריין, האָבען זיך פעראייניגט מיט די נאָך ערגערע באַנדעס, וואָס האָבען זיך געפונען אינעווייניג, און אינאיינעם מיט זיי האָבען זיי אָבגעטאָן די ערגסטע נבלות. גזלות און גנבות זיינען פאַר זייער חוצפה ניט גענוג גע־ווען, נאָר זיי האָבען זיך פעראייניגט אפילו צוליעב רציחות, און געטאָן האָבען זיי זיי ניט ביינאַכט אָדער בעהאַלטענערהייד אָדער איבער געמיינע, פשוט'ע מענשען, נאָר אָפען, אין ליכטיגען טאָג, און אָנגעהויבען האָבען זיי פון די חשוב'סטע מענשען. צוערשט האָבען זיי גענומען געפאַנגען און אַריינגעזעצט אין תפיסה אַנטיפּס'ן, וואָס האָט געשטאַמט פון דער קיניגליכער משפחה און וואָס איהם האָט מען געהאַט אָנגעטרויט דעם אוצר פון דער מלוכה, דערנאָך האָבען זיי געחאַפּט נאָך אַ חשוב'ען מאַן מיט'ן נאָמען לוי און סופא בן רעואל, וואָס אויך זיי זיינען געווען פון קיניגליכען גזע, און צולעצט אַלעמען, וואָס זיינען געווען אָנגעזעהן אין לאַנד. אין פאָלק האָט זיך פערשפּרייט אַ גרויסע מהומה, און איטליכער האָט געטראַכט נאָר וועגען זיין אייגענער זיכערקייט, אַזוי ווי די שטאָדט וואָלט שוין געווען איינגענומען דורכ'ן פיינד.

5. נאָר די פערברעכער האָבען זיך ניט בעגענוגט דערמיט אַליין, וואָס זיי האָבען געהאַלטען אין געפאַנגענשאַפט די, וואָס זיי האָבען אַזוי געחאַפּט. זיי האָבען אויך געהאַלטען, אַז עס איז ניט כדאי צו האַלטען אין תפיסה אַזעלכע מעכטיגע מענשען, ווייל זייערע צאָהלרייכע משפחות זיינען געווען אין שטאַנד זיך נוקם צו זיין פאַר זיי. חוץ דעם האָבען זיי מורא געהאַט, אַז דאָס פאָלק זאָל ניט ווערען אויפגערעגט איבער זייערע אומגעזעצליכע מעשים און אויפשטייהן קעגען זיי. דעריבער האָבען זיי בעשלאָסען אָבצוראַמען די געפאַנ־גענע פון וועג, און האָבען דאָס איבערגעגעבען אויסצופיהרען זייערן אַ חבר, אַ געוויסען יוחנן, וואָס ער איז געווען צום מיינסט מוכן ומזומן אָבצוטון רציחות. דער דאָזיגער מענש האָט גענומען מיט זיך צעהן בעוואָפענטע, איז אַוועק אין תפיסה און האָט אומגעבראַכט די תפוסים. בכדי צו פערענטפערן דעם שווערען פערברעכען, האָבען זיי אויסגעטראַכט אַ וויכטיגען אויסרייד: זיי האָבען בעהויפטעט, אַז די געפאַנגענע האָבען געפיהרט אונטערהאַנדלונגען מיט די רוימער וועגען איבערגעבען ירושלים, און בכן זיינען זיי דער'הרג'עט געוואָרען דערפאַר, ווייל זיי האָבען בוגד געווען קעגען דער אַלגעמיינער פרייהייט. נאָך מעהר, באַלד האָבען זיי אפילו זיך אָנגעהויבען צו בעריהמען מיט זייער פערברעכען, אַזוי ווי זיי וואָלטען דורכדעם געוואָרען די וואויל־טעטער און אויסלייזער פון דער שטאָדט.

5. אין דער צייט, וואָס דאָס פאָלק איז געוואָרען אַלץ מוטלויזיגער און שרעקעדיגער, איז די צעלאָזענקייט פון יענע רשעים געוואַקסען אין אַזאַ מאָס, אַז זיי האָבען אפילו געהאַט די העזה אויסצוקלייבען די כהנים־גדולים. זיי האָבען אָבגעשאַפט די פּריווילעגיעס פון די מיוחס׳דיגע משפחות, וואָס פון זיי האָבען בעדאַרפט בעשטימט ווערען די פאָרשטייהער פון די משמרות 1) לויט אַ בעשטימטען סדר, און האָבען איבערגעגעבען די פּאָסטענס געווייהנליכע מענשען פון אַ נידעריגען יחוס, בכדי צו האָבען אין זיי העלפערס אין זייערע מעשי־נבלה. ווארום די דאָזיגע לייט, וואָס זיינען בעשטימט געוואָרען אויף אַזעלכע היכע בכבוד׳ע שטעלעס אָהן זייער אייגענעם פערדיענסט, האָבען, פערשטייהט זיך, געמוזט אין אַלץ פאָלגען די יעניגע, וואָס האָבען זיי פערהאָלפען צו די שטעלעס. די חשוב׳ע לייט האָבען זיי אויפגערייצט קעגען אַנאַנד דורך כל׳ערליי קונצען און רכילות׳ען, און האָבען אויסגענוצט צוליעב זייערע צוועקען די סכסוכים צווישען די, וואָס האָבען זיי נאָך געקאָנט שטייהן אין וועג. סוף־כל־סוף, נאָכדעם ווי זיי זיינען שוין געווען אָנגעזעטיגט מיט זייערע פערברעכענס קעגען מענשען, האָבען זיי געווענדט זייער חוצפה, כביכול, קעגען דער גאָטהייט און האָבען דערוועגט זיך צו בעטרעטען דעם קדשי קדשים מיט זייערע בעפלעקטע פיס.

7. דעמאָלט איז דאָס פאָלק אויפגעשטאַנען קעגען זיי. אויפגעהעצט האָט דאָס פאָלק דער עלטסטער כהן־גדול הנן, וואָס איז געווען זייהר אַ פערשטאַנדיגער מאַן און וואָס וואָלט אפשר געראַטעוועט די שטאָדט, אויב ער וואָלט אַנטרונען געוואָרען פון די הענד פון די מערדער. נאָר די רשעים האָבען געמאַכט גאָטס היכל פאַר אַ פעסטונג קעגען די אומרוהיגע בעוועגונגען פון פאָלק, און דער הייליגטום איז פאַר זיי געוואָרען אַן אָרט אויף צו בעהאַלטען זיך דאָרט. צולעצט האָבען זיי נאָך מוסיף געווען צו זייערע מעשי־נבלה שפּאָט, וואָס האָט נאָך מעהר ווייה געטאָן, איידער דאָס ערשטע. בכדי אויסצופּרובען, ווי ווייט דאָס פאָלק וועט זיך לאָזען אַיינשרעקען דורך זיי, האָבען זיי זיך דערוועגט אויסצוקלייבען די כהנים גדולים לויט׳ן גורל, בשעת, ווי עס איז שוין בעמערקט געוואָרען, דאָס רעכט אויף כהונה גדולה ווערט בעשטימט לויט׳ן יחוס. צום אויסרייד פאַר זייער אונטערנעמען האָט זיי בעדאַרפט דיענען אַן אַלטער מנהג: זיי האָבען געטענ׳עט, אַז אין פריהערדיגע צייטען איז די כהונה גדולה פונאַנדערגעטיילט געוואָרען על פי גורל. אין דער אמת׳ן אָבער האָבען זיי געהאַט דעם צוועק מבטל צו זיין אַ גאַנץ בעשטימטען געזעץ, און עס איז געווען מעהר ניט ווי אַ קונציגער גאַנג פון זייער זייט, בכדי צו שטאַרקען זייער מאַכט, ווייל זיי האָבען געוואָלט אייגענוויליג פערנעמען די העכסטע שטעלעס.

8. בכן האָבען זיי צונויפגערופען איינע פון די משפחות כהנים, וואָס ווערט אָנגערופען יהויכין, און האָבען אויסגעקליבען אַ כהן גדול על־פי גורל. צופעליג איז דער גורל געפאַלען אויף אַ מענשען, וואָס דורך איהם איז קלאָר

1) דאָס זיינען די 24 (כ״ד) משמרות כהונה.

געוואָרען, ווי זינדיג עס איז זייער גאַנצער אויפטו — דאָס איז געווען אַ גע־וויסער פנחס בן שמואל פון דאָרף חבתא. שוין אָבגערעדט דערפון, וואָס ער האָט ניט געהערט צו קיין משפחה פון כהנים גדולים, איז ער נאָך געווען אַזאַ עם-הארץ, אַז ער האָט אפילו ניט געוואוסט, וואָס די כהונה גדולה בעדייט. קעגען זיין ווילען האָבען זיי איהם געבראַכט צו פיהרען פון דאָרף, האָבען איהם אויסגעפוצט מיט אַ פרעמדער מאַסקע, אַזוי ווי מען טוט אויף דער בינע, און האָבען איהם אויסגעלערנט, וואָס ער האָט צו טון. זיי, פער־שטייהט זיך, האָט די דאָזיגע מורא'דיגע זינד געדיענט מעהר ניט צום געלעכטער און חוזק. נאָר ביי די אַנדערע כהנים, וואָס האָבען פון דער ווייטענס צוגעזעהן, ווי מען מאַכט חוזק פון דער תורה, זיינען אַריין די טרערען אין די אויגען, און טיף האָבען זיי געזיפצט איבער דער פערשוועכונג פון די הייליגע ערטער.

9. אַזאַ חוצפּה האָט דאָס פאָלק שוין ניט געקאָנט מעהר אריבערטראָ־גען, און אַלע זיינען אויפגעשטאַנען, בכדי אָראָבצוװאַרפען די טיראַנען. די אָנגעזעהענסטע מענשען, יוסף בן גוריון און שמעון בן גמליאל, האָבען גערופען די מאַסען אין די פאָלקס-פערזאַמלונגען, ווי אויך איינצעלנע מענשען, וואָס זיינען געקומען צו זיי, זיי זאָלען בעשטראָפען די פערדאַרבער פון דער פריי־הייט און אויסרייניגען דעם הייליגטום פון די בלוטדאָרשטיגע מענשען. און די בכבוד'יגסטע צווישען די כהנים גדולים, יהושע בן גמלא און חנן בן חנן, האָ־בען אין די פערזאַמלונגען געשטראָפט דאָס פאָלק פאַר זיין אָבגעלאָזענקייט און האָבען עס אויפגערייצט קעגען די קנאים. אַזוי האָבען זיי זיך אָנגערופען, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען שטאַרק איינגענומען פאַר גוטע צוועקען, אין דער צייט וואָס באמת זיינען זיי געווען אַריינגעטאָן אין רשעות, און אין דעם פרט האָבען זיי געשטרעבט אַריבערצושטייגען איינער דעם אַנדערן.

10. אַז דאָס פאָלק האָט זיך געהאַט צונויפגעקליבען אין אַ גרויסער צאָהל, און אַלע זיינען געווען אויפגעבראַכט דעריבער, וואָס די קנאים האָבען פערנומען דעם הייליגטום און האָבען אָבגעטאָן גזלות און רציחות — האָט, אי־בעריגענס, קיינער ניט געוואָלט זיך נעמען פאַר דער נקמה, ווייל מען האָט מיט רעכט געהאַלטען, אַז מען וועט קאָנען שווער גובר זיין די קנאים — דעמאָלט איז אויפגעשטאַנען אין מיטען דער פערזאַמלונג חנן, האָט עטליכע מאָל מיט טרערען אין די אויגען געקוקט צום הימעל אַרויף און האָט געזאָגט:

„הלואי וואָלט איך בעסער געשטאָרבען, איידער איך האָב בעדאַפט צו־זעהן, ווי גאָטס הויז איז פול מיט די ערגסטע פערברעכענס, און די הייליגע ערטער, וואָס קיינער האָט זיי ניט בעטרעטען, ווערען בעפלעקט דורך די פיס פון די רויבערבאַנדעס. נאָר אָנגעקליידט מיט די בגדי כהונה און טראָגענדיג אויף זיך דעם שם המפורש 1), לעב איך נאָך און וויל לעבען און ניט שטאַר־

1) דאָס בעדייט דעם שם המפורש (קדש לה'), וואָס איז געווען אויסגעקריצט אויפ'ן שטערען-בלעך (ציץ) פון כהן-גדול.

בען מיט'ן רוהמפולען טויט, וואָס פּאַסט פּאַר מיין עלטער. נאָר אויב איך זאָל בלייבען אַליין און ווי אין מדבר, דאַן וויל איך אויך אַליין מקריב זיין מיין נשמה צו גאָט. וואָרום צוליעב וואָס זאָל איך לעבען צווישען אַ פאָלק, וואָס האָט מעהר ניט קיין געפיהל פאַר זיינע פריהערדיגע צרות און וואָס ביי איהם איז פערשוואונדען געוואָרען אַפילו דער חוש פאַר די גרויסע צרות, וואָס עס שטייהט אויס אין דער איצטיגער צייט? בשעת מען בערויבט אייך, בלייבט איהר גלייכגילטיג, בשעת מען שלאָגט אייך, שווייגט איהר, און איבער די גע-מאָרדעטע דערוועגט זיך ניט קיינער פון אייך אַפילו צו זיפצען. וואָס פאַר אַ האַרטע טיראַניע! נאָר וואָס טאַדעל איך די טיראַנען? צידען ניט איבער אייך און איבער אייער געדולד זיינען זיי גרויס געוואָרען? צידען האָט איהר גע-אַכט אויף זייערע ערשטע פערזאַמלונגען, בשעת זיי זיינען נאָך געווען ווינציג, און צידען האָט איהר ניט דורך אייער שטילשווייגען דערלאָזען, אַז זיי זאָלען אויסוואַקסען? צידען האָט איהר ניט דורכדעם, וואָס איהר האָט געלאָזען זיי רוהיג זיך בעוואָפּענען, געווענדט זייער געוועהר קעגען אייך גופא, אָנשטאָדט צוריקצושלאָגען זייערע ערשטע אָנפאַלען דעמאָלט, בשעת זיי זיינען אָנגעפאַלען מיט זידלערייען אויף אייערע קרובים? דורך אייער גלייכגילטיגקייט האָט איהר אויפגעמונטערט די פערברעכער צו רויבערייען, און בשעת הייזער זיינען פער-וויסט געוואָרען, האָט איהר קיין וואָרט ניט גערעדט קעגען דעם. דעריבער האָבען זיי אויך געקאָנט אַוועקפיהרען די בעלי בתים פון די הייזער, און קיינער איז ניט געקומען צו הילף די אומגליקליכע, בשעת מען האָט זיי גע-שלעפּט דורך דער שטאָדט, בשעת מען האָט געפייניגט אין קייטען די יע-ניגע, וועמען איהר האָט איבערגעגעבען אין זייערע שונאים'ס הענד! איך וויל ניט זאָגען, ווי פיעל חשוב'ע מענשען זיינען אַזוי בעהאַנדעלט געוואָרען, אָהן אַ פערהער. קיינער האָט זיך ניט אָנגענומען פאַ- די געשמידטע אין קייטען. דער פועל-יוצא דערפון איז געווען, אַז מיר האָבען געמוזט צוזעהן, ווי מען האָט זיי דער'הרג'עט. מיר האָבען צוגעזעהן, ווי פון אַ טשערעדע אומפער-שטאַנדיגע בהמות איז כּסדר אַרויסגענומען געוואָרען דער בעסטער קרבן — אָבער קיינער האָט זיין קול ניט אויפגעהויבען, שוין אָבגערעדט דערפון, אַז עמיצער זאָל האָבען געריהרט זיין האַנד. און איצטער טראָגט איהר עס אַריבער, אַז דער ה'יליגטום זאָל ווערען געטראָטען מיט די פיס? און אויב איהר גופא האָט אַפילו אויסגעגלייכט פאַר יענע מנוולים איין שטאַפּעל נאָכ'ן אַנדערן צוליעב זייער ע חוצפּה'דיגע טריט, איז שוין זשע איז אייך נאָך אַלץ ניט דערעסען גע-וואָרען איצט זייער אויבערמאַכט? זיי וואָלטען דאָך געוויס נאָך ווייטער גייהן, אויב עס וואָלט געווען נאָך אַ גרעסערע זאַך צו פערוויסטען, איידער דער הייליגטום. אין זייערע הענד געפינט זיך דאָך דער סאַמע פעסטער אָרט פון שטאָדט — וואָרום דעם בית-המקדש מוז מען דאָך איצט אָנרופען אַ פעסטונג.

און אויב אַזאַ מורא'דיגע טיראַניע סטראַשעט אייך פון הינטער יענע מויערן, און איהר זעהט אייערע שונאים איבער אייערע קעפּ, טאָ וואָס טראַכט איהר זיך און מיט וואָס ווילט איהר בערוהיגען אייער געמיט? אפשר וואַרט

איהר אויף די רוימער, אַז זיי זאָלען קומען צו הילף **אונזער הייליגטום**? שוין זשע האַלט עס אַזוי שלעכט מיט אונזער שטאָדט, און צידען אַזוי טיעף זיינען מיר אַיינגעזונקען אין צרות, אַז די **פיינד** בעדאַרפען רחמנות האָבען אויף אונז? שוין זשע וועט איהר ניט אויפשטייהן, איהר אומגליקליכע, זיך אַנטקעגענשטעלען קעגען די קלעפּ — ווי מען קאָן עס זעהן אַפילו ביי בהמות — און נקמה נעמען פון די, וואָס שלאָגען אייך? צידען ווילט איהר ניט אויפוועקען ביי זיך אין זכרון, איטליכער די צרות, וואָס מען האָט איהם אָנגעטאָן, און דערמאָנענדיג זיך אַייערע יסורים, ניט שאַרפען דעם מוט צום ווידערשטאַנד? שוין זשע איז ביי אייך לחלוטין געטויט דער איידעלסטער און נאַטירליכסטער פון אַלע געפיהלען, די ליעבע צו פרייהייט? צידען זיינען מיר געוואָרען שקלאַפען-נאַטורען און נשמות פון משרתים, אַזוי ווי מיר וואָלטען בעקומען די הכנעה בירושה פון אונזערע עלטערן? ניין, זיי האָבען געפיהרט אַסך גרויסע מלחמות פאַר זייער זעלבשטענדיגקייט און האָבען זיך געהאַלטען קעגען דער מאַכט פון די עגיפּטער און מעדיער, אַבי נאָר ניט אַריינצופאַלען אין אָבהייננגיגקייט! נאָר וואָס בעדאַרף איך נאָך ריידען וועגען אונזערע עלטערן? נאָר אָט דער איציגער קריג קעגען די רוימער, וואָס וועגען איהם בין איך ניט אויסען איצט צו ריידען, צי ער איז צוועקמעסיג און נוצליך אָדער ניט, — צוליעב וואָס פיהרען מיר איהם? ס'איז דאָך פאַר דער פרייהייט; היינט אויב מיר ווילען ניט פאָלגען די האַרען פון דער וועלט, טאָ ווי אַזוי קאָנען מיר אַריבערטראָגען אונזערע אייגענע לאַנדס-לייט אַלס טיראַנען איבער זיך? אויב מען ווערט פערשקלאַפט פון פרעמדע פיינד, דעמאָלט קאָן מען בעשולדיגען דערין דעם מזל; אָבער ווען מען דיענט צו אייגענע מיטבירגער, און דערצו נאָך די ערגסטע, דעמאָלט איז עס דאָך אַ סימן פון פחדנות און פון קנעכטישען כאַראַקטער.

איבעריגענס, היות ווי איך האָב שוין דערמאָנט וועגען די רוימער, וויל איך פאַר אייך ניט בעהאַלטען דאָס, וואָס מיר איז אַיינגעפאַלען בשעת מיין רעדע: אַז אַפילו ווען די רוימער וועלען חס-ושלום אונז גובר זיין, וועלען מיר על כל פנים פון זיי האָבען אויסצושטייהן ניט ערגערע צרות, איידער אונזערע מיטבירגער האָבען אונז אָנגעטאָן. אָדער צידען בעדאַרף מען ניט וויינען דעריבער, וואָס אין דער צייט, בשעת מיר זעהען אין בית-המקדש מתנות ון די רוימער גופא, קלייבען דאָרט צונויף אונזערע אייגענע לאַנדסלייט זייער רויב, נאָכדעם ווי זיי האָבען דער'הרג'עט מיוחס'דיגע לייט פון דער הויפּטשטאָדט און האָבען אָבגעראַמט פון וועג אַזעלכע מענשען, וואָס דער פיינד וואָלט זיי געשוינט אין פאַל פון נצחון? צידען מוז מען ניט ווייטער יאָמערן דעריבער, וואָס אין דער צייט, בשעת די רוימער זיינען קיין מאָל ניט אַריבערגעטראָטען דעם שוועל פון היכל און האָבען ניט געשטערט קיין איינעם פון אונזערע הייליגסטע מנהגים, נאָר פון דערווייטענס האָבען זיי דערוועגט זיך צו קוקען מיט גרויס יראת הכבוד אויף דעם גדר פונ'ם הייליגטום, — גייהען אַרום מענשען, וואָס זיינען געבאָרען אין דעם דאָזיגען לאַנד, אויפגע-

האָדעוועט אין אונזער אמונה און רופען זיך אידען, אין מיטען דעם קדשי קדשים, אין דער צייט וואָס זייערע הענד רויכערן זיך נאָך פונ׳ם בלוט פון זייערע פאָלקסברידער? טאָ ווער בעדאַרף נאָך מורא האָבען פאַר דער מלחמה, וואָס געגעהענט פון אויסוויינינ, און פאַר די פיינד, וואָס זיינען אין פערגלייך צו אונזערע לאַנדסלייט אַ סך מענשליכער? אויב מען וויל אָנרופען די זאַכען מיט׳ן אמת׳ען נאָמען, וועט מען אַיינגעפינען, אַז די רוימער היטען אָב אונזער׳ע געזעצען אין דער מאָס, ווי אונזערע אייגענע מענשען טרעטען זיי מיט די פיס. און דעריבער האָף איך, אַז איהר אַלע זייט שוין געקומען אַהער מיט דער פעסטער דעה, אַז מען מוז פערטיליגען די דאָזיגע פיינד פון אונזער פרייהייט, און אַז מען קאָן גאָרניט אויסטראַכטען אַזאַ שטראָף פאַר זייער מעשי־נבלה, וואָס זאָל זיין גענוג שטריינג. נאָך פאַר מיין רעדע זייט איהר מסתמא געוועזן אויפגעבראַכט איבער דעם, וואָס איהר זייט אויסגעשטאַנען.

נאָר אפשר האָט דער רוב מורא פאַר זייער מאַסע, פאַר זייער דרייסט־קייט און גוטער לאַגע. אָבער אַזוי ווי דערין איז שולדיג אייער גלייכגילטיג־קייט, אַזוי וועט דאָס נאָך אַלץ ערגער ווערען, אויב איהר וועט נאָך זאַמען. ווארום איטליכען טאָג וואַקסט זייער צאָהל, מחמת אַלע פערברעכער גייען איבער צו זיי, ווי צו זייערע געזינונגס־חברים. זייער דרייסטקייט ווערט אַלץ מעהר אונטערגעהיצט, וואָס ווינציגער שטערעגישען זי בעגעגענט. און וואָס איז שייך צו זייער לאַגע איבער אונזערע קעפּ, איז וועלען זיי זי באַלד אויסנוצען, בכדי אַרויסצוטרעטען מיט געוועהר קעגען אונז, אויב מיר וועלען זיי לאָזען צייט דערצו. אָבער אויב מיר וועלען אָנפאַלען אויף זיי, דעמ׳גלט, גלויבט מיר, וועט זייער שלעכטער געוויסען אָבנעמען ביי זיי דעם מוט, און זייער אינע־וויינינסטער צושטאַנד וועט צו־נישט מאַכען זייער גוטע אויסווייניגסטע לאַגע. ס׳איז אויך מעגליך, אַז די בעליידיגטע גאָטהייט וועט אומקעהרען זייערע פיילען צו זיי גופא, און די רשעים וועלען פאַלען דורך זייערע אייגענע געוועהר. יאָ, ווי נאָר זיי וועלען אונז דערזעהן, זיינען זיי שוין פערפאַלען. אמת, עס שטעקט דערין אַ געוויסע סכנה, נאָר פון דער אַנדער זייט וועט עס ברייננען אַ סך כבוד צו פאַלען ביי די הייליגע טויערן און צו לאָזען דעם לעבען, אויב ניט אפילו פאַר ווייב און קינד, איז דאָך פאַר גאָט און זיין הייליגטום. איך גופא וויל גייהן פאָראויס פאַר אַייך מיט ראַט און טאַט: קיין זאַך, וואָס איך קאָן אויסטראַכטען פאַר אַייער זיכערקייט, וועט ניט פעהלען, און איהר וועט זעהן, אַז איך וועל זיך גופא אויך ניט שוינען”.

11. מיט אַזעלכע רייד האָט חנן געפּרובט אויפרייצען דאָס פאָלק קעגען די קנאים, הגם ער האָט געמוזט מודה זיין, אַז עס וועט שווער זיין זיי גובר צו זיין מחמת זייער גרויסער צאָהל, יוגענדליכער קראַפט און מוט, בעזונדערס אָבער מחמת זייער בעוואוסטזיין פון די מעשים, וואָס זיי האָבען שוין אויפגע־טאָן. ווארום היות ווי זיי האָבען זיך ניט געקאָנט ריכטען, אַז מען זאָל זיי מוחל זיין זייערע פערברעכענס, דעריבער האָט מען געקאָנט זיכער ריכטען זיך אויף אַן אויסערסטען ווידערשטאַנד פון זייער צד. פונדעסטוועגען האָט חנן

בעסער געוואָלט אַלצדינג איינשטעלען אין קאָהן, איידער לאָזען די זאַך אין דער ביזאַהעריגער מהומה. דאָס פאָלק אָבער האָט געשריען, אַז מען זאָל זיי פיהרען צום קאַמף קעגען די יעניגע, קעגען וועלכע ער האָט זיי גערופען, און איינער פאַר׳ן אַנדערן האָט געוואָלט זיך פעדערן, בכדי זיך איינצושטעלען אין סכנה.

12. בשעת חנן האָט אויסגעקליבען די קאַמפספייהיגע זוגן האָט זיי איינגעאָרדענט, זיינען די קנאים דערגאַנגען דעם פלאַן. וואָרום זיי האָבען געהאַט מענשען, וואָס פלעגען זיי מודיע זיין אַלצדינג, וואָס עס האָט זיך געטאָן ביים פאָלק. פול מיט ערביטערונג האָבען זיי זיך דערויף אַ לאָז געטאָן, צום טייל אין געשלאָסענע רייהען, צום טייל אין קלענערע אָבטיילונגען, פון בית-המקדש אַרויס און האָבען אויסגעהרג׳עט אָהן רחמנות אַלעמען, ווער עס איז זיי געקומען אין וועג.

געשווינד האָט חנן צונויפגעקליבען דאָס פאָלק, וואָס איז אפילו בנוגע צו דער צאָהל געווען מעהר פאַר די קנאים, נאָר בנוגע צו דער בעוואָפענונג און פעסטער אָרדענונג איז עס געשטאַנען נידעריגער פון זיי. נאָר די חסרונות פוןביידע צדדים האָט אויסגעגליכען די קאַמפסלוסט, וואָס האָט געהערשט ביי ביידען. די מענשען פון דער שטאָדט האָבען זיך אַרויסגעוויזען דורכגעדרונגען פון אַ ערביטערונג, וואָס איז שטאַרקער, איידער אַלע געוועהר, די אָבער פון בית-המקדש האָבען געהאַט אַזאַ דרייסטקייט, וואָס האָט זיך געקאָנט אַנט-קעגענשטעלען קעגען וואָסער גרויסער צאָהל געגנער איהר ווילט. די ערשטע האָבען גערעכענט, אַז זיי קאָנען ניט לייגער בלייבען וואוינען אין שטאָדט, אויב זיי וועלען ניט אויסרייניגען זי פון די באַנדיטען; די קנאים פון זייער זייט האָבען גוט געוואוסט, אַז אין פאַל פון אַ מפלה קאָנען זיי זיך ריכטען אויף אַלע מעגליכע שטראָפען. אַזוי האָבען זיי זיך אַריינגעלאָזט אין ליידענ-שאַפטליכען קאַמף איינע קעגען די אַנדערע און האָבען צוערשט געשאָסען אין דער שטאָדט און פאַר׳ן בית-המקדש מיט שטיינער און וואָרף-שפּיזען, וואָס זיי האָבען געשליידערט פון דערווייטענס. נאָר באַלד ווי איין טייל האָט זיך געלאָזט לויפען, האָבען די זיגער זיך גענומען פאַר די שווערדען. גרויס איז געווען אויף ביידע זייטען די צאָהל פון די דער׳הרג׳עטע און פערוואונדעטע. אויב עמיצער פון פאָלק איז געוואָרען אומפייהיג צום קאַמף, פלעגען די זייניגע איהם אַריינטראָגען אין אַ שטוב. די פערוואונדעטע קנאים ווידער האָבען זיך צוריק אומגעקעהרט אין בית-המקדש און האָבען בענעצט די הייליגע ערד מיט זייער בלוט, אַזוי אַז מען קאָן זאָגען מיט רעכט, אַז נאָר זייער בלוט האָט פערפלעקט דעם הייליגטום. ביי די אויספאַלען פלעגען אמת די רויבער שטענדיג האָבען די אויבערהאַנד אין געשלעג, נאָר אויפ׳ן צד פון פאָלק איז שטענדיג געוואַקסען די ערביטערונג און אויך די צאָהל פון די קעמפער, און אין דער צייט וואָס מען פלעגט בעשיטען מיט וואָרפשפיזען די, וואָס זיינען אָבגעטראָטען צוריק, און די וואָס האָבען געשטורעמט פון הינטען, האָבען ניט געלאָזט דורכגייהן יענע, וואָס האָבען געוואָלט אַנטלויפען,—האָבען זיי זיך אַלאָז

געטאָן אויף די פיינד מיט דער גאַנצער קראַפט פון זייער מאַסע. יענע האָבן מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען דעם דראַנג און האָבן זיך צוביסלעכווייז צוריקגעצויגען אין בית-המקדש; חננ׳ס מענשען זיינען אָבער אַריינגעדרונגען צוגלייך מיט זיי. די קנאים זיינען מורא׳דיג צעטומעלט געוואָרען, נאָכדעם ווי זיי האָבן געהאַט אָנגעוואָהרען די ערשטע מויער, און זיינען אַנטלאָפען געוואָרען אין אינעווייניגסטען חצר און האָבן געשווינד פערשלאָסען די טויערן הינטער זיך. חנן האָט ניט געקאָנט בעשליסען ביי זיך אָנצופאַלען אויף די הייליגע טויערן, בפרט אַז די פיינד האָבן געשאָסען פון אויבען אַראָב, וואָרום אויב אפילו איהם זאָל זיין בעשערט דער נצחון, האָט ער געהאַלטען פאַר אַן עברה אַריינצופיהרען דאָס פאָלק אין בית-המקדש איידער עס האָט זיך גערייניגט. דעריבער האָט ער אויסגעקליבען לויט׳ן גורל אַן ערך 6000 בע-וואָפענטע און האָט זיי אַוועקגעשטעלט פאַר שומרים אין די גאַלערייעס. ער האָט אויך בעשטימט, אַז אין אַ בעשטימטער צייט אַרום זאָלען אַנדערע זיי פערבייטען, און אַזוי זאָלען אַלע כסדר שטייהן אויף דער וואַך. נאָר אַ סך פון די חשוב׳ע לייט האָבן די אָנפיהרער בעפרייט פון דער דאָזיגער התחייבות, און זיי האָבן געדונגען פאַר געלד אָרימע מענשען, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך אָנשטאָט זיי.

13. אין דעם אונטערגאַנג פון אַלע די דאָזיגע מענשען איז שולדיג גע-וועזען יענער יוחנן, וואָס איז, ווי עס איז שוין אויבען דערמאָנט, אַנטלאָפען געוואָרען פון גוש-חלב. ער איז געווען זייהר אַ דורכגעטריבענער מענש, וואָס האָט געטראָגען ביי זיך אין הארצען דעם פערלאַנג נאָך הערשאַפט און האָט שוין לאַנג געטראַכט שלעכטס אויף דער שטאָדט. דעמאָלט האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז אויפ׳ן צד פון פאָלק, און האָט בעגלייט חננ׳ען און מעטום, וואו ער איז געגאַנגען: צי בייטאָג, בשעת דער כהן-גדול פלעגט זיך אַן עצה האַלטען מיט די אָנפיהרער, אָדער ביי-נאַכט, בשעת ער פלעגט גייהן זעהן, צי די וועכטערס שטייהען אויף זייערע ערטער. די סודות, וואָס ער פלעגט דערגייהן, פלעגט ער דערנאָך איבערגעבען די קנאים, און איטליכער פּלאַן פון פאָלק איז דורך איהם בעוואוסט געוואָרען די פיינד, נאָך איידער מען האָט איהם געקאָנט גוט אַרומקלערען. בכדי ניט צו דערוועקען קיין חשד, פלעגט ער זיך האַלטען זייהר פריינדליך בנוגע צו חננ׳ען און צו די פאָר-שטייהער פון פאָלק.

אָבער דורך זיין דאָזיגער טועכץ האָט ער דערגרייכט פונקט דעם היפוך דערפון, וואָס ער האָט געוואָלט. וואָרום דורך זיינע פוסטע חניפה-רייד האָט ער דערוועקט צו זיך נאָך אַ גרעסערן חשד, און דאָס, וואָס ער איז געווען אומע-טום, וואו מ׳האָט איהם ניט געוואָלט האָבען, איז געווען אַ בעווייז דערפאַר, אַז ער זאָגט אויס סודות. דען גאָר אין גיכען איז מען דערגאַנגען, אַז די שונאים זיינען שטענדיג בעוואוסט די החלטות פונ׳ם פאָלק, און קיינעם האָט מען ניט געקאָנט חושד זיין אין בגידה, ווי גראָד אָט דעם יוחנן. אָבער איהם אָבראַ-מען פון וועג איז ניט אַזוי גרינג געווען, וואָרום דורך זיין רשעות האָט ער

געקראָגען אַ גרויסען אײנפלוס, און מחמת ער האָט געהערט צו די מיוחס׳דיגע קרײזען, האָבען איהם בעשיצט אַ סך מענשען, וואָס האָבען געהאַט אַן אָרט און אַ דעה אין דער פערוואַלטונג. דעריבער האָט מען בעשלאָסען צו פערזיכערן זיך אין זײן געטרײשאַפט דורך אַ שבועה. אָהן שום טענות האָט יוחנן געשוואָרען, אַז ער וועט שטײהן אויפ׳ן צד פון פאָלק, אַז ער וועט קײן אײן החלטה און קײן אויפטו ניט אויסזאָגען די פײנד און וועט מיט זײן עצה און מיט זײן טאַט מיטהעלפען צו פערטיליגען יענע, וואָס וועלען זיך נעמען פאַר געוועהר. חנן און די זײניגע האָבען געגלויבט דער שבועה און זינט יענער צײט האָבען זײ איהם געלאָזט נעמען אַן אָנטײל אין זײערע בעראַטונגען. נאָך מעהר, זײ האָבען איהם אַפילו געשיקט פאַר אַ שליח צו די קנאים, בכדי צו פיהרען אונטערהאַנדלונגען וועגען אויסגלײכען דעם סכסוך. וואָרום פונקט אַזוי ווי זײ האָבען ניט געוואָלט אַלײן פערשוועכען דעם הײליגטום, אַזוי האָבען זײ אויך ניט געוואָלט, אַז עמיצער פון זײערע לאַנדסלײט זאָל אָנוועהרען זײן לעבען.

14. אָבער יוחנן האָט געטאָן אַזוי, ווי ער וואָלט האָבען צוגעשוואָרען צו זײן געטרײ די קנאים, און ניט זײערע געגנער. ער איז אַוועק צו די ער־שטע און האָט זײ אָנגעזאָגט, אַז שוין אָפטמאָלס האָט ער זיך אַײנגעשטעלט אין אַ סכנה, בכדי זײ צו לאָזען וויסען, וואָס חנן׳ס פּאַרטײ האָט בדעה צו טון קעגען זײ; איצט אָבער וועט ער מיט זײ אַרײנפאַלען אין דער גרעסטער סכנה, אויב גאָט וועט זײ ניט באַלד שיקען הילף, וואָרום חנן וויל מעהר ניט וואַרטען, נאָר נאָכדעם ווי ער האָט דאָס פאָלק פערדרײהט די קאָפּ, האָט ער געשיקט שלוחים צו אַספּסינוס׳ן, ער זאָל וואָס גיכער קומען און אַײננעמען די שטאָדט. עס איז בעשטימט געוואָרען אַ קרבן-חטאת צוליעב זײ, די קנאים, בכדי דאָס פאָלק זאָל אונטער דעם אוסרײד צו טון די עבודה אַרײנדרינגען אין בית-המקדש, אָדער עס זאָל אָנוועגדען געוואַלד-מיטלען און אַרײנטרעטען מיט זײ אין אַ געשלעג. ער ווײס ניט, ווי לאַנג זײ קאָנען נאָך אויסהאַלטען די בעלע־גערונג אָדער זיך אַנטקעגענשטעלען קעגען אַזאַ גרויסער מאַכט. דערנאָך האָט ער מוסיף געווען, אַז דאָס איז מן השמים, וואָס ער איז געשיקט געוואָרען אין בית-המקדש, בכדי צו מאַכען אַ פשרה. חנן לײגט זײ פאָר איצט אַ פשרה נאָר צוליעב דעם, בכדי ער זאָל קאָנען אָנפאַלען אויף זײ, בשעת זײ וועלען שטײהן קעגען איהם אומבעוואָפענט. דעריבער מוזען זײ, בכדי צו ראַטעווען זײער לעבען, אָדער בעטען גענאָד בײ די בעלעגערער, אָדער זוכען צו פער־שאַפען זיך הילף פון אויסווײניג. איבעריגענס, די וואָס טראָגען זיך אַרום מיט דער האָפענונג, אַז מען וועט זײ מוחל זײן אין דעם פאַל, טאָמער וועלען זײ בעקומען אַ מפלה, — האָבען מסתמא פערגעסען זײערע אײגענע פערברעכענס, אָדער זײ מײנען אפשר, אַז די חרטה פון די פערברעכער מוז נויטווענדיג תיכף אַרויסרופען בײ די, וואָס האָבען געליטען פון זײ, אַ שטימונג זײ מוחל צו זײן. נאָר גאַנץ אָפט בלײבט די שנאה צום בעלײדיגער, ניט קוקענדיג אויף דער חרטה, און די ערביטערונג פון די געשעדיגטע ווערט נאָך שטאַרקער.

נאָכדעם ווי זיי קומען צו מאַכט. יעדענפאַלס וועלען די גוטע פריינד און קרובים פון די דער'הרג'עטע שטענדיג זיין זייערע שונאים, און אויך די גרויסע מאַסע פון פאָלק, וואָס איז מורא'דיג אין כעס דעריבער, וואָס די געזעצען זיינען בטל געוואָרען. און הגם אַ קליינער טייל פון פאָלק איז נוטה צו רחמנות, נאָר דער דאָזיגער מיעוט פערשווינדט לחלוטין צווישען דער מאַסע פון די, וואָס וועלען זיך בעפרידיגען נאָר מיט נקמה.

# פערטער קאפיטעל.

די אדומים קומען קיין ירושלים, ארויסגערופען דורך די קנאים.

1. דורך אַזעלכע דורכגעטריבענע ליגענס האָט ער אַריינגעיאָגט אַ שרעק אַלע קנאים. אין וואָס די דאָזיגע הילף פון אויסווייניג האָט בעדאַרפט בעשטייהן, האָט ער אַפילו ניט דערוועגט זיך צו זאָגען אָפען, נאָר ס'איז קלאָר, אַז ער מיינט דאָס די אדומים. און בכדי נאָך בעזונדערס אויפצורייצען די אָנפיהרער פון די קנאים, האָט ער זיי געמאַכט אַ פאַלשע שילדערונג וועגען חנן'ס כלומר'שטיגער אַכזריות און האָט געזאָגט, אַז בנוגע צו זיי זיינען זיינע סטראַשונקעס בעזונדערס געווענדט. די דאָזיגע אָנפיהרער זיינען געווען אלעזר בן שמעון 1), וואָס צו איהם האָט מען געהאַט דעם גרעסטען צוטרוי הן אין פרט פון אויסטראַכטען צוועקמעסיגע פלענער, הן אין אויספיהרען זיי, און זכריה בן אַבקולס, ביידע כהנים.

אַז די דאָזיגע מענער האָבען זיך דערוואוסט, אַז חוץ די סטראַשונקעס בנוגע צו אַלעמען, זיינען בעזונדערס געווענדט סטראַשונקעס בנוגע צו זיי גופא, און אַז זיי זיינען חוץ דעם געוואָהר געוואָרען, אַז חנן'ס פאַרטיי וויל נאָך אַרויסרופען די רוימער, בכדי מיט זייער הילף אַריינצוחאַפען די אויבערהערשאַפט (וואָרום אויך דעם דאָזיגען שקר האָט יוחנן מוסיף געווען), — האָבען זיי אַ געוויסע צייט ניט געוואוסט, וואָס זיי זאָלען טון, וויבאַלד אַז אין זייער רשות איז פערבליבען נאָר אַ קורצע צייט. וואָרום זיי האָבען גערעכענט, אַז דאָס פאָלק וועט גאָר אין גיכען מאַכען אַן אָנפאַל אויף זיי, און דורכדעם וואָס עס וועט געשווינד אויספיהרען דעם דאָזיגען פלאַן, וועט זיי, די קנאים, אָבגעשניטען ווערען אינגאַנצען די האָפענונג צו בעקומען הילף פון אויסווייניג, אַזוי וועלען זיי קומען צו דער ערגסטער מדרגה, נאָך איידער עמיצער פון זייערע בונדעס חברים וועט עפּיס וואָס דערגייהן. פונדעסטוועגען האָט מען בעשלאָסען צו רופען די אדומים.

צוליעב דעם דאָזיגען צוועק האָבען זיי געשריבען אַ קורצען בריעף מיט פאָלגענדען אינהאַלט: „חנן נאַרט אָב דאָס פאָלק און וויל איבערגעבען די הויפטשטאָדט די רוימער; זיי, די קנאים גופא, וואָס האָבען זיך אָבגעטיילט פון איהם, בכדי צו פערטיידיגען די פרייהייט, וואָס געפינט זיך אין סכנה, ווערען בעלעגערט אין בית-המקדש; בכדי צו מאַכען אַ פרוב זיי צו בעפרייען,

1) ז. בוך II, קאפ. 20, § 3.

איז פאַרהאַן נאָך אַ קורצע צייט; אויב די אדומים וועלען ניט קומען וואָס גיכער צו-הילף, דעמאָלט וועלען זיי, די קנאים, אַריינפאַלען אין די הענד פון חנן און זייערע איבעריגע פיינד, און די שטאָדט וועט אַריינפאַלען צו די רוימער. אַ געטריע שילדערונג פונ'ם מצב האָבען די שלוחים בעדאַרפט איבערגעבען די אָנפיהרער פון די אדומים בעל-פה. צוליעב דער שליחות האָט מען פאָרגעלייגט צוויי פון די מוטיגסטע מענשען, וואָס זיינען געווען געניט אין אַזוינע אונטער-האַנדלונגען, בעגאַבט אין אַ געטרייער מאָס מיט רעדנער-קונסט און האָבען גע-קאָנט גיך לויפען — דאָס לעצטע איז זיי צום מיינסט צוניץ געקומען. איבעריגענס האָט מען אין בית-המקדש גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די אַדומים וועלען זיך ניט לאָזען לאַנג בעטען. וואָרום זיי זיינען אַ פאָלק אַ ווילדס און אַ היציגס, וואָס איז שטענדיג אָנגעגרייט צו מאַכען אומרוהען און האָט הנאה פון איטליכער מהומה; ס'איז אויך ניט נויטיג קיין סך גוטע רייד, בכדי צו בעוועגען זיי זיך צו נעמען פאַר די געוועהר, בפרט אַז אַלע שטרעבען צו אַ קאַמף, ווי צו אַ יום-טוב. נאָר אַיילען זיך מיט דער שליחות האָט מען בעדאַרפט, און היות ווי די שלוחים, וואָס האָבען ביידע געהייסען חנניה, האָבען געהאַט דערצו דעם בעסטען ווילען, דעריבער זיינען זיי באַלד אָנגעקומען ביי די אָנפיהרער פון די אַדומים.

2. די דאָזיגע זיינען מורא'דיג אויפגערעגט געוואָרען איבער'ן אינהאַלט פון בריעף און איבער דער מינדליכער ערצייהלונג, האָבען באַלד גענומען אַרומלויפען צווישען פאָלק און רופען עס צו דער מלחמה. כמעט גיכער איי-דער דער אויפרוף איז אַרויס, האָט זיך די מאַסע צונויפגעקליבען, און אַלע האָבען זיך גענומען פאַר די געוועהר, בכדי צו בעפרייען די הויפטשטאָדט, ווי מען האָט זיך אויסגעדריקט. כמעט 20 000 מאַן שטאַרק זיינען זיי געקומען פאַר די טויערן פון ירושלים אונטער פיער אָנפיהרער: יוחנן בן שושי, יעקב בן שושי, שמעון בן קתלס און פנחס בן קלוזות.

3. איבעריגענס, האָבען ניט חנן און ניט שומרים געוואוסט וועגען דעם, אַז די שלוחים זיינען אָבגעשיקט געוואָרען; נאָר אַז די אדומים גייהען, איז ניט פערבאָרגען געבליבען. דער כהן-גדול האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם אַפריהער, און האָט געלאָזט מחמת דעם פערשליסען די טויערן און אַרויפ-שטעלען וועכטערס אויף די מויערן. לכתחילה האָט ער ניט געהאַט בדעה מיט זיי צו קעמפען, נאָר פריהער איידער אָנצווענדען געוועהר האָט ער געפרובט ריידען צו זיי מיט גוטען, בכדי זיי אַריבערצוציהען אויף זיין צד. צוליעב דעם צוועק האָט יהושע בן גמלא, וואָס איז געווען דער עלטסטער פון די כהנים נאָך חנן'ען, זיך אַוועקגעשטעלט אויפ'ן טורעם, וואָס איז געשטאַנען קעגענאיבער די אַדומים, און האָט געזאָגט צו זיי:

„ביי די סך פערשיידענע צרות, וואָס מיט זיי איז אונזער שטאָדט גע-פלאָגט געוואָרען, איז מיר קיין זאַך ניט אומפערשטענדליכער, ווי דאָס, וואָס די רשעים בעקומען שטענדיג ווידער הילף אומגעריכטערהייד. וואָרום איהר זייט געקומען צו הילף די פערדאָרבענסטע מענשען קעגען אונז מיט אַזאַ גיכקייט,

ווי איהר וואָלט אַפילו ניט אַרויסגעוויזען אין דעם פאַל, אויב די הויפט-שטאָדט וואָלט אַייך גערופען צו הילף קעגען די בּאַרבּאַרען. פערשטייהט זיך, אויב איך וואָלט אַיינגעזעהן, אַז אַייער חייל איז גלייך צו די לייט, וואָס האָבּען אַייך גערופען אַהער, דעמאָלט וואָלט איך גאַנץ גוט געקאָנט פערשטייהן אַייער אימפּעט; וואָרום דורך קיין זאַך ווערען ניט אַזוי גיך געשאַפען פריינדשאַפטען, ווי דורך אַ גלייכהייט אין די כאַראַקטערען. אָבּער ווען מען זאָל איבּערקוקען כּסדר יענע לייט, ווערט מען אַיינגעפינען, אַז איטליכער פון זיי איז טויזענד מאָל חייב מיתה. וואָרום זיי זיינען דאָך די שאַנדפלעקען און די אויסוואורפען פונ׳ם גאַנצען לאַנד, זיי, וואָס האָבּען לכתחילה געפּטר׳ט זייער אייגענעם פערמעגען און האָבּען אָבּגעטאָן פערבּרעכערישע מעשים אין די דערפער און שטעדט פון דער סביבה, און דערנאָך האָבּען זיי זיך נאָך שטילערהייד אַריינגעגנב׳עט אין דער הייליגער שטאָדט — די דאָזיגע רויבער, וואָס פערשוועכען די הייליגע ערד און וואָס מען זעהט זיי נאָך איצט, ווי זיי שיכּור׳ן אָהן מורא אין הייליגטום און פילען אָן זייערע אומערזעטליכע בייכער מיט׳ן רויב, וואָס זיי נעמען אָב ביי די טויטע. פערקעהרט, אַייער חייל מיט אַייער געוועהר, האָט מען געקאָנט זיך ריכטען, ווערט קומען דעמאָלט, בשעת די הויפטשטאָדט ווערט דורך אַן אַלגעמיינעם בּעשלוס אַייך רופען אַלס בּונדעס-חברים קעגען פרעמדע. צי קאָן מען דען אָנרופען אַנדערש, ווי אַ חוזק מצד דעם שיקזאַל, בשעת מען זעהט, ווי אַ גאַנץ פאָלק מאַכט יד-אחת מיט פערברעכערס? שוין לאַנג איז עס פאַר מיר אַ רעטעניש, וואָס האָט אַייך עפיס אַזוי גיך געבּראַכט אַהער. מסתּמא איז דאָס אַ וויכטיגער טעם, וואָס האָט אַייך געהייסען נעמען זיך פאַר די געוועהר און אַרויסטרעטען קעגען אַ פאָלק, וואָס איהר זייט מיט איהם קרובים.

מיר האָבּען געהערט וועגען רוימער און בגידה, וואָרום אָקאָרשט האָבּען עטליכע געטומעלט וועגען דעם און האָבּען דערקלערט, אַז זיי זיינען געקומען צוליעב דער בּעפרייאונג פון דער הויפּטשטאָדט. נאָר מעהר איידער איבּער דער חוצפה פון די דאָזיגע מנוולים, מוזען מיר נשתּומם ווערען איבּער דעם אויסקלערען דעם דאָזיגען שקר. ס׳איז נאַטירליך, אַז מענשען מיט אַ פרייהייטס-ליעבּענדען כאַראַקטער, וואָס זיינען גראָד צוליעב דעם אָנגעגרייט צום קאַמף קעגען אויסווייניגסטע פיינד, וואָלט מען ניט געקאָנט אַנדערש אויפרייצען קעגען אונז, סיידען דורכדעם, אַז מען זאָל אונז אַרויסשטעלען אַלס בּוגדים קעגען דער בּעגעהרטער פרייהייט. נאָר איהר בּעדאַרפט דאָך בּעקלערען, ווער עס האָט אויסגעטראַכט דעם דאָזיגען שם רע און קעגען וועמען ער איז געווענדט, און זוכען אַרויסצוגעפינען דעם אמת ניט פון אויסגעטראַכטע ריידערייען, נאָר פון דער אַלגעמיינער לאַגע. איבּער וואָס פאַר אַ טעם האָבּען מיר בּעדאַרפט זיך פערקויפען די רוימער גראָד איצט, בשעת מיר האָבּען געקאָנט אָדער גלייך לכתחילה ניט מורד זיין קעגען זיי, אָדער תּיכּף נאָכ׳ן אויפשטאַנד זיך שטעלען אויף זייער צד, כּל זמן דאָס לאַנד איז נאָך ניט פערוויסט געוואָרען? איצט, אפילו אויב מיר וואָלטען געוואָלט, וואָלט אונז אויך ניט גרינג געווען

שלום צו מאַחען מיט די רוימער, ווייל די עראָבערונג פון גליל האָט זיי שטאַרק געמאַכט, און ס'וואָלט פאַר אונז געווען אַ חרפה ערגער, איידער דער טויט, אויב מיר וואָלטען זיך איצט געווענדעט צו זיי מיט גוטע רייד, נאָכדעם ווי זיי געגעהענען זיך צו אונז. איך גופא וואָלט געוויס בעסער געוואָלט דעם טויט, איידער שלום. וויבאַלד אַז די מלחמה האָט זיך שוין אָנגעהויבען, און עס זיינען שוין אַרויסגעקומען בלוטיגע צוזאַמענשטויסונגען, וויל איך אַ סך בעסער שטאַרבען מיט אַ העלדענטויט, איידער לעבען אין קריגס-געפאַנגענשאַפט. און ווער האָט דען געקאָנט שיקען צו די רוימער בעהאַלטענערהייד? שוין זשע מיר, די פאָרשטייהער פון פאָלק, אָדער דאָס פאָלק גופא אויפ'ן סמך פון אַן אַלגעמיינעם בעשלוס? אויב מיר האָבען דאָס געטאָן, טאָ זאָל מען אָנרופען די פריינד, ווענען מיר האָבען געשיקט, די דיענער, וואָס האָבען געהאָלפען ביי דער בגידה! צי האָט מען עמיצען געחאַפט אַהין צו-וועגס, אָדער גענומען געפאַנגען צוריק צו-וועגס? אפשר האָט מען געחאַפט אַ בריעף? און ווי אַזוי וואָלטען מיר זיך געקאָנט בעהאַלטען פאַר אַזוי פיעל בירגער, וואָס אונטער זייערע אויגען גייהען מיר שטענדיג אויס און איין? און דערביי האָבען די ווינציג מענשען דאָרט אויבען, וואָס זיינען נאָך דערצו בעלעגערט און קאָנען אפילו ניט אַרויסקומען פון בית-המקדש אין שטאָדט, געקאָנט דערגייהען די געשעהענישען, וואָס זיינען פאַסירט אין לאַנד בעהאַלטענערהייד? אַוודאי ניט! נאָר ערשט איצט, זינט זיי האָבען בעמערקט, אַז זיי ווועלען מוזען אָבגעבען אַ דין-וחשבון פאַר זייערע חוצפה'דיגע מעשים, האָבען זיי כלומר'שט זיך דערוואוסט דערפון; אָבער כל זמן זיי האָבען פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט געהאַט, איז אויף קיינעם פון אונז ניט געפאַלען קיין חשד אין אַ בגידה. פערקעהרט, אויב מיר זאָלען אַרויפוואַרפען די בעשולדיגונג אויפ'ן פאָלק, הייסט עס, אַז די בעראַטונג איז מסתמא געווען עפענטליך, און בכן האָט דאָך די בעשטימטע ידיעה וועגען דעם בעדאַרפט פריהער קומען צו אַייך, איידער די איצטיגע מסירה. איצטער אָבער ווייטער: צי דען האָט מען אויך דעמאָלט ניט בעדאַרפט שיקען שלוחים, בכדי צו שליסען אַ פשרה? בכן זאָל מען זאָגען, ווער עס איז דערצו בעשטימט געוואָרען! אָבער ניין. דאָס אַלץ איז דאָך מעהר ניט ווי פוסטע אויסריידען פון מענשען, וואָס ווילען ניט גערן שטאַרבען און וואָס ווילען פערציהען די בעשטראָפונג, וואָס זיי שטייהט פאָר. אויב עס זאָל זיין בעשערט דער שטאָדט צו פאַלען דורך בגידה, וואָלט צו דער דאָזיגער נבלה קיינער ניט געווען אַזוי מסוגל, ווי גראָד די, וואָס טראַכטען אויס שלעכטס אויף אונז און וואָס צו זייערע פערברעכענס פעהלט נאָך איינער אויס — די בגידה.

איהר אָבער, וויבאַלד אַז איהר זייט שוין געקומען אַהער מיט די געוועהר אין די הענד, וואָלט בעדאַרפט — דאָס וואָלט געווען דאָס ריכטיגסטע — ביישטייהן דער הויפטשטאָדט און העלפען פערטיליגען די טיראַנען, וואָס האָבען געטרעטען מיט די פיס דעם געזעץ און האָבען ביים אַרויסזאָגען אַ פסק-דין געלאָזט ריידען נאָר דעם שווערד. וואָרום זיי האָבען דאָך פון מיטען מאַרק אַוועקגעשלעפּט

אַזעלכע מענשען, וואָס קעגען זיי איז קיינער ניט אַרויסגעטראָטען אַלס אַנ־קלאָגער, האָבען זיי געפּייניגט אין תּפיסה און צולעצט זיי אַוועקגעקוילעט, ניט צו אַכטען אויף זייערע בקשות. אויב איהר וועט ניט אַלס אָפּענע פיינד אַריינ־טרעטען אין שטאָדט, וועט איהר מיט אַייערע אייגענע אויגען קאָנען זעהן די בעווייזען דערצו, וואָס איך האָב אָקאָרשט געזאָגט: הייזער, וואָס יענע רשעים האָבען זיי ליידיג אויסגערויבט, ווייבער און קינדער פון די דער׳הרג׳ע־טע אין שוואַרצע טרויערקליידער, יאָמער און קלאָגען אין גאַנץ ירושלים! וואָרום דאָ איז ניטאָ ניט איין מענש, וואָס זאָל ניט קאָנען דערצייהלען וועגען די רויבערישע אָנפאַלען פון יענע רשעים, וואָס זיינען אין זייער ווילדקייט אַוועק אַזוי ווייט, אַז לא די וואָס זיי האָבען אַריינגעטראָגען די רויבערייען פון לאַנד און פון די אויסוויינינגסטע שטעדט אין דעם דאָזיגען האַרץ און קאָפּ פון דער גאַנצער אומה, נאָר זיי האָבען עס אויך אַריבערגעטראָגען פון דער שטאָדט אין בית־המקדש אַריין. דער בית המקדש איז געוואָרען זייער פעסטונג, בעהעלטעניש און שפּייכלער פאַר זייערע געוועהר, בכדי זיי זאָלען קאָנען טראַכטען בייז קעגען אונז. דער הייליגער אָרט, וואָס ווערט גערעהרט אין דער גאַנצער וועלט און וואָס האָט אַ גרויסען שם אפילו ביי פרעמדע, וואָס וואוינען ביי די גרעניצען פון דער ערד און וואָס ווייסען איהם נאָר פון הערען־זאָגען,— אָט דער דאָזיגער הייליגער אָרט ווערט איצט מיט די פיס געטראָטען פון מענשען, וואָס זיינען קינדער פון אונזער אייגען לאַנד, און ניט קוקענדיג אויף זייער פערצווייפעלטער לאַגע, האָבען זיי נאָך הנאה דערפון אויפצוהעצען פעל־קער קעגען פעלקער, שטעדט קעגען שטעדט און צו טרייבען די נאַציע, זי זאָל צרייסען איהרע אייגענע געדערים. אָנשטאָט דעם, וואָלט איהר, ווי גע־זאָגט, געטאָן עהרליך און אָנשטענדיג, אויב איהר וואָלט זיך פערבונדען מיט אונז, פערטיליגט די פערברעכער און בעשטראָפט זיי דערפאַר, וואָס זיי האָבען אייך אָבגענאַרט, דורכדעם וואָס זיי האָבען געהאַט די חוצפה אייך אַרויסצו־רופען אַלס בונדעס־חברים, הגם זיי האָבען געדאַרפט אין דער אמת׳ען מורא האָבען פאַר אייך, איהר זאָלט ניט קומען נקמה נעמען.

נאָר אויב איהר רעכענט, אַז איהר בעדאַרפט ניט מיט פעראַכטונג אָבּ־וואַרפען די בקשה פון אַזעלכע מענשען, דעמאָלט האָט איהר די ברירה אַנידערצולייגען די געוועהר, אַריינצוטרעטען אין שטאָדט אַלס פאָלקסברידער און אויסצוקלייבען אַ שטאַנדפּונקט, וואָס ליגט אין מיטען צווישען בונדעס־חברים און פיינד: איהר קאָנט ווערען די בוררים צווישען ביידע צדדים. בעקלערט נאָר, וואָס פאַר אַ טובה עס וועט זיין פאַר זיי, בשעת מען וועט בעשטימען אַן עפענטליכע געריכטליכע זיצונג, וואו זיי וועלען זיך קאָנען פער־ענטפערן פאַר אייך וועגען אַזעלכע שווערע און אָפּענע פערברעכענס, אין דער צייט וואָס זיי ווילען אפילו ניט געבען אומשולדיגע מענשען דאָס וואָרט, בכדי זיך צו פערטיידיגען. נאָר אייך צוליעב וועט זיי די דאָזיגע הנחה געגעבען ווערען. נאָר אויב איהר ווילט ניט נעמען קיין אָנטייל אין אונזער צאָרן און אויך ניט זיין קיין בוררים, דעמאָלט בלייבט אייך נאָך איבעריג אַ דריטער וועג: צו פערלאָזען ביידע צדדים, און ניט צו ציהען קיין נוצען פון אונזער

אומגליק און ניט פערבלייבען אויפ'ן צד פון די, וואָס שטרעבען צו ברייננגען די שטאָדט צום אונטערגאַנג. וואָרום אויב איהר האָט באמת אַ שטאַרקען חשד, אַז עמיצער פון אונז וויל אַריינטרעטען אין פערהאַנדלונגען מיט די רוימער, דעמאָלט קאָנט איהר דאָך היטען די טויערן, און אויב עס וועט זיך אַרויס-ווייזען, אַז עס איז אמת דאָס, אין וואָס מען בעשולדיגט אונז, דעמאָלט קאָנט איהר פערנעמען ירושלים און בעשטראָפען די, וואָס מען וועט בעווייזען, אַז זיי האָבען בוגד געווען. וואָרום מען קאָן דאָך ניט רעכענען, אַז די פיינד זאָלען קומען פריהער פאַר אייך, וואָס איהר וואוינט אַזוי נאָהענט ביי דער שטאָדט. אָבער אויב אַייך וועט אויסקומען, אַז איהר קאָנט ניט אָננעמען קיין איינעם פון די דריי פאָרשלאָגען, דעמאָלט זאָלט איהר זיך ניט וואונדערן דעריבער, וואָס מיר וועלען האַלטען די טויערן פערריגעלט, כל זמן איהר וועט שטייהן אונטער געוועהר".

4. אַזוי האָט גערעדט יהושע. נאָר די מאַסע פון די אַדומים האָט ניט געאַכט אויף זיינע רייד, נאָר זי איז געווען שטאַרק אין כעס דעריבער, וואָס זי האָט ניט געקאָנט תיכף אַריינטרעטען אין שטאָדט. אויך האָבען די אָנפיהרער בשום אופן ניט געוואָלט אַנידערלייגען די געוועהר, ווייל זיי וואָלטען זיך אויסגעקומען ווי קריגסגעפאַנגענע, אויב זיי וואָלטען דאָס געטאָן אויף אַ פרעמ-דענס בעפעהל. איינער פון די אָנפיהרער, שמעון בן קתלס, האָט מיט מיה איינגעשטעלט דעם טומעל און די אויפרעגונג פון זיינע מענשען, האָט זיך געשטעלט אויף אַן אָרט, פון וואַנען די כהנים-גדולים האָבען איהם געקאָנט הערען, און האָט אויסגערופען, אַז איצט וואונדערט ער זיך מעהר ניט, פאַרוואָס מען בעלעגערט אין בית-המקדש די קעמפער פאַר דער פרייהייט, ווי באַלד אַז מען פערשליסט פאַר'ן פאָלק די געמיינזאַמע הויפטשטאָדט, און אין דער צייט וואָס מען גרייט זיך אויפצונעמען די רוימער, וואָס פאַר זיי וועט מען אפשר בעקרענצען די טויערן, רעדט מען מיט די אַדומים פון די טורעמס אַראָב און מען פערלאַנגט פון זיי, זיי זאָלען אַוועקוואַרפען די געוועהר, וואָס זיי האָבען אויפגעהויבען פאַר דער פרייהייט.

„אין דער צייט וואָס מען וויל אַפילו ניט – האָט ער ווייטער גערעדט — אָנגעטרויען די פאָלקסברידער צו היטען די הויפטשטאָדט, מאַכט מען זיי פונ-דעסטוועגען פאַר בוררים אין דער מחלוקת, און אין דער צייט וואָס מען קלאָגט אָן עטליכע מענשען דערפאַר, ווייל זיי האָבען בעשטראָפט מיט טויט אָהן אַ פסק-דין, וואַרפט מען אַרויף אַ חרפה אויפ'ן גאַנצען פאָלק, דורכדעם וואָס מען פערשליסט די טויערן פאַר לאַנדסלייט, אין דער צייט וואָס אַפילו פרעמדע קאָנען קומען אין שטאָדט צו דיענען גאָט. ס'פערשטייהט זיך, מיר זיינען דאָך געקומען, בכדי צו ווילדעווען קעגען אונזערע לאַנדסלייט מיט רציחות און הריגות, און ניט פערקעהרט, בכדי צו פערזיכערן אַייך אין אומגליק די פרייהייט! דאָס אייגענע האָבען אַייך אויך די בעלעגערטע געטאָן, און אַזאַ בעגלויביג-טען חשד, רעכען איך, האָט איהר אויך מסתמא געהאַט קעגען זיי. אין דער צייט, וואָס איהר האָט אַיינגעשפאַרט די, וואָס ווילען טון אַ טובה דער מלוכה

און פערריגעלט די טויערן פאַר די מאַסען פונ׳ם בעפריינדעטסטען שבט און איהר שטעלט זיי אַרויס אַזעלכע בעליידיגענדע פאָדערונגען, — אין דער זעל־ביגער צייט בעהויפּטעט איהר, אַז מען טיראַניזירט אייך, און איהר רופט אָן מיט׳ן נאָמען דעספּאָטען די יעניגע, וואָס ווערען פון אייך פערגעוואַלטיגט. ווער זשע וועט זיך צוהערען צו אַזעלכע צביעות׳דיגע רייד, בשעת די פאַקטען בעווייזען פונקט דעם היפוך? איצט פעהלט נאָך אויס, איהר זאָלט זאָגען, אַז די אדומים שליסען אייך אויס פון דער הויפּטשטאָדט, אין דער צייט וואָס איהר דערלאָזט זיי ניט צו די היילִיגטימער פון די עלטערן. דאָס אַליין וואָלט מען געקאָנט פאָרוואַרפען די בעלעגערטע אין בית־המקדש, אַז וויבאַלד זיי האָבען געהאַט דעם מוט צו בעשטראָפען די בוגדים, וואָס איהר, זייערע חברים אין דער בגידה, רופט זיי אָן אויסגעצייכענטע און אָרענטליכע מענשען,—טאָ פאַרוואָס האָבען זיי ניט געמאַכט די התחלה גלייך מיט אייך און האָבען ניט אָבגעהאַקט דעם קאָפּ פון דער פערשווערונג. נאָר אויב זיי זיינען געווען ווייכהאַרציגער, ווי זיי האָבען בעדאַרפט זיין, דערפאַר וועלען מיר, די אדומים, בעשיצען גאָטס הויז, מיר וועלען זיך שטעלען בראש פונ׳ם קאַמף פאַר׳ן גע־מיינזאַמען פאָטערלאַנד און וועלען גלייכצייטיג פערטיידיגען זיך סיי קעגען די פיינד, וואָס קומען פון אויסווייניג, סיי קעגען די בוגדים אינעווייניג. דאָ פאַר די מויערן וועלען מיר בלייבען אין אונזערע וואָפען, ביז וואַנען אָדער די רוימער וועלען דערעסען ווערען אייערע פאָרשלאָגען, אָדער איהר וועט זיך אויך צוריקקעהרען צו דער פרייהייט״.

5. מיט די דאָזיגע ווערטער האָט די גאַנצע מאַסע פון די אדומים מסכים געווען. יהושע אָבער האָט זיך טרויעריג צוריקגעצויגען; וואָרום ער האָט איינ־געזעהן, אַז די אדומים האָבען נישט גוטס אין זינען, און אַז די שטאָדט איז איצט בעדריקט פון צוויי זייטען. נאָר אויך די אדומים איז, איבעריגענס, גע־ווען ניט נאָר גוט צו־מוט. לכתחילה זיינען זיי געווען מורא׳דיג אין כעס איבער דער חרפּה, וואָס מען האָט זיי אָנגעטאָן, דורכדעם וואָס מען האָט זיי ניט אַריינגעלאָזט אין שטאָדט, און זיי האָבען געהאַלטען די פּאַרטיי פון די קנאים פאַר מעכטיג; נאָר אַז זיי האָבען דערזעהן, אַז יענע טוען גאָרנישט צוליעב זייער אונטערשטיצונג, האָבען זיי אָנגעהויבען זיך שלאָגען מיט דער דעה, און אַ סך האָבען שוין חרטה געהאַט, וואָס זיי זיינען בכלל געקומען. נאָר די בושה אָבצוציהען אָהן אַ שום פעולה האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר שטאַרקער, איידער די חרטה, און אַזוי זיינען זיי געבליבען שטייהן אויפ׳ן אָרט פאַר די מויערן, ווי אומבעקוועם זייער לאַגע איז אויך געווען.

וואָרום אין דער נאַכט האָט אויסגעבראָכען אַ שרעקליכער געוויטער: ס׳האָט זיך אויפגעהויבען אַ עטאַרקער שטורעמווינט, ס׳האָט געגאָסען אַ שלאַקס־רעגען, אָהן אַן אויפהער האָבען אויפגעפלאַקערט בליצען, און דונערן האָבען מורא׳דיג געקלאַפּט, און די ערד איז דערציטערט געוואָרען פון אַ מורא׳דיגען רעש. ס׳איז בעשיינפערליך, אַז דער סדר העולם איז צעשטערט געוואָרען צוליעב דעם פערדאַרבען פון די מענשען, און מען האָט געמוזט דערין איינ־זעהן אַ מופת פאַר אַ קומענדיגען שווערען אומגליק.

6. די אדומים און אויך די אַיינוואוינער פון שטאָדט האָבען פון די דאָזיגע נאַטור-געשעהענישען בעקומען אַ גלייכען אַיינדרוק: די ערשטע האָבען גערעכענט, אַז גאָט איז דערצאָרענט איבער זייער קריגסצוג און ער וועט ניט לאָזען אומגעשטראפט זייער בעוואָפענטען אַרויסטרעטען קעגען דער הויפּטשטאָדט; חנן און זיינע מענשען, פּערקעהרט, האָבען געהאַלטען, אַז דער נצחון אין שוין לכתחילה געזיכערט פאַר זיי, מחמת גאָט האַלט מלחמה פאַר זיי. נאָרביידע צדדים זיינען געווען שלעכטע נביאים: זיי האָבען פאָראויסגעזעהן פאַר די פיינד דאָס, וואָס מיט זיי גופא האָט בעדאַרפט געשעהן. די אדומים האָבען זיך צוגערוקט נאָהענט איינער צום אַנדערן, בכדי זיך צו דערוואַרימען, און האָבען צונויפגעלייגט די שילטען איבער זייערע קעפּ, אַזוי אַז זיי האָבען געהאַט ווינציגער צוליידען פונ׳ם רעגען.

די קנאים אָבער, וואָס האָבען זיך מעהר געשראָקען וועגען זייערע בונדעסחברים, וואָס געפינען זיך אין סכנה, איידער וועגען זיך אַליין, האָבען זיך צונויפגעקליבען און האָבען זיך מיישב געווען, צי זיי קאָנען אפשר ווי עס איז זיי געבען הילף. די היציגערע האָבען געהאַלטען, אַז מען האָט בעדאַרפט מיט געוועהר גובר זיין די וועכטערס, דערנאָך אַריינדרינגען אין שטאָדט און אָהן שום טענות עפענען די אדומים די טויערן; וואָרום די וועכטערס וועלען איבער דעם אומגעריכטען אָנפאַל צעטומעלט ווערען און אַנטלויפען, בפרט אַז דער גרעסטער רוב פון זיי זיינען שלעכט בעוואָפענט און אָהן אַ גענוגער קריגסגעניטקייט, און וואָס איז שייך צו די איבעריגע אַיינוואוינער פון שטאָדט, וועט מען זיי ניט קאָנען אַזוי גיך צונויפקלייבען, ווייל דער שלעכטער וועטער האָט זיי אַריינגעטריבען אין די הייזער. אָבער ווען אפילו די דאָזיגע אונטערנעמונג איז פערבונדען מיט אַ סכנה, פונדעסטוועגען מוזען זיי דאָך אַריבערטראָגען די ערגסטע צרות, איידער צו דערלאָזען, אַז אַזוי פיעל מענשען זאָלען פון זייערטוועגען אומקומען. די פאָרזיכטיגערע, פערקעהרט, האָבען געגעבען אַן עצה, מען זאָל זיך אָבהאַלטען. וואָרום זיי האָבען געזעהן, אַז לא די וואָס די אָבטיילונג, וואָס האָט זיי געהיט, איז פערשטאַרקט געוואָרען, נאָר אויך אַז די שטאָדט-מויער איז צוליעב די אדומים גוט בעוואַכט. אויך האָבען זיי גערעכענט, אַז חנן געפינט זיך אומעטום און אַז אַלע שעה קומט ער בעקוקען די פּאָסטענס.

אַזוי איז טאַקע געווען פריהער אַלע נאַכט, נאָר גראָד אין יענער נאַכט האָט ער עס ניט געטאָן, ניט מחמת חנן׳ס זאָרגלויזיגקייט, נאָר ווייל אַזוי איז געווען אַ גזר מן השמים, וואָס האָט בעשטימט, אַז ער און די צאָהלרייכע מענשען פון דער וואַך זאָלען אומקומען. וואָרום בעשיינפּערליך איז דאָס געווען אַ גזר מן השמים, וואָס, בשעת עס איז געוואָרען אַלץ שפּעטער אין דער נאַכט, און דער שטורעם האָט אַלץ שטאַרקער געבושעוועט, איז אויף די וועכטערס אין די גאַלערייעס אָנגעפאַלען אַ שלאָף, און פערקעהרט ביי די קנאים איז אַריינגעפאַלען אַ געדאַנק איבערצוזעגען מיט די זעגען, וואָס האָבען זיך געפונען אין היילגטום, די קווער-באַלקענס פון די טויערן. אַז דער רעש זאָל זיך ניט הערען, דערצו האָט געהאָלפען דער וואָיען פונ׳ם שטורעם און דער כסדרדיגער רעש׳ען פון די דונערן.

7. אומבעמערקטערהייד האָבען זיך איצט די קנאים אַרויסגע׳גנב׳עט פון בית-המקדש, און אַז זיי זיינען געקומען צו די מויערן, האָבען זיי געעפּענט מיט דער הילף פון די דערמאָנטע זעגען דעם טויער, וואָס איז געלעגען צום נאָהענטסטען צו די אדומים. יענע זיינען לכתחילה איבערגעשראָקען געוואָרען, ווייל זיי האָבען גערעכענט, אַז חנן׳ס מענשען פאַלען אָן אויף זיי, און באַלד האָט איטליכער אַראָבגעלאָזען זיין האַנד אויף זיין שווערד, בכדי זיך צו פערטיידיגען. נאָר באַלד האָבען זיי דערקענט די אָנגעקומענע און זיינען מיט זיי אַריין. אויב זיי וואָלטען זיך תיכף אַ וואָרף געטאָן אויף דער שטאָדט, וואָלטען זיי מסתמא, ניט בעגעגענענדיג קיין ווידערשטאַנד, אויסגעקוילעט דאָס גאַנצע פאָלק ביז צום לעצטען מענשען — אַזוי גרויס איז געווען זייער ערביטערונג. נאָר צוערשט זיינען זיי אַוועק צום בית-המקדש, בכדי צו בעפרייען די קנאים פון דער בעלעגערונג, בפרט אַז די, וואָס האָבען זיי אַריינגעלאָזט, האָבען זיי געבעטען, אַז זיי זאָלען ניט לאָזען אין דער בעדריקטער לאַגע די יעניגע, וואָס צוליעב זייערטוועגען זיינען זיי געקומען, און ניט אַרויפציהען אויף זיי קיין גרעסערע סכנה. וואָרום ווי נאָר מען וועט גובר זיין די וועכטערס, וועט עס זיי ניט שווער פאַלען אַרויסצוטרעטען קעגען דער שטאָדט; אָבער אויב זיי וועלען אויפוועקען די וועכטערס, דעמאָלט וועט זיי ניט זיין אַזוי גרינג ביי־צוקומען דעם גאַרניזאָן, וואָרום וויבאַלד אַז די בירגער וועלען בעמערקען דעם מצב, וועלען זיי זיך אויסשטעלען אין שלאַכטאָרדענונג און פערשפּאַרען די וועגען צום בית-המקדש.

# פינפטער קאפיטעל.

די פעראייניגטע קנאים און אדומים מאַכען אָן אַ מורא׳דיגע שחיטה. די אדומים ציהען אָב.

1. דערצו האָבען די אדומים מסכים געווען, און בכן זיינען זיי אַוועק דורך דער שטאָדט צום בית-המקדש, וואו די קנאים האָבען אויסגעקוקט אויף זייער אָנקומען מיט געשפּאַנטער ערוואַרטונג. און ווי נאָר זיי זיינען אָנגעקומען אויבען, זיינען די בעלעגערטע אויפגעמונטערט געוואָרען און זיינען אַרויס פון די אינעווייניגסטע חדרים פון בית-המקדש, האָבען זיך צונויפגעמישט מיט די אדומים און זיינען אָנגעפאַלען אויף די וועכטערס. עטליכע פון זיי, וואָס זיינען געלעגען פון פאָרענט, האָבען זיי דער׳הרג׳עט שלאָפעדיגערהייד. אויפ׳ן געשריי פון די, וואָס האָבען זיך אויפגעכאַפּט, איז אויפגעשפּרונגען די גאַנצע אָבטיילונג און האָט אין טומלעניש געכאַפּט זיך פאַר די געוועהר, בכדי זיך צו פערטיידיגען. כל זמן זיי האָבען גערעכענט, אַז נאָר די קנאים אַליין פאַלען אויף זיי אָן, האָבען זיי געמאַכט זיך מוט, ווייל זיי האָבען גערעכענט, אַז אַדאַנק זייער גרויסער צאָהל וועלען זיי די געגנער גובר זיין, נאָר אַז זיי האָבען דערזעהן, אַז עס קומען נאָך צו אַנדערע פון אויסווייניג, איז זיי קלאָר געוואָרען, אַז די אדומים זיינען אַריינגעפאַלען אין שטאָדט. איצט האָט תיכף דער

גרעסטער טייל געוואָרפען די געוועהר און אָנגעהויבען יאָמערן, און נאָר עט־ליכע פון די יונגע לייט האָבען זיך צונויפגעקליבען געדיכטער אינאיינעם, האָבען זיך אַוואָרף געטאָן אַנטקעגען די אדומים מיט גרויס מוט און האָבען בעשיצט אַצייט לאַנג די אומטעטיגע מאַסע. די לעצטע האָט דורך איהר גע־שריי געמאַכט אויפמערקזאַם אויפ׳ן אומגליק די איבעריגע איינוואוינער פון שטאָדט; אָבער אויך פון זיי האָט קיינער ניט דערוועגט זיך צו קומען צו־הילף די אַנדערע, וויבאַלד ס׳איז בעוואוסט געוואָרען, אַז די אדומים זיינען אַריינגעדרונגען, נאָר זיי האָבען מעהר ניט פערשטאַרקט דעם געשריי און גע־יאָמער. בעזונדערס הויך האָבען געשריען די ווייבער. די גאַנצע צייט האָבען די וועכטערס אויבענג עשוועבט אין לעבענס־געפאַהר. די קנאים, פערקעהרט, האָבען פעראייניגט זייער פרייהליכען שלאַכטרוף מיט׳ן שלאַכטרוף פון די אדומים, און דער בושעווען פון די נאַטורקרעפטען האָט געמאַכט דעם אַלגעמיינעם געשריי נאָך מאוים׳דיגער.

די אדומים פון זייער זייט האָבען קיינעם ניט פערשוינט, נאָר, אַכזריות־דיג על פי טבע, ווי זיי זיינען געווען, און אין כעס דעריבער, וואָז דער שלעכטער וועטער האָט זיי אַזוי אויסגעמאַטערט, — האָבען זיי געווילדעוועט אָהן רחמנות מיט זייערע שווערדען קעגען די, וואָס האָבען זיי געהאַט אויס־געשלאָסען, און ניט ווינציגער קעגען די, וואָס האָבען געבעטען גענאָד, איידער קעגען די, וואָס האָבען זיך פערטיידיגט. אַסך האָבען זיי אויך אַריינגעשטאָ־כען זייערע שווערדען אין קערפער, הגם זיי האָבען זיי דערמאָנט, אַז זיי זיינען קרובים, און האָבען זיך געבעטען ביי זיי, זיי זאָלען האָבען יראת הכבוד פאַר׳ן הייליגטום. די אומגליקליכע האָבען ניט געהאַט קיין שום אויסוועג צום אַנטלויפען, קיין שום האָפענונג ניט ניצול צו ווערען: צונויפגעפרעסט אין גע־דיכטע הויפענס, זיינען זיי געפאַלען אונטער׳ן שווערד פון זייערע געגנער, און אַז יענע האָבען אין זייער בלוטדאָרשטיגקייט אַלץ מעהר נעשטורעמט אויף זיי און האָבען זיי אַריינגעיאָגט צולעצט אין אַזעלכע ערטער, פון וואַנען זיי האָבען בכלל מעהר ניט געקאָנט ווייטער גייהן, האָבען זיי זיך מחמת יאוש אַראָבגעוואָרפען אין שטאָדט אַראָב און זיינען אויף אַזאַ אויפן געשטאָרבען פרייוויליג מיט נאָך אַטרויעריגערן טויט, ווי מיר דוכט, איידער דער, פאַר וועלכען זיי זיינען אַנטלאָפען. אין דעם גאַנצען אויסווייניגסטען פלאַץ פון בית־המקדש זיינען געפלאָסען טייכען בלוט און אַז עס איז געוואָרען טאָג, האָט מען געצייהלט 8500 הרוגים.

2. נאָר דער גרימצאָרן פון די אדומים איז נאָך אַלץ ניט געשטילט געוואָרען, נאָר זיי האָבען זיך איצט געווענדט קעגען דער שטאָדט, האָבען אויסגערויבט אַלע הייזער און אויסגעהרג׳עט אַלעמען, ווער עס איז זיי גע־קומען אין וועג. נאָר באַלד האָט זיך, זיי אויסגעדוכט, אַז עס איז אַן עברה די צייט זיך אַרומצושלאָגען מיט׳ן געמיינעם פאָלק; נאָר זיי האָבען געזוכט צו חאַפען די כהנים־גדולים, און היות ווי זיי האָבען זיך געיאָגט נאָך זיי אין גרויסע מאַסען, דעריבער האָבען זיי אין גיכען זיי געחאַפט און תיכף אומגע־בראַכט. עטליכע האָבען זיך אַרויפגעשטעלט אויף די קערפערס פון די הרוגים

און האָבען אויסגעלאַכט חנן׳ס ליעבע צום פאָלק און האָבען חוזק געמאַכט פון יהושע׳ס רעדע אויף דער מויער. נאָך מעהר, זיי זיינען אין זייער רשעות אַזוי ווייט געגאַנגען, אַז זיי האָבען די טויטע אַוועקגעוואָרפען אָהן קבורה, אין דער צייט וואָס די אידען היטען אָב אַזוי שטריינג די קבורה פון זייערע פערשטאָרבענע, אַז זיי נעמען אַראָב פאַר זונען-אונטערגאַנג פון דער תליה אפילו די טויטע קערפּערס פון די פער׳משפט׳ע צום הייגגען און בעגראָבען זיי.

איך האָב מסתמא קיין טעות ניט, ווען איך זאָג, אַז מיט חנן׳ס טויט איז געמאַכט געוואָרען די התחלה צום אונטערגאַנג פון שטאָדט, און זינט יענעם טאָג, בשעת די אידען האָבען אַוועקגעקוילעט אין מיטען שטאָדט זייער כהן-גדול, דעם מענשען, ווער עס האָט זיי געוויזען אַ וועג צו רעטונג, — איז שוין זייער מויער צעשטערט, זייער לאַגע פערשפּיעלט געווען. וואָרום ער איז ניט בלויז געווען אַ בכבוד׳יגער און רעכטשאַפּענער מענש, נאָר ניט קוקענדיג אויף דער הויכער שטעל, וואָס ער האָט פערנומען אַדאַנק זיין יחוס און זיין הויכער התמנות, — האָט ער אויך ליעב געהאַט צו פערקעהרען אויף אַ גלייכען פוס מיט די נידעריגסטע מענשען; חוץ דעם האָט ער ליעב געהאַט די פרייהייט און איז געווען אַ פערעהרער פון דער פאָלקסהערשאַפט. שטענדיג האָט ער געהאַלטען די טובה פון כלל העכער פאַר זיין אייגענער טובה; נאָר דעם שלום האָט ער געהאַלטען העכער פון אַלץ, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז מען קאָן די רוימער ניט בייקומען, און האָט פאָרויסגעזעהן, אַז אויב די אידען וועלען מיט זיי ניט שלום מאַכען, וועלען זיי אָהן שום ספק אין דער מלחמה געפינען זייער אונטערגאַנג. אויב חנן וואָלט געבליבען לעבען, וואָלט אודאי דער שלום געשלאָסען געוואָרען; וואָרום אַלס מעכטיגער רעדנער האָט ער געקאָנט אַ סך ווירקען אויפ׳ן פאָלק, און אויב ער וואָלט נאָך בייגעקומען די יעניגע, וואָס זיינען איהם געשטאַנען אין וועג אָדער וואָס האָבען געטריבען צו דער מלחמה, דעמאָלט וואָלטען די אידען אונטער אַזאַ פיהרער נאָך אַ סך אַרבייט פערשאַפט די רוימער. זייהר איינג פערבונדען מיט איהם איז געווען יהושע, וואָס הגם צו איהם איז ער ניט געווען גלייך, נאָר ער איז געשטאַנען העכער פון די איבעריגע לויט זיין בעדייטונג.

נאָר גאָט האָט, ווי מיר דוכט, בעשלאָסען דעם אונטערגאַנג פון דער פערשוועכטער שטאָדט, און היות ווי ער האָט געוואָלט רייניגען דעם הייליג-טום דורך פייער, דעריבער האָט ער אַוועקגענומען פון דער ערד די יעניגע, וואָס האָבען זיך נאָך אַיינגעשטעלט פאַר׳ן הייליגטום און האָבען איהם ליעב געהאַט. און אַזוי האָט מען געזעהן, ווי די מענער, וואָס זיינען נאָך גאָר ניט לאַנג, אָנגעקליידט אין די הייליגע בגדים, געשטאַנען בראש פונ׳ם גאָטעסדיענסט, וואָס איז פערשפּרייט איבער אַלע עקען וועלט, און וואָס זיינען בעגריסט גע-וואָרען מיט יראת הכבוד פון די עולי-רגל, וואָס זיינען געקומען פון דער גאַנצער וועלט קיין ירושלים, — ווי די דאָזיגע מענער זיינען איצט אַוועקגע-וואָרפען געוואָרען נאַקעטערהייד אויף צו פרעסען פאַר הינט און חיות רעות. די גוטסקייט אַליין, גלויב איך, האָט געזיפצט איבער׳ן גורל פון די דאָזיגע

איידעלע מענשען און האָט געקלאָגט דעריבער, וואָס זיי האָבען געמוזט אַזוי פאַלען אינ׳ם קאַמף מיט דער רשעות. אַזאַ טרויעריגען סוף האָבען געהאַט די כהנים-גדולים חנן און יהושע.

3. ווי נאָר זיי זיינען געווען טויט, זיינען די קנאים בחברותא מיט די מאַסען אדומים אָנגעפאַלען אויפ׳ן פאָלק, ווי אויף אַ טשערעדע אומריינע חיות, און האָבען זיך גענומען שעכטען זיי אָהן אַן אָבהאַלט. די מענשען פון המון-עם האָט מען דער׳הרג׳עט אויפ׳ן אָרט, וואו מען האָט זיי געחאַפּט; פער-קעהרט, די חשוב׳ע לייט און די יונגע מענשען האָט מען גענומען געפאַנגען, געשמידט אין קייטען און אַריינגעוואָרפען אין תפיסה, מחמת מען האָט געהאָפט, אַז אויב מען וועט אָבלייגען זייער טויטונג, וועלען אַ סך פון זיי איבערגייהן אויפ׳ן צד פון די געגנער. נאָר קיינער האָט ניט געהערט אויף די גוטע רייד פון די געגנער, און אַלע האָבען געוואָלט בעסער שטאַרבען, איידער צום שאָדען פון פאָטערלאַנד אַריבערגייהן אויפ׳ן צד פון די רשעים. שרעקליך זיינען געווען די ענויים, וואָס זיי האָבען געהאַט אויסצושטייהן דערפאַר, וואָס זיי האָבען ניט געוואָלט זיך לאָזען אַיינריידען: מען האָט זיי געשמיסען און געפייניגט, און ערשט דעמאָלט, בשעת זייער גוף האָט שוין מעהר ניט געקאָנט אַריבער-טראָגען די יסורים, האָט מען זיי דערשטאָכען. ווער עס איז ביי טאָג אַריינ-געפאַלען אין געפאַנגענשאַפט, דער איז ביינאַכט געטויט געוואָרען; די הרוגים האָט מען אַרויסגעטראָגען און אַרויסגעוואָרפען אויפ׳ן פרייען פעלד, בכדי צו מאַכען אַן אָרט פאַר נייע געפאַנגענע.

דעם פאָלק אָבער האָט אָנגעהאַט אַזאַ שרעק, אַז קיינער האָט זיך ניט דערוועגט אָפען צו בעוויינען זיין קרוב אָדער איהם מקבר צו זיין, נאָר בעהאַלטענערהייד, הינטער פערשלאָסענע טירען זיינען געראנען די טרערען, און בשעת עמיצער האָט געוואָלט אַרויסלאָזען אַ זיפץ, האָט ער זיך פריהער מיט פחד אַרומגעקוקט, אויב קיין פיינד הערט דאָס ניט: וואָרום גאָר אין גיכען וואָלט דער וואָס טרויערט געהאַט דעם אייגענעם פסק, ווי דער, וועמען ער בעקלאָגט. בשעת די נאַכט פלעגט קומען, פלעגט מען נעמען אַ ביסעל ערד און אַרויפוואַרפען אויף די הרוגים; אויב עמיצער האָט דאָס געטאָן ביי-טאָג, האָט מען יענעם גערעכענט פאַר משוגע. 12 000 פון די איידעלסטע יונגע לייט האָבען אויף אַזאַ אופן געפונען דעם טויט.

4. אָנגעזעטיגט פונ׳ם אומאויפהערליכען מאָרדען, האָבען די קנאים אָב-געשפּיעלט נאָך אַ קאָמעדיע מיט אַ געריכטליכער זיצונג און אַ פסק-דין, און פאַר אַ קרבן האָבען זיי זיך אויסגעקליבען איינעם פון די חשוב׳סטע מענשען, זכריה בן-ברוך. מחמת זיין שנאה צו איטליכער רשעות און זיין בעזונדערס גרויסער ליעבע צו פרייהייט איז ער זיי געווען ווי אַ דאָרן אין אויג; דער-ביי איז ער געווען רייך, און בכן אויב זיי וואָלטען אָבגעראַמט פון וועג דעם דאָזיגען מאַן, וואָס האָט געקאָנט דורך זיין אַיינפלוס זיי ברענגען צום פאַ-לען, וואָלט פאַר זיי זיך נאָך געעפענט דער אָנגענעמער אויסקוק צו פערחאַ-פען זיין פערמעגען, צוליעב דעם האָבען זיי דורך אַ פאָרמאַלען בעשלוס צו-

נויפגערופען זיבעציג חשוב'ע בירגער, וואָס זיי האָבען בעדאַרפט דיענען לפנים פאַר אַ בית-דין, נאָר אין אמת'ען האָט דער דאָזיגער בית-דין קיין שום מאַכט ניט געהאַט — און האָבען פערקלאָגט זכריה'ן, אַז ער זאָל האָבען געוואָלט איבערגעבען די שטאָדט די רוימער און אַז מיט דעם מיין איז ער אַריינגע-טראָטען אין פערבינדונג מיט אַספּסינוס'ן. איבעריגענס איז די אָנקלאָגע ניט געווען בעשטעטיגט ניט דורך בעווייזען פון עדות און ניט דורך אַנדערע ראיות, מעהר ניט זיי האָבען בלויז ערקלערט, אַז זיי זיינען פולקומען דערין איבערצייגט, און אַז דאָס איז גענוג, בכדי צו בעווייזען, אַז די בעשולדיגונגען זיינען אמת.

בשעת זכריה האָט דערזעהן, אַז מען האָט איהם געשטעלט ניט פאַר אַ בית-דין, נאָר מען האָט איהם אַריינגענאַרט אין תפיסה, און אַז ער האָט קיין שום האָפענונג ניט זיך צו ראַטעווען, האָט ער ניט געוואָלט אָבגעבען זיין לעבען, איידער ער וועט ניט אַרויסזאָגען אַלצדינג, וואָס עס ליגט ביי איהם אויפ'ן האַרצען. בכן איז ער אויפגעשטאַנען, האָט חוזק געמאַכט פון דער זיכערקייט, מיט וועלכער מען האָט אויפגעהויבען די אָנקלאָגע קעגען איהם, און האָט בקצור אָבגעפרעגט אַלע בעשולדיגונגען, וואָס מען האָט קעגען איהם געדאַכט. דערנאָך האָט ער זיך געווענדט קעגען זיינע אָנקלאָגער און האָט זיי אויפגעציילט דעם גאַנצען רייסטער פון זייערע חטאים און האָט ביטער בע-קלאָגט די אונאָרדענונג, וואָס הערשט אין דער גאַנצער מלוכה. די קנאים אָבער זיינען מיט אַ טומעל איהם אַריינגעפאַלען אין די רייד, אָבער פאַר די שווער-דען האָבען זיי זיך נאָך ניט גענומען, נאָר זיי האָבען זיך איינגעהאַלטען, ערשטענס בכדי צו שפּיעלען ביז'ן סוף די לעכערליכע קאָמעדיע פונ'ם משפּט, און צווייטענס, אויך, בכדי אויסצופּרובען די דיינים, צי זיי וועלען זיך ניט אָבזאָגען פון דער גערעכטיגקייט, ניט קוקענדיג אויף דער סכנה, וואָס קעגען זיי גופא איז געשטאַנען. און באמת האָבען די זיבעציג דערקלערט, אַז דער אָנגעקלאָגטער איז אומשולדיג, און זיי זיינען געווען בעסער גרייט צו שטאַר-בען מיט איהם אינאיינעם, איידער צו נעמען אויף זיך די אחריות פאַר זיין טויט. די קנאים אָבער האָבען אויפגעהויבען איבער דער פריישפּרעכונג אַ מורא'דיגען געשריי און האָבען ניט בעהאַלטען זייער כעס אויף די דיינים, ווייל יענע האָבען ניט געוואָלט פערשטייהן, אַז מען האָט עס גאָר ניט אַזוי ערנסט געמיינט איבערצוגעבען אין זייער רשות דעם פּסק-דין. צולעצט זיינען צוויי פון די גרעסטע עזות-פּנים'ער אָנגעפאַלען אויף זכריה'ן, האָבען איהם דערשטאָכען אין מיטען בית-המקדש און האָבען נאָך פון איהם חוזק געמאַכט מיט די ווערטער: „נאַ, אָט האָסטו אויך אונזער שטים, בכדי די פריישפּרע-כונג זאָל האָבען נאָך מעהר גילטיגקייט!" דערנאָך האָבען זיי איהם אַראָבגע-וואָרפען פון בית-המקדש אין גרוב, וואָס האָט זיך געפונען אונטער איהם.

די דיינים אָבער האָבען זיי מיט קלעפּ פון זייערע שווערדען אַרויס-געטריבען פון בית-המקדש, און נאָר דערפאַר האָבען זיי ניט געוואָלט זיי הרג'ען, בכדי זיי זאָלען זיך פונאַנדערגייהן איבער'ן שטאָדט און אומעטום פערשפּרייטען די בשורה וועגען דער פערקנעכטונג פון פאָלק.

5. איצט אָבער האָבען די אדומים אָנגעהויבען צו בעקומען חרטה, וואָס זיי האָבען זיך געלאָזט רופען אַהער; וואָרום אַזעלכע געשעהענישען זיינען זיי געוועזען דערווידער. חוץ דעם איז נאָך שטילערהייד געקומען צו זיי איינער פון די קנאים, האָט זיי צונויפגעקליבען און פאָרגעשטעלט זיי, וואָס פאַר אַן עוולות זיי האָבען שוין אָבגעטאָן בחברותא מיט די, וואָס האָבען זיי גערופען; דער-נאָך האָט ער זיי דייטליך געשילדערט דעם מצב פון שטאָדט. זיי, די אדומים, האָבען זיך גענומען פאַר די געוועהר, האָט ער ווייטער געזאָגט, מחמת זיי האָבען גערעכענט, אַז די כהנים גדולים ווילען כלומר'שט איבער-געבען די הויפטשטאָדט די רוימער, נאָר זיי האָבען דערצו קיין בעווייז ניט געפונען און האָבען געמוזט אַזוי שפּיעלען די ראָל פון בעשיצער פון די יע-ניגע, וואָס האָבען אויסגעטראַכט די באָבע-מעשה וועגען דער בגידה, און איצט פיהרען זיי זיך אויף, ווי שונאים און טיראַנען. גלייך לכתחילה האָבען זיי, די אדומים, דאָס ניט בעדאַרפט דערלאָזען; נאָר היות ווי זיי האָבען שוין אויף זיך אַרויפגעלאָדען די שולד אין דער ערמאָרדונג פון זייערע פאָלקס-ברידער, דעריבער זאָלען זיי לכל הפחות בעשליסען ביי זיך צו מאַכען אַ סוף צו די פערברעכענס פון די קנאים, און ניט בלייבען דאָ זיצען צוליעב דעם, בכדי צו פערשטאַרקען די מאַכט פון יענע, וואָס וואַרפען אַריין אין פער-דאַרבען זייער אייגען פאָטערלאנד. אויב אייניגע פון די אדומים זיינען נאָך אַלץ אין כעס דעריבער, וואָס מען האָט פאַר זיי פערשלאָסען די טויערן און ניט אַריינגעלאָזט זיי אין שטאָדט, איז מוזען זיי דאָך מודה זיין, אַז די שול-דיגע האָבען געליטען זייער שטראָף; וואָרום חנן האָט דאָך זיין לעבען גע-לאָזען און אין איין נאַכט איז כמעט דאָס גאַנצע פאָלק אויסגעקוילעט גע-וואָרען. אַ סך פון זייערע, די קנאים'ס, אייגענע מענשען איז דאָס, ווי ער האָט בעמערקט, לחלוטין ניט ניחא. פון דער אַנדער זייט מוז ער זיך מודה זיין, אַז די אַכזריות פון די, וואָס האָבען זיי גערופען, שטייגט אַריבער אַלע מאָסען, אַזוי אַז זיי שעמען זיך ניט אפילו פאַר די, וועמען זיי האָבען צו פערדאַנקען זייער רעטונג. וואָרום זיי האָבען די העזה צו בעגייהן פאַר די אויגען פון זייערע בונדעס-חבריס די גרעסטע מעשי-נבלה, און ס'פערשטייהט זיך, אַז די אחריות דערפאַר בלייבט ליגען אויף די אדומים, ווי באַלד אַז קיינער פון זיי שטערט ניט די קנאים און זאָגט זיך ניט אָב פון זייער טועכץ. און היות ווי די גאַנצע מעשה וועגען דער בגידה האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ ליגען, און מען קאָן ניט ריכטען זיך, אַז די רוימער זאָלען באַלד קומען, און די שטאָדט איז געשיצט פון אַ מאַכט, וואָס מען קאָן איהר נאָר שווע[r] בייקומען — דעריבער זאָלען זיי זיך אומקעהרען צוריק אַ היים און זוכען [...] פערריכטען דאָס שלעכטס, וואָס זיי האָבען אָבגעטאָן בשותפות מיט יע[...] מנוולים און אויף זייער אָנרייצען, דורכדעם וואָס אויף להבא וועלען זיי ק[...] שום מגע-ומשא מיט זיי ניט האָבען.

# זעקסטער קאפיטעל.

די שרעקענס־הערשאפט פון די קנאים.—אספסינוס האלט איין דעם חשק פון זיינע סאָלדאטען צו מאכען אַן אָנפאל.

1. צו די דאָזיגע טענות האָבען די אדומים זיך צוגעהערט און האָבען צוערשט בעפרייט די בירגער, וואָס זיינען געזעסען אין תפיסה, אַן ערך 2000 מאַן, וואָס האָבען תיכף פערלאָזט די שטאָדט און זיינען אַוועק צו שמעון׳ען, וואָס וועגען איהם וועט נאָך ווייטער אונטען זיין די רייד. דערנאָך האָבען די אדומים פערלאָזען ירושלים און זיינען אַוועק אַהיים.

זייער אַוועקגייהן איז געקומען אומגעריכט פאַר ביידע צדדים. דאָס פאָלק, וואָס האָט ניט געוואוסט, אַז זייער מיינונג האָט זיך אומגעביטען, האָט אויף אַ קורצער צייט זיך ווידער געמאַכט מוט, מחמת עס האָט גערעכענט, אַז עס איז אינגאַנצען פטור געוואָרען פון זיינע פיינד. פון דער אַנדער זייט, זיינען די קנאים געוואָרען נאָך מעהר עזות׳דיגער, ווייל זיי האָבען זיך גע־פיהלט ניט אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען פערלאָזען פון בונדעס־חברים, נאָר ווי זיי וואָלטען פטור געוואָרען פון מענשען, וועמען זייערע מעשי־נבלה זיינען לחלוטין ניט געפעלען געוואָרען און וואָס האָבען געוואָלט זיי שטערען דערין. איצטער האָט זייער רשעות קיין שום אָבהאַלט ניט געהאַט, נאָר מיט דער גיכקייט פון אַ בליץ האָבען זיי צונויפגעשטעלט פלענער און נאָך גיכער פלעגען זיי אויספיהרען זיי. דער עיקר איז זייער בלוטדאָרשטיגקייט געווען געווענדעט קעגען מוטיגע און איידעלע מענער: די לעצטע האָבען זיי געזוכט צו פער־דאַרבען מחמת קנאה, די ערשטע מחמת מורא; וואָרום זיי האָבען געהאַלטען זיך פאַר בעזיכערט ערשט דאַן, בשעת עס וועלען זיין אָבגעראַמט פון וועג אַלע אַיינפלוסרייכע בירגער.

חוץ אַ סך אַנדערע, איז אויך אומגעבראַכט געוואָרען אַ געוויסער גוריון, זייהר אַן אָנגעזעהענער מאַן פון אַ הויכען יחוס, וואָס איז געווען בעזונדערס צוגעטאָן דער פאָלקסהערשאַפט, און עס איז ניט געווען צווישען אידען קיין גלייכען צו איהם בנוגע צום שטרעבען צו אומאָבהייניגיקייט. איהם האָט גע־בראַכט צום פאַלען איינע פון זיינע אויסגעצייכענטע מעלות: זיין אָפענהאַר־ציגקייט אין ריידען. נאָך מעהר, אַפילו ניגר פון פערעאַ, וואָס האָט זיך גע־האַט אַזוי אויסגעצייכענט אין קאַמף קעגען די רוימער 1), איז אויך ניט ניצול געוואָרען פון די מערדערישע הענד פון די קנאים. בשעת מען האָט איהם געשלעפט איבער׳ן שטאָדט, האָט ער געשריען אויפ׳ן קול און אָנגעוויזען אויף זיינע וואונדען, וואָס ער האָט בעקומען אין דער מלחמה. בשעת מען האָט איהם אַרויסגעפיהרט פון טויער, און ער האָט געזעהן דעם טויט פנים אל פנים, האָט ער געבעטען, מען זאָל איהם לכל הפחות לאָזען קומען צו קבר־ישראל. נאָר זיינע תליונים האָבען איהם דערקלערט מיט סטראַשונקעס, אַז זיי פערגי־

1) ז. אויבען, בוך II, 19, 2; III, 2, 1 און 2.

בען איהם ניט די ערד, וואָס ער פערלאַנגט אַזוי שטאַרק. בשעת'ן שטאַרבען האָט ניגר זיי פערשאָלטען, אַז עס זאָל קומען אויף זיי די נקמה פון די רוי-מער, פעסט, הונגער און קריג, און האָט זיי חוץ דעם געוואונשען, אַז זיי זאָלען אומקומען איינער דורך דעם אַנדערנס שווערד. דאָס אַלץ האָט גאָט מקיים געווען אויף די רשעים און ער האָט בעוויזען זיין גערעכטיגקייט בעזונדערס דורכדעם, וואָס באַלד איז אַרויסגעקומען אַ מחלוקת צווישען זיי, און זיי האָבען געקאָנט פערזוכען געגענזייטיג זייער ווילדקייט.

איבעריגענס האָט ניגר'ס טויט אָבגענומען פון זיי איטליכע דאגה בנוגע צו זייער אייגענעם פאַלען, וואָרום צווישען פאָלק איז שוין קיינער ניט געווען מעהר, וואָס צוליעב זיין טויטונג זאָל מען ניט האָבען אויסגעזוכט עפיס אַן אויסרייד. יענע פון די בירגער, וואָס האָבען זיך מוטיג אַנטקעגענגעשטעלט קעגען די קנאים, האָט מען שוין לאַנג געהאַט גע'פטר'ט. און אויב מען האָט איצט געוואָלט אָבראַמען אויך די רוהיגע און די רודפי-שלום'ניקעס, האָט מען געמוזט אויסטראַכטען אַזעלכע בעשולדיגונגען, וואָס האָבען בעדאַרפט פיהרען צום צוועק. אַזוי האָט מען חושד געווען אַזעלכען, וואָס איז בכלל ניט צוגעשטאַנען צו זיי, דערין, אַז ער איז האָפערדיג, אַן אַנדערן, וואָס האָט זיך דערנעהענטערט צו זיי מיט אַ געוויסען זעלבסטבעוואוסטזיין, — דערין, אַז ער פעראַכט זיי, און אַזעלכען, וואָס האָט זיי אין אַלץ געפאָלגט, דערין, אַז ער איז אַ בוגד. פאַר די גרעסטע, ווי פאַר די אומבעדייטענדסטע פערברעכענס איז געווען נאָר איין שטראָף: דער טויט; און נאָר ווער עס האָט געהערט צו די נידעריגסטע פאָלקסשיכטען, אָדער ער איז געווען פון אַ נידעריגען יחוס, אָדער ער איז געווען אָרים, האָט געקאָנט זיך ריכטען, אַז מען וועט איהם פערשוינען.

2. אַלע קריגספיהרער פון די רוימער האָבען געהאַלטען די מחלוקת צווישען די פיינד פאַר אַן אומגעריכטען גליק, און האָבען דעריבער געוואָלט אומגעזאַמט אַרויסטרעטען קעגען דער שטאָדט. אין דעם זין זיינען זיי אויך צוגעשטאַנען צו אַספּסינוס'ן, ווייל זיי האָבען גערעכענט, אַז פאַר איהם איז אַלצדינג איצט געוואונען. די געטליכע השגחה, אַזוי האָבען זיי געטענ'עט, וועט שטרייטען פאַר זיי, דורכדעם וואָס זי לאָזט די פיינד אַרויסציהען זייער שווערד קעגען אַנאַנד; נאָר מען בעדאַרף גיך טון, וואָרום די אידען וועלען מסתמא באַלד ווידער שלום מאַכען צווישען זיך, ווייל זיי וועט דערעסען ווערען דער בירגערקריג, אָדער זיי וועלען בעקומען חרטה, אָבער אַספּסינוס האָט געענטפערט, אַז זיי פערשטייהן ניט בעזונדערס גוט, ווי אַזוי מען בעדאַרף זיך איצט בעגייהן, אויב זיי ווילען, אַז מען זאָל איצט, ניט קוקענדיג אויף דער סכנה, וואָס שטעקט דערין, אַרויסשטעלען, ווי אין טעאַטער, זייער שלאַכט-אָרדענונג און געשיקטליכקייט, אָנשטאָט צו ווענדען זייער אויפמערקזאַמקייט דערויף, וואָס איז צוגלייך אי נוצליך אי אָהן סכנות. וואָרום אויב זיי זאָלען באַלד איצט אַרויסטרעטען קעגען דער שטאָדט, דעמאָלט וועלען זיי אויספיהרען גראָד דאָס, אַז די פיינד וועלען שלום מאַכען צווישען זיך און וועלען

ווענדען זייער נאָך ניט איינגעבראָכענע קראַפט קעגען די רוימער. אָבער אויב
זיי וועלען נאָך אָבוואַרטען, וועלען זיי שפּעטער האָבען צו טון מיט אַלץ אַ
קלענערע צאָהל פיינד, מחמת די אינעווייניגסטע מחלוקת פערטיליגט זיי. אַ סך
אַ בעסערער אָנפיהרער, איידער ער, אַספסינוס, איז גאָט, וואָס וויל געבען די
אידען אין די הענד פונ'ם רוימישען חייל אָהן אָנשטריינגונג פון זיין צד און
פערשאַפען איהם אַ נצחון אָהן סכנות. אין דער צייט וואָס די פיינד קומען
אום דורך זייער אייגענער האַנד און ליידען פון דער ערגסטער צרה, פון אַ ביר-
גערקריג, ווילען זיי, די רוימער, בעסער רוהיג צוקוקען די דאָזיגע מהומות,
אָנשטאָדט זיך אַריינצולאָזען אין קאַמף מיט מענשען, וואָס זוכען דעם טויט
און ווילדעווען, ווי משוגע, קעגען אַנאַנד. אויב עמיצער האַלט, אַז אַ נצחון
אָהן אַ קאַמף האָט ניט קיין בעדייטונג, זאָל ער זיך לאָזען לערנען, אַז עס
איז ניצליכער צו דערגרייכען צום צוועק אין רוה, איידער אויסצופּרובען דעם
גליק פון די וואָפען, וואָס דערין שטעקט אַ סכנה. וואָרום לכל הפחות אַזוי
פיעל כבוד, ווי גלענצענדע קריגערישע מעשים, ברייגנט עס, אויב מען האָט
ערפאָלג דורך זעלבסטבעהערשונג און קלוגשאַפט. אין דערזעלבער צייט, וואָס
די פיינד וועלען זיך אָבשוואַכען, וועט דער רוימישער חייל זיך אויסרוהען פון
זיינע שטענדיגע אַרבייטען, און זיין קראַפט וועט וואַקסען. חוץ דעם, איז נאָך
ניט קיין צייט צו רעכענען אויף אַ גלענצענדען נצחון. וואָרום די אידען זיינען
דאָך איצט ניט פערנומען ניט מיט'ן צוגרייטען קריגס-מאַטעריאַל און ניט מיט'ן
בויען בעפעסטיגונגען און קלייבען הילפס-מיליטער, און בכן איז עס דאָך ניט
מעגליך, אַז אויב מען זאָל אָבלייגען דעם קריג, וועט עס ברייגנען שאָדען.
אדרבא, די געגנער האָבען איצט טעגליך אויסצושטייהן פונ'ם בירגערקריג און
פון דער אינעווייניגסטער מחלוקת אַ סך ערגערס, איידער די רוימער קאָנען
זיי אָנטון דורך זייערע אָנפאַלען. שוין נעמענדיג אין אַכט זייער זיכערקייט,
בעדאַרף מען לאָזען צו-רוה די יעניגע, וואָס האָבען בדעה זיך אַליין צו פער-
טיליגען. חוץ דעם בעדאַרף מען אויך ניט פערקלענערן דעם רוהם פון נצחון
דורכדעם, וואָס מען וועט אָנפאַלען אויף אַ פאָלק, וואָס איז אינעווייניג צערי-
סען. וואָרום אין דעם פאַל וואָלט מען גאַנץ ריכטיג געקאָנט פאָרוואַרפען די
רוימער, אַז זיי האָבען צו פערדאַנקען זייער נצחון ניט זיך גופא, נאָר דער
מחלוקת פון די פיינד.

3. אַלע אָפיצירען האָבען מסכים געווען צו די דאָזיגע ווערטער, און
גאָר אין גיכען האָט זיך אויסגעוויזען, ווי קלאָר אַספסינוס האָט פאָראויסגע-
זעהן. וואָרום טאָג פאַר טאָג זיינען אָנגעקומען צו די רוימער אַ סך אַנטלאָ-
פענע, וואָס זיינען אַנטרונען געוואָרען פון די הענד פון די קנאים. אמת,
דער אַנטלויפען איז זיי ניט גרינג אָנגעקומען, ווייל די קנאים האָבען
פערנומען אַלע אויסגאַנגען מיט וועכטערס, וואָס האָבען אומגעבראַכט
איטליכען, וואָס מען האָט איהם ווי עס איז חושד געווען, אַז ער איז אַן
איבערלויפער. נאָר ווער עס האָט געגעבען געלד, דעם האָט מען דורכגעלאָזט,
און ווער עס האָט דאָס ניט געטאָן, דער איז געווען אַ בוגד. אַזוי איז עס

געקומען, אַז נאָר די אָרימע לייט זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרען, אין דער צייט וואָס די רייכע האָבען זיך אויסגעקויפט זייער אַנטלויפען. באַלד אָבער זיינען געלעגען אומעטום אויף די וועגען הויפענס הרוגים, אַזוי אַז אַ סך, וואָס האָבען זיך געוואָלט ראַטעווען דורך אַנטלויפען, האָבען בעסער געוואָלט אומקומען אין שטאָדט גופא, ווייל דורך דער האָפענונג צו קומען צו קבורה, האָט זיך דער טויט אין דער געבאָרענשטאָדט אויסגעוויזען פאַר ווייניגער שרעקליך. די קנאים אָבער זיינען אין זייער אוממענשליכקייט אַוועק אַזוי ווייט, אַז זיי האָבען ניט פערגונען קיין קבורה ניט די געפאַלענע אין שטאָדט און ניט די דער׳הרג׳עטע אויף די וועגען; נאָר זיי האָבען געלאָזט די הרוגים פוילען אויפ׳ן זון, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך געהאַט פערשוואָרען צו מאַכען צו-נישט אינאיינעם מיט די געזעצען פון פאָטערלאַנד אויך די נאַטור און צו זייערע פערברעכענס קעגען מענשען נאָך מוסיף צו זיין אַ חילול השם. דער וואָס האָט מקבר געווען זיינעם אַ חבר, איז בעשטראָפט געוואָרען מיט טויט, ווי אַן איבערלויפער, און עס האָט געמוזט בלייבען אַליין אָהן קבורה איטליכער, ווער עס האָט דאָס געוואָלט פערשאַפען אַן אַנדערן.

בקצור, קיינער פון די בעסערע געפיהלען איז אין יענע טעג פון אומגליק ניט געווען אַזוי לחלוטין צו-נישט געמאַכט, ווי דער געפיהל פון רחמנות. דאָס, וואָס ס׳האָט בעדאַרפט דערוועקען רחמנות, האָט איצט געדיענט בלויז דערצו, בכדי אַריינצוברייגען אין כעס די רשעים. פון די לעבעדיגע איז זייער כעס אַריבער אויף די דער׳הרג׳עטע, פון די טויטע — ווידער צוריק אויף די לעבעדיגע. ווער עס איז ביי דער אָהן אַ שיעור שרעקענספולער לאַגע נאָך געבליבען לעבען, האָט געהאַלטען פאַר גליקליך די אומגעקומענע, ווייל זיי האָבען געפונען רוהה, און דער וואָס האָט געמוזט אויסשטייהן ענויים אין תפיסה, האָט אין פערגלייך מיט זיינע צרות געהאַלטען פאַר גליקליך אַפילו די, וואָס זיינען ניט געקומען צו קבורה. אַלע מענשליכע רעכט האָבען די מנוולים גע-טראָטען מיט די פיס. פון די געטליכע האָבען זיי חוזק געמאַכט, די רייד פון די נביאים האָבען זיי אויסגעלאַכט, ווי אַ פאַלשע פלוידעריי. וואָרום אַ סך זאַכען האָבען די נביאים פאָראויסגעזאָגט וועגען גוטסקייט און רשעות, און דורכדעם וואָס די קנאים האָבען דערויף ניט געקוקט, האָבען זיי אויך געבראַכט דערצו, אַז די נבואות פון יענע זעהער בנוגע צום אונטערגאַנג פון זייער פאָטערלאַנד זיינען טאַקע מקוים געוואָרען.

וואָרום עס זיינען געווען אַלטע מימרות פון גאָט-בעגייסטערטע מענער, אַז די שטאָדט וועט איבערגעגעבען ווערען אין די הענד פון פיינד, און דער קדשי קדשים וועט, לויט׳ן מנהג פון דער מלחמה, פערברענט ווערען דעמאָלט, בשעת עס וועט אויסברעכען אַ מהומה, און די הענד פון די בירגער וועלען מטמא זיין דעם אָרט, וואָס איז געהייליג צו גאָט. הגם מען קאָן ניט זאָגען, אַז די קנאים האָבען אינגאַנצען ניט געגלויבט אין די דאָזיגע נבואות, פונ-דעסטוועגען האָבען זיי דאָך מיטגעהאָלפען, אַז זיי זאָלען מקוים ווערען.

# זיבעטער קאפיטעל.

יוחנן'ס טיראַניע. — רציחות אין דער סביבה פון מצדה. — אספסינוס נעמט איין גדרה.

1. מיר מוזען זיך איצט אומקעהרען צו יוחנן, וואָס האָט, ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט, געהאַט אַ מאָדנעם חשק זיך אַרויסצושטעלען פאַר אַטיראַן. ער האָט געהאַלטען, אַז עס איז נידעריג פאַר זיין כבוד, ער זאָל שטייהן גלייך מיט זיינע חברים, און דעריבער האָט ער ביי פערשיידענע געלעגענהייטען צוגעצויגען צו זיך עטליכע פון די ערגסטע און האָט זיך אַזוי פּאַמעליך געמאַכט אונאָבהיינגיג פון זיין פּאַרטיי. היות ווי ער האָט שטענדיג זיך אָבגעזאָגט פון צו פאָלגען די בעשלוסען פון די אַנדערע, און זיינע אייגענע פלעגט ער אַרויסשטעלען מיט אַ טאָן פון אַ מושל, דעריבער איז שוין מעהר קיין ספק ניט געווען, אַז ער שטרעבט נאָך אַליינהערשאפט. עטליכע האָבען זיך אונטערגעגעבען איהם אויס מורא, אַנדערע מחמת איבערגעבענקייט—וואָרום ער האָט מייסטערהאַפט פערשטאַנען צו פערשאַפען זיך אָנהיינגער דורך רמאות און אָבנאַרעריי, — אַנדערע אויך דערפאַר, ווייל זיי האָבען עס געהאַלטען פאַר צוועקמעסיג צוליעב זייער אייגענער זיכערקייט וועגען, אַז די אַחריות פאַר די ביזאַהעריגע מעשי־נבלה זאָל געטראָגען ווערען פון איין איינצעלנעם, איידער פון אַ סך מענשען. חוץ דעם האָט איהם זיין ענטשלאָסענהייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזען סיי אין טון סיי אין אַרומקלערען פּלענער, פערשאַפט נאָך אַ סך נייע חברים. פונדעסטוועגען זיינען נאָך געבליבען אַ גענוגע צאָהל געגנער, וואָס צום קלענערן טייל האָבען זיי זיך געלאָזט פיהרען דורך קנאה, ווייל זיי האָבען עס געהאַלטען פאַר בעדריקענד צו געפינען זיך אונטער דער ממשלה פון אַזאַ מענשען, וואָס איז ביז אַהער געווען גלייך מיט זיי. דער גרעסטער רוב אָבער האָט זיך אָבגעווענדט פון איהם דערפאַר, ווייל זיי האָבען בכלל ניט געוואָלט אַריבערטראָגען די הערשאַפט פון אַן איינצעלנעם מענשען. זיי האָבען פאָראויסגעזעהן, אַז וויבאַלד ער וועט נאָר אַריינחאַפּען די ממשלה אין זיינע הענד, וועט מען איהם שוין אַזוי גרינג ניט קאָנען אַראָבוואַרפען, און אַז דעמאָלט וועט זייער פריהערדיגער אַנטקעגענשטעלען זיך מעהר ניט דיענען פאַר אַן אויסרייד, צו בעגייהן זיך מיט זיי וואָס שטריינגער.

דעריבער האָבען זיי געהאַט פעסט בעשלאָסען ביי זיך, בעסער אויסצושטייהן אַלצדיגג אין קאַמף קעגען איהם, איידער צו לאָזען זיך פערשקלאַפען און אומקומען, אַזוי ווי די קנעכט. איבער די דאָזיגע טעמים האָבען זיי זיך אָבגעטיילט פון יוחנן, וואָס האָט, פון זיין זייט, געוועלטיגט איבער זיינע אָנהיינגער, ווי אַ קעניג. אומעטום האָבען זיי זיי אַרויסגעשטעלט וועכטערס קעגען אַנאַנד; נאָר קיין געוועהר האָבען זיי ניט אָנגעווענדט, און אַז דאָס פלעגט יאָ געשעהן אַ מאָל, איז דאָס געבליבען ביי קליינע געשלעגען. נאָר אַלץ שטאַרקער האָבען זיי געקעמפט קעגען פאָלק, און איטליכע פאַרטיי האָט זיך געפלייסס אָבצונעמען פון איהם וואָס אַ גרעסערן רויב.

## די אידישע מלחמות

אַזוי איז די שטאָדט איצט געשטראָפט געווען מיט דרייערליי צרות, מיט קריג, טיראַניע און מחלוקת פון פאַרטייען, און די מלחמה האָט דעם פאָלק אויס-געדוכט, ווי די לפי ערך קלענסטע צרה. בײַ אַזאַ מעמד האָט עס געמוזט קו-מען דערצו, אַז אַ סך פון די איינוואוינער פון ירושלים זיינען אַנטלאָפען גע-וואָרען פאַר זייערע אייגענע לאַנדסלייט צו די פיינד, און האָבען געזוכט שוץ ביי די רוימער, מחמת מצד זייערע פאָלקס-ברידער האָבען זיי קיין רעטונג פאַר זיך ניט געזעהן.

2. איבעריגענס איז אויסגעבראָכען נאָך אַ פערטע פלאָג צום פערדאַר-בען פון פאָלק. ניט ווייט פון ירושלים איז געלעגען זייהר אַ שטאַרקע פעסטונג מיט'ן נאָמען מצדה, וואָס די אַלטע מלכים האָבען זי אויסגעבויט צוליעב בע-האַלטען דאָרט זייערע אוצרות אין דער צייט פון אַ קריגס-געפאַהר און אויך צוליעב זייער פערזענליכער זיכערקייט וועגען. די דאָזיגע פעסטונג האָט זיך געפונען אין די הענד פון די אַזוי אָנגערופענע סיקאַריער 1), וואָס ביז איצט האָבען זיי אויס מורא ניט געמאַכט קיין רויב-אָנפאַלען ווייט אין לאַנד אַריין און האָבען זיך בעגענוגענט מיט אויסרויבען די נאָהענטסטע סביבה, בלויז בכדי זיך צו פערשאַפען לעבענסמיטלען. איצט אָבער, אַז זיי זיינען געוואָהר געוואָ-רען, אַז דער רוימישער חייל ריהרט זיך ניט פון אָרט, און אַז צווישען די אידען פון ירושלים זענען אויסגעבראָכען פאַרטיי-מחלוקות'ען, האָבען זיי זיך דרייסטער גענומען פאַר זייערע רויבערייען.

אום פסח, — דאָס איז אַ יום-טוב, וואָס די אידען פייערן איהם צום אָנ-דיינקען, אַז זיי זיינען בעפרייט געוואָרען פון דער עגיפּטישער קנעכטשאַפט און האָבען זיך צוריקגעקעהרט אין זייער אַלטער היים, — זיינען זיי ביינאַכט, אַזוי אַז קיינער, וואָס האָט געקאָנט שטעלען זיך זיי אין וועג, האָט דאָס ניט געקאָנט בעמערקען, אַרויסגעגאַנגען פון זייער בעהעלטעניש און אָנגעפאַלען אויף אַ שטעדטיל מיט'ן נאָמען עין-גדי. נאָך איידער דער קריגספייהיגער טייל פון די איינוואוינער האָט געקאָנט זיך נעמען פאַר די געוועהר און צונויפקליי-בען זיך, האָבען זיי זיי פונאַנדערגעטריבען און אַרויסגעיאָגט פון שטאָדט; די ווייבער און די קינדער אָבער, וואָס זיינען ניט געווען גענוג שטאַרק צום אַנטלויפען, סך הכל אַן ערך 700 נפשות, זיינען אויסגע'הרג'עט געוואָרען. דע-רויף האָבען זיי ריין אויסגערויבט די הייזער, צוגענומען אַלע צייטיגע פירות פון פעלד און האָבען זיך מיט זייער רויב צוריק אומגעקעהרט קיין מצדה. אויף דעם זעלביגען אופן האָבען זיי געווילדעוועט אין אַלע דערפער, וואָס זיינען געלעגען נאָהענט נעבען זייער פעסטונג, און אויך אין דער גאַנצער סביבה, און פון טאָג צו טאָג איז זייער באַנדע אַלץ גרעסער געוואָרען, ווייל פון אַלע זייטען זיינען צוגעקומען אַלץ נייע אָנהייגער.

אויך אין אַנדערע טיילען פון יהודה, וואו ביז איצט האָט געהערשט רוה אין דעם פרט, האָבען זיך בעוויזען רויבער-באַנדעס. אויב דער איידעלסטער

1) זעה אויבען בוך II, 13, 3.

טייל פון קערפער איז קראַנק, ווערען קראַנק צוגלייך מיט איהם אויך אַלע איבעריגע איברים. ניט אַנדערש איז אויך דאָ געווען. די מחלוקות'ן און מהומות, וואָס האָבען געהערשט אין דער הויפטשטאָדט, האָבען געבראַכט דערצו, אַז די פערברעכער אין לאַנד האָבען געקאָנט אָבטון זייערע רויבע-רייען אומבעשטראָפטערהייד. נאָכדעם ווי זיי האָבען אויסגערויבט די דערפער פון זייערע לאַנדסלייט, זיינען זיי אַוועק אין דער מדבר, האָבען זיך דאָרט פערבונדען דורך שבועות, האָבען זיך פעראייניגט אין אָבטיילונגען, וואָס זיינען, אמת, געווען וויניגער צאָהלרייך, איידער חיילות, נאָר שטאַרקער, איידער פשוט'ע רויבער-באַנדעס, און זיינען אָנגעפאַלען אויף הייליגטימער און שטעדט. ס'פלעגט אויך אַמאָל טרעפען, אַז זיי פלעגען בעקומען אַ מפלה פון די, וואָס זיי זיינען אָנגעפאַלען אויף זיי, אַזוי ווי דאָס טרעפט אין קריג. דערפאַר אָבער אין אַנדערע ערטער פלעגען זיי זיך פערהיטען פון דער נקמה פון די געגנער, דורכדעם וואָס זיי פלעגען לויט'ן שטייגער פון רויבער תיכף אַנטלויפען מיט זייער רויב. אַזוי איז באַלד ניט געווען קיין איין טייל פון יהודה, וואָס זאָל ניט זיין געווען אַריינגעצויגען אינ'ם פערדאַרבען פון דער הויפטשטאָדט.

3. וועגען דאָס אַלצדינג האָט אַספּסינוס זיך דערוואוסט פון איבערלויפער. ווארום הגם די מורדים האָבען געהיט אַלע וועגען און פלעגען דערשטעכען איטליכען, וואָס האָט זיך דערנעהענטערט איבער וואָסער עס איז טעם, פונדעסטוועגען האָבען זיך געפונען אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבען זיך דורכגע'גנב'עט און זיינען אַנטלאָפען געוואָרען צו די רוימער. די דאָזיגע אַנטלאָפענע האָבען זיך געמיהט צו ווירקען אויפ'ן קריגספיהרער, ער זאָל וואָס גיכער קומען צו-הילף דער שטאָדט און ראַטעווען די שארית הפליטה פון פאָלק, און דערביי האָבען זיי איהם געזוכט צו בעווייזען, אַז דער גרעסטער טייל זיינען דער'הרג'עט געוואָרען מחמת זייער איבערגעבענקייט צו די רוימער, און אַז די וואָס לעבען נאָך, געפינען זיך אין סכנה איבער דעם אייגענעם טעם.

אויס רחמנות צו זיי איז ער, אַספּסינוס, טאַקע אַרויסגעטראָטען, לפנים בכדי צו בעלעגערן ירושלים, אין דער אמת'ן אָבער בכדי זי צו בעפרייען פון בעלעגערונג. נאָר אַפריהער האָט ער געמוזט נאָך איינגעמען די אַנדערע שטעדט, וואָס זיינען נאָך איבעריג געבליבען, בכדי ניט צו האָבען הינטער זיך קיין זאַך, וואָס האָט איהם געקאָנט שטערען ביי דער בעלעגערונג. דעריבער איז ער צוערשט אַרויסגעטראָטען קעגען גדרה, די גוט בעפעסטיגטע הויפטשטאָדט פון פערעאַ (עבר-הירדן), און איז אַריינגעטראָטען אין איהר דעם פערטען טאָג פון חודש אדר.

ווארום די אָנגעזעהענסטע איינוואוינער פון שטאָדט האָבען צום טייל מחמת זייער תשוקה צו שלום, צום טייל אויס מורא פאַר זייער פערמעגען – אין גדרה זיינען געווען אַ סך רייכע בירגער – געשיקט צו איהם שלוחים וועגען איבערגעבען די שטאָדט. און די, וואָס זיינען געווען נוטה צו דער מרידה, האָבען דאָס אפילו ניט בעמערקט. זיי האָבען זיך דערוואוסט וועגען דעם ערשט דעמאָלט, אַז אַספּסינוס איז שוין געשטאַנען גאָר נאָהענט. זיי גופא האָבען ניט געקאָנט האָפען, אַז זיי וועלען

קאָנען אײַנהאַלטען די שטאָדט, ערשטענס װײל זײערע געגנער זײנען געװען מעהר פון זײ, און צװײטענס װײל זײ האָבען געזעהן, אַז די רױמער שטײהען כמעט פאַר די טױערן. דעריבער האָבען זײ בעשלאָסען צו אַנטלױפען. נאָר זײ האָבען גערעכענט, אַז עס איז ניט שײן צו טון דאָס אָהן אַ בלוטפערגיסונג, און אײדער זײ װעלען נקמה נעמען פון די שולדיגע. בכן האָבען זײ געהאַפּט אַ געװיסען דאָלעזוס, װאָס איז ניט בלױז געװען דער גרעסטער מענש אין שטאָדט מחמת זײן יחוס און שטעלונג, נאָר מען האָט איהם אױך געהאַלטען פאַר׳ן אױפטוער פון דער דעפּוטאַציע, און האָבען איהם גע׳הרג׳עט. און נאָכ־דעם װי זײ האָבען אױסגעלאָזט זײער כעס צו זײן טױטען קערפּער, זײנען זײ אַנטלאָפען.

אַז דער רױמישער חײל איז אָנגעקומען, האָבען די אײַנװאױנער פון גדרה בעגעגענט אַספּסינוס׳ן מיט פרײדענסגעשרײען, און ער האָט זײ צוגע־זאָגט צו בעשיצען זײ און האָט אָבגעשטעלט בײ זײ אַ גאַרניזאָן פון רײטערײ און פוספאָלק, בכדי צו פערטײדיגען פון אָנפאַלען מצד די אַנטלאָ־פענע. די שטאָדט־מױער האָבען זײ שױן אַלײן געהאַט אײנגעבראָכען, ניט װאַרטענדיג, אַז מען זאָל דאָס פאָדערן פון זײ, בכדי צו בעװײזען זײער נטיה צו שלום דורכדעם, װאָס זײ האָבען אוממעגליך געמאַכט פאַר זיך איטליכען װידערשטאַנד.

4. בכדי נאָכצױאָגען די אַנטלאָפענע, װאָס זײנען אַװעק פון גדרה, האָט אַספּסינוס געשיקט פּלאַקידוס׳ן מיט 500 רײטער און 3 000 מאַן צופוס, און ער גופא מיט׳ן איבעריגען חײל האָט זיך אומגעקעהרט צוריק קײן קיסריה.

בשעת די אַנטלאָפענע האָבען דערזעהן הינטער זיך די רײטער, װאָס האָבען זײ נאָכגעיאָגט, האָבען זײ, נאָך אײדער עס איז געקומען צו געשלעג, זיך אַרײנגעשפּאַרט אין אַ דאָרף מיט׳ן נאָמען בית ענברים. דאָרט האָבען זײ געפונען אַ בעדײטענדע צאָהל יונגע לײט, װעלכע זײ האָבען בעװאָפענט צום טײל מיט זײער גוטען װילען, צום טײל איבערגעװאַלד. דערנאָך האָבען זײ אומפאָרזיכטיגערהײד געמאַכט אַן אױספאַל קעגען פּלאַקידוס׳עס מענשען. יענע זײנען בײם ערשטען אָנפאַל אַ ביסעל צוריקגעטראָטען, בכדי אָבצוציהען זײערע געגנער װײטער פון מױער. נאָך װי נאָר זײ האָבען אַרײנגענאַרט די אידען אין אַ גינסטיגען אָרט, האָבען זײ זײ אַרומגערינגעלט און זײנען אָנגע־פאַלען אױף זײ מיט זײערע שפּיזען. די װאָס האָבען געװאָלט אַנטלױפען, האָבען די רײטער פערהאַלטען, אין דער צײט װאָס די פוססאָלדאַטען האָבען אָנגעמאַכט אַ גרױסע שחיטה צװישען די קעמפּענדע. אַזױ האָבען די אידען זיך אַלײן געבראַכט דעם אונטערגאַנג, און דערבײ האָבען זײ אַרױסגעװיזען נאָר זײער װילדען מוט. היות װי די רױמער האָבען געבילדעט געדיכט געשלאָ־סענע רײהען און זײנען געװען געשיצט דורך זײערע פּאַנצערס, װי דורך אַ מױער, דעריבער האָבען די אידען ניט געקאָנט זײ טרעפען מיט זײערע פײלען און אױך ניט דורכברעכען די פײנדליכע רײהען. פערקעהרט זײ, זײנען אָדער דערשטאָכען געװאָרען פון די רױמער, אָדער װי װילדע חיות זײנען זײ אַלײן

אַרויפגעלאָפּען אויף די רוי'מערס שווערדען, און די וואָס זיינען ניט געפאַלען אין געשלעג, האָבּען די רייטער צעטריבּען און דער'הרג'עט.

5. בּעזונדערס איז פלאַקידוס אויסען געווען ניט צו דערלאָזען זיי זיך אומצוקעהרען צוריק אין דאָרף. דעריבּער איז ער שטענדיג געריטען מיט זיינע רייטער אין דער ריכטונג, און דערנאָך האָט ער פלוצלונג געגעבּען זיך אַ קעהר און בּעשאָטען די אידען מיט אַ רעגען פון פיילען. דורכדעם זיינען די, וואָס זיינען געשטאַנען נעהענטער, דער'הרג'עט געוואָרען, און די וויטערדיגע זיינען אָבּגעטריבּען געוואָרען. צולעצט האָט זיך פאָרט די מוטיגסטע איינגע-געבּען זיך דורכצושלאָגען בּיז צום מויער. נאָר די וועכטער האָבּען ניט גע-וואוסט, וואָס צו טון. צו לאָזען פּשוט די אַיינוואוינער פון גדרה פון אויסווייניג האָבּען זיי ניט געקאָנט זיך מאַכען קיין האַרץ צוליעב זייערע אייגענע מענ-שען וועגען; פון דער אַנדער זייט האָבּען זיי מורא געהאַט, אַז טאָמער נעמען זיי, זיי יאָ צו, וועלען זיי אונטערגייהן אינאיינעם מיט זיי. און אַזוי איז טאַקע געשעהן. אין דער צייט וואָס די מאַסע פון די אַנטלאָפענע האָט זיך געשפּאַרט בּיים מויער, זענען די רוימישע רייטער כּמעט אַריינגעדרונגען אינאיינעם מיט זיי. נאָר די אידען האָט זיך איינגעגעבּען צו שליסען די טויערן פאַר זיי, אַזוי אַז פלאַקידוס האָט געמוזט לאָזען מאַכען אַן אָנפאַל.

בּיז צום אָבענד האָט געדויערט דער קאַמף. דעמאָלט האָבּען די רוימער, וואָס האָבּען מוטיג געשטריטען, אַיינגענומען די מויער אין דעם דאָרף. די אומ-בּעוואָפענטע בּעפעלקערונג איז אויסגע'הרג'עט געוואָרען, אין דער צייט וואָס די קריגספייהיגע מענשען זיינען אַנטלאָפען. דערנאָך האָבּען די רוימער אויס-גערויבּט די הייזער און אונטערגעצונדען דעם דאָרף.

די אַנטלאָפענע אידען האָבּען איבּעריגענס מיטגעצויגען מיט זיך די בּע-פעלקערונג פון די דערפער און האָבּען אומעטום אָנגעיאָגט אַ שרעק, דורכדעם וואָס זיי האָבּען מגזם געווען זייער אייגענע מפּלה און האָבּען דערציילט, אַז דער גאַנצער רוימישער חייל קומט. אין געדיכטע מאַסען זיינען זיי אַנט-לאָפען געוואָרען קיין יריחו, וואָס נאָר זי אַליין האָט זיי געגעבּען אַ האָפענונג אויף צו ראַטעווען זיך, ווייל זי האָט געהאַט שטאַרקע מויערן און אַ סך אַיינוואוינער.

פערלאָזענדיג זיך אויף זיינע רייטער און אויף זיין בּיזאהעריגען קריגס-גליק, האָט פלאַקידוס זיי נאָכגעיאָגט בּיז'ן ירדן און האָט אונטערוועגס אויס-גע'הרג'עט אַלעמען, ווער עס איז איהם נאָר געקומען אין וועג. דערנאָך האָט ער אַראָבּגעטריבּען די גאַנצע מאַסע צום טייך, וואָס איז געווען איבּערפולט מיט וואַסער איבּער די גרויסע רעגענס, און מען האָט איהם ניט געקאָנט אַריבּערגייהן צו-פוס, און האָט אויסגעשטעלט אַנטקעגען זיי זיין חייל אין שלאַכט-אָרדענונג. אַנטלויפען האָבּען די אידען ניט געקאָנט, און בּכן האָט זיי די נויט געצוואונגען צו קעמפען. זיי האָבּען זיך אויסגעצויגען אין אַ לאַנגער ליניע פאַזע בּרעג און האָבּען געזוכט אויף אַזאַ אופן זיך אַנטקעגענשטעלען קעגען דעם האָגעל פון די פיילען און דעם דראַנג פון דער רייטעריי. נאָר

די לעצטע האָט זיי מאַסענווייז אויסגע׳הרג׳עט אָדער זיי אַריינגעטריבען אין טייך. 15 000 אידען זיינען געפאַלען אונטערן שווערד פון זייערע געגנער, און כּמעט אָהן אַ צאָהל איז געווען די מאַסע פון די, וואָס זיינען איבערגעוואַלד אַריינגעטריבען געוואָרען אין ירדן. אין געפאַנגענשאַפט זיינען אַריינגעפאַלען דעכער 2 200; חוץ דעם, איז די זיגער אין די האַנד אַריינגעפאַלען אַ רייכער רויב פון אייזלען, שאָף, קעמלען און רינדער.

6. די אידען איז די דאָזיגע מפּלה, וואָס איז אַוודאי געווען ניט קלענער, איידער די פריהערדיגע, אויסגעקומען נאָך גרעסער, ווי זי איז באמת געווען. וואָרום לא די וואָס די גאַנצע געגענד, דורך וואַנען זיי זיינען אַנטלאָפען געוואָרען, האָט געטריפט פון בלוט, נאָר מען האָט אַפילו דעם ירדן ניט געקאָנט דורכגייהען מחמת די סך הרוגים, און אפילו דעם ים-המלח האָבען בעדעקט טויטע קערפּערס, וואָס זיינען מאַסענווייז אַראָבגעשוואומען אַהין פון טייך.

פּלאַקידוס פון דער אַנדער זייט האָט אויסגענוצט זיין גליק און איז אַרויסגעטראָטען קעגען די שכנישע שטעדטלעך און דערפער. ער האָט איינגענומען אבלה, יוליאַס און בית-סמות און אויך אַלע ישובים ביז צום ים המלך און האָט אַוועקגעשטעלט אין איטליכען אָרט גאַרניזאָנען, וואָס זיינען געבילדעט געוואָרען פון די טויגליכסטע איבערלויפער. דערנאָך האָט ער געהייסען זיינע סאָלדאַטען זיך אַריינזעצען אין שיפלעך און אויס׳הרג׳ען אַלעמען, ווער ס׳איז אַנטלאָפען געוואָרען אויף דער אָזיערע.

אויף אַזאַ אופן איז גאַנץ פּעראַע, חוץ מכוור, צום טייל מיט׳ן גוטען ווילען, צום טייל איבער געוואַלד אַריבער אין רשות פון די רוימער.

# אַכטער קאַפּיטעל.

אספּסינוס איילט זיך אונטער צו פיהרען די מלחמה. — בעשרייבונג פון דער לאַגע פון יריחו און אויך פונ׳ם גרויסען טאָל און פון ים-המלח.

1. דערווייל זיינען אָנגעקומען ידיעות, אַז אין גאַליען איז אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד, און ווינדקעס מיט די אָנפיהרער פון די אָרטיגע איינוואוינער האָבען מורד געווען קעגען נירונ׳ען, ווי עס ווערט בעשריבען באריכות אין די איינצעלנע ווערק. די דאָזיגע ידיעות האָבען בעוואויגען אַספּסינוס׳ן צו פערגיכערן די פיהרונג פונ׳ם קריג. וואָרום ער האָט שוין פאָראויסגעזעהן די קומענדיגע בירגערקריג און די סכנה, וואָס עס וועט זיין פאַר דער גאַנצער מלוכה, און האָט גערעכענט, אַז דורכדעם, וואָס ער וועט אַיינשטעלען רוה אין די מזרח-לענדער, וועט ער פערקלענערן די דאגות פון איטאַליען.

אין משך פון ווינטער האָט ער אַיינגעזהיט די אַיינגענומענע שטעדטלעך און דערפער דורכדעם, וואָס ער האָט אַוועקגעשטעלט גאַרניזאָנען און בעשטימט בראש פון דער פערוואַלטונג אין די שטעדטלעך צענטוריאָנען (שרי

מאות) און אין די דערפער דעקוריאָנען (שרי-עשרות). אויך האָט ער געלאָזט אויפבויען אַ סך פון די חרוב'ע ישובים.

אין אָנהויב פריה-יאָהר איז ער אַרויסגעטראָטען בראש פונ'ם גרעסטען טייל פון זיין חייל פון קיסריה קיין אַנטיפטריס, וואו ער האָט אין משך פון צוויי טעג אַיינגעאָרדענט די ענינים פון שטאָדט. אויפ'ן דריטען טאָג איז ער געגאַנגען ווייטער און האָט פערוויסט מיט פייער און שווערד די גאַנצע אַרומיגע געגענד. נאָכדעם ווי ער האָט אַיינגענומען די פראָווינץ פון תמנה, איז ער אַוועק קיין לוד און יבנה, האָט אַיינגענומעןביידע שטעדט, אַוועקגעשטעלט דאָרט גאַרניזאָנען, וואָס זיינען געבילדעט געוואָרען פון פאַסיגע אַיינוואוינער פון די שטעדט, וואָס האָבען זיך געהאַט פריהער אונטערגעגעבען, און איז געקומען קיין עמאַוס.

דאָ האָט ער צוערשט אָבגעשניטען פאַר דער בעפעלקערונג די וועגען צו דער הויפטשטאָדט, האָט אויסגעבויט אַ פעסטען לאַגער, אין וועלכען ער האָט איבערגעלאָזט דעם פינפטען לעגיאָן, און מיט'ן איבעריגען חייל איז ער אַוועק ווייטער אין דער פראָווינץ פון בית לבאות. דעם דאָזיגען און אויך דעם שכנישען געביט האָט ער חרוב געמאַכט דורך שריפות. דערנאָך האָט ער בעפעסטיגט די פאַסיגע ערטער אין לאַנד אדום און האָט אַיינגענומען צוויי דערפער אין צענטער פון דער דאָזיגער געגענד, בעאַטריס און כפר-טוב, דערביי האָט ער אויסגעהרג'עט העכער 10 000 מענשען און גענומען געפאַנגען העכער 1 000, די איבעריגע מאַסע האָט ער פערטריבען און האָט אַוועקגעשטעלט אין ביידע ערטער אַ בעדייטענדען טייל פון זיין חייל, וואָס זיי זיינען אַרומגעגאַנגען איבער דעם שכנישען בערגלאַנד און האָבען עס פערוויסט. ער גופא האָט זיך מיט'ן רעשט פון זיין חייל אומגעקעהרט צוריק קיין עמאַוס, פון וואַנען ער איז אַוועק דורכ'ן לאַנד פון די שומרונים פאַרביי נעאַפּאָליס אָדער, ווי עס הייסט ביי די אָרטיגע אַיינוואוינער, מבורתא, קיין קורח. אין קורח האָט ער דעם צווייטען טאָג פון חודש סיון געהייסען אויפשלאָגען אַ לאַגער, און אין אַ טאָג אַרום איז ער אָנגעקומען פאַר יריחו.

דאָ האָט זיך פעראייניגט מיט איהם טרינוס, איינער פון זיינע אָנפיהרער, מיט זיין חייל, וואָס ער האָט מיטגענומען פון פערעאַ, נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט אונטערטעניג געמאַכט די געגענדען, וואָס ליגען אויף יענער זייט ירדן.

2. די אַיינוואוינער פון יריחו זיינען צום גרעסטען טייל אַנטלאָפען געוואָרען אין די בערג, איידער זיי האָבען זיך דערוואַרט אויפ'ן אָנקומען פון די רוימער, און האָבען איבערגעלאָזט די שטאָדט כמעט ליידיג.

יריחו ליגט אין אַ טאָל, און איבער איהר דערהויבט זיך אַ שורה הוילע, אומפּרוכטבאַרע בערג, וואָס ציהען זיך בעדייטענד אין דער לייננג אין צפון-זייט ביז אין דער געגענד פון בית-שאָן, און אין דרום-זייט ביז אין דעם פריהערדיגען געביט פון די סדומים און דעם ברעג פונ'ם טויטען ים. די גאַנצע

געגענד איז לחלוטין פערווילדעט, און מחמת זי איז אומפרוכטבאַר, וואוינט דאָרט קיין מענש ניט.

קעגענאיבער דער דאָזיגער שורה בערג ציהט זיך פאַזע דעם ירדן אַן אַנדער בערג-קייט, וואָס הויבט זיך אָן ביי יוליאַס און נאָך ווייטער אין צפון-זייט און ציהט זיך ביז סאָמאָראַ, דאָס איז אַ שטאָדט בשכנות פון סלע-ערב. צו דער דאָזיגער בערגקייט געהערט אויך דער אַזוי אָנגערופענער אייזענבאַרג 1), וואָס ציהט זיך אין דער לייגג ביז צום לאַנד מואב.

די לאַנדשאַפט, וואָס ליגט צווישען דיביידע בערגקייטען, הייסט דער גרויסער טאָל, וואָס ציהט זיך פונ׳ם דאָרף גינבריס ביז צום ים-המלח. זיין לייגג בעטרעפט 230, זיין ברייט 120 סטאַדיעס. ער ווערט אין מיטען דורכגעשניטען פונ׳ם ירדן און האָט צוויי אָזיערעס פון אַ פערשיידענער טבע, דעם ים-המלח און דעם ים טבריה; די וואַסער פונ׳ם ערשטען איז געזאַלצען און שעדליך פאַר׳ן וואַקסען פון נטיעות, די וואַסער פונ׳ם לעצטען איז זיס און נוצליך פאַר די פירות.

זומער-צייט איז דער טאָל אַזוי ווי אויסגעברענט, און זיין לופט ווירקט מחמת דער גרויסער היץ זייהר שעדליך אויף דער געזונדהייט. וואָרום חוץ׳ן ירדן איז דאָרט ניטאָ אַפילו קיין סימן פון וואַסער, און דעריבער זיינען ביי די ברעגעס פון טייך די פאַלמען רייך ענטוויקעלט; פערקעהרט, ווייטער פון טייך קומען זיי גאָר שוואַך אויף.

3. ניט ווייט פון יריחו געפינט זיך אַ שטאַרקער קוואַל, וואָס איז זייהר נוצליך אויף צו בעוואַסערן די פעלדער; דער דאָזיגער קוואַל פליסט אַרויס האַרט נעבען דער אַלטער שטאָדט, וואָס איז די ערשטע, וועלכע יהושע בן נון, דער אָנפיהרער פון די עברים, האָט אַייגגענומען מיט׳ן שווערד אין לאַנד פון די כנענים.

אין אַלטע צייטען, זאָגט מען, זאָל דער דאָזיגער קוואַל ניט בלויז פערניכטעט האָבען פירות פון דער ערד און פון די בוימער, נאָר אויך די לייבס-פרוכט פון די פרויען און זאָל האָבען בכלל געבראַכט טויט און פערדאַרבען פאַר אַלץ לעבעדיגס. נאָר אלישע הנביא, אליהו׳ס תלמיד, זאָל האָבען איהם אויסגערייניגט און געמאַכט פאַר אַ קוואַל פון היילונג און פרוכפערקייט. אַלס אַ דאַנק פאַר די הכנסת-אורחים, וואָס די אַיינוואוינער פון יריחו האָבען איהם בעוויזען, און פאַר זייער ניט-געוויהנליך פריינדליכען בעגייהן זיך מיט איהם, האָט ער געשאָנקען זיי און דעם לאַנד אַ מתנה, וואָס איז געבליבען אויף אייביג. ער איז אַוועק צום קוואַל, האָט אַריינגעוואָרפען אַ טאָפּ מיט זאַלץ אינ׳ם פליסענדיגען וואַסער, האָט אויפגעהויבען זיין רעכטע האַנד צום הימעל, אַריינגיסענדיג אַ טראַנקאָפּער אין קוואַל, און האָט מתפלל געווען, אַז זיין טבע

1) דער דאָזיגער באַרג געפינט זיך אין צפון-זייט פון ארנון און בעשטייהט פונ׳ם מינעראַל באַזאַלט, וואָס האַלט אין זיך איין ביז 20 פראָצענט אייזען.

זאָל מילדער ווערען, און עס זאָלען געעפּענט ווערען אין איהם זיסערע אָדערן, און אויך אַז אַ בעסערע לופט זאָל זיך אויסמישען מיט'ן וואַסער, און די איינוואוינער זאָל געגעבען ווערען פּרוכפּערקייט פון דער ערד און זיי, זאָלען זיין געבענשט מיט קינדער; די וואַסער זאָל ביי זיי ניט אָבגענומען ווערען, כל זמן זיי וועלען בלייבען פרום. דורך דער דאָזיגער תפלה, וואָס פאַר איהר האָט ער געמאַכט פערשיידענע צערעמאָניעס, האָט ער אומגעמאַכט דעם קוואַל, און די וואַסער, וואָס איז פריהער געווען אַ סבה פאַר קינדערלויזיגקייט און הונגער, האָט איצט געווירקט, אַז קינדער זאָלען זיך מעהרען און עס זאָלען זיין גוטע גערעטענישען. 1)

וואָרום אויב מען בענוצט די וואַסער צום אָנטרייינקען די פעלדער, האָט עס אַזאַ קראַפט, אַז נאָר דורך אַ לייכטער בענעצונג מאַכט עס די ערד פרוכטבאַרער, איידער אַנדערע וואַסער, וואָס בלייבט שטייהן און זעטיגט אָן די ערד. דורכדעם קאָן אויך דערקלערט ווערען דאָס, וואָס בשעת מען געברויכט עס שפּאָרעוודיג, ברייננגט עס אַ סך נוצען, נאָר אַז מען געברויכט עס אַ סך, ברייגגט עס ווינציג נוצען. איבער דעמזעלביגען טעם בעוואַסערט דער דאָזיגער קוואַל אַ סך אַ גרעסערן שטח ערד, איידער ערגיץ אַן אַנדער קוואַל. ער פליסט דורך אַ טאָל פון 70 סטאַדיעס די לייגג און 20 סטאַדיעס די ברייט, און ער שפּייזט דאָרט די גרויסאַרטיגסטע סעדער, וואָס ליגען כסדר איינער נאָכ'ן אַנדערן.

פּאַלמען, וועלכע ער דערנעהרט, זיינען פאַרהאַן פערשיידענע מינים, וואָס אונטערשיידען זיך לויט זייער נאָמען און לויט זייער געשמאַק. די פעטערע פון זיי ווערען געטרעטען און גיבען אַ סך האָניג, וואָס איז ניט אַ סך ערגער פאַר ביענען-האָניג, וואָס געפינט זיך אויך אין דער דאָזיגער געגענד. ווייטער וואַקסט דאָרט דער אָפּאָבאַלזאַם, וואָס איז דער טייערסטער פּראָדוקט פון לאַנד, און אויך די הענא און דער מיראָבאַלאַנוס 2).

דעריבער קאָן מען מיט רעכט אָנרופען די דאָזיגע געגענד, וואו עס געדייהען אין אַזאַ רייכער מאָס די זעלטענסטע און טייערסטע נאַטור-פּראָדוקטען, אַ געבענשטע פון גאָט. אויך וואָס איז שייך צו אַנדערע מינים פירות, קאָן אויך ניט קיין אַנדער געגענד פון דער ערד גרינג פערגליכען ווערען מיט דעם דאָזיגען טאָל — מיט אַזאַ פולער מאָס גיט די ערד אַוועק צוריק דאָס, וואָס מען לייגט אין איהר אַריין.

מיר דוכט, אַז דאָס קומט פון דער וואַרימקייט פון דער לופט און פון דער אויסגעצייכענטער טבע פונ'ם וואַסער, מחמת דאָס ערשטע רופט אַרויס די נטיעות און לאָזט זיי וואַקסען רייך, די פייכטקייט אָבער לאָזט זיי שלאָגען טיעפע וואָרצלען און גיט זיי קראַפט אין זומער-צייט. אין זומער איז אין דער

1) פער גל. מלכים ב' קאַפּיטעל ב' פסוק 18—22.

2) דאָס זיינען פערשיידענע געווירצען, וואָס ווערען געברויכט אין די מזרח-לענדער אויף רפואות און צום פוץ.

געגענד אַזוי הייס, אַז מען קאָן ניט גרינג אַרויסגייהן אין דרויסען. די וואַסער, וואָס מען שעפּט אָן פאַרטאָג און מ'שטעלט עס אַרויס אויף דער לופט, ווערט זייהר קאַלט און בעקומט אַ טעמפּעראַטור, וואָס איז אַנטקעגענגעזעצט קעגען דער טעמפּעראַטור פון דער אַרומיגער לופט. און ווינטער, פערקעהרט, ווערט די וואַסער וואַרים און איז זייהר גוט צום באָדען זיך. אויך איז די לופט ווינטער-צייט אַזוי מילד, אַז די אָרטיגע איינוואוינער גייהען אָנגעטאָן אין ליינווענט, אין דער צייט וואָס אין די איבעריגע טיילען פון יהודה שנייט עס.

פון ירושלים ביז יריחו איז אַ מהלך פון 150 סטאַדיעס, און פון ירדן 60. די געגענד ביז ירושלים איז וויסט און שטיינערדיג, דער שטריך ביז צום ירדן און ים-המלח איז פלאַכער, נאָר אויך וויסט און אומפּרוכטבאַר. דערמיט, רעכען איך, האָב איך גענוג געזאגט וועגען דער געבענשטער לאַגע פון יריחו.

4. ס'איז כדאי אויך גענויער אַרומצושרייבען די טבע פון'ם ים המלח. זיין וואַסער איז, ווי עס איז שוין בעמערקט געוואָרען, ביטער און שעדליך פאַר די פלאַנצונגען. אויך איז עס אַזוי גרינג, אַז עס קאָן טראָגען אפילו די שווערסטע חפצים, וואָס מען וואַרפט אַהין אַריין, און מיט דער גרעסטער אָנשטריינגונג איז ניט גרינג זיך אונטערצוטונקען. אַזוי האָט אויך אַספּסינוס, בשעת ער איז געקומען צו בעקוקען די אָזיערע, געלאָזט אַריינוואַרפען אין דער טיעפעניש עטליכע מענשען, וואָס האָבען ניט געקאָנט שווימען, מיט די הענד געבונדען אויפ'ן רוקען, — נאָר אַלע זיינען זיי, ווי דורך אַ ווינד געטריבען, אַרויסגעשוואומען נאָך אויבען. מערקווירדיג איז ווייטער דאָס, וואָס די אָזיערע בייט איהר פאַרב; דריי מאָל אין טאָג בייט זי אום איהר פלאַך און שפּיגעלט צוריק די זונענשטראַהלען אין פיעל-פאַרביגען גלאַנץ.

אין אַ סך ערטער שטויסט דער ים-המלח אַרויס שוואַרצע שטיקער אַספאַלט, וואָס לויט זייער געשטאַלט און גרייס קאָנען זיי צוגעגליכען ווערען צו אָקסען אָהן קעפּ, און זיי שווימען אַרום איבער'ן וואַסער. די אַרבייטער אויף דער אָזיערע דערנעהענטערן זיך צו זיי, חאַפּען אויף די גרויסע מאַסען און ציהען זיי אַריין אין שיפלעך. נאָכדעם ווי זיי האָבען די שיפלעך אָנגעפילט, איז עס זיי ניט לייכט פונאַנדערצורייסען די שטיקער, וואָרום מחמת זייער קלעפּיגקייט בלייבען זיי בעהעפט צו די שיפלעך, ביז וואַנען זיי ווערען אָבגעריסען דורך מאָנאַטליכע בלוט פון ווייבער אָדער דורך מי רגלים: וואָרום נאָר די דאָזיגע פליסיגקייטען קאָנען פונאַנדערלאָזען דעם אַספאַלט. דער פּעך ווערט אָנגעווענדט ניט בלויז ביים בויען שיפען, נאָר אויך צוליעב היילונגס-צוועקען, און דעריבער מישט מען עס צו צו אַ סך רפואות.

די לייגג פון'ם ים המלח, וואָס ציהט זיך ביז צוֹער אין אַראַביען, בעטרעפט 580 סטאַדיעס, די ברייט 150 סטאַדיעס. ביי זיין ברעג ליגט דאָס לאַנד סדום, וואָס אַמאָל איז עס געווען אַ גליקליכע שטיקעל ערד, ווייל עס האָט געהאַט פרוכטבאַרע פעלדער און רייכע שטעדט, איצט אָבער איז עס אינגאַנצען צעשטערט דורך פייער. מחמת דער זינדיגקייט פון זיינע איינוואוינער,

זאָגט מען, זאָל עס זיין אָנגעצונדען געוואָרען דורך בליצען. נאָך איצט גע־פינען זיך סימנים פונ׳ם פייער, וואָס איז געשיקט געוואָרען פון הימעל, און אין דער אָזיערע קאָן מען נאָך זעהן די שאָטען־געשטאַלטען פון פינף שטעדט. אויך בעווייזט זיך שטענדיג פון דאָס ניי אַש אין געוויסע פירות, וואָס זיינען לויט זייער פאַרב עהנליך אויף אַזעלכע, וואָס מען קאָן זיי עסען; אָבער ווען מען רייסט זיי אָב מיט׳ן האַנד, צעפאַלען זיי אין שטויב און אַש. אַזוי ווערען די לעגענדעס וועגען דאָס לאַנד פון די סדומים בעשטעטיגט דורך פאַקטען, וואָס מען קאָן זיי זעהן מיט די אויגען.

# ניינטער קאפיטעל.

אספסינוס בעקומט די ידיעה וועגען נירונ׳ס טויט און לייגט אָב דעם אָנפאַל אויף ירושלים.—שמעון בר גיורא קלייבט זיך אריין אין דער הויפטשטאדט.

1. בכדי אַרומצוריגלען ירושלים פון אַלע זייטען, האָט אַספּסינוס אויס־געבויט לאַגערן אין יריחו און אין חדידאַ און האָט אַוועקגעשטעלט איןביידע שטעדט אַ גאַרניזאָן, וואָס איז געווען געמישט פון רוימער און פון פערבינדעטע. צוגלייך האָט ער געשיקט לוקיוס אַניוס׳ן מיט אַן אָבטיילונג רייטער און מיט אַ שטאַרקער אָבטיילונג פון פוס־פאָלק קיין געראַסאַ. יענער האָט אַיינגענומען די שטאָדט אין שטורעם, האָט אויסגע׳הרג׳עט אַלע יונגע מענשען, וואָס זיינען ניט צו דער רעכטער צייט אַנטלאָפען געוואָרען, אינגאַנצען 1 000 מאַן, האָט זייערע קרובים געמאַכט פאַר קריגסגעפאַנגענע און איבערגעגעבען זייער האָב־און־גוטס אויף צו רויבען זיינע סאָלדאַטען. נאָכדעם ווי ער האָט אוטערגעצונדען די הייזער, איז ער אַרויסגעטראָטען קעגען די אַרומיגע דערפער. ווער עס האָט נאָר געהאַט ביכולת, האָט זיך געראַטעוועט דורך אַנטלויפען; די שוואַכערע זיינען אומגעקומען; אַלץ איבעריגע איז אַוועק מיט׳ן פייער.

דאָס גאַנצע בערגלאַנד און אויך דער טאָל האָט זיך געפונען אין קריגס־צושטאַנד, און דורכדעם זיינען פאַר די איינוואוינער פון ירושלים געווען אָבגעשניטען אַלע וועגען. די וואָס האָבען געהאַט בדעה אַריבערצוגייהן צו די פיינד, זיינען געווען געהיט דורך די קנאים. די אַנדערע אָבער, וואָס זיינען נאָך ניט געווען אַיינגענומען פאַר די רוימער, זיינען געווען אַיינגעשראָקען דורכ׳ן חייל, וואָס האָט איצט די שטאָדט אַיינגעשלאָסען פון אַלע זייטען.

2. אַז אַספּסינוס האָט זיך אומגעקעהרט קיין קיסריה און האָט געהאַט בדעה אַרויסצוטרעטען מיט זיין גאַנצען חייל קעגען ירושלים, האָט מען איהם אָנגעזאָגט, אַז נירון איז געטויט געוואָרען.

ווי אַזוי דער דאָזיגער אימפּעראַטאָר, וואָס האָט רעגירט 13 יאָהר מיט 8 טעג, האָט בעשמוצט דעם טרוין דורכדעם, וואָס ער האָט איבערגעגעבען די ענינים פון דער רעגירונג די פערדאָרבענסטע מענשען, נימפּידיוס׳ן און

טיגעלינוס׳ן, און די מנוול׳סטע פרייגעלאָזטע שקלאַפען; ווי אַזוי יענע האָבען געמאַכט אַ פערשווערונג קעגען איהם, און ער, פערלאָזען פון אַלע זיינע לייב-וועכטערס, איז אַנטלאָפען בלויז מיט פיער פרייגעלאָזטע שקלאַפען, וואָס זיינען איהם געטריי געבליבען, און האָט זיך גענומען דאָס לעבען אין אַ פאָרשטאָדט פון רוים; ווי אַזוי די יעניגע, וואָס האָבען איהם אַראָבגעוואָרפען, זיינען אין אַ קורצער צייט אַרום בעשטראָפט געוואָרען; וואָס פאַר אַ סוף עס האָט געהאַט די גאַלישע מלחמה, און ווי אַזוי גאַלבאַ, וואָס איז געוואָרען בעשטימט פאַר אַן אימפעראַטאָר, האָט זיך צוריק אומגעקעהרט פון הישפאַניען, נאָר באַלד האָבען איהם זיינע סאָלדאַטען געחאַפּט ביי אַ מיאוס׳ער מעשה און דער׳הרג׳עט איהם אין מיטען דעם שטאָדט-פּלאַץ פון רוים און האָבען אויסגערופען אָטאָ׳ן פאַר׳ן אימפעראַטאָר; אָטאָ׳ס קריגסצוג קעגען וויטעליוס׳עס קריגספיהרער און זיין פאַלען; דערנאָך די מרידות אונטער וויטעליוס׳ן און דער קאַמף אַרום דעם קאַפּיטאָליום; צולעצט ווי אַזוי אַנטאָניוס פרימוס און מוקיאַנוס האָבען נאָכדעם ווי זיי האָבען גע׳פטר׳ט וויטעליוס׳ן און די גערמאַנישע לעגיאָנען, געענדיגט דעם בירגערקריג, — פון צו שילדערן אָטאָ די אַלע פרטים וועל איך פריי זיין, מחמת דאָס אַלץ איז אומעטום געגוג בעוואוסט און שוין אויפגעשריבען פון אַ סך גריכישע און רוימישע שריפטשטעלער. צוליעב דעם צוזאַמענהאַנג פון די געשעהענישען און בכדי ניט איבערצורייסען דעם פאָדים פון דער געשיכטע, האָב איך די הויפּטפּונקטען אָנגעוויזען אין דער איבערזיכט.

בכן האָט אַספּסינוס צוערשט אָבגעלייגט דעם קריסצוג קעגען ירושלים, וואָרום מיט שפאַנונג האָט ער געוואַרט דערויף, ווער עס וועט בעקומען ד׳ מאַכט נאָך נירונ׳ען. אויך דערנאָך, אַז ער האָט געהערט, אַז גאַלבאַ איז גע-וואָרען אימפעראַטאָר, האָט ער זיך ניט געוואָלט נעמען פאַר דער אַרבייט, איידער ער האָט בעקומען פונ׳ם קיסר דעם בעפעהל דערויף. ער האָט דע-ריבער געשיקט זיין זוהן טיטוס׳ן צו גאַלבאַ׳ן, בכדי איהם אָבצוגעבען מזל-טוב און בעקומען פון איהם בעפעהלען, ווי אַזוי זיך צו האַלטען בנוגע צו די אידען.

מיט׳ן דאָזיגען מיין איז אינאיינעם מיט טיטוס׳ן אָבגעפאָהרען קיין רוים אויך דער קעניג אַגריפּס. אָבער פאַר דער צייט, וואָס זיי זיינען געפאָהרען אויף קריגס-שיפען פאַזע דעם ברעג פון אַכאַיאַ (וואָרום ס׳איז געווען ווינטער), איז שוין גאַלבאַ דער׳הרג׳עט געוואָרען; בלויז זיבען חדשים מיט זיבען טעג איז ער געזעסען אויפ׳ן טרוין. נאָך איהם האָט אָטאָ בעקומען די רעגירונג, און ער האָט אַריינגעחאַפּט די ממשלה איבערגעוואַלד. אין דער צייט וואָס אַגריפּס האָט, ניט אַכטענדיג אויפ׳ן בייט פון דער רעגירונג, בעשלאָסען צו פאָהרען ווייטער קיין רוים, איז טיטוס, ווי ער וואָלט געווען געטריבען דערצו פון דער געטליכער השגחה, אָבגעפאָהרען פון גריכענלאַנד קיין סיריען און איז באַלד אָנגעקומען ביי זיין פאָטער אין קיסריה.

מורא האָבענדיג פאַר דער לאַגע פון דער רוימישער מלוכה, וואָס האָט, לויט זייער מיינונג, זיך געשאָקעלט ווי אַ שיף אין שטורעם, האָבען זיי ביידע ווינציגער געקלערט וועגען דער מלחמה קעגען די אידען, און היות ווי זיי זיינען געווען פער׳דאג׳עט וועגען זייער אייגענעם פאָטערלאַנד, האָבען זיי ניט געהאַלטען פאַר פּאַסיג אָנצופאַלען אויף די פרעמדע.

3. נאָר אָנשטאָט דעם איז אין ירושלים אויסגעבראָכען אַנ׳אַנדער מלחמה. אַ יוננער מענש פון גערסאַ, שמעון בר גיורא 1), וואָס בנוגע צו דורכגע־טריבענקייט איז ער געווען שוואַכער פאַר יוחנן, וואָס איז אין דער הויפט־שטאָדט שוין געווען אַ כל־יכול, נאָר בנוגע צו קערפּער־קראַפט און מוט איז ער געווען שטאַרקער פאַר איהם, און מחמת דער דאָזיגער תכונה זיינער האָט איהם דער כהן־גדול חנן געהאַט אַרויסגעטריבען פון דער געגענד עקרבתא, וואו ער האָט זיך געמאַכט פאַר אַ מושל, — דער דאָזיגער שמעון בר גיורא איז געווען צוגעשטאַנען צו די רויבער, וואָס האָבען געהאַט פערנומען מצדה 2). לכתחילה האָבען זיי איהם ניט געטרויט און האָבען איהם ערלויבט מעהר ניט צו וואוינען אינאיינעם מיט די ווייבער, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, אין אונ־טערשטען טייל פון דער פעסטונג, אין דער צייט וואָס זיי גופא האָבען פער־נומען דעם אויבערשטען טייל. נאָר אין גיכען האָט ער זיך אַרויסגעוויזען פאַר פאַר אַן אמת׳ען חבר זייערן און האָט צוביסלעכווייז געוואונען זייער צוטרוי־און אַזוי האָט ער געטראַכט נעמען אַן אַנטייל אין זייערע רויבאָנפאַלען און האָט זיי געהאָלפען פערוויסטען די סביבה. נאָר צו גרעסערע אונטערנעמונגען האָט ער די באַנדיטען ניט געקאָנט בעוועגען. מחמת זיי האָבען זיך געהאַט צוגעוויינט צו דער פעסטונג, האָבען זיי געקווייקעלט צו פערלאָזען דעם דאָזיגען בעהעלטעניש זייערן.

נאָר שמעון האָט געהאַט העכערע פּלענער: זיין ציעל איז געווען די טיראַנענהערשאַפט. דעריבער איז ווי נאָר ער איז געוואָהר געוואָרען וועגען חנן׳ס טויט, האָט ער זיך אָבגעטיילט פון זיי, איז אַוועק אין די בערג, האָט געלאָזט דורך אויסרופער צוזאָגען פרייהייט די שקלאַפען און בעלוינונגען די פרייע, און אַזוי האָט ער צונויפגעקליבען אַרום זיך די שלעכטע מענשען פון דער גאַנצער געגענד.

4. אין גיכען האָט ער צונויפגעקליבען אַ גרויסע באַנדע און האָט צוערשט אויסגערויבט די דערפער אין די בערג. דערנאָך אָבער, אַז ער האָט בעקומען אַלץ מעהר אָנהיינגער, האָט ער דערוועגט זיך אויף אַראָבצונידערן אין טאָל. אַפילו די שטעדט האָבען איצט פאַר איהם מורא געהאַט, און צוגלייך האָט זיין מאַכט ווי אויך די הצלחה, וואָס זיינע אונטערנעמונגען האָבען געהאַט, בעוואויגען אַ סך אָנגעזעהענע מענשען אַריבערצוגייהן אויף זיין צד, אַזוי אַז זיין חייל

1) ז. בוך II, 19, 2.

2) ז. בוך II, 22, 2.

איז שוין בעשטאַנען ניט בלויז פון שקלאַפען און רויבער, נאָר ער האָט שוין געהאַט אויך ניט ווינציג מיושב׳ע בירגער, וואָס האָבען איהם געפאָלגט, ווי אַ קעניג.

דעמאָלט האָט ער אויסגעשפּרייט זיינע רויבאָנפאַלען ביז דער געגענד פון עקרבתא און אפילו ביז דער גרעסערער פּראָווינץ פון אדום. ביי אַ דאָרף כפר-עין האָט ער אויסגעבויט אַ מין פעסטונג, וואָס האָט איהם געדיענט צוליעב זיין זיכערקייט, און חוץ דעם האָט ער געלאָזט גרעסער מאַכען אַ סך הייהלען אין אַ בערג-שפּאַלט מיט׳ן נאָמען פרן. די דאָזיגע הייהלען און נאָך אַ סך אַנדערע בעהעלטענישען, וואָס ער האָט דאָרט שוין געפונען פאַרטיג, האָט ער אויסגענוצט פאַר שאַצקאַמערן און מאַגאַזינען פאַר׳ן רויב. דאָס אייגענע האָט ער דאָרט בעהאַלטען די גערויבטע פירות פון פעלד, און אַ בעדייטענדער טייל פון זיין באַנדע האָט דאָרט געוואוינט. אַז מיט די דאָזיגע אָנפאַלען פון זיין באַנדע און מיט די איבעריגע הכנות איז ער אויסען געווען צוצוגרייטען אַן אונטערנעמונג קעגען ירושלים, דערין האָט קיין ספק ניט געקאָנט זיין.

5. אויס מורא פאַר אַ בעהאַלטענעם אָנפאַל און בכדי ניט צו דערלאָזען שטייגען אַזאַ מענשען, וואָס זיין מאַכט איז צו זייער שאָדען טעגליך געוואַקסען, זיינען די קנאים אין אַ גרויסער צאָהל אַרויסגעטראָטען בעוואָפענט קעגען איהם. שמעון האָט זיך אַריינגעלאָזט מיט זיי אין אַ שלאַכט, האָט אויס׳ג׳ע׳הרג׳עט אַ סך געגנער און האָט צוריקגעטריבען די איבעריגע אין שטאָדט אַריין. נאָר היות ווי ער האָט זיך נאָך ניט פערלאָזען אַזוי ווייט אויף זיינע כחות, צו מאַכען אַן אָנפאַל אויף די מויערן, איז ער אָבגעטראָטען, בכדי צוערשט איינצונעמען דאָס לאַנד אדום, און איז אַרויסגעטראָטען קעגען זיינע גרעניצען בראש פון אַ חייל פון 20 000 בעוואָפענטע.

די אָנפיהרער פון די אדומים האָבען וואָס צום גיכסטען צונויפגעקליבען די קריגספייהיגסטע מענשען פון לאַנד, אַן ערך 25 000 - מאַן, און האָבען אָבגעוואַרט שמעון׳ען אויפ׳ן גרעניץ פון זייער לאַנד; די איבעריגע מאַסע האָבען זיי איבערגעלאָזען צו בעשיצען זייער האָב-און-גוטס קעגען די אָנפאַלען מצד די סיקאַריער פון מצדה. ס׳איז פאָרגעקומען אַ געשלעג; און הגם מען האָט געשטריטען אַ גאַנצען טאָג, פונדעסטוועגען איז ניט געווען בעשטימט, ווער עס האָט מנצח געווען, און סוף-כל-סוף האָבען די אדומים זיך אומגעקעהרט אַ היים, און שמעון איז אַוועק קיין כפר-עין.

נאָר אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער ווידער אַמאָל אַריינגעדרונגען אין אדום נאָך מיט אַ גרעסערן חייל, האָט אויפגעשלאָגען זיין לאַגער ביי אַ דאָרף מיט׳ן נאָמען תקועה און האָט געשיקט אלעזר׳ן, זיינעם אַ גוטען פריינד, בכדי צו בעוועגען דעם גאַרניזאָן פון דער שכנישער פעסטונג הורדיון זיך אונטערצוגעבען. צוערשט האָט דער גאַרניזאָן אויפגענומען אלעזר׳ן פריינדליך ווייל זיי האָבען נאָך ניט געוואוסט דעם צוועק פון זיין קומען. אָבער אַז ער האָט אָנגעהויבען ריידען וועגען דער איבערגעבונג, האָבען זיי זיך אַ לאָז גע-

טאָן אויף איהם מיט בלויזע שווערדען, ביז וואַנען ער האָט פאַר זיך ניט גע-זעהן מעהר קיין וועג צו אַנטלויפען און האָט זיך אַראָבגעוואָרפען פון מויער אין אַ בערגשפּאַלט, וואָס האָט זיך געפונען אונטער איהר, וואו ער איז תיכף געשטאָרבען.

נאָר די אדומים האָבען פאָרט בעקומען פאַר שמעון׳ס מאַכט און האָבען דעריבער בעשלאָסען, איידער זיי וועלען זיך אַריינלאָזען אין אַ געשלעג, אויסצופאָרשען דעם פיינדס חייל.

6. צוליעב דעם צוועק האָט זיך אַרויסגערופען מיט גרויס חשק יעקב, איינער פון די אָנפיהרער. שטילערהייד אָבער האָט ער געטראַכט וועגען בגידה.— פונ׳ם דאָרף אַלור, וואו דעמאָלט איז געשטאַנען דער חייל פון די אדומים, איז ער אַוועק צו שמעון׳ען און האָט צוערשט אָבגעמאַכט מיט איהם, איבער-צוגעבען איהם זיין געבאָרענשטאָדט, און דערפאַר האָט שמעון איהם צוגעזאָגט מיט אַ שבועה צו לאָזען איהם אויף שטענדיג אויף זיין פריהערדיגער הויכער שטעל. ווייטער האָט דער אדומי איהם צוגעזאָגט צו העלפען איהם ביי דער פערשקלאַפונג פון גאַנץ אדום. שמעון האָט איהם מכבד געווען, ווי אַ גאַסט, און האָט געפלייסט זיך נאָך מעהר איהם צוצוציהען דורך גלענצענדע הבטחות.

בשעת יעקב האָט זיך אומגעקעהרט צוריק צו די זייניגע, איז געווען זיין ערשטע עבודה צו שילדערן מיט פאַלשע ווערטער די שטאַרקייט פון שמעון׳ס חייל. דערנאָך האָט ער געמיהט זיך דורך שמועסען מיט די אָנפיהרער און מיט איינצעלנע מענשען צו בעוועגען דעם גאַנצען חייל, זיי זאָלען אויפ-נעמען שמעון׳ען, און איידער נאָך צו דערלאָזען צו אַ געשלעג, זאָלען זיי איהם איבערגעבען די ממשלה. אין דער צייט, וואָס ער האָט אַזוי געווירקט אויף די אדומים, האָט ער דורך שלוחים געלאָזט רופען שמעון׳ען און האָט איהם צו-געזאָגט, אַז ער וועט צעשפּרייטען די אדומים.

זיין הבטחה האָט ער טאַקע געהאַלטען, וואָרום ווי נאָר שמעון׳ס חייל האָט זיך בעוויזען, איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויף זיין פערד און איז אַוועק. געריטען בראש פון זיינע חברים, וואָס האָבען געוואוסט פונ׳ם פּלאַן. אַ שרעק איז איצט אָנגעפאַלען אויפ׳ן גאַנצען פאָלק, און נאָך איידער עס איז געקומען צו אַ געשלעג, זיינען די רייהען פונאַנדערגעריסען געוואָרען, און אַלע זיינען זיך צעלאָפען אין זייערע הייזער

7. שמעון האָט אַליין גאָרניט געריכט זיך, אַז ער וועט אויסקומען אָהן בלוט-פערגיסונג, און ער איז אַריינגעטראָטען אין לאַנד אדום. צוערשט האָט ער דורך אַ פּלוצלונגדיגען אָנפאַל איינגענומען די שטאָדט חברון, און האָט גע-מאַכט דאָרט אַ רייכען רויב און אַוועקגערויבט אַ סך תבואה.

די אָרטיגע איינוואוינער בעהויפּטען, אַז חברון איז לא די וואָס עלטער, איידער די איבעריגע שטעדט פון יענער געגענד, נאָר זי איז אַפילו עלטער

## די אידישע מלחמות

פאַר מעמפיס אין עגיפּטען 1); וואָרום מען האָט אויסגערעכענט, אַז די שטאָדט איז אַלט 2300 יאָהר. די טראַדיציע דערציילט, אַז דאָ האָט געוואוינט אברהם־דער עלטערפאָטער פון די אידען, נאָכדעם ווי ער איז אַרויסגעגאַנגען פון ארם נהרים, און פון דאָרט זיינען זיינע אוראייניקלעך אויסגעוואַנדערט קיין מצרים־די מצבות פון די לעצטע, וואָס זיינען אויסגעבויט פונ׳ם שענסטען מירמעל־שטיין מיט גרויס פּראַכט, בעווייזט מען נאָך איצט אין דעם דאָזיגען שטעדטיל. זעקס סטאַדיעס ווייט פון חברון ווייזט מען נאָך אויך אַ ריזיגען טערעבינטען־בוים, וואָס זאָל דאָרט שטייהן, זינט די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען.

פון דאָרט איז שמעון דורכגעגאַנגען גאַנץ אדום און האָט ניט בלויז חרוב געמאַכט אַלע שטעדט און דערפער, נאָר ער האָט אויך פערוויסט דאָס גאַנצע אַקערלאַנד. וואָרום חוץ זיינע שווער בעוואָפענטע, זיינען געגאַנגען נאָך איהם נאָך 40000 מאַן, אַזוי אַז פאַר אַזאַ מאַסע האָבען אפילו די נויטיגסטע לעבענסמיטלען ניט געקלעקט. די אונטערדריקונג פון לאַנד איז נאָך פערגרע־סערט געוואָרען דורך שמעונ׳ס אַכזריות און זיין כעס אויפ׳ן פאָלק, וואָס מחמת דעם האָט די פערוויסטונג פון אדום דערגרייכט צו אַלץ אַ גרעסערער מדרגה, וואָרום אַזוי ווי נאָך דעם פאַרבייפליהען פון אַ מחנה היישריקען קאָן מען זעהן, ווי גאַנצע וועלדער זיינען געבליבען אָהן בלעטער, אַזוי האָט שמעונ׳ס חייל געלאָזען הינטער זיך אַן אמת׳ען מדבר, ווייל דאָ האָט ער פערברענט, דאָרט האָט ער איינגעבראָכען, פערטיליגט אַלצדינג, וואָס די ערד טראָגט, דורך צע־טרעטען אָדער אָבווײדען און האָט די גאַנצע בעאַקערטע ערד געבראַכט דורך זיין מאַרש אין אַזאַ צושטאַנד, וואָס איז נאָך ערגער געוועזן פונ׳ם צושטאַנד פון אומפּרוכטבאַרער ערד. בקצור, אין די פערוויסטעטע געגענדען איז אפילו ניט געבליבען קיין סימן פונ׳ם פריהערדיגען וואוילשטאַנד.

8. די דאָזיגע געשעהענישען האָבען אויפגעוועקט די קנאים פון זייער אומטעטיגקייט. צו קעמפען קעגען שמעונ׳ען אין אַן אָפענער שלאַכט האָבען זיי זיך אָבער ניט דערוועגט; דערפאַר אָבער האָבען זיי אַוועקגעשטעלט אין אַ שמאָלען בערגוועגיל אַ לויער, וואָס האָט געחאַפּט שמעונ׳ס פרוי און איהר גרויסע בעגלייטונג. מיט גרויס שמחה, אַזוי ווי זיי וואָלטען שמעונ׳ען גופא געהאַט געפאַנגען, זיינען זיי דערויף אַריינגעטראָטען אין דער הויפּטשטאָדט און האָבען געריכט זיך ניט אויף קלענערס, נאָר אַז שמעון וועט אַנידערלייגען די געוועהר און וועט בעטען בהכנעה, מען זאָל זיין פרוי פריילאָזען.

נאָר ער האָט געפיהלט ניט רחמנות, נאָר אַ גרויסען כעס איבער דעם דאָזיגען רויב, און באַלד איז ער אָנגעקומען פאַר די מויערן פון ירושלים און ווי אַ פערוואונדעטע חיה, וואָס קאָן ניט חאַפּען דעם, ווער עס האָט זי פערוואונדעט, האָט ער אויסגעלאָזט זיין גרימצאָרן צו אַלעמען, ווער עס איז איהם געקומען אין וועג. ווער עס האָט זיך נאָר דערוועגט אַרויסצוגייהן פון די טויערן פון שטאָדט, בכדי צו קלייבען האָלץ אָדער גרינסען, צי עס זיינען

1) פערגל. במדבר, קאַפּיטעל י״ג פסוק 22.

געווען אַפילו אומבעוואָפענטע אָדער אַלטע לייט, האָט מען זיי געחאַפּט און געפייניגט צום טויט; ס'האָט נאָר אויסגעפעהלט, אז שמעון זאָל אין זיין וויל- דען כעס אויפעסען די קערפּערס פון די הרוגים.

אַסך האָט ער אויך צוריק אַריינגעשיקט אין שטאָדט מיט אָבגעהאַקטע הענד, צום טייל, בכדי אַריינצוּויאָגען אַ שרעק זיינע פיינד, צום טייל, בכדי דורכדעם אויפצורייצען דאָס פאָלק קעגען די שולדיגע. די אומגליקליכע האָט מען געהייסען אָנזאָגען, אַז שמעון שווערט ביי גאָט, אויב זיי וועלען אויפ'ן שטעל ניט אָבגעבען איהם זיין ווייב, וועט ער שטורעמען אויף דער מויער און וועט אָנטון דאָס אייגענע אַלע אַייוואוינער פון שטאָדט, ניט צו שוינען קיין עלטער אָדער אָבצושיידען שולדיגע פון אומשולדיגע.

די דאָזיגע סטראַשונקעס האָבען אַייגגעשראָקען ניט בלויז דאָס פאָלק, נאָר אויך די קנאים, און באַלד האָט מען איהם אָבגעגעבען זיין ווייב. דערויף איז ער אַ ביסעל אַייגעשטילט געוואָרען און האָט אָבגעשטעלט די ווייטערדיגע בלוטפערגיסונג.

9. אָבער ניט בלויז אין יהודה אַליין האָבען געהערשט מהומות און ביר- גערקריג, נאָר אויך אין איטאַליען. וואָרום גאַלבאַ איז דער'הרג'עט געוואָרען אין מיטען דעם שטאָדט-פּלאַץ פון רוים און צום אימפּעראַטאָר איז אויסגערו- פען געוואָרען אָטאָ, וואָס האָט זיך געפונען אין קאַמף מיט זיין קאָנקורענט וויטעליוס'ן, וועלכען די גערמאַנישע לעגיאָנען האָבען אויסגעקליבען. ביי בעד- ריאַקום אין גאַליען איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט צווישען אָטאָ און וויטעליוס'עס אָנפיהרער, וואַלענס און צעצינאַ. אין דער דאָזיגער שלאַכט האָט דעם ערש- טען טאָג געהאַט די אויבערהאַנד אָטאָ, דעם אַנדערן טאָג אָבער וויטעליוס'עס חייל. נאָכדעם ווי עס איז פערגאָסען געוואָרען אַ סך בלוט, האָט אָטאָ, וואָס האָט אין בריקסעלום זיך דערוואוסט וועגען דער מפּלה, זיך אַליין געטויט; נאָר דריי חדשים מיט צוויי טעג איז ער געשטאַנען בראש פון דער מלוכה; זיין חייל איז אַריבערגעגאַנגען צו וויטעליוס'עס קריגספיהרער, און יענער איז דעמאָלט מיט זיין חייל אַריינגעטראָטען אין רוים.

דערווייל איז אויך אַספּסינוס פינף טעג אין חודש סיון אַרויסגעטראָטען פון קיסריה געגען די געגענדען פון יהודה, וואָס זיינען נאָך ניט אַיינגענומען געווען. צוערשט איז ער אַרויף אויפ'ן בערגלאַנד און האָט אַיינגענומען די געביטען פון גופנא און עקרבתא, דערנאָך די שטעדלעך בית-אל און אפרים, וואו ער האָט אַוועקגעשטעלט גאַרניזאָנען. דערנאָך איז ער געריטען ווייטער ביז ירושלים. אַ סך אידען, וואָס זיינען אַריינגעפאַלען צו איהם אין די הענד, זיינען געטויט געוואָרען, אַ סך געמאַכט פאַר געפאַנגענע.

איינער פון זיינע אָפיצירען, צערעאַליס, האָט פערוויסט מיט אַן אָבּ- טיילונג רייטעריי און פוספאָלק דעם אַזוי אָנגערופענעם אויבערשטען אדום און האָט אונטערגעצונדען אַ שטעדטיל כפתרה, וועלכע ער האָט אַיינגענומען דורך אַ פלוצלונגדיגען אָנפאַל. אַן אַנדער שטעדטיל, מיט'ן נאָמען כפר-עבים, האָט ער

בעלעגערט, מחמת זי איז געווען אַרומגערינגעלט דורך שטאַרקע מויערן. אין דער צייט וואָס ער האָט זיך געריכט, אַז ער וועט דאָ מוזען בלייבען שטייהן אַ לייגגערע צייט, האָבען די אײנוואוינער פלוצלונג געעפענט איהם די טויערן, האָבען געבעטען גענאָד און האָבען זיך אונטערגעגעבען. צערעאַליס האָט אָבגעשטעלט ביי זיי אַ שמירה און איז אַוועק פון דאָרט אין אַן אַנדער שטאָדט, אין דער אַלטער חברון, וואָס ליגט, ווי עס איז שוין בעמערקט געוואָרען, ניט ווייט פון ירושלים אין די בערג. נאָכדעם ווי ער האָט געצוואונגען די אײנוואוינער איהם אַרײנצולאָזען, האָט ער געלאָזט אויס׳הרג׳ען אַלע קריגס-פייהיגע מענשען און די שטאָדט פערברענען.

איצט איז דאָס גאַנצע לאַנד געווען אײנגענומען, חוץ די פעסטונגען הורדיון, מצדה און מכוור, וואָס די רויבער האָבען זיי געהאַט פערנומען, און בכן איז ירושלים געווען דער נאָהענטסטער ציעל פאַר די רוימער.

10. ווי נאָר שמעון האָט בעפרייט זיין ווייב פון די הענד פון די קנאים, האָט ער זיך צוריק אומגעקעהרט אין די טיילען פון אדום, וואָס זיינען נאָך געבליבען פערשוינט, און האָט דאָס פאָלק אַזוי בעדריקט פון אַלע זייטען, אַז אַ סך זיינען אין זייער נויט אַנטלאָפען געוואָרען קיין ירושלים. שמעון גופא האָט זיי נאָכגעיאָגט ביז פאַר דער שטאָדט, האָט ווידער אַרומגערינגעלט די מויערן און האָט אויסגע׳הרג׳עט אַלע אַרבייטער, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען פון שטאָדט, וויפיעל ער האָט געקאָנט חאַפּען.

נאָר אויב דעם פאָלק איז פון די אויסווייניגסטע פיינד שמעון געווען שרעקליכער, איידער די רוימער, דערפאַר אָבער האָבען די קנאים אינעווייניג אין שטאָדט איהם אײנגעפליסט נאָך אַ סך אַ גרעסערע שרעק. איבעריגענס, האָט דערווייל די רשעות און עזות׳קייט צעשטערט די דיסציפלין ביים גליל׳ער חייל. וואָרום נאָכדעם ווי יוחנן איז מיט זייער הילף אַרויפגעשטיגען אויפ׳ן שפּיץ פון דער מאַכט, האָט ער זיי מיט׳ן אַוטאָריטעט פון זיין איצטיגען מעמד אַלס הערשער ערלויבט צו טון אַלצדינג, וואָס זייער האַרץ גלוסט. זייער רויבגיריגקייט איז געווען אָהן אַ מאָס; טויטען מענער און שענדען פרויען איז געווען זייער צייט-פערברייננגען. נאָך טריפענדיג פון בלוט, האָבען זיי אויסגעגעסען דאָס געראַבטע און מחמת איבערזעטיגונג האָבען זיי זיך ניט געשעמט אָנצונעמען ווייבערשע מנהגים: זיי האָבען זיך פריזירט די האָר, אָנגעטאָן זיך ווייבערשע קליידער און צום פּוץ געפאַרבט זיך די אויגען. אָבער ניט בלויז בנוגע צום פּוץ אַליין האָבען זיי געמיהט זיך נאָכצומאַכען ווייבער, נאָר זיי האָבען זיך געלאָזט געברויכען אַלס אַזעלכע און אין זייער תאוה האָבען זיי אויסגעקלערט ווידערנאַטירליכע גלוסטען. ווי אין אַ בית-הזונות האָבען זיי זיך אַרומגעוואַלגערט איבער׳ן שטאָדט און האָבען זי בעפלעקט מיט כל׳ערלי מעשי-תועבה. ווייבער לויט זייער פנים, פלעגען זיי מיט׳ן האַנד געברויכען מאָרד-געוועהר; חנ׳דלענדיג זיך מיט טאַנצענדיגע טריט, פלעגען זיי פלוצלונג פערוואַנדעלט ווערען אין אָנפאַלענדע קריגסלייט; פון זייערע פיין.

געפּאָרבענע ווייבער-קליידער אפור פלעגען זיי אַרויסציהען שווערדען און דורכשטעכען איטליכען, ווער עס פלעגט זיי קומען אין וועג.

אויב עמיצער פלעגט אַנטרונען ווערען פון יוחנן, פלעגט אויף איהם שוין לויערן שמעון, וואָס איז געווען נאָך בלוטדאָרשטיגער, און ווער עס האָט זיך געראַטעוועט פונ׳ם בעדריקער אינעווייניג אין שטאָדט, איז געפאַלען פאַר אַ קרבן פונ׳ם טיראַן, וואָס איז געשטאַנען פאַר די טויערן. האָט ער אָבער געוואָלט איבערגייהן צו די רוימער, האָט ער געפונען פערשפאַרט אַלע וועגען צום אַנטלויפען.

11. מחמת דעם איז צווישען די קריגסלייט אויסגעבראָכען אַ מרידה קעגען יוחנן. אַלע אדומים האָבען זיך אָבגעטיילט פון די איבעריגע אָנהייגער יוחנן׳ס, בכדי אַרויסצוטרעטען קעגען דעם טיראַן, וואָס זיי האָבען איהם מקנא געווען זיין ממשלה, און זיין אַכזריות האָט דערוועקט זייער שנאה. באַלד איז אויך אַרויסגעקומען אַ געשלעג, אין וועלכען אַ סך קנאים האָבען אָנגעוואָהרען זייער לעבען, און די איבעריגע זיינען אַריינגעטריבען געוואָרען אין פּאַלאַץ, וואָס עס האָט אויסגעבויט גראַפּטע, אַ קרובה פון איזאַטעס׳ן, דעם קעניג פון הדייב. די אדומים, וואָס זיינען אָנגעקומען אין פּאַלאַץ איניינעם מיט די קנאים, האָבען אַרויסגעשטופּט די לעצטע ווייטער אין בית-המקדש אַריין און האָבען זיך גענומען דערנאָך אויסרויבען יוחנן׳ס אוצרות. ווארום דער דאָזיגער פּאַלאַץ, וואו ער האָט געוואוינט, האָט אויך געדיענט איהם אויף צו בעהאַל-טען דעם רויב, וואָס זיין טיראַניע האָט איהם איינגעבראַכט.

דערווייל זיינען די סך קנאים, וואָס זענען געווען פערשפּרייט איבער׳ן שטאָדט, געקומען צו לויפען צו זייערע חברים, וואָס זיינען אַנטלאָפען געוואָרען אין בית-המקדש, און יוחנן האָט שוין געמאַכט הכנות אַרויסצופיהרען זיי אין קאַמף קעגען דעם פאָלק און די אַדומים. די לעצטע, וואָס זיינען געווען שטאַרקער פאַר זיי לויט זייער קריגספייהיגקייט, האָבען מורא געהאַט ניט אַזוי פאַר אַנ׳אָפּענעם אָנפאַל מצד די קנאים, נאָר דערפאַר, אַז יענע זאָלען מחמת יאוש ביי-נאַכט ניט אָרויס׳גנב׳ען זיך שטילערהייד פון בית-המקדש, אָנ-פאַלען אויף זיי און אונטערצינדען די שטאָדט. דעריבער האָבען זיי זיך צו-נויפגעקליבען און מיישב געווען זיך איניינעם מיט די כהנים-גדולים, אויף וואָסער אויפן מען קאָן זיך פערזיכערן קעגען אַזאַ אָנפאַל. אָבער גאָט האָט געווענדט זייערע געדאַנקען אויף אַ שלעכטען וועג, אַזוי אַז זיי האָבען אויס-געקלערט אַ מיטעל אויף רעטונג, וואָס איז געווען ערגער, איידער אַ פולקו-מענער אונטערגאַנג. בכדי אַראָבצוואַרפען יוחנן, האָבען זיי בעשלאָסען אַריינ-צולאָזען אין שטאָדט שמעון׳ען און מיט בהכנעה׳דיגע בקשות אַרויפצולאָזען זיך אויפ׳ן האַלז אַ צווייטען טיראַן.

די דאָזיגע החלטה איז טאַקע אויסגעפיהרט געוואָרען. זיי האָבען אַרויס-געשיקט דעם כהן-גדול מתתיהו, בכדי צו בעטען שמעון׳ען, וואָס מען האָט זיך אַזוי געשראָקען פאַר איהם, ער זאָל אַריינטרעטען אין שטאָדט. צו דער דאָ-

זיגער בקשה האָבען אויך צוגעשטימט די יעניגע, וואָס זיינען אַנטלאָפען געוואָ-רען פאַר די קנאים פון ירושלים, מחמת זיי האָבען געהאָפט ווידער צו בע-קומען זייערע הייזער און זייער פערמעגען. פול מיט האָפערדיגקייט, האָט שמעון געטאָן זיי דעם חסד, צו זיין זייער דעספאָט, און איז אַריין אין שטאָדט אונטער'ן אויסרייד צו בעפרייען זי פון די קנאים. דערפאַר האָט איהם דאָס פאָלק בעגריסט אַלס זיין אויסלייזער און בעשיצער. ווי נאָר ער איז געווען אינעווייניג מיט זיין חייל, האָט ער געווענדט זיין אויפמערקזאַמקייט נאָך דע-רויף, וואָס האָט געקאָנט נוצען זיין אויבערהערשאַפט, און האָט בעטראַכט פאַר שונאים פונקט אין דערזעלבער מאָס די יעניגע, וואָס האָבען איהם גע-רופען, אַזוי ווי די, וואָס קעגען זיי איז ער גערופען געוואָרען.

12. אַזוי איז שמעון אין דריטען יאָהר פון דער מלחמה, אין חודש ניסן, געוואָרען דער האַר פון ירושלים. יוחנן אָבער און די סך קנאים, וואָס פאַר זיי איז געווען פערשפאַרט איטליכער אויסוועג פון בית-המקדש, און זייער גאַנצער אייגענס אין דער שטאָדט איז צוגענומען געוואָרען (וואָרום שמעון און זיינע מענשען האָבען אומגעזאַמט אַוועקגערויבט דעם גאַנצען האָב-און-גוטס פון זייערע געגנער),—האָבען זיך איצט געפונען אין זייהר אַ פערצווייפעלטער לאַ-גע. חוץ דעם האָט שמעון מיט דער שטיצונג פון פאָלק נאָך געמאַכט אַן אָפענעם אָנפאַל אויפ'ן בית-המקדש. נאָר די קנאים האָבען זיך געשטעלט אויף די טורעמס און גאַלערייעס און האָבען זיי אָבגעטריבען, און שמעונ'ס מענשען זיינען מאַסענווייז אַוועקגעטראָגען געוואָרען טויטע אָדער פערוואונדעטע; וואָרום פון זייער העכערן אָרט האָבען די קנאים געשאָסען גרינג און זיכער.

הגם די לאַגע פון אָרט גופא איז געווען אַ גינסטיגע, האָבען זיי נאָך אויסגעבויט פיער גרויסע טורעמס, בכדי זיי זאָלען קאָנען שיסען פון נאָך העכערע ערטער. איין טורעם האָבען זיי אַוועקגעשטעלט אין צפונית-מזרחית-ווינקעל, דעם אַנדערן – איבער'ן קסוסטוס, דעם דריטען – אין ווינקעל, וואָס איז געלעגען קעגענאיבער דער אונטערשטער שטאָדט; דער לעצטער איז גע-וואָרען אויסגעבויט איבער'ן דאַך פון די לשכות.

אין דעם דאָזיגען אָרט פלעגט לויט אַנ'אַלטען מנהג אַלע ערב שבת זיך שטעלען אַ כהן און געבען אַ סיגנאַל מיט אַ טרומייט, אַז עס איז אָנגעקומען דער רוהעטאָג, און אויך מוצאי-שבת – אַז דער רוהעטאָג איז אויס; דעם ערשטען מאָל פלעגט ער מעלדען דורכדעם דעם פאָלק, אַז מען זאָל זיך אָבהאַלטען פון אַרבייטען, און דעם אַנדערן מאָל, אַז מען זאָל זיך שטעלען צוריק צו דער אַרבייט.

אויף די דאָזיגע טורעמס האָבען די קנאים פונאַנדערגעשטעלט קאַטאַ-פולטען און אַנדערע שליידערמאַשינעס, און אויך בויגענשיסערס און שליי-דערערס. פון דעמאָלט אָן האָט שמעון אַ ביסעל נאָכגעלאָזט זיינע אָנפאַלען, ווייל דער גרעסטער רוב פון זיינע מענשען האָבען אָנגעהויבען צו פערלירען

דעם מוט. נאָר פונדעסטוועגען האָט ער זיך געהאַלטען, מחמת ער האָט געהאַט מעהר מענשען, הגם די פיילען און קוילען פון די מאַשינעס האָבען געטויט אַ סך פון זיינע שטרייטער.

# צעהנטער קאפיטעל.

די סאָלדאטען אין יהודה און עגיפטען רופען אויס אספּסינוס׳ן צום אימפּעראַטאָר. — ביי יוסף׳ן נעמט מען אראָב די קייטען.

1. אין דערזעלביגער צייט איז אויך רוים געשטראָפט געוואָרען פון שווערע פּלאָגען. וויטעליוס איז אָנגעקומען פון גערמאַניען מיט זיין חייל און מיט נאָך אַ גרויסער מאַסע מענשען, וואָס ער האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך, און האָט געמאַכט גאַנץ רוים פאַר אַ קריגסלאַגער און אָנגעפּילט אַלע הייזער מיט בעוואָפענטע, ווייל אין די בנינים, וואָס זיינען געווען בעשטימט פאַרן מיליטער, האָט ער ניט געקאָנט אַלעמען אונטערברייגגען.

בשעת די סאָלדאַטען האָבען דערזעהן מיט זייערע אויגען, וואָס זיינען צו אַזעלכעס ניט צוגעוויהנט געווען, דעם רייכטום פון די רוימער, און אומעטום האָט זיי אַנטקעגענגעפונקעלט גאָלד און זילבער, האָבען זיי קוים געקאָנט איינהאַלטען זייער חשק, תיכף צו לאָזען זיך אויסרויבען אַלצדינג און צו דערשטעכען איטליכען, ווער עס האָט זיי געקאָנט דערין שטערען. אַזוי האָט עס אויסגעזעהן אין איטאַליען.

2. אַספּסינוס איז נאָר וואָס אָנגעקומען ווידער אין קיסריה, נאָכדעם ווי עס איז אַיינגענומען געוואָרען די נאָהענטסטע סביבה פון ירושלים. דאָרט האָט ער זיך דערוואוסט וועגען די אומרוהען אין רוים און וועגען דעם, אַז וויטעליוס איז געוואָרען קיסר. הגם ער האָט פערשטאַנען צו פאָלגען פונקט אַזוי גוט, ווי צו בעפעהלען, פונדעסטוועגען האָט די דאָזיגע בשורה דאָך אַרויסגערופען זיין אומצופרידענקייט, ווייל ער האָט גערעכענט, אַז אַזאַ מענש, וואָס לאָזט אויס זיין משוגעת צו דער פּוּר׳יתום׳טער מלוכה, איז ניט ראוי צו זיצען אויפ׳ן טרוין. בעזונדערס האָט איהם ווייה געטאָן די עובדה, וואָס ער בעדאַרף זיך פערנעמען מיט׳ן קאַמף קעגען פרעמדע, אין דער צייט וואָס זיין אייגען פאָטערלאַנד געגעהענט צום אונטערגאַנג. נאָר אויף וויפיעל זיין כעס האָט איהם אויפגערייצט צו נקמה, אויף אַזוי פיעל האָט דער געדאַנק וועגען דעם גרויסען מהלך איהם אָבגעהאַלטען דערפון; וואָס פאַר אַ טרעפעניש האָט ער געטראַכט, קאָנען נאָך מיט איהם פאַסירען, איידער ער וועט אָנקומען אין איטאַליען, בפרט נאָך אַז די נסיעה איבערן ים וועט אויסקומען ווינטערצייט. דאָס האָט איהם בעוואויגען דערוויייל נאָך אַיינצוהאַלטען זיין אומגעדולד.

3. פערקעהרט, זיינע סאָלדאַטען און אָפיצירען, בשעת זיי פלעגען זיך צונויפקומען, האָבען שוין גאָר אָפען גערעדט וועגען אַ בייט פון דער רעגירונג און האָבען אַרויסגעזאָגט זייער אומצופרידענקייט מיט שטאַרקע ווערטער.

## די אידישע מלחמות

די סאָלדאַטען אין רוים, האָבען זיי געֿטענ׳עט, וואָס לעבען אַ גוטען טאָג און וואָס זייערע איידעלע אויערן קאָנען אפילו ניט פערטראָגען דעם וואָרט קריג, גיבען אַוועק דעם טרוין וועמען זיי איז וואוילגעפעלען און ביים בעשטימען די אימפעראַטאָרען רעכענען זיי זיך בלויז מיט זייער אייגענער געלדגיריג-קייט. און בכן בעדאַרפען זיי דאָ, וואָס זיינען אויסגעשטאַנען אַזוי פיעל צרות און זיינען גראָה געוואָרען אונטער די געוועהר, שיינקען די העכסטע מאַכט אַנדערע מענשען, אין דער צייט וואָס זיי האָבען דאָ צווישען זיך אַזאַ מענ-שען, וואָס איז מעהר ראוי צו דער ממשלה? צי וועלען זיי ווען עס איז גע-פינען ווידער אַ געלעגענהייט איהם אָבצודאַנקען פאַר זיין גוטסקייט, אויב זיי וועלען פאַרביילאָזען די איצטיגע? ווארום אַספּסינוס האָט דאָך פונקט אַזוי מעהר רעכט אויפ׳ן טרוין, איידער וויטעליוס, אַזוי ווי זיי האָבען מעהר רעכט צו בעשטימען אַ קיסר, איידער די, וואָס האָבען וויטעליוס׳ן אויסגעקליבען. די מלחמות, אין וועלכע זיי האָבען זיך בעטייליגט, זיינען דאָך ניט קלענערע, איידער די מלחמות אין גערמאַניען, און דעם שווערד פערשטייהען זיי לכל הפחות אַזוי גוט צו געברויכען, ווי די, וואָס האָבען זיך פון דאָרט געבראַכט צו פיהרען אַ טיראַן. איבעריגענס, וועט קיין קאַמף גאָרניט נויטיג זיין; וואָרום ניט דער סענאַט און ניט דאָס רוימישע פאָלק וועלען בעסער וועלען האָבען וויטעליוס׳ן מיט זיין פערשייטען לעבען, איידער דעם אָרענטליכען אַספּסינוס׳ן, און פונקט אַזוי וועט ביי זיי ניט זיין חשוב׳ער דער אַכזריות׳דיגער טיראַן, איידער דער מילדער פירשט, דער קינדערלויזער האַר, איידער דער יעניגער, וואָס איז אויך אַ פאָטער פון קינדער. די בעסטע ערבות פאַר׳ן שלום זיינען די אמת׳ע מעלות פונ׳ם מושל. אויב דער טרוין קומט דער צייטיגער געניט-קייט פונ׳ם עלטער, איז האָבען זיי אַספּסינוס׳ן, אָבער אויב עס איז חשוב די קראַפט פון דער יוגענד, האָבען זיי טיטוס׳ן; בכן קאָנען זיי אויסנוצעןביידענס עלטער. פאַר׳ן אויסדערוויהלטען איז לא די וואָס זיי אַליין וועלען קאָנען זיך איינ-שטעלען מיט דער גאַנצער קראַפט, וואָרום זיי זיינען דאָך דריי לעגיאָנען שטאַרק און דערצו האָבען זיי נאָך די הילפס-מיליטער פון די מלכים, נאָר ס׳וועלען זיך ניט אָבזאָגען פון צו העלפען דער גאַנצער מזרח און די טיילען פון אייראָפּאַ, וואָס בעדאַרפען ניט מורא האָבען פאַר וויטעליוס׳ן, חוץ דעם די פערבינדעטע אין איטאַליען, אַספּסינוס׳עס ברודער און זיין צווייטער זוהן. צום לעצטען וועלען איבעריגענס צושטייהן נאָך אַ סך מיוחס׳דיגע יונגע לייט, און וואָס איז שייך צום ערשטען, האָט מען איהם דאָך אָנגעטרויט די שמירה פון שטאָדט, און דורכדעם איז דאָך אַ סך אויסגעשפּיעלט פאַר אַן אונטערנעמונג, ווי זייערע. און אויב זיי וועלען נאָך אויפציהען, וועט אפשר דער סענאַט אויסקלייבען פאַר אַן אימפּעראַטאָר אַזאַ מענשען, וואָס דער מיליטער, די אמת׳ע שטיצע פון דער מלוכה, וועט איהם ניט קאָנען אַכטען.

4. אַזעלכע שמועסען האָבען די סאָלדאַטען געפיהרט, בשעת זיי זיינען געווען אונטער זיך. באַלד אָבער האָבען זיי זיך צונויפגעקליבען אין אַ מאַסע, האָבען, איינער דעם אַנדערן צוגעבענדיג מוט, אויסגערופען אַספּסינוס׳ן פאַר אַן אימפּעראַטאָר און האָבען איהם געבעטען, ער זאָל ראַטעווען די מלוכה, וואָס געפינט זיך אין סכנה

שוין זינט אַלאַנגער צייט האָט די לאַגע פון דער מלוכה פערשאַפּט דאגות דעם אויבערשטען קריגספיהרער, נאָר ער האָט ניט געטראַכט וועגען דעם, אַליין אַרויפצושטייגען אויפ'ן טרוין. אמת טאַקע, פון וועגען זיינע מעשים האָט ער זיך געהאַלטען פאַר ראוי דערצו. נאָר איהם איז בעסער געפעלען געווען די זיכערקייט פונ'ם פּריוואַט-לעבען, איידער די סכנות פון אַזאַ גלענ- צענדער לאַגע, און דעריבער האָט ער ניט געוואָלט אָננעמען די וואַהל. נאָר די אָפיצירען זיינען אַלץ מעהר צוגעשטאַנען צו איהם, און די סאָלדאַטען האָבען איהם אַרומגערינגעלט מיט בלויזע שווערדען און האָבען געסטראַשעט איהם צו טויטען, אויב ער וויל ניט לעבען פאַר דער הויכער שטעל, וואָס מען באָט איהם אָן. דערנאָך האָט ער געמיהט זיך אין אַלייגגערער רעדע זיי צו דערקלערען די טעמים, פאַרוואָס ער וויל זיך אָבזאָגען פון טרוין. נאָר אַז ער האָט זיי ניט געקאָנט איבערצייגען, האָט ער סוף-כל-סוף נאָכגעגעבען זיינע ווייהלער.

5. היות ווי מוקיאַנוס און די איבעריגע אָפיצירען זיינען צוגעשטאַנען צו איהם, ער זאָל אָפיציעל איבערנעמען די הערשאַפט, און דער איבעריגער חייל האָט מיט גרויס געשריי דערקלערט, אַז ער איז גרייט אונטער זיין פיה- רונג אַרויסצוטרעטען קעגען איטליכען פיינד, – דעריבער האָט ער קודם כל געזוכט צו בעזיכערן זיך מיט אַלכּסנדריה. וואָרום איהם איז געווען גוט בע- וואוסט, וואָס פאַר אַגרויסע בעדייטונג עגיפּטען האָט פאַר דער מלוכה דורן איהרע תּבואות, וואָס זי גיט. אויב ער וועט נאָר האָבען דאָס דאָזיגע לאַנד, האָט ער געהאָפט, אַז ער וועט קאָנען אַראָבוואַרפען וויטעליוס'ן, אפילו ווען יענער וועט וועלען מיט געוואַלד זיך אַנטקעגענשטעלען. וואָרום ער האָט גע- רעכענט, אַז ער וועט באַלד דערעסען ווערען דעם פאָלק אין רוים, וויבאַלד עס וועט מוזען אונטער איהם ליידען הונגער. ווייטער האָט ער גערעכענט צו נעמען ביידע לעגיאָנען, וואָס שטייהען אין אַלכּסנדריה, בכדי צו פערשטאַר- קען זיין חייל, און צולעצט האָט עגיפּטען בעדאַרפט זיין דער אָרט, וואו ער זאָל זיך קאָנען בעהאַלטען אין פאַל פון אַן אומגעריכטען אומגליק.

וואָרום פון דער יבשה איז עס שווער אָנצופאַלען אויף איהר, און פון ים-זייט איז זי אָהן אַהאַפען; אין מערב-זייט ליגען פאַר איהר די טרוקענע מדבריות פון ליביען; אין דרום-זייט גרעניצט זי זיך מיט סיענע און מיט די וואַסערפאַלען פון נילוס, וואו קיין שיפען קאָנען ניט גייהן; אין מזרח-זייט ביז קאָפּטוס בעוואַסערט זי דער רויטער ים (ים סוף); אין צפון-זייט דיענט איהר ווי פאַר אַמויער דאָס לאַנד ביז סיריען און דער אַזוי אָנגערופענער עגיפּ- טישער ים, וואָס האָט כמעט קיין אויסגוסען ניט. אַזוי האָט מצרים פון אַלע זייטען נאַטירליכע בעפעסטיגונגען. איהר לייגג פון פּעלוסיום ביז סיענע בע- טרעפט 2000 סטאַדיעס; נאָר אויפ'ן שיף מוז מען פון פּלינטינע ביז פּעלוסיום דורכפאָהרען 2600 סטאַדיעס. אויפ'ן נילוס קאָנען פאָהרען שיפען בלויז ביז צו דער אַזוי אָנגערופענער העלפאַנדען-שטאָדט; וואָרום ווייטער פאָהרען לאָזען ניט די אויבען דערמאָנטע וואַסערפאַלען.

צום האַפען פון אַלכסנדריה קאָנען אפילו אין שלום-צייטען שיפען שווער צוקומען, ווייל זיין טויער איז שמאָל און דער פאָהרוואַסער ציהט זיך אין אַ קרומער ליניע צווישען בעהאַלטענע שטיינער. די לינקע זייט פון האַפען איז געשיצט דורך קינסטליכע בעפעסטיגונגען; אין רעכטער האַנד ליגט פאַר איהם די קליינע אינזעל פאַרוס מיט איהר הויכען טורעם, וואָס גיט ליכט פאַר די ים-רייזענדע אויף אַ מהלך פון 300 סטאַדיעס ווייט; מחמת דעם בלייבען זיי ביי-נאכט שטייהן אויף אַ געוויסען מהלך פון האַפען, ווייל עס איז שווער אַריינצופאָהרען. די דאָזיגע קליינע אינזעל איז אַרומגערינגעלט מיט געוואַלדיגע קינסטליכע דאַמבעס. ווייל די שטרעמונג פון ים צעשלאָגט זיך אָן די לעצטע און אויך אָן די בעפעסטיגונגען אויפ'ן ברעג קעגענאיבער, דעריבער איז דאָ שווער דורכצופאָהרען, און ווייל דער קאַנאַל איז אַ שמאָלער, דעריבער איז עס געפעהרליך אַריינצופאָהרען. פערקעהרט אינעווייניג איז דער האַפען, וואָס האָט אַ היקף פון 30 סטאַדיעס, זייהר זיכער. דאָ ווערט אַריינגעפיהרט אַלצדינג, וואָס דאָס לאַנד ברויכט פון לוקסוס-זאַכען, און דערפאַר ווערט די מותרות פון די אייגענע פראָדוקטען פונאַנדערגעשיקט איבער דער גאַנצער וועלט.

6. ס'איז בכן קיין וואונדער ניט, וואָס אַספּסינוס האָט געטראַכט צו בעזיכערן פאַר זיך דאָס דאָזיגע לאַנד, בכדי צו שאַפען אַ פעסטערן מעמד אין דער מלוכה. צוליעב דעם האָט ער געשריבען דעם פערוואַלטער פון עגיפּטען, טיבעריוס אַלכסנדר 1), האָט איהם געשילדערט די איבערגעבענקייט פון חייל און האָט איהם געלאָזט וויסען, אַז ער גופא, נעמענדיג על פי הכרח אויף זיך די שווערע משא פון דער רעגירונג, וואָלט ניט וועלען אויסקומען אָהן מיטווירקונג און הילף.

ווי נאָר אַלכסנדר האָט איבערגעלייענט דעם בריעף, האָט ער תיכף געלאָזט שווערען די לעגיאָנען און דאָס פאָלק צו אַספּסינוס'ן. יענע האָבען גוט געוואוסט די וויכטיגקייט פונ'ם דאָזיגען מאַן פון זיינע מעשים אויפ'ן נאָהענטען קריגס-שויפּלאַץ, און בכן האָבען זיי מיט פרייד געפאָלגט. אַלכסנדר אָבער, וואָס איהם איז אָנגעטרויט געוואָרען אַזאַ וויכטיגע ראָל ביי דער בעשטימונג פונ'ם נייעם מושל, האָט געמאַכט הכנות, בכדי איהם אויפצונעמען, ווי עס געהער צו זיין.

די בשורה, אַז אין די מזרח-לענדער איז אַספּסינוס בעשטימט געוואָרען פאַר'ן אימפּעראַטאָר, האָט זיך איבעריגענס זייהר גיך פערשפּרייט, און איטליכע שטאָדט האָט געפייערט ימים טובים, האָט געלאָזט אויסרופען די פרייהליכע

1) דאָס איז דער געוועזענער פּראָקוראַטאָר פון יהודה, דעם אידישען פילאָזאָפס פילון פון אַלכסנדריה (ידידיה האלכסנדרוני) אַ ברודער. ער האָט זיך אָבגעזאָגט פון אידישען גלויבען, איז געוואָרען אַ הייד און אַ רוימישער בעאַמטער. ער איז געווען אויך איינער פון די אָנפיהרער פון רוימישען חייל ביי דער בעלעגערונג פון ירושלים דורך טיטוס'ן און ווערט נאָך עטליכע מאָל דערמאָנט אין די ווייטערדיגע ביכער.

בשורה און געבראַכט קרבנות פאַר'ן געזונט פונ'ם אויסגעקליבענעם. אויך די לעגיאָנען אין מעזיען און פאַנאָניען, וואָס זיינען ניט לאַנג אויפגעשטאַנען קעגען דער געפעהרליכער אונטערנעמונג וויטעליוס'עס, האָבען מיט דער גרעסטער פרייד געשוואָרען צו זיין געטריי אַספּסינוס'ן אַלס זייער האַר.

דערווייל איז אַספּסינוס אַרויסגעטראָטען פון קיסריה קיין בעריטוס, וואו עס האָבען אויף איהם געוואַרט אַ רייהע דעפּוטאַציעס פון סיריען און פון אַנדערע פּראָווינצען, בכדי איהם איבערצוגעבען פון די איינצעלנע שטעדט קרענץ מיט אַ מזל-טוב. אויך מוקיאַנוס, דער פערוואַלטער פון סיריען, האָט זיך איינגעפונען און האָט איהם געמעלדעט, ווי אַזוי די בעפעלקערונג האָט אַרויסגעוויזען איהר איבערגעבענקייט, און אַלע שטעדט האָבען צוגעשוואָרען.

7. היות ווי אַלץ איז געגאַנגען כשורה, און די אומשטאַנדען האָבען זיך צונויפגעשטעלט צו זיין טובה, דעריבער איז ביי אספסינוס'ן אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז ער האָט מסתמא ניט אָהן אַ געטליכער השגחה איבערגענומען די רעגירונג, נאָר אַ גערעכטער גזר-דין מן השמים האָט איהם געגעבען די הערשאַפט איבער דער וועלט. חוץ אַנדערע מופתים, דורך וועלכע די דאָזיגע הערשאַפט איז איהם אָפטמאָלס אָנגעזאָגט געוואָרען, זיינען איהם יעצט איינגעפאַלען יוסף'ס רייד, וואָס האָט דערוועגט זיך איהם אָנצורופען אימפּעראַטאָר, נאָך בשעת נירון האָט געלעבט 1). ער האָט זיך דערשראָקען, אַז דער דאָזיגער מענש זאָל נאָך אַלץ זיין אַלס געפאַנגענער ביי איהם.

מחמת דעם האָט ער גערופען צו זיך מוקיאַנוס'ן און די איבעריגע אָפיצירען און אויך זיינע גוטע פריינד, האָט זיי געשילדערט צוערשט יוסף'ס ענערגיע און וויפיעל מיה יענער האָט איהם, אספסינוס'ן, פערשאַפט ביי יודפת, דערנאָך האָט ער דערמאָנט זיינע נבואות, וואָס זיינען איהם דעמאָלט פאַרגעקומען פשוט, ווי אַן ערפינדונג אין נויט, נאָר שפּעטער האָבען זיי זיך אַרויסגעוויזען דורך די געשעהענישען, אַז זיי זיינען פון גאָט געגעבען געוואָרען. „דעריבער וואָלט עס געווען אַ חרפה – האָט ער ווייטער גערעדט – אויב דער דאָזיגער מאַן, וואָס האָט מיר נבואה געזאָגט וועגען דער הערשאַפט און האָט מיר געבראַכט אַן ענטפּלעקונג פון דער גאָטהייט, זאָל נאָך ווייטער בעהאַנדעלט ווערען ווי אַ קריגסגעפאַנגענער און זאָל מוזען טראָגען דעם מזל פון אַ תפוס". דערויף האָט ער געגעבען אַ בעפעהל צו רופען יוסף'ן און אַראָבצונעמען ביי איהם די קייטען.

אין דער צייט וואָס די אָפיצירען האָבען געדרונגען פון דער דאַנקבאַרקייט, וואָס איז בעוויזען געוואָרען אַ פרעמדען, די גרעסטע האָפענונגען פאַר זיך, האָט טיטוס, וועלכער האָט זיך געפונען נעבען זיין פאָטער, געזאָגט: „דער יושר פאָדערט, אַז מען זאָל פון יוסף'ן אַראָבנעמען אינאיינעם מיט די אייזענס אויך די בזיונות, וואָס מען האַט איהם אָנגעטאָן; וואָרום אויב מיר

1) זעה אויבען בוך III, 8, 9.

וועלען די קייטען ניט בלויז אויפשליסען, נאָר צעהאַקען, דעמאָלט וועט עס זיין, אַזוי ווי ער וואָלט אפילו קיין מאָל ניט געווען געשמידט”. אַזוי פלעגט מען זיך נוהג זיין צו טון מיט די יעניגע, וואָס זיינען געווען מיט אומרעכט געשמידט אין קייטען. אַספּסינוס האָט דערויף מסכים געווען, און באַלד איז געקומען אַ סאָלדאַט און האָט די קייטען צעהאַקט מיט אַ האַק. אַזוי האָט יוסף אַלס אַ בעלוינונג פאַר זיין נבואה ווידער בעקומען זיין פולען כבוד, און פון דעמאָלט אָן האָט מען איהם געגלויבט אין אַלצדינג, וואָס איז שייך צו דער צוקונפט.

# עלפטער קאַפּיטעל

נאָכדעם ווי וויטעליוס איז געפאַלען, פאָהרט אספּסינוס אַב קיין רוים, און טיטוס לאָזט זיך גייהן קיין ירושלים.

1. נאָכדעם ווי אַספּסינוס האָט אָבגעענטפערט די דעפּוטאַציעס און פערטיילט די שטעלעס פון פערוואַלטערס אַזעלכע מענשען, וואָס האָבען עס פערדיענט און זיינען געווען ראוי דערצו, איז ער אַוועק קיין אַנטיוכיה. אין דער צייט, וואָס ער האָט זיך מיישב געווען, וואוהין ער זאָל זיך איצט ווענדען, האָט ער איינגעזעהן, אַז די ענינים אין רוים זיינען פאָרט וויכטיגער, איידער דער צוג קיין אַלכסנדריה. די לעצטע שטאָדט איז סיי-ווי-סיי געווען פאַר איהם זיכער, פערקעהרט רוים איז געווען בעאומרוהיגט דורך וויטעליוס׳ן. דעריבער האָט ער געשיקט פאָראויס מוקיאַנוס׳ן מיט אַ בעדייטענדען חייל פון רייטעריי און פוס-פאָלק קיין איטאַליען. היות ווי עס איז געווען ווינטער און מוקיאַנוס האָט מורא געהאַט פאַר דער נסיעה איבער׳ן ים, דעריבער האָט ער געפיהרט זיין ז״יל איבער דער יבשה דורך קפּוטקיא און פריגיען.

2. דערווייל איז אויך אַנטאָניוס פּרימוס מיט׳ן דריטען לעגיאָן געשווינד אַרויסגעטראָטען פון מעזיען, וואו ער איז דעמאָלט געווען פערוואַלטער, בכדי זיך צושלאָגען מיט וויטעליוס׳ן. יענער האָט אַרויסגעשיקט קעגען איהם צעצינאַ אַליענוס׳ן, פון וועמען ער האָט זייהר שטאַרק געהאַלטען מחמת זיין נצחון איבער אָטאָ׳ן, מיט אַ בעדייטענדען חייל. צעצינאַ איז אין גיכע מאַרשען אַרויסגעטראָטען פון רוים און האָט זיך צונויפגעטראָפען מיט זיין געגנער אַנטאָניוס׳ן ביי קרעמאָנאַ, אַ שטאָדט פון גאַליען ביים גרעניץ פון איטאַליען. נאָר אַז ער האָט דאָ דערזעהן די שטאַרקייט און די גוטע אָרדענונג פונ׳ם פיינדליכען חייל, האָט ער ניט דערוועגט זיך אַריינצולאָזען אין אַ שלאַכט, און היות ווי עס האָט איהם זיך אויך אויסגעדוכט, אַז צוריקטרעטען איז געפעהרליך, דעריבער האָט ער אַ קלער געטאָן וועגען בגידה.

מיט דעם דאָזיגען מיין האָט ער צונויפגעקליבען אַלע זיינע אונטערגעבענע צענטוריאָנען און טריבונען און האָט געפּל״יסט זיך צו בעוועגען זיי,

ווי זאָלען זיך פעראייניגען מיט אַנטאָניוס׳ן. ער האָט געזוכט צו ווירקען אויף זיי דורכדעם, וואָס ער האָט אַראָבגעוואָרפען וויטעליוס׳עס מאַכט, פערקעהרט אַספּסינוס׳עס שטאַרקייט האָט ער אויפגעהויבען. דער איינער, האָט ער געזאָגט, ג״יז הערשער מעהר ניט לויט׳ן נאָמען, דער אַנדערער אָבער האָט די מאַכט. דעריבער איז דאָס בעסטע, אַז זיי זאָלען זיך אונטערגעבען דער הכרחיות, און היות ווי אין קאַמף וועלען זיי דאָך מסתמא האָבען אַ מפלה, איז דעריבער זאָלען זיי בעסער אויסמיידען די סכנה דורכדעם, וואָס זיי וועלען מיט׳ן גוטען ווילען אומבייטען זייער מיינונג. איבעריגענס, איז אַספּסינוס אויך אָהן זייער הילף אין שטאַנד צו אונטערוואַרפען זיך אַלצדינג, וואָס איהם פעהלט נאָך, אין דער צייט וואָס וויטעליוס קאָן אַפילו מיט זייער הילף ניט פערטיידיגען ו׳אָס, וואָס ער האָט.

3. דורך אַ סך אַזעלכע טענות האָט זיך איהם אַיינגעגעבען זיי איבער־צוריידען, און ער איז אַריבער מיט זיין גאַנצען חייל צו אַנטאָניוס׳ן. נאָר נאָך אין דערזעלביגער נאַכט האָבען די סאָלדאַטען בעקומען חרטה און מורא פאַר דעם, ווער עס האָט זיי געשיקט: טאָמער קאָן זיין, אַז ער זאָל נאָך בעקומען די אויבערהאַנד. מיט בלויזע שווערדען זיינען זיי אָנגעפאַלען אויף צעצינאַ׳ן, בכדי איהם צו הרג׳ען, און זיי וואָלטען טאַקע אויסגעפיהרט זייער פּלאַן, אויב די טריבונען וואָלטען ניט געפאַלען אויף די קני׳ע און געבעטען פאַר איהם. דערויף האָבען זיי, אמת, זיך אָבגעזאָגט פון צו טויטען איהם, נאָר זיי האָבען איהם געשמידט אין קייטען אַלס בוגד און האָבען געהאַט בדעה איהם אָבצושיקען צו וויטעליוס׳ן.

ווי נאָר פּרימוס האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם, האָט ער תיכף ־כ׳ לאָזט זיינע מענשען אַרויסטרעטען און האָט זיי געפיהרט אין פולער בעוואָ. פענונג קעגען די אָבטריניגע. די לעצטע האָבען אָנגענומען די שלאַכט, נאָר נאָך אַ קורצען ווידערשטאַנד האָבען זיי זיך אומגעקעהרט און זיינען אַנטלאָ־פען געוואָרען קיין קרעמאָנאַ. נאָר פּרימוס האָט מיט זיינע רייטער אָבגעשני־טען זיי אַלע וועגען, האָט אויסגעה׳רג׳עט דעם גרעסטען טייל פון די אַנטלאָ־פענע, וואָס ער האָט געהאַט זיי אַרומגערינגעלט פאַר דער שטאָדט, און איז צוגלייך מיט די איבעריגע אַריינגעדרונגען אין קרעמאָנאַ; די שטאָדט האָט ער איבערגעגעבען זיינע סאָלדאַטען אויף רויבען. דערביי איז, חוץ אַ סך פרעמדע סוחרים און אָרטיגע איינוואוינער, אומגעקומען וויטעליוס׳עס גאַנצער חייל, וואָס איז בעשטאַנען פון 30 200 מאַן. אָבער אויך אַנטאָניוס האָט אָנגעוואָהרען פון זיין מעזישען לעגיאָן 4 500 מאַן. דערנאָך האָט ער געלאָזט אַראָב־נעמען פון צעצינאַ׳ן די קייטען און האָט איהם געשיקט צו אַספּסינוס׳ן, בכדי צו מעלדען איהם וועגען די געשעהענישען. יענער האָט דעם שליח אויפגענו־מען לייטזעליג און האָט פערדעקט די חרפה פון זיין בגידה דורכדעם, וואָס ער האָט איהם אומגעריכטערהייד אָבגעגעבען כבוד.

4. די בשורה, אַז אַנטאָניוס קומט אָן, האָט אויך סאַבינוס׳ן אַיינגעגע־בען מוט. ער האָט צונויפגענומען די סאָלדאַטען, וואָס זיינען געשטאַנען ביי־

נאַכט אויף דער וואַך, און האָט מיט זיי פערנומען דעם קאַפּיטאָליום. אַז עס איז געוואָרען טאָג, זיינען צו איהם צוגעשטאַנען נאָך אַ סך מיוחס׳דיגע מענער, צווישען זיי אויך זיין פלימעניק דאָמיציאַנוס, וואָס פון איהם האָט מען גע־האָפּט, אַז ער וועט דאָס מיינסטע טון צוליעב׳ן נצחון.

איבעריגענס, האָט פּרימוס פּערשאַפּט וויטעליוס׳ן ווינציג וואָס זאָרג, דערפאַר אָבער איז ער געווען שטאַרק אין כעס אויף די אָנטיילנעמער אין סאַבינוס׳עס מרידה, און היות ווי ער האָט מחמת איינגעבאָרענער אכזריות געלעכצט נאָך איידעלע בלוט, דעריבער איז ער מיט׳ן טייל פון חייל, וואָס ער האָט געהאַט מיטגעבראַכט, אָנגעפאַלען אויפ׳ן קאַפּיטאָליום. מיט העלדענמוט האָבען געשטריטען סיי די סאָלדאַטען, וואָס זיינען אָנגעפאַלען, סיי יענע, וואָס האָבען געקעמפט פון טעמפּעל אַראָב. צולעצט האָט זיך די גערמאַנען, וואָס זיינען געווען שטאַרקער לויט זייער צאָהל, איינגעגעבען צו פערחאַפּען דעם בערגיל. נאָר ווי דורך אַ נס זיינען ניצול געוואָרען דאָמיציאַנוס מיט אַ סך מיוחס׳דיגע רוימער. די איבעריגע מאַסע פּערקעהרט איז אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען, סאַ־בינוס׳ן האָט מען געבראַכט פאַר וויטעליוס׳ן און געטויט, און דעם טעמפּעל האָבען די סאָלדאַטען אונטערגעצונדען, נאָכדעם ווי זיי האָבען אויסגערויבט די טייערע כלים, וואָס זיינען דאָרט געשטאַנען.

אין אַ טאָג אַרום איז אַנטאָניוס מיט זיין חייל אַריינגעדרונגען אין שטאָדט, און הגם וויטעליוס׳עס סאָלדאַטען, וואָס זיינען געווען פונאַנדערגעשטעלט אין דריי ערטער פון רוים, האָבען זיך שטאַרק אַנטקעגענגעשטעלט, פונדעסטוועגען זיינען זיי אַלע אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען. וויטעליוס׳ן גופא, וואָס איז געווען שכור, האָט דער המון, בשעת ער איז אַרויסגעגאַנגען פון פּאַלאַץ, אַוועקגע־שלעפּט, געפּייניגט איהם אויף אַלערליי אופנים און געשפּעט פון איהם, און צולעצט אַוועקגע׳הרג׳עט אין מיטען שטאָדט. זיין רעגירונג האָט געדויערט בלויז אַכט חדשים מיט פינף טעג; אויב ס׳וואָלט איהם בעשערט געווען אַ לייגערן לעבען, וואָלט, ווי מיר דוכט, די גאַנצע מלוכה ניט געקלעקט פאַר זיין אויסברייגערייי. חוץ איהם, זיינען נאָך העכער 50 000 מענשען אומ־געקומען אין יענעם געשלעג, וואָס איז פאָרגעקומען דריי טעג אין חודש כסליו.

אויפ׳ן אַנדער׳ן טאָג איז אַריינגעטראָטען אין שטאָדט מוקיאַנוס מיט זיינע סאָלדאַטען און האָט תיכף געהייסען אַנטאָניוס׳עס מענשען אָבשטעלען די שחיטה, וואָרום כסדר האָבען זיי דורכגעזוכט די הייזער און האָבען דער־הרג׳עט אַ סך סאָלדאַטען וויטעליוס׳עס און אויך אַ סך בירגער, וואָס זיי האָבען געהאַלטען פאַר זיינע אָנפיהרער, און אין זייער ערביטערונג האָבען זיי קיין געניעם אונטערשייד ניט געמאַכט. דערנאָך האָט מוקיאַנוס אַרויסגעפיהרט דאָמיציאַנוס׳ן און האָט איהם פאָרגעשטעלט דעם פאָלק אַלס הערשער, ביז יין פאָטער וועט קומען. בעפרייט איצט פון שרעק, האָבען די בירגער בע־גריסט מיט פרייד דעם אימפּעראַטאָר אַספּסינוס און האָבען צו גלייכער צייט געפייערט זיין אַרויפשטייגען אויפ׳ן טרוין און וויטעליוס׳עס פאַלען.

5. אַספּסינוס איז נאָר וואָס געווען אָנגעקומען אין אַלכּסנדריה, בשעת ער האָט דערהערט די פרייהליכע בשורות פון רוים. אין אַלכּסנדריה האָבּען זיך אײנגעפונען שלוחים פון אַלע טײלען פון דער וועלט, וואָס ער איז איצט געווען זייער מושל, בכדי איהם אָבּצוגעבּען מזל-טוב. און אַזוי גרויס זיינען געווען די מענשען-מאַסען, אַז די שטאָדט האָט זיך אויסגעוויזען פאַר צו קליין, הגם נאָך רוים איז זי די גרעסטע שטאָדט אויף דער ערד.

היות ווי זיין רעגירונג איז אומעטום געוואָרען אָנערקענט, און די רוי-מישע מלוכה איז אומגעריכטערהייד געוואָרען געראַטעוועט, דעריבּער האָט אַספּסינוס געווענדט זיינע געדאַנקען אויף די מיטלען, וואָס מען מוז נאָך אָננעמען אין יהודה. ער גופא האָט זיך געאײלט צום סוף ווינטער תּיכף אָבּצופאָהרען קיין איטאַליען, און דעריבּער האָט ער גיך געענדיגט מיט די עסקים אין אַלכּסנדריה. זיין זוהן טיטוס׳ן האָט ער געשיקט מיט אַן אָבּגעקלי-בענעם חייל, בכדי איינצונעמען ירושלים.

יענער איז געגאַנגען אויף דער יבשה ביז ניקאָפּאָליס, וואָס ליגט אַ מהלך פון 20 סטאַדיעס ווייט פון אַלכּסנדריה, האָט דאָרט געלאָזט זיין חייל אַריינשטײגען אין קריגסשיפען און איז געפאָהרען איבּער׳ן טייך נילוס ביז צו דער שטאָדט טמוזיס אין מענדעזישען קרייז. דאָרט איז ער אַרויס פון די שיפען און איז אַוועק ווייטער צו-פוס און האָט איבּערגענעכטיגט אין אַ שטעדטיל טאַניס. דעם צווייטען נאַכטלעגער האָט ער געהאַלטען אין הערא-קלעאָפּאָליס, דעם דריטען אין פּעלוסיום, וואו ער האָט זיך פערגונען אויסצו-רוהען צוויי טעג. דעם דריטען טאָג איז ער אַריבּער דעם נילוס ביי פּעלוסיום, איז געגאַנגען אַ מהלך פון אַ טאָג רייזע אין דער מדבר און האָט געלאַגערט ביים טעמפּעל פון צויס קאַזיאָס, דעם אַנדערן טאָג ביי אָסטראַקינע. די דאָזיגע סטאַנציע האָט ניט קיין וואַסער, דעריבּער מוזען די אײנוואוינער עס בריינגען פון אַנדערשוואו. דערנאָך האָט ער אויסגערוהט אין רינאָקאָרורע, האָט דער-גרייכט דעם פערטען טאָג ביז צו רפיח, די ערשטע שטאָדט פון סיריען, דעם פינפטען טאָג האָט ער אויפגעשלאָגען זיין לאַגער אין עזה, דעם זעקסטען טאָג אין אשקלון, פון דאָרט איז ער אַוועק קיין יבנה, פון דאָרט קיין יפו, און צולעצט פון יפו קיין קיסריה, וואו ער האָט גערעכענט צונויפקלייבּען אויף דעם איבּעריגען חייל.

# פינפטער בוך.

## אינהאלט:

װי אזוי די מהומה אין ירושלים האט זיך אויסגעדריקט אין דריי פארטייען.

דעם געשיכטס-שרייבערס קלאג איבער דעם ביטערן גורל פון דער שטאדט.

אין דער צייט, װאס די מורדים פיהרען צװישען זיך מחלוקת, װערען אונטערגעצונדען א סך שפייכלערס מיט תבואה.

אין ירושלים קומען פאר געשלעגען טאג-אויס טאג-איין, און די קרובים און גוטע פריינד פון די געפאלענע דערװעגען זיך אפילו ניט צו זיי צו בעקלאגען.

װי אזוי יוחנן האט געװאלט אויפבויען פון די האלץ, װאס װאס געהערט צום בית-המקדש, טורעמס קעגען די אנהייגבער פונ'ם צד שכנגד, נאר דער אנקומען פון די רוימער האט איהם געשטערט דערין.

טיטוס'עס מארש-ארדענונג ביים ארויסטרעטען קעגען ירושלים.

טיטוס רייט מיט 600 מאן, בכדי אויסצופארשען די געגענד ארום ירושלים. װי אזוי ער האט זיך דערביי מוטיג פערטיידיגט קעגען דעם אנפאל מצד די אידען.

װי אזוי ער איז דערגאנגען ביז'ן ארט, װאס װערט אנגערופען סקאפאס, און האט דארט פונאנדערגעשטעלט די איינצעלנע אבטיילונגען פון זיין חייל.

װי אזוי די אידען האבען, נאכדעם װי זיי האבען דערזעהן, אז די רוימער קומען אן, פערגעסען זייערע מחלוקת'ן, געשלאסען שלום אויף א קורצער צייט און ביי א פלוצלונגדיגען אויספאל צעשלאגען און פערטריבען דעם צעהנטען לעגיאן.

װי אזוי טיטוס איז אבגעשניטען געװארען פון זיין חייל, נאר אין מיטען די פיינד האט ער זיך מוטיג געשלאגען, און װי אזוי זיינע גוטע פריינד האבען איהם צוגערעדט, ער זאל זיך ניט אזוי איבערמוטיג ארויסשטעלען אין סכנה.

װי אזוי יוחנן האט גובר געװען די קנאים, און אויף אזא אופן איז די מהומה בע-גרעניצט געװארען אויף צװיי פארטייען.

װי אזוי טיטוס האט געהייסען אויסגלייכען די ערטער, װאס זיינען פאסיג פאר בעלע-גערונגס-ארבייטען, און האט מוחל געװען די רוימער, װאס זיינען אומפארזיכטיג אריינגעפאלען אין א לויער, װאס די אידען האבען געהאט אװעקגעשטעלט פאר זיי. װי אזוי ער האט, נאכדעם װי ער האט אויסגעגלייכט דעם גאנצען פלאץ ביז צו די מויערן, צוגערוקט דעם לאגער נעהנ-טער צום שטאדט.

בעשרייבונג פון די מויערן פון שטאדט.

בעשרייבונג פון בית-המקדש.

## אינהאלט.

װעגען די כּהנים און אויך װעגען זייערע קליידער און װעגען די קליידער פון כּהן-גדול.

װעגען די טיראַנען יוחנן און שמעון. װעגען די אַנפיהרער, װאָס האָבען בעשטימט.

אין דער צייט װאָס טיטוס רייט אַרום די מויערן, בּכדי זיי אויסצופאָרשען, װערט פערװאונדעט זיין פריינד נקנור, װאָס שטייהט נעבען יוסף'ן, און דערפאַר הייסט ער װאָס גיכער אויסבויען די װאַלען און ברײנגען די בעלעגערונגס-מאַשינעס.

נאָך אַמאָל די טיראַנען יוחנן און שמעון, און װי אַזוי זיי האָבען איינער דעם אַנדערן געהאָלפען. װעגען דער װירקונג פון די שטיינער, װאָס די באַליסטען שליידערען.

װי אַזוי די טיראַנען האָבען, נאָכדעם װי די מויער איז בעשעדיגט געװאָרען אין דריי שטעלען, געמאַכט שלום צװישען זיך, זיינען פעראייניגט ארויסגעטראָטען אין קאַמף קעגען די רוימער און האָבען פערברענט זייערע בעלאַגערונגס-מאַשינעס. װי אַזוי יוחנן, דער אַנפיהרער פון די אדומים, איז געטויט געװאָרען דורך אַ פייל.

װי אַזוי איינער פון די טורעמס, װאָס די רוימער האָבען אויסגעבויט, איז פון זיך איינגעפאַלען, און װי אַזוי זיי האָבען אונטער אַ גרויסער בּלוטפערגיסונג און מיט דער הילף פונ'ם שטורעמבאַק, װאָס די אידען האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען „ניקון", איינגענומען די ערשטע מויער.

װי אַזוי טיטוס האָט געװאָלט תּיכף אַנפאַלען אויף דער צװייטער מויער, נאָר די אידען האָבען ארויסגעהאַלטען דעם אַנפאַל און האָבען אַלצדינג בעפעסטיגט.

װעגען רוימישען קריגסמאַן לאָנגינוס.

װעגען דעם דורכגעטריבּענעם אידען קסטור, װאָס האָט אָבגענאַרט טיטוס'ן און די רוימער.

װי אַזוי די רוימער האָבען פערחאַפּט די צװייטע מויער, נאָר זיי זיינען געװאָרען צוריקגעטריבּען, און ערשט ביים צװייטען אַנפאַל האָבען זיי איינגענומען די מויער.

װי אַזוי טיטוס האָט צוגעזאָגט אָבצושטעלען די בעלעגערונג, אין פאַל אויב די אידען װעלען זיך אונטערגעבען, און װי אַזוי די אידען זיינען דערויף ניט מרוצה געװאָרען, און דערפאַר האָט ער זיך װידער גענומען פאַר דער בעלעגערונג.

יוסף'ס התראות קעגען זיינע לאַנדסלייט, און װי אַזוי אַ סך מענשען פון פאָלק זיינען מחמת דעם אַריבּער צו די רוימער.

ה.גּ.ער און אַנדערע מורא'דיגע צרות צװישען פאָלק.

װי אַזוי טיטוס האָט בעלאָזט קרייצינגען די אידען, װאָס זיינען גענומען געװאָרען געפאַנגען, בּשעת זיי זיינען געגאַנגען זוכען לעבענסמיטלען, און װי אַזוי די טיראַנען האָבען געלאָזט אַרויספיהרען אויף די מויערן די קרובים פון די געקרייציגטע און האָבען אַנגעװיזען, צו אויך מיט זיי װעט געשעהן דאָס איינענע, אויב זיי װעלען אַריבּער צו די רוימער; דערמיט האָבען זיי געװאָלט ברײנגען דאָס פאָלק דערצו, אַז קיינער זאָל מעהר ניט טראַכטען װעגען אונטערגעבען זיך. װי אַזוי אַ סך האָבען זיך מחמת דעם אָבגעהאַלטען פון צו אַנטלויפען, ביז װאַנען עס איז בעקאַנט געװאָרען דער אמת.

װעגען אַנטיוכוס עפּיפאַנעס און װאָס עס האָט געטראָפען מיט איהם און מיט זיין פאָלק.

װי אַזוי די אידען האָבען איינגעװאָרפען די װאַלען דורך אונטערערדישע גיינג, און אַז די רוימער האָבען װירער אַמאָל געבראַכט מאַשינעס, האָבען זיי זיי אונטערגעצונדען ביי אַן אויספאַל, און דערביי זיינען אויף ביידע זייטען געפאַלען אַ סך קעמפער.

### אינהאלט.

ווי אזוי טיטוס האט, נאכדעם ווי די בעלעגערונגס-וואלען זיינען פערבערענט געווארען, צונויפגערופען זיינע אפיצירען צו א קריגס-ראט, ארומגערינגעלט די שטאדט מיט א מויער און נאך אמאל געלאזט אויסבויען וואלען.

די צרות פונ׳ם פאלק מחמת דעם הונגער און די מעשי רצח פון די מורדים.

וועגען מתתיהו, וואס איהם האט דער טיראן שמעון געהאט צו פערדאנקען דאס, וואס מען האט איהם אריינגעלאזען אין שטאדט, און פונדעסטוועגען האט ער איהם געלאזט טויטען מיט נאך אנדערע חשוב׳ע לייט. יוספ׳ס פאטער ווערט נאך אלץ געהאלטען אין תפיסה.

ווי אזוי יהודה, אייגער פון שמעונ׳ס אונטערגעבענע הויפטלייט, האט געוואלט איבער-געבען טיטוס׳ן דעם טורעם, וואס מען האט איהם געהאט אנגעטרויט, נאר מען האט איה-געכאפט, איידער ער האט בעוויזען אויסצופיהרען זיין בגידה.

ווי אזוי מען האט געטראפען יוספ׳ן מיט א שטיין, בשעת ער האט ווידער אמאל גע-האלטען א רעדע צו די בירגער, און ווי אזוי מחמת דעם האבען זיינע פאלקס-ברידער לכתחלה אנגעוואהרען דעם מוט, נאר דערנאך זיינען זיי ווידער געקומען צו זיך, בשעת זיי האבען גע-זעהן, אז ער איז גאנץ.

וואס עס האט געטראפען מיט די אויסגעהונגערטע איבערלויפער, בשעת זיי האבען בע-גיריג זיך צוגעכאפט צו שפייז, און ווי אזוי מען האט ביי אייניגע פון זיי אויפגעשניטען דעם לייב ווייל מען האט גערעכענט, אז זיי האבען אריינגעשלונגען גאלד-שטיקער.

ווי אזוי דער טיראן יוחנן האט געלאזט פערשמעלצען הייליגע כלים צוליעב זיין נוצען וועגען און צוליעב׳ן נוצען פון זיינע חברים.

די צאהל פון די טויטע, וואס מען האט ארויסגעטראגען דורך איין טויער פון שטאדט אין משך פון צוויי חדשים.

---

# ערשטער קאפיטעל.

די טועכץ פון די פארטייען אין ירושלים.

1. בכן איז טיטוס, נאָכדעם ווי ער איז אויפ׳ן אָנגעוויזענעם אופן דורכ-געגאַנגען דעם מדבר צווישען מצרים און סיריען, אָנגעקומען אין קיסריה, וואו ער האָט קודם כל געטראַכט צו ברייגגען אין אָרדענונג זיין חייל.

איבעריגענס, נאָך בשעת ער איז געווען אין אלכסנדריה און האָט גע-האָלפען זיין פאָטער צו בעפעסטיגען די ממשלה, וואָס איז איהם געגעבען גע-וואָרען פון גאָט, — האָט די מהומה אין ירושלים זיך פון דאָס ניי אָנגעהויבען. עס האָבען זיך בעוויזען דריי פאַרטייען, וואָס איינע איז געשטאַנען פיינדליך אַנטקעגען דער אַנדערער, און דאָס האָט מען נאָך געקאָנט רעכענען פאַר אַ גליק אין אומגליק און פאַר אַ פעולה פון דער גערעכטיגקייט. די ווילדהער-שאַפט, מיט וועלכער די קנאים האָבען געדריקט דאָס פאָלק און וואָס איז אייגענטליך געווען דער אָנהויב פון חורבן ירושלים, איז שוין אויבען בפרטיות געשילדערט געוואָרען אין איהר התחלה און אין איהרע שעדליכע פועל-יוצא׳ס. ניט מיט אומרעכט קאָן מען זי בעצייכענען אַלס אַ מהומה אין דער מהומה, וואָס ווי אַ משוגע׳נע חיה רעה, בשעת איהר פעהלט אויס שפייז פון אויסוויינינג, הויבט זי אָן צו רייסען איהר אייגענע פלייש.

2. אלעזר בן שמעון, דער אייגענער, וואָס האָט גלייך פון אָנהויב בע-וואויגען די קנאים זיך אָבצוטיילען פון פאָלק, האָט געגרינדעט אַ נייע פאַרטיי, לפנים דערפאַר, ווייל ער איז געווען אויפגעבראַכט כלומר׳שט איבער די אומ-אויפהערליכע מעשי רציחה יוחנן׳ס, וואָס איז נאָך אַלץ געווען בלוטדאָרשטיג, אין דער אמת׳ען אָבער דערפאַר, ווייל ער האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען דעם טיראַן, וואָס איז שפעטער אויפגעקומען, און האָט אַליין געוואָלט פער-חאַפען די אויבערהערשאַפט. ער האָט צוגעצויגען צו זיך פון צווישען די חשוב׳ע בירגער יהודה בן חלקיה און שמעון בן חצרון, און צו זיי איז צוגע-שטאַנען נאָך חזקיה בן חבור, וואָס איז אויך ניט געווען קיין אומבעדייטענדער מאַן. איטליכער פון זיי האָט נאָך געהאַט אַ בעדייטענדע צאָהל אָנהייגגער צווישען די קנאים.

בכן האָבען זיי פערנומען די אינעווייניגסטע חדרים פון בית-המקדש און האָבען אויפגעשטעלט זייער געוועהר נעבען די געהייליגטע טויערן פון קדשי-קדשים. היות ווי זיי זיינען געווען גוט פערזאָרגט מיט לעבענסמיטלען, דעריבער

האָבען זיי זיך געפיהלט גאַנץ גוט; וואָרום די קרבנות, וואָס מען פלעגט בריינ־גען, האָבען די דאָזיגע לייט, וואָס האָבען קיין זאַך ניט געהאַלטען פאַר אסור, בעפרייט פון איטליכער נויט. מעהר ניט דאָס, וואָס זיי זיינען געווען ווינציג, האָט זיי פערשאַפט דאגות. דעריבער האָבען זיי זיך לכתחילה פערהאַלטען רוהיג, נאָכדעם ווי זיי האָבען אָבגעלייגט זייער געוועהר אין בית־המקדש.

איבעריגענס, דאָס, וואָס יוחנן האָט געוואונען דורכדעם, וואָס ער האָט געהאַט מעהר מענשען פאַר זיי, האָט ער אָנגעוואָהרען דורך זיין אומגינסטיגער לאַגע. וואָרום היות ווי די פיינד האָבען זיך געפונען איבער זיין קאָפּ, דעריבער האָט איטליכער אָנפאַל אויף זיי געמוזט זיין פערבונדען מיט אָנוועהרען. אָבער זיין כעס און אויפרעגונג האָט איהם ניט געלאָזט רוהען, און הגם ער האָט געליטען מעהר שאָדען, איידער ער האָט געקאָנט אָנטון אלעזר'ן און זיינע מענשען, פונדעסטוועגען האָבען די געשלעגען קיין סוף ניט גענומען; אויף ביידע זייטען פלעגט מען מאַכען אָפט אויספאַלען, פיילען זיינען געפלויגען אַהן אַן אויפהער אַהין און אַהער, און אין ביכען איז ניט געווען קיין איין אָרט אין בית־המקדש, וואָס זאָל ניט זיין געוואָרען בעפלעקט דורך די בלוט פון די געפאַלענע.

3. אָבער אויך שמעון בר גיורא, יענער טיראַן, וואָס דאָס פאָלק האָט איהם אין זיין יאוש גערופען צו־הילף און וואָס האָט חוץ דער אויבערשטער שטאָדט נאָך געהאַט אין זיין ממשלה אַ גרויסען טייל פון דער אונטערשטער, האָט אַלץ שטאַרקער צוגעקוועטשט יוחנן און זיינע מענשען, וואָס זיינען שוין געווען בעדריקט פון אויבען. אמת טאַקע, ער האָט אויך געמוזט קעמפפען קעגען יוחנן פון אונטען אַרויף, פונקט אַזוי ווי יוחנן קעגען דער דריטער פאַרטיי, וואָס איז געשטאַנען נאָך העכער.

אודאַי איז יוחנן געווען בנוגע צו דער לעצטער אויף אַזוי פיעל שוואַ־כער, אויף וויפיעל ער איז געווען שטאַרקער פאַר שמעון'ען מחמת זיין העכערער לאַגע. בכן זיינען זיינע אייגענע אָנוועהרען געווען כמעט גלייך צו דעם שאָ־דען, וואָס ער האָט אָנגעטאָן זיינע געגנער. די אָנפאַלען פון אונטען האָט ער בעקוועם צוריקגעשלאָגען מיט שווערדען, און קעגען די שאָסען פון בית־המקדש האָט ער זיך פערטיידיגט דורך מאַשינעס. וואָרום ער האָט געהאַט אין זיין רשות אַ געוויסע צאָהל קאַטאַפולטען און אַנדערע שליידערמאַשינעס, וואָס מיט זיי האָט ער ניט בלויז אָבגעטריבען פון זיך זיינע פיינד, נאָר ער האָט אויך אויסגע'הרג'עט אַ סך מענשען, וואָס האָבען געבראַכט קרבנות.

וואָרום הגם אלעזר'ס אָנהייגגער האָבען זיך ערלויבט אָבצוטון כל'ערליי מעשי־נבלה, פונדעסטוועגען האָבען זיי פאָרט אַריינגעלאָזען אין בית־המקדש יענע, וואָס האָבען געוואָלט בריינגען קרבנות, נאָר דערביי האָבען זיי די אָרטיגע איינוואוינער בעזוכט מיט פאָרזיכטיגקייט, די פרעמדע אָבער לייכטער. אָבער אז די דאָזיגע מענשען האָבען שוין געהאַט ווייכער געמאַכט דורך זייערע בקשות אלעזר'ס מענשען, פונדעסטוועגען זיינען זיי געפאַלען פון דער מהומה

וואָרום די קוילען פון די מאַשינעס זיינען געפלויגען מחמת דעם גרויסען כח, מיט וועלכען זיי זיינען בעשליידערט געוואָרען, אַזש ביז צום מזבח אין בית־המקדש און האָבען געטראָפען כהנים און אַנדערע מענשען, וואָס האָבען גע־בראַכט קרבנות.

אַזוי זיינען אַ סך, וואָס זיינען געקומען פון אַלע עקען וועלט עולה־רגל זיין צו דעם הויך בעריהמטען און פאַר אַלע מענשען הייליגען אָרט, אַניז ערגעפאַלען אויף דער ערד נאָך פריהער פאַר זייערע קרבנות און האָבען בענעצט מיט זייער בלוט דעם מזבח, וואָס אַלע גריכען און באַרבאַרען בערעהרען איהם. טויטע קערפּערס פון אָרטיגע תושבים און פרעמדע, פון כהנים און פראָסטע מענשען זיינען דאָ געלעגען הויפענווייז, און זייער בלוט האָט געבילדעט אין די הייליגע חדרים בפועל־ממש אַן אָזיערע.

צי האָסטו דאָס, דו אומגליקליכסטע פון אַלע שטעדט, געמוזט אויס־שטייהן פון די רוימער? ניין, זיי זענען נאָר געקומען, בכדי צו שטראָפען די זינד פון דיינע אייגענע קינדער! וואָרום גאָטס שטאָדט ביזטו מעהר ניט גע־ווען און האָסט ניט געקאָנט מעהר בלייבען, נאָכדעם ווי דו ביזט געוואָרען דער קבר פון דיינע אייגענע איינוואוינער און האָסט געמאַכט דעם בית־המקדש פאַר אַ בית־הקברות פון די קרבנות, וואָס זיינען געפאַלען אין בירגער־קריג. אפשר וועסטו אַמאָל זעהן בעסערע טעג, ווען דו וועסט אויסבעטען מחילה וסליחה ביי גאָט, וואָס האָט דיך צעשטערט!

נאָר דער געזעץ פון דער געשיכטסשרייבונג פאָדערט, אַז מען זאָל איינהאַלטען אין זיך דעם ווייהטאָג. וואָרום איצט בעדאַרף איך ניט זינגען אַ קלאָגליעד איבער'ן פאָטערלאַנד, נאָר שילדערן דעם גאַנג פון די גע־שעהענישען. דעריבער וועל איך ווייטער דערצייהלען די געשיכטע פונ'ם אויפשטאַנד.

4. בכן זיינען די אינעווייניגסטע פיינד פון שטאָדט געווען געשפּאָלטען אין דריי פּאַרטייען. אלעזר און זיינע אָנהיינגער, וואָס אונטער זייער שמירה האָבען זיך געפונען די הייליגע פּירות פון די בכורים, האָט געווילדעוועט קעגען יוחנן; יוחנן'ס באַנדע האָט אויסגערויבט די בירגער און האָט געקעמפט מיט שמעון'ען; שמעון'ען ווייטער האָט די שטאָדט געמוזט פערזאָרגען מיט פראָוויאַנט פאַר'ן קאַמף קעגען די אָנפיהרער פונ'ם צד שכנגד. ווי נאָר אויף יוחנן פלעגט ווערען געמאַכט אַן אָנפאַל פון ביידע זייטען, פלעגט ער צעטיי־לען זיינע מענשען, אויסשטעלען זיי אין צוויי ריכטונגען און פלעגט שיסען פון די גאַלערייעס אויף די, וואָס האָבען געשטורעמט אַרויף פון דער שטאָדט, און קעגען די שפּיזען, וואָס מען האָט געוואָרפען אויף איהם פון בית־המקדש אַראָב, פלעגט ער זיך פערטיידיגען דורך זיינע מאַשינעס.

אָבער בשעת די אָנפאַלער פון אויבען פלעגען איהם לאָזען אַמאָל פרייער אויפאָטעמען, ווייל עס פלעגט טרעפען אָפט, אַז דורך שכרות אָדער מידיגקייט זיינען זיי ניט געווען אין שטאַנד וואָס עס איז צו טון, — דעמאָלט

פלעגט ער מיט שטאַרקערע אָבטיילונגען מאַכען דרייסטע אויספאַלען קעגען שמעונ׳ען, און אַז ער פלעגט איהם אָבטרייבען אין שטאָדט אַראָב, פלעגט ער שטענדיג אונטערצינדען די הייזער, וואָז זיינען געווען אָנגעפילט מיט תּבואה און כּל׳ערליי אַנדערע זאַפּאַסען. בּשעת יוחנן פלעגט אָבטרעטען, פלעגט שמעון, וואָס האָט איהם נאָכגעיאָגט, נאָכטון איהם דאָס אייגענע, אַזוי ווי זיי וואָלטען מיט אַ כּיון געוואָלט צוליעב־טון די רוימער, פערטיליגען אַלצדינג, וואָס די שטאָדט האָט געהאַט צונויפגעקליבען פאַר דער צייט פון דער בּע־לעגערונג און דורכשניידען אַזוי דעם נערוו פון דער אייגענער מאַכט.

דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז אַלע בּנינים אַרום דעם בּית־המקדש זיינען פערבּרענט געוואָרען, און אויך אין מיטען שטאָדט איז געוואָרען אַ פוסטער פּלאַץ, וואָס האָט בּפועל־ממש געטויגט פאַר אַ שלאַכטפעלד צווישען די קעמפּענדע פּאַרטייען, און די גאַנצע תּבואה, וואָס וואָלט געקאָנט קלעקען אויף כּמה וכמה יאָהרען פון דער בּעלעגערונג, איז, חוץ אַ קליינעם רעשט, אַוועק מיט׳ן פייער. ס׳פערשטייהט זיך, אַז סוף־כּל־סוף האָבען די איינוואוי־נער פון שטאָדט געמוזט זיך אונטערגעבען מחמת הונגער, וואָס וואָלט בּשום אופן ניט מעגליך געווען, אויב זיי וואָלטען אַליין ניט געהאַט זיך צוגעגרייט אַזאַ סוף.

5. אין דער צייט וואָס די אינעווייניגסטע פיינד און דער ערב־רב, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבען פון אַלע זייטען, האָבען אויף אַזאַ אופן בּעדריקט די שטאָדט אין אַלע איהרע טיילען, זיינען די בּירגער, וואָס האָבען זיך בּע־פונען אין מיטען, צעריסען געוואָרען, ווי אַ גרויסער קערפּער. זקנים און ווייבּער האָבען מחמת יאוש איבּער דער עלענדקייט פון ירושלים מתפּלל געווען פאַר די רוימער און האָבען מיט בּיינקשאַפט געוואַרט אויפ׳ן אויסווייניגסטען קריג, בּכדי צו ווערען אויסגעלייזט פון די אינעווייניגסטע צרות. אַ מורא און שרעק איז געקומען איבּער די אייגענטליכע איינוואוינער, און דערבּיי איז לא די וואָס בּיי זיי זיינען אָבגענומען געווען אַלע מיטלען אויף צו פערבּעסערן זייער לאַגע, נאָר זיי האָבען אַפילו ניט געהאַט די קלענסטע אויסזיכט אויף אַ פרידליכער פּשרה אָדער אויף אַנטלויפען, ווי שטאַרק זיי זאָלען דאָס ניט האָבען געוואָלט.

וואָרום אומעטום זיינען געווען פונאַנדערגעשטעלט וועכטערס. און הגם די אָנפיהרער פון די בּאַנדיטען האָבען בּכלל געקעמפּט קעגען אַנאַנד, פונ־דעסטוועגען האָבען זיי געטויט, ווי געמיינזאַמע פיינד, אַלעמען, וועמען מען האָט חושד געווען, אַז זיי ווילען שלום מאַכען מיט די רוימער אָדער ווערען איבּערלויפער; אַזוי אַז די איינציגע זאַך, אין וואָס זיי אַלע האָבען מסכּים געווען, איז געווען די אויסשעכטונג פון די, וואָס האָבען פערדיענט נאָך לייגנער צו לעבען.

טאָג און נאַכט האָט זיך געהערט אָהן אויפהער דער געשריי פון די קעמפּענדע; נאָר נאָך מאוים׳דיגער איז געווען דער שטילער זיפצען פון די

טרויערנדע. קלאַפּ אויף קלאַפּ האָט דער אומגליק געשאַפּען אַלץ נייעם שטאָף צום קלאָגען. אָבער די שרעק האָט פערשלאָסען די מיילער פאַר יאָמערן אויפ׳ן קול, און דער פחד האָט דערשטיקט יעדען שיין פון געפיהל. דערפאַר זיינען די אומגליקליכע וואָס שטאַרקער געפּייניגט געוואָרען דורכ׳ן פערשטיקטען טרויער. מען האָט קיין שום געפיהל ניט געהאַט פאַר לעבעדיגע אייגענע, און די טויטע האָט מען קיין קבורה ניט געגעבען — אַזוי שטאַרק האָט דער יאוש זיי אַלעמען אַרומגענומען. ווער עס האָט ניט געגומען קיין אנטייל אינ׳ם אויפשטאַנד, איז איינגעזונקען געוואָרען אין אַ לחלוטינ׳דיגער טעמפּקייט; וואָרום קיינער האָט קיין אַנדער זאַך ניט געזעהן פאַר זיינע אויגען, ווי זיין באַלדי־גען אונטערגאַנג.

שטייהענדיג אויף הויפענס הרוגים, האָבען די מורדים געקעמפט, און פונקט אַזוי ווי זיי וואָלטען איינזויגען משוגעת פון די טויטע קערפּערס ביי זייערע פיס, אַזוי האָבען זיי זיך אויפגעפיהרט אַלץ ווילדער. אויסקלערענדיג תמיד נייע פערדאַרבענס קעגען אַנאַנד און דורכפיהרענדיג אין לעבען איטליכע החלטה אָהן שום רחמנות, האָבען זיי ניט דורכגעלאָזט קיין איין מין פון אַכזריות און עינויים, וואָס זיי זאָלען דאָס ניט האָבען אָבגעטאָן.

יוחנן האָט אַפילו געוואָלט געברויכען די הייליגע האָלץ אויף בויען קריגסמאַשינעס. וואָרום דאָס פאָלק און די כהנים האָבען אַנומעלט געהאַט בע־שלאָסען אונטערצושטיצען דעם בית-המקדש פון אונטען און אויפצוהויבען איהם העכער אויף צוואַנציג איילען. מיט אַ סך מיה און אומגעהייער גרויסע הוצאות האָט דער קעניג אַגריפּס געלאָזט ברייננגען בויהאָלץ פון לבנון, און דאָס איז געווען לויטער שיין געוואַקסענע שטאַמען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער גרייס. היות ווי די מלחמה האָט איבערגעריסען די אַרבייט, דעריבער האָט יוחנן געלאָזט צעשניידען די האָלץ, בכדי צו בויען דערפון טורעמס; וואָרום ער האָט אויסגעפונען, אַז די ליינג פון די שטאַמען וועלען גראָד פּאַסען פאַר דער הויך פון די דאָזיגע טורעמס, וואָס בעדאַרפען ווערען אויסגענוצט קעגען די, וואָס קעמפען פון אויבען, פון בית-המקדש. די טורעמס האָט ער גערעכענט אויפצושטעלען הינטער דער מויער קעגען דער גאַלעריי אין מערב-זייט; און נאָר דאָרט אַליין איז דאָס מעגליך געווען, ווייל די איבעריגע טיילען פון בית-המקדש זיינען צו-ווייט אָבגעשטאַנען פון וועגען די טרעפּ.

6. דורך די דאָזיגע בנינים, וואָס זיינען אויסגעבויט געווען אין זינד קעגען גאָט, האָט יוחנן געהאָפט גובר צו זיין זיינע פיינד. נאָר דער אוי־בערשטער האָט צו-נישט געמאַכט זיין מיה, וואָרום איידער נאָך אַפילו איין טורעם איז געוואָרען פאַרטיג, זענען אָנגעקומען די רוימער.

וואָרום דערווייל איז טיטוס אַרויסגעטראָטען פון קיסריא, נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט צונויפגעקליבען אַרום זיך איין טייל פון זיין חייל און האָט דורך בריעף בעפויהלען דעם אַנדער טייל, צו פעראייניגען זיך מיט איהם

פאַר ירושלים. אין זיין רשות האָט זיך געפונען, חוץ די דריי לעגיאָנען, וואָס האָבען פריהער מיט זיין פאָטער פערוויסט יהודה, נאָך דער צוועלפטער לעגיאָן, וואָס איז פריהער געשלאָגען געוואָרען אונטער קיסטיוס'עס אָנפיהרונג. איבעריגענס האָט דער דאָזיגער לעגיאָן זיך אויסגעצייכענט דורך זיין מוט, און דערפאַר איז ער נאָך מיט אַ גרעסערער פרייד געגאַנגען אין קאַמף, בכדי צו פעררעכטען יענע מפלה. דער פינפטער לעגיאָן האָט בעקומען אַ בע־פעהל צו פעראייניגען זיך מיט איהם איבער עמאוס, דער צעהנטער — צו מאַרשירען דורך יריחו קיין ירושלים. ער גופא איז אַרויסגעטראָטען בראש פונ'ם איבעריגען חייל, וואָס צו איהם זיינען צוגעשטאַנען אויך אַלע פער־שטאַרקטע הילפס-חיילות פון די מלכים און חוץ דעם נאָך אַ סך פערבינדעטע פון סיריען.

איבעריגענס האָט מען אָנשטאָט די מענשען, וואָס אַספּסינוס האָט אויס־געקליבען פון די פיער לעגיאָנען און אָבגעשיקט מיט מוקיאנוס'ן קיין אי־טאַליען, אַוועקגעשטעלט נייע פון די סאָלדאַטען, וואָס טיטוס האָט געבראַכט מיט זיך. די לעצטע זיינען בעשטאַנען פון 2000 מאַן אָבגעקליבענע סאָל־דאַטען פונ'ם חייל אין אַלכסנדריה און פון נאָך 3000 מאַן פון די גאַרני־זאָנען ביים פרת.

אין טיטוס'עס בעגלייטונג האָט זיך אויך געפונען זיין איבערגעגעבענער און פערשטאַנדיגער פריינד טיבעריוס אַלכסנדר, וואָס איז פריהער געווען פער־וואַלטער פון עגיפטען, יעצט אָבער האָט ער פערנומען איינע פון די העכסטע שטעלעס אין דער אַרמיי. מען האָט איהם בעוויזען דעם דאָזיגען כבוד דערפאַר, ווייל ער האָט דער ערשטער אָנערקענט די ניי אויפקומענדיגע הערשער-דינאַסטיע און האָט מיט פיעל געטריישאַפט פערקניפּט זיין אייגענעם גורל מיט איהר נאָך אומבעוואוסטער צוקונפט. היות ווי ער האָט זיך אויסגעצייכענט דורך זיין עלטער און געניטקייט, דעריבער האָט ער איצט בעלייט טיטוס'ן אַלס בעל-יועץ אין אַלע ענינים פון דער מלחמה 1).

# צווייטער קאַפּיטעל.

טיטוס קומט אָן פאַר ירושלים. — דער אָנפאַל פון די אידען אויפ'ן צעהנטען לעגיאָן ביים הר-הזיתים.

1. אין טיטוס'עס מאַרש אין לאַנד פון די פיינד זיינען געגאַנגען פאָר־אויס די קיניגליכע און אַלע איבעריגע הילפס-סאָלדאַטען. נאָך זיי זיינען געגאַנגען די וועגען-בויערס און די לאַגער-אַרבייטער, דערנאָך דער געפעק פון די אָפיצירען; הינטער דער גוט בעוואָפענטער שוץ-אָבטיילונג פון לעצטען איז

1) ז. אויבען, בוך IV, קאפ. 10, § 6.

געריטען דער אויבערשטער אָנפיהרער גופא אין מיטען שפּיזען-טרעגער און אַנדערע אָבגעקליבענע סאָלדאַטען. דערנאָך איז געקומען די רייטעריי, וואָס געהערט צו די איינצעלנע לעגיאָנען און וואָס איז געריטען פאַר די מאַשינעס. נאָך די לעצטע זיינען געגאַנגען די טריבונען מיט די אָבגעקליבענע אָבטיי־לונגען און די קאָמאַנדירען פון די קאָהאָרטעס; ווייטער זיינען געגאַנגען די טרומייטערס און דערנאָך האָט מען געטראָגען די קריגס-פעהנדלעך מיט'ן אָד. לער אין מיטען, און ערשט דעמאָלט איז געקומען די הויפּט-מאַסע פונ'ם חייל אין שורות פון זעקס מאַן שטאַרק. נאָך איטליכען לעגיאָן זיינען געגאַנגען זיינע דיענער, וואָס האָבען געפיהרט זיין געפּעק. גאָר צולעצט האָבען מאַר־שירט די געדונגענע זעלנער מיט'ן הינטערשטען חייל, וואָס האָט זיי געהיט.

אין דעם דאָזיגען סדר, וואָס איז איינגעפיהרט ביי די רוימער, איז טיטוס מיט זיין חייל צוערשט דורכגעגאַנגען דורכ'ן לאַנד פון די שומרונים ביז גופנא, וואָס זיין פאָטער האָט שוין געהאַט פריהער איינגענומען און וואו עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אַ גאַרניזאָן 1). דאָ האָט ער פערבראַכט אַ נאַכט און קעגען מאָרגען איז ער געגאַנגען ווייטער און נאָך אַ מאַרש פון איין טאָג צייט האָט ער אויפגעשלאָגען זיין לאַגער אויף אַ פּלאַץ, וואָס די אידען רופען עס אָן אין זייער מוטערשפּראַך „דערנער-טאָל", ביים דאָרף גבעת-שאול (דאָס הייסט שאול'ס באַרג), אַן ערך 30 סטאַדיעס ווייט פון ירושלים.

פון דאָרט האָט ער זיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט אַן ערך 600 אויס-געקליבענע רייטער, בכדי צו בעקוקען די בעפעסטיגונגען פון ירושלים און אויסצופאָרשען די שטימונג פון די אידען, צי וועלען זיי אפשר, דערזעהענדיג איהם, זיך אונטערגעבען אויס מורא, נאָך איידער עס וועט קומען צו אַ קאַמף· וואָרום ער האָט זיך דערוואוסט, און דאָס איז טאַקע געוועזען אמת, אַז די ביר־גער, וואָס זיינען געוועזען טיראַניזירט דורך מורדים און רויבער, גאַרען נאָך פרייהייט, און בלויז דערפאַר דערוועגען זיי זיך ניט צו ריהרען, ווייל זיי זיינען צו שוואַך, כדי אויפצושטייהן קעגען די בעדריקער.

2. כל זמן ער איז געריטען גלייך אויפ'ן גרויסען וועג, וואָס פיהרט צום מויער, האָט זיך קיינער ניט בעוויזען פאַר די טויערן. אָבער אַז ער האָט זיך ביים פסעפינוס-טורעם אָבגעקעהרט פון וועג און איז אַוועק מיט זיין רייטער-אָבטיילונג אויף אַ זייטען-וועגיל, האָבען פלוצלונג זיך אַ לאָז געטאָן אומצייהליגע פיינד ביי די אַזוי אָנגערופענע פרויענטורעמס דורכ'ן טויער, וואָס ליגט אַנט-קעגען העלענעס מצבה, האָבען דורכגעבראָכען די ליניע פון די רייטער, האָבען זיך געוואָרפען אַנטקעגען די, וואָס האָבען זיך נאָך געפונען אויפ'ן גרויסען וועג, האָבען זיי געשטערט זיך צו פעראייניגען מיט די, וואָס האָבען שוין געהאַט זיך פערקירעוועט, און האָבען אַזוי אָבגעשניטען טיטוס'ן מיט עטליכע זיינע בעגלייטער.

ווייטער צו רייטען איז איהם געוועזען אוממעגליך; וואָרום פון דער מויער אָן איז דער גאַנצער פּלאַץ געוועזען צוגעגרייט פאַר נוצליכע פּלאַנצונגען און

1) זעה אויבען בוך IV, 9, 9.

דעריבער דורכגעשניטען מיט גראָבענס, און אויך פערנומען דורך סעדער מיט אַ סך פלאַנקענס, וואָס זיינען געלעגען אין דער קווער. אָבער אויך דער וועג אויף צוריק צו די זייניגע איז איהם געווען אָבגעשניטען דורך דער מאַסע פיינד, וואָס האָבען זיך געפונען צווישען זיי און איהם.

צולעצט האָבען זיינע מענשען, וואָס האָבען ניט געוואוסט וועגען דער סכנה, אין וועלכער דער פרינץ געפינט זיך, און האָבען געמיינט, אַז ער וויל זיך אויך אומקעהרען אינאיינעם מיט זיי, זיך געלאָזט לויפען. איצט איז איהם קלאָר געווען, אַז זיין רעטונג איז אָבהייננגיג נאָר פון זיין אייגענעם מוט.

דעריבער קעהרט ער אום זיין פערד, רופט צו זיינע בעגלייטער, זיי זאָלען זיך לאָזען נאָך איהם, און וואַרפט זיך אַריין צווישען די פיינד, בכדי איבער געוואַלד זיך דורכצושלאָגען אַ וועג צו די זייניגע. דאָ האָט מען געקאָנט ערשט פערשטייהן, ווי אַזוי די געטליכע השגחה ווירקט אויף די פערשיידענע טרעפענישען אין דער מלחמה און אויף די סכנות, אין וועלכע די פירשטען געפינען זיך. וואָרום וויפיעל פיילען עס זיינען פאַרבייגעפלויגען פאַרביי טיטוס׳ן, וואָס האָט ניט געטראָגען ניט קיין פאַנצער און ניט קיין קיווער (וואָרום ער איז דאָך אַרויסגעריטען, ווי אויבען איז דערמאָנט געוואָרען, ניט אַלס קריגס-מאַן, נאָר אַלס מרגל) — קיין איינציגער האָט ניט אָנגעריהרט זיין קערפער, אַזוי ווי זיי וואָלטען מיט אַ כיון אויסגעמיידט זייער ציעל. מיט זיין שווערד האָט ער זיך געמאַכט אַ וועג דורך די אידען, וואָס זיינען אָנגעפאַלען אויף איהם פון דער זייט, און איז מיט זיין פערד אַריבערגעריטען איבער אַ סך פון די, וואָס האָבען זיך געוואָרפען איהם אַנטקעגען.

זעהענדיג דעם דאָזיגען מוט פון׳ם קיסר 1), האָבען זיינע געגנער אויפ-געהויבען אַ מורא׳דיגען געשריי און האָבען איינער דעם אַנדערן אונטערגעגע-בען מוט, זיך אַ וואָרף צו טון אויף איהם. נאָר וואו ער האָט זיך נאָר געווענדעט מיט זיין פערד, דאָרט זיינען אַלע ווילד פונאַנדערגעלאָפען.

זיינע בעגלייטער, וואָס זיינען געשטאַנען אין דערזעלביגער סכנה, וואָס ער, האָבען זיך געהאַלטען האַרט הינטער איהם, הגם זיי זיינען אַ סך מאָל געטראָפען געוואָרען פון הינטען און פון די זייטען דורך די פיינדליכע פיילען. וואָרום זיי אַלע האָבען אייגעזעהן, אַז זיי קאָנען האָפען אויף רעטונג נאָר דעמאָלט, אויב זיי וועלען העלפען דעם אָנפיהרער עפענען זיך אַ וועג, איידער ער וועט ווערען אַרומגערינגעלט. דערביי זיינען געפאַלען צוויי פון די לעצטע אין דער אָבטיילונג: איינער איז אַרומגערינגעלט געוואָרען אויפ׳ן פערד און געטויט דורך שפיזען, וואָס מען האָט געוואָרפען אויף איהם, דער אַנדערער, נאָכדעם ווי ער איז אַראָבגעשפרונגען פון פערד; זיין פערד האָבען די אידען

1) אין יענער צייט איז אין רוים דאָס וואָרט „קיסר" געוואָרען דער טיטעל פאַר׳ן יורש-עצר, קרוינפרינץ, וואָס איז בעשטימט געוואָרען נאָך אין דער צייט, בשעת דער אימפעראַטאָר האָט געלעבט.

אוועקגעפיהרט אַלס רויב. נאָר מיט די איבעריגע איז טיטוס בשלום אַנטרונען געוואָרען אין לאַגער.

ביי די אידען האָט דער ערפאָלג אין זייער ערשטען צוזאַמענשטויס מיט די רוימער אויפגעוועקט נאַרישע האָפענונגען, און דאָס, וואָס זיי האָבען איין מאָל געהאַט גליק, האָט זיי אַיינגעפליסט גרויס בטחון אויך אויף ווייטער.

3. דעם אַנדערן טאָג, נאָכדעם ווי ביי-נאַכט האָט זיך מיט איהם פער-אייניגט דער לעגיאָן, וואָס איז געקומען פון עמאַוס, האָט דער קיסר זיך גע-לאָזט גייהן ווייטער און איז געקומען ביז צום פלאַץ, וואָס ווערט אָנגערופען „סקאָפּאָס". פון דאָרט האָט מען געקאָנט זעהן ירושלים און דעם גלענצענדען ריזיגען בנין פונ'ם בית-המקדש, און דערפאַר טאַקע ווערט דער דאָזיגער הויכער פלאַץ, וואָס גרעניצט זיך מיט דער צפון-זייט פון שטאָדט, גאַנץ ריכ-טיג אָנגערופען סקאָפּאָס 1).

אין אַ מהלך פון זיבען סטאַדיעס פון שטאָדט האָט טיטוס געלאָזט אויפ-שלאָגען אַ געמיינזאַמען לאַגער פאַר די צוויי לעגיאָנען, פאַר דעם פינפטען אָבער אַ לאַגער מיט דריי סטאַדיעס פריהער. וואָרום היות ווי די סאָלדאַטען פונ'ם לעצטען לעגיאָן זיינען נאָך געווען אַיינגעמידט פונ'ם מאַרש ביי-נאַכט, דעריבער האָט ער געפונען פאַר נויטיג אָנצוווייזען זיי אַ געשיצטען אָרט, בכדי זיי זאָלען קאָנען מיט מעהר רוהיגקייט אַרבייטען ביי די בעפעסטיגונגען.

ווי נאָר זיי האָבען אָנגעהויבען צו בויען דעם לאַגער, איז שוין אויך אָנגעקומען דער צעהנטער לעגיאָן פון יריחו, וואו עס איז געבליבען אַן אָב-טיילונג שווערבעוואָפענטע, בכדי צו היטען דעם דאָזיגען צוגאַנג, וואָס אַספּסינוס האָט שוין געהאַט איהם אַיינגענומען. דער דאָזיגער לעגיאָן האָט בעקומען אַ בעפעהל זיך צו לאַגערן זעקס סטאַדיעס ווייט פון ירושלים, אויף דעם אַזוי אָנגערופענעם הר-הזיתים, וואָס ליגט קעגענאיבער דער שטאָדט אין מזרח-זייט און איז אָבגעטיילט פון איהר דורך אַ טיעפען טאָל, וואָס הייסט קדרון.

4. ערשט איצט האָט די מלחמה, וואָס איז אַריינגעבראָכען פלוצלונג און מיט קראַפט, געמאַכט אַ סוף צו די געגענזייטיגע סכסוכים פון די פּאַרטייען, וואָס האָבען אָהן אויפהער געשטריטען קעגען אַנאַנד אין שטאָדט. מיט שרעק האָבען די מורדים דערזעהן דעם דרייפאַכיגען לאַגער פון די רוימער און האָבען אָנגעהויבען, אמת, ניט מחמת איידעלע מאָטיווען, אַיינצושטעלען צווישען זיך אחדות. „אויף וואָס וואַרטען מיר נאָך, האָבען זיי געזאָגט איינער צום אַנ-דערן, און פאַרוואָס דערלאָזען מיר, אַז מען זאָל אונז אָבנעמען דעם אָטעם דורך שטאַרקע בעפעסטיגונגען? גאַנץ רוהיג בעפעסטיגט זיך דער שונא קע-געניבער אונז. מיר אָבער זיצען הינטער אונזערע מויערן, קוקען זיך צו, אַזוי ווי זיין אַרבייט וואָלט געווען צוליעב אונזער נוצען און טובה, זיצען צונויפגעלייגט די הענד און לאָזען אונזערע געוועהר פערשטויבט ווערען.

1) סקאָפּאָס הייסט אויף גריכיש — אויסבליק, העברייאיש — צופים.

מוטיג זיינען מיר, אמת, נאָר קעגען זיך אַליין, און אונזער מחלוקת וועט איבער-געבען די שטאָדט די רוימער, אַז זיי וועלען קיין שווערד ניט דאַרפען געברויכען״.

דורך אַזעלכע רייד האָבען זיי צוגעגעבען מוט איינער דעם אַנדערן; דערנאָך האָבען זיי אַלע מיט אַמאָל גענומען זיך פאַר די געוועהר און האָבען געמאַכט אַ פלוצלונגדיגען אויספאַל קעגען צעהנטען לעגיאָן. מיט גרויס לאַרם און געפילדער האָבען זיי געשטורעמט דורכ׳ן טאָל און זיינען אָנגעפאַלען אויף די רוימער, וואָס זיינען געווען פערנומען מיט די בעפעסטיגונגס-אַרבייטען.

היות ווי יענע זיינען געווען צוליעב דער אַרבייט אייגגעטיילט אין קלענערע אָבטיילונגען און האָבען איבער דעמזעלביגען טעם געהאַט אָבגעלייגט זייערע געוועהר (וואָרום זיי האָבען געמיינט, אַז די אידען וועלען ניט האָבען גענוג מוט אויף אַן אויספאַל, אָדער אַפילו ווען זיי וועלען יאָ חשק האָבען דערצו, וועלען זייערע פּרטיי-מחלוקת׳ן זיי דערפון אָבהאַלטען), — דעריבער זיינען זיי מחמת דעם פלוצלונגדיגען אָנפאַל אינגאַנצען צעטומעלט געוואָרען. עטליכע האָבען געוואָרפען די אַרבייט און האָבען זיך תיכף צוריק-געצויגען; אַ סך זיינען געלאָפען נאָך זייערע געוועהר, נאָר איידער זיי האָבען געקאָנט זיך אַנטקעגענשטעלען קעגען די פיינד, זיינען זיי דער׳הרג׳עט געוואָרען.

צו די אידען ווייטער זיינען צוגעשטאַנען אַלץ נייע קעמפער, וואָס זיינען אויפגעמונטערט געוואָרען דורך דעם נצחון פון די ערשטע. און היות ווי די הצלחה איז זיי געווען גינסטיג, דעריבער האָבען זיי אויסגעדוכט סיי זיך און סיי די פיינד אַ סך צאָהלרייכער, איידער זיי זיינען אין דער אמת׳ען געווען.

סאָלדאַטען, וואָס זיינען געוויהנט צו אַ בעשטימטער שלאַכטאָרדענונג און וואָס פערשטייהען צו קעמפען אין געשלאָסענע רייהען, ווערען וואָס גיכער צעטומעלט, וויבאַלד עס ווערט אַן אומאָרדענונג. בכן זיינען איצט אויך די רוימער אָבגעטראָטען פאַר׳ן אָנפאַל. און בשעת די אידען פלעגען זיי דעריאָגען, און זיי פלעגען זיך אומקעהרען בשעת׳ן לויפען, דעמאָלט פלעגען די נאָכיאָגער זיך אָבשטעלען און מאַכען אַ סך וואונדען די פיינד, וואָס זיינען אומפאָרזיכטיג געלאָפען. אָבער אַז די מאַסע פון די אָנפאַלער איז אַלץ גרעסער געוואָרען, איז אויך ביי די רוימער געוואַקסען די צעטומלעניש, און זיי זיינען אינגאַנצען אַוועקגעשטופט געוואָרען פון זייער לאַגער. ס׳האָט אויסגעוויזען, אַז דער גאַנצער לעגיאָן איז פערלאָרען.

אָבער וועגען דער מעשה האָט מען געגעבען צו וויסען טיטוס׳ן, און געשווינד איז ער געקומען צו-הילף. ער מאַכט שטאַרקע פאָרוואורפען די אַנטלאָפענע פאַר זייער פחדנות, צווינגט זיי זיך אומצוקעהרען; אַליין פאַלט ער אָן מיט אויסגעקליבענע סאָלדאַטען אויפ׳ן פלאַנג פון די אידען, מאַכט זיי אָן גרויסע אָנוועהרען אין טויטע און נאָך מעהר אין פערוואונדעטע, טרייבט

זיי אַלע צוריק און שפּאַרט זיי צונויף אינ׳ם טאָל. אָבּער ווי נאָר די אידען, וואָס האָבּען אַ סך געליטען אויפ׳ן משופּע׳דיגען אָרט, האָבּען זיך דורכגעשלאָ-גען, האָבּען זיי זיך ווידער אַנטקעגענגעשטעלט קעגען די רוימער און האָבּען געקעמפּט איבּער׳ן טאָל אַריבּער.

ביז מיטאָג-צייט האָט מען אויף אַזאַ אופן זיך געשלאָגען, אָבּער אַז די זון האָט אָנגעהויבּען אַ ביסעל אונטערגייהן אין מערב-זייט, האָט טיטוס געלאָזען אויף די ערטער קעגען די אידען נאָר די מענשען, וואָס מיט זיי איז ער געקומען צו-הילף, און אַנדערע פון די קאָהאָרטעס, אויפ׳ן פאַל טאָמער וועלען די אידען נאָך אַ מאָל פּרובּען מאַכען אַנ׳אָנפאַל; דעם איבּעריגען טייל פון לעגיאָן האָט ער צוריק אָבּגעשיקט צו די בּעפעסטיגונגס-אַרבּייטען אויפ׳ן שפּיץ בּאַרג.

5. די אידען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די רוימער זיינען אַנטלאָפען געוואָרען, און היות ווי אַ שומר, וואָס זיי האָבּען געהאַט אויפגעשטעלט אויפ׳ן מויער, האָט זיי דאָס אָנגעוויזען דורך וויהען מיט זיין מאַנטעל, בּכן האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַ פרישע אָבּטיילונג מיט אַזאַ אימפעט, וואָס איז געווען גלייך צום לויפען פון אַ ווילדער חיה. און קיין איינער פון די פיינד, וואָס זיינען געשטאַנען אין שלאַכט-אָרדענונג, האָט טאַקע ניט אויסגעהאַלטען זייער דראַנג, נאָר די גאַנצע ליניע פון די רוימער איז דורכגעבּראָכען געוואָרען, אַזוי ווי זי וואָלט געטראָפען געוואָרען פון אַ קריגס-מאַשין, און אַלע זיינען אַנטלאָפען געוואָרען בּאַרג אַרויף.

מעהר ניט טיטוס און עטליכע מיט איהם זיינען געבּליבּען שטייהן אין מיטען בּאַרג. זיינע בּעגלייטער, וואָס זיינען מחמת אַכטונג צום אָנפיהרער געבּליבּען בּיי איהם, ניט קוקענדיג אויף דער סכּנה, האָבּען זיך געבּעטען בּיי איהם, ער זאָל אויסמיידען די אידען, וואָס זוכען דעם טויט, און זאָל ניט אַיינשטעלען זיין לעבּען אין קאָהן פאַר די, וואָס זיינען מחויב איהם צו שיצען. זאָל ער דאָך נעמען אין בּעטראַכט זיין הויכע שטעל, און אַלס פיהרער פונ׳ם קריג און אויך אַלס צוקונפטיגער פיהרער פון דער רוימישער מלוכה זאָל ער ניט טון דעם דיענסט פון אַ פּשוט׳ען סאָלדאַט און ניט איינ-שטעלען זיין לעבּען, וואָס אָן איהם איז אַלצדינג אָבּהייענגיג, אין אַזאַ בּע-שיינפּערליכער סכּנה. אָבּער ער האָט געמאַכט זיך ניט הערענדיג דאָס אַלץ, נאָר ער האָט זיך מיט קראַפט אַנטקעגענגעשטעלט קעגען די, וואָס האָבּען אַרויפגעשטייגט אין דער הויך קעגען איהם, האָט אויסגעהרג׳עט די שטור-מענדיגע אידען, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פונ׳ם משופּע׳דיגען בּאַרג אויף דער געדיכטער מאַסע פון די פיינד און האָט זי דורכדעם צוריקגעשטופּט.

די אידען האָט די ענטשלאָסענהייט און דער דרייסטער מוט פונ׳ם אָנפיהרער אָנגעמאַכט ניט אַ קליינע שרעק, פונדעסטוועגען האָבּען זיי אויך איצט זיך ניט צוריקגעצויגען אין שטאָדט, נאָר זיי האָבּען זיך אָבּגעקעהרט אין בּיידע זייטען, בּכדי נאָכצויאָגען די, וואָס זיינען געלאָפען ווייטער אויבּען.

נאָר טיטוס האָט זייער אָנפאַל געמאַכט צו-נישט דורכדעם, וואָס ער איז אויף זיי אָנגעפאַלען פון פלאַנג.

דערווייל האָט אויך אָנגעחאַפּט אַ שרעק און צעטומלעניש די אַרבייטער ביי די בעפעסטיגונגען אויפ'ן באַרג, בשעת זיי האָבען דערזעהן זייערע חברים אונטען לויפענדיג. און דער גאַנצער לעגיאָן איז זיך צעלאָפען, ווייל אַלע האָבען געהאַלטען, אַז עס איז אוממעגליך צו בעשטייהן קעגען אָנפאַל פון די אידען, און האָבען גערעכענט, אַז אויך דער קיסר גופא איז אַנטלאָפען געוואָרען; ווארום טאָמער וואָלט ער געבליבען שטייהן, — אַזוי האָבען זיי געמיינט — וואָלטען די איבעריגע מסתמא אויך ניט אַנטלאָפען געוואָרען. אַרומגעחאַפּט ווי פון אַ פּאַנישער שרעק, זיינען זיי זיך פונאַנדערגעלאָפען אין אַלע ריכטונגען, ביז וואַנען עטליכע האָבען סוף-כל-סוף דערזעהן דעם אָנפיהרער אין מיטען דעם טומעל פון דער שלאַכט און פול מיט פחד איבער איהם האָבען זיי דורך אַ גרויס געשריי אָנגעזאָגט דעם גאַנצען לעגיאָן זיין געפעהרליכע לאַגע.

היות ווי זיי האָבען זיך פערשעמט, דעריבער האָבען זיי זיך ווידער אַלע אומגעקעהרט, און מאַכענדיג זיך פאָרוואורפען געגענזייטיג דערפאַר, וואָס זיי זיינען אַנטלאָפען געוואָרען, און נאָך מעהר דערפאַר, וואָס זיי האָבען געלאָזען דעם קיסר אָהן שוץ, האָבען זיי זיך אַלאָז געטאָן אויף די אידען מיט דער גאַנצער קראַפט, און נאָכדעם ווי יענע האָבען שוין אָנגעהויבען אָבצוטרעטען, האָבען זיי זיי אינגאַנצען אַראָבגעשטופּט אין טאָל אַראָב. נאָך בשעת'ן אָבטרעטען האָבען די אידען געקעמפט; נאָר די רוימער האָבען גע-האַט די אויבערהאַנד מחמת זייער העכערער פּאָזיציע און האָבען אַלעמען צונויפגעטריבען אין טאָל.

דערווייל האָט טיטוס אָנגעטאָן שאָדען די, וואָס זיינען אָנגעפאַלען אויף איהם, און האָט ווידער געשיקט דעם לעגיאָן צו די בעפעסטיגונגס-אַרבייטען. ער גופא האָט מיט די סאָלדאַטען, וואָס זיינען געווען פריהער אונטער זיין פיהרונג אין געשלעג, ווייטער זיך פערטיידיגט קעגען די פיינד.

מען מוז זאָגען דעם אמת, ווי עס געהערט צו זיין, ניט מגזם צו זיין מחמת חניפה אָדער פערקלענערן מחמת קנאה: דער קיסר אַליין האָט צוויי מאָל געראַטעוועט דעם לעגיאָן, וואָס האָט זיך געפונען אין סכנה, און גע-געבען איהם די מעגליכקייט רוהיג צו בעפעסטיגען זיין לאַגער.

# דריטער קאפיטעל.

נייע אומרוהען אין ירושלים. — די רוימער בעקומען א מפלה.

1. אין דער צייט, וואָס דער אויסוויינינגסטער קריג האָט אויף אַ קורצער צייט גערוהט, איז אויף דאָס ניי אויפגעשטאַנען די מחלוקת צווישען ד׳י פּאַר־טייען אינעווייניג. ס׳איז געווען נאָהענט צום חג המצות, פערצעהן טעג אין ניסן, וואָס דעמאָלט, זאָגען די אידען, זיינען זיי צוערשט בעפרייט געוואָרען פון דער עגיפּטישער קנעכטשאַפט. אלעזר׳ס אָנהיינגער האָבען דעריבער געעפענט די טויערן און אַריינגעלאָזט אין בית־המקדש דאָס פאָלק, וואָס האָט געוואָלט מתפלל זיין.

נאָר יוחנן האָט אויסגענוצט צום שלעכטס דעם יום־טוב, בכדי אויסצו־פיהרען אַ פאַלשען פּלאַן. ער האָט פערזאָרגט שטילערהייד מיט געוועהר יענע פון זיינע מענשען, וואָס זיינען ווינציגער בעקאַנט געווען און וואָס זיינען נאָך דערצו געווען טמא, און האָט זיי געלאָזט אַריינגייהן אינאיינעם מיט דער איבעריגער מאַסע אין הייליגטום, בכדי איהם צו פערחאַפּען. ווי נאָר זיי זיינען געווען אינעווייניג, האָבען זיי אַראָבגעוואָרפען זייערע אויבערשטע קליידער און האָבען זיך בעוויזען בעוואָפענט פון קאָפּ ביז די פיס.

תּיכף איז אין בית־המקדש געוואָרען אַ גרויסער טומעל און מהומה, ווייל דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך ניט בעטייליגט אינ׳ם קאַמף פון די פּאַרטייען, האָט גערעכענט, אַז דער אָנפאַל איז געווענדט קעגען אַלעמען אָהן אונטערשייד; די קנאים אָבער האָבען געהאַלטען, אַז ער איז געווענדט נאָר קעגען זייערע מענ־שען. דעריבער האָבען זיי געלאָזען שטייהן די טויערן. אָהן אַ שמירה און ניט אַריינגעלאָזט זיך אין אַ קאַמף, נאָר זיי זיינען אַראָבגעשפּרונגען פון די טורעמס פון די מויערן און זיינען אנטלאָפען אין די אונטערערדישע גיינג פון בית־המקדש.

דאָס פאָלק, וואָס האָט מיט ציטערניש זיך געשפּאַרט אַרום דעם היכל און מזבח, איז צעטראָטען אָדער אויסגעהרג׳עט געוואָרען מיט שווערדען און שטעקענס. אַ סך רוהיגע בירגער זיינען ביי דער געלעגענהייט געפאַלען פּאַר אַ קרבן פון זייערע פיינדס נקמה־געפיהל און פון שנאת־חנם: יענע האָבען זיי דער׳הרג׳עט אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען אָנהיינגער פונ׳ם צד שכנגד. ווער עס האָט ווען עס איז פּוגע בכבוד געווען איינעם פון די דאָזיגע אָנפיהרער, האָט איצט, אויב זיין שונא האָט איהם דערקענט, געגאָלטען פּאַר אַ קנאי און האָט געמוזט אומקומען דורך ענויים קשים.

נאָכדעם ווי די רשעים האָבען אַזוי אָנגעזעטיגט זייער גרימצאָרן אויף די אומשולדיגע, האָבען זיי אָנגעבאָטען די שולדיגע אַ צייטווייליגען שלום, און בשעת יענע זיינען אַרויס פון די אונטערערדישע גיינג, האָבען זיי זיי געלאָזט פריי אַרויסגייהן. זיי גופא האָבען דורכדעם פערחאַפּט דעם אינעווייניגסטען טייל פון בית־המקדש און אַלע זיינע אוצרות און האָבען זיך אָנגענומען בכן מיט מעהר מוט צוליעב דעם קאַמף קעגען שמעון׳ען.

אויף אַזאַ אופן זיינען איצט געוואָרען אָנשטאָט די פריהערדיגע דריי פּאַרטייען פון די מורדים נאָר צוויי.

2. דערווייל האָט טיטוס בעשלאָסען אָבצורוקען זיין לאַגער פון סקאָפּאָס און צוצורוקען איהם נעהענטער צום שטאָדט. דעריבער האָט ער אויסגעשטעלט אַן אָבגעקליבענע אָבטיילונג פון רייטעריי און פוספאָלק, וואָס זאָל זיין גענוג שטאַרק צו בעשיצען זיך, טאָמער מאַכען די אידען אַן אויספאל, און האָט געהייסען דעם גאַנצען איבעריגען חייל אויסצוגלייכען דעם גאַנצען שטח ביז צום מויער.

אַלע פּאַרקענס און אַנדערע מחיצות, מיט וועלכע די איינוואוינער פון ירושלים האָבען געהאַט אַרומגערינגעלט זייערע גערטענער און סעדער, זיינען געוואָרען אָבגעבראָכען; אַלע בוימער, וואָס טראָגען פירות, אין דער גאַנצער סביבה אויסגעהאַקט, און דערמיט זיינען אויסגעפילט געוואָרען אַלע פערטיעפונגען און ערדשפּאַלטען. די שטיינערנע שפּיצען זיינען געוואָרען אַרומגעהאַקט מיט אייזענס. אַזוי האָבען זיי אויסגעגלייכט דעם גאַנצען שטח פון סקאָפּאָס ביז הורדוס׳עס מצבה, ניט ווייט פון׳ם שלאַנגען-טייך.

3. אין יענע טעג האָבען די אידען אַוועקגעשטעלט פאַר די רוימער אַ לויער אויף פאָלגענדען אופן: די סאַמע דרייסטע פון די מורדים זיינען אַרויס פון שטאָדט ביי די אַזוי אָנגערופענע פרויענטורעמס, פונקט אַזוי ווי זיי וואָלטען געוועזען אַרויסגעטריבען דורך די בירגער, וואָס זיינען נוטה צום שלום. מאַכענדיג דעם אָנשטעל, אַזוי ווי זיי וואָלטען כלומר׳שט מורא האָבען פאַר אַן אָנפאַל מצד די רוימער, האָבען זיי זיך געדיכט צונויפגעשפּאַרט און האָבען געזוכט זיך צו בעהאַלטען איינער הינטער דעם אַנדערן. חברים פון זיי, אין פלוג געוויינהליכע בירגער, זיינען געשטאַנען דערווייל אין פערשיידענע ערטער אויפ׳ן מויער, האָבען געשריען, אַז זיי ווילען שלום, האָבען געבעטען, מען זאָל זיי פערשוינען, און האָבען גערופען די רוימער, צוזאָגענדיג זיי צו עפענען די טויערן. צוגלייך האָבען זיי געוואָרפען אויף זייערע מענשען, וואָס זיינען געשטאַנען פון אויסווייניג, שטיינער, אַזוי ווי זיי וואָלטען געהאַט בדעה זיי אַוועקצוטרייבען פון טויער. יענע, פערקעהרט, האָבען געמאַכט אַן אָנשטעל, אַזוי ווי זיי וואָלטען וועלען צווינגען, מען זאָל זיי אַריינלאָזען, דערנאָך האָבען זיי אָנגעהויבען צו בעטען זיך, זיינען עטליכע מאָל געלאָפען אַנטקעגען די רוימער און אומגעקעהרט זיך, אַזוי ווי די וואָלטען מורא געהאַט.

די סאָלדאַטען האָבען טאַקע געגלויבט דער דאָזיגער רמאות. און היות ווי זיי האָבען גערעכענט, אַז פון איין זייט האָבען זיי שוין אין זייער האַנד די מורדים, בכדי זיי צו בעשטראָפען, און פון דער אַנדער זייט — אַז די איבעריגע וועלען זיי עפענען די טויערן, — דעריבער האָבען זיי זיך תיכף גענומען פאַר דער אַרבייט.

נאָר טיטוס׳ן איז עס אויסגעקומען עפּיס חשוד׳יג, וואָס מען רופט איהם אַזוי אומגעריכטערהייד. וואָרום מיט אַ טאָג פריהער האָט ער געלאָזט דורך

יוספ'ן אַרויספאָדערן די אידען, זיי זאָלען זיך אונטערגעבען, נאָר ער האָט ניט געפונען ביי זיי קיין שום חשק דערצו. דעריבער האָט ער בעפויהלען זיינע סאָלדאַטען צו בלייבען אויף זייערע ערטער.

נאָר עטליכע פון די, וואָס זענען געווען פערנומען ביי די אַרבייטען גאָר פון פאָרענט, האָבען זיך גענומען געשווינד פאַר זייערע געוועהר און געלאָזט זיך לויפען צו די טויערן. די כלומר'שט פערטריבענע פון שטאָדט זיינען צוערשט אָבגעטראָטען. נאָר אַז די סאָלדאַטען האָבען זיך געפונען צווישען די טורעמס פונ'ם טויער, האָבען די אַנדערע זיך אַלאָז געטאָן פאָר־אויס, האָבען זיי אַרומגערינגעלט און זיינען אָנגעפאַלען אויף זיי פון הינטען, גלייכצייטיג האָבען די אידען, וואָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן מויער, בעשאָטען זיי מיט אַ האָגעל פון שטיינער און פיילען, אַזוי אַז אַ בעדייטענדע צאָהל פון די רוימער זיינען געפאַלען, און די איבעריגע זיינען צום רוב פערוואונדעט געוואָרען. וואָרום פון איין זייט איז זיי שווער געווען אַוועקצוגייהן פון מויער איבער די פיינד, וואָס זיינען אָנגעפאַלען אויף זיי פון הינטען, און פון דער אַנדער זייט האָט זיי אונטערגעטריבען די חרפה, פאַרוואָס זיי האָבען ניט געפאָלגט דעם פיהרער, און אויך די מורא פאַר אַ שטראָף, אַז זיי זאָלען דערפיהרען ביז'ן סוף דעם פעהלער, וואָס זיי האָבען אָנגעהויבען צו טון. דעריבער האָבען זיי אויסגעהאַלטען דעם קאַמף מיט דער גרעסטער עקשנות, און סוף־כל־סוף האָט זיך זיי איינגעגעבען צוריקצושלאָגען די פיינד, וואָס האָבען זיי געהאַט אַרומגערינגעלט, נאָכדעם ווי די אידען האָבען זיי געמאַכט אַ סך וואונדען און האָבען אַליין בעקומען פונקט אַזוי פיעל. נאָך צוריקצו־וועגס האָבען די אידען זיי נאָכגעיאָגט מיט פיילען ביז צו דער מצבה פון העלענאַ.

4. דערויף אָבער האָבען די אידען אויף אַ געמיינעם אופן אַרויסגעוויזען זייער שמחה איבער'ן אייגענעם קונץ: זיי האָבען אויסגעלאַכט די רוימער, וואָס זיי האָבען געלאָזט זיך אָבנאַרען, זיינען געשפרונגען און האָבען גע־קלאַפט אין זייערע שילדען און געשריען פאַר פרייד. אויף די סאָלדאַטען אָבער האָבען געוואַרט מעהר ניט די שטראָף־רייד פון די צענטוריאָנען און דער כעס פונ'ם קיסר, וואָס האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

„די אידען פיהרט אין קאַמף בלויז בלינדער יאוש, און דערביי טוען זיי פונדעסטוועגען אָב אַלצדינג מיט איבערלייגונג און מיט אַ שכל. זיי שטע־לען פאַסטקעס און לויערן; זיי האָבען גליק, מחמת זיי פאָלגען און זיינען געטריי צו אַנאַנד, ווי חברים. די רוימער, פערקעהרט, וואָס האָבען שטענדיג געהאַט גליק מחמת זייער דיסציפלין און ווייל זיי האָבען געפאָלגט די אָנ־פיהרער, האָבען געהאַט איצט אַ מפלה, ווייל זיי האַלטען זיך פערקעהרט, און זיי ווערען בעזיגט, ווייל זיי קאָנען ניט אַיינהאַלטען זייער חשק עפּיס צו טון, און דאָס ערגסטע איז, וואָס זיי דערוועגען זיך צו קעמפען אין קיסר'ס געגענוואַרט אָהן אָנפיהרונג. שטאַרק וועלען זיפצען די קריגס־געזעצען, און ניט ווינציגער מיין פאָטער, אַז ער וועט דערגייהן וועגען דער דאָזיגער

מפלה, ער, וואָס איז גראָה געוואָרען אין מלחמות, און האָט דאָך קיין מאָל ניט געהאַט אַזאַ מין מפלה! יענע געזעצען בעשטראָפען אָבער מיט טויט פאַר איטליכער עבירה קעגען דער דיסציפלין. און איצטער האָבען זיי געמוזט צוזעהן, ווי אַ גאַנצע מיליטערישע אָבטיילונג האָט פערלאָזען איהר אָרט! באַלד וועלען די, וואָס האָבען זיך דערוועגט אויף אַזאַ מעשה, געוואָהר ווערען, אַז ביי די רוימער ברייננגט אַפילו דער נצחון קיין רוהם ניט, אויב ער ווערט אָבגע-האַלטען קעגען אַ בעפעהל פון אויבען!״

נאָך די דאָזיגע ווערטער, וואָס זיינען געווען געווענדט צו די אָפיצירען, האָט געקאָנט אויסדוכטען, אַז ער וועט זיך בעגייהן מיט אַלע בעטייליגטע סאָלדאַ-טען לויט דער שטריינגקייט פונ׳ם געזעץ. די שולדיגע גופא האָבען אויך שוין אָנגעוואָהרען דעם מוט, ווייל זיי האָבען געזעהן פאַר די אויגען דעם פער-דיענטען טויט. נאָר די לעגיאָנען האָבען אַרומגערינגעלט דעם קיסר און האָבען זיך געבעטען ביי איהם רחמים, ער זאָל אַרויסווייזען גענאָד צו זייערע חברים און מוחל זיין די אומפאָרזיכטיגע טועכץ פון עטליכע, מחמת דעם וואָס דער גרעסטער רוב פאָלגט דאָך. וואָרום אודאי וועלען יענע זעהן ווידער צו פער-ריכטען זייער פעהלער, וואָס זיי האָבען אָקאָרשט אָבגעטאָן, דורך מעשי-גבורה אין דער צוקונפט.

5. די דאָזיגע בקשות האָט דער קיסר נאָכגעגעבען מיט גרויס חשק, נאָך מעהר דערפאַר, ווייל עס איז געלעגען אין זיין אייגענעם אינטערעס-וואָרום ער האָט עס געהאַלטען, אַז די שטראָף פון אַ יחיד דאַרף בעשטימט ווע-רען לויט דעם, וואָס ער האָט אָבגעטאָן, אָבער די שטראָף פון אַ גאַנצע מאַסע דאַרף אויסגערעכענט ווערען לויט די צוועקמעסיגקייט. דעריבער האָט ער מוחל געווען די סאָלדאַטען, נאָכדעם ווי ער האָט זיי מתרה געווען בכל תוקף, אַז ווייטער זאָלען זיי זיין פאָרזיכטיגער, און האָט אַרומגעקלערט, ווי אַזוי צו בעשטראָפען די אידען פאַר זייער רמאות.

אין פיער טעג אַרום איז דער גאַנצער יטח ביז צום מויער געווען אויסגעגלייכט. דעמאָלט האָט ער געהייסען דעם הויפט-טייל פון זיין חייל מאַרשירען אין אַ זיבענפאַכיגער ליניע פון צפון קיין מערב פאַזע די מויערן, בכדי נעהענטער צו ברייננגען אין זיכערהייט דעם געפּעק און דעם אַנדער טייל פון חייל. גאָר פון פאָרענט איז געשטאַנען דאָס פוספאָלק, הינטער זיי די רייטעריי, איטליכער פונ׳ם דאָזיגען מין מיליטער אין אַ דרייפאַכיגער ליניע; די זיבעטע רייה האָבען געבילדעט די בויגענשיסער, וואָס זיינען געווען אויס-געשטעלט אין מיטען צווישען ביידע טיילען מיליטער. נאָכדעם ווי עס איז דורך דעם דאָזיגען בעפעהל געמאַכט געוואָרען אוממעגליך פאַר די אידען צו מאַכען ווייטער אויספאַלען, האָבען די משא-בהמות פון די דריי לעגיאָנען און די דיענער רוהיג געקאָנט פאַרבייגייהן.

טיטוס גופא האָט געלעגערט אַן ערך צוויי סטאַדיעס פונ׳ם מויער, ביי איהרען אַ ווינקעל קעגענאיבער דעם פסעפינוס-טורעם, אין יענעם אָרט, וואו דער טייל פונ׳ם מויער, וואָס איז געווענדט געווען קעגען צפון-זייט, האָט זיך

געגעבען אַקעהר צו מערב-זייט. דער איבעריגער טייל פון זיין חייל האָט פערנומען אַלאַגער ביי דעם היפּיקוס-טורעם. אויך אויף אַמהלך פון צוויי סטאַדיעס פון שטאָדט. נאָר דער צעהנטער לעגיאָן איז פערבליבען אויף זיין אָרט אויפ'ן הר-הזיתים.

# פערטער קאפּיטעל

בעשרייבונג פון ירושלים.

1. מיט דריי שורות מויערן איז די שטאָדט געווען אַרומגערינגעלט אין די ערטער, וואו עס זיינען ניט געווען קיין ניט צוגיינגליכע טאָלען; אין יענע ערטער האָט זי געהאַט נאָר איין מויער. די שטאָדט גופא איז געווען אויסגעבויט אויף צוויי בערגלעך, וואָס ליגען איינער אַנטקעגען דעם אַנדערן, און צווישען די בערגלעך האָט זיך געצויגען אַטאָל, אין וועלכען עס האָבען זיך געענדיגט די שורות הייזער פוןביידע זייטען.

איינער פי'ן די בערג, דער וואָס האָט געטראָגען אויף זיך די אויבערשטע שטאָדט (דער הר ציון), איז געווען אַסך העכער פאַר'ן אַנדערן און האָט זיך אויך געצויגען מעהר אין דער לייגג. מחמת זיין פעסטיגקייט איז ער אָנגערופען געוואָרען „מצודה" פונ'ם קעניג דוד, דעם פאָטער פון שלמה'ן, וואָס האָט דער ערשטער אויסגעבויט דעם בית-המקדש; מיר רופען עס אָן אויבערשטער מאַרק (שוק העליון). דער אַנדער באַרג ווייטער, מיט'ן נאָמען אַקראַ, וואָס אויף איהם איז געשטאַ:ען די אונטערשטע שטאָדט, איז געווען אויסגעקרימט אויף צוויי זייטען.

קעגענאיבער איז געלעגען אַדריטער באַרג, וואָס על-פי טבע איז ער געווען נידעריגער פאַר אקרא און איז פריהער אָבגעטיילט געוואָרען פונ'ם ערשטען דורך אַברייטען טאָל. נאָר אין דער שפּעטערדיגער צייט, בשעת די חשמונאים האָבען רעגירט, האָבען זיי דעם דאָזיגען טאָל אויסגעפילט, בכדי צו פעראייניגען די שטאָדט מיט'ן בית-המקדש. ווייטער האָבען זיי אָבגעגראָבען פון דער הויך פון אַקראַ און געמאַכט דעם באַרג אַזוי נידעריג, אַז דער בית-המקדש איז געווען העכער פאַר איהם.

דער טאָל, וואָס טיילט אָב, ווי געזאָגט, דעם באַרג מיט דער אויבערשטער שטאָדט פונ'ם באַרג מיט דער אונטערשטער שטאָדט און וואָס הייסט „טאָל פון די קעז-מאַכערס" (בי עושי גבינות), ציהט זיך ביז'ן שלוח; מיט דעם דאָזיגען נאָמען בעצייכענען מיר דעם זיסען קוואַל, וואָס פליסט דאָרט און וואָס האָט אַסך וואַסער.

פון אויסוויינינג זיינען ביידע בערג פון שטאָדט געווען אַרומגערינגעלט פון טיעפע טאָלען, און מחמת די בערג האָבען זיך דערהויבען גלייך, ווי אַ

האַנט, דעריבער האָט מען פון ביידע זייטען אין ערגיץ ניט געקאָנט צוקומען צום שטאָדט.

2. די עלטסטע פון די דריי מויערן איז שוין געווען שווער איינצונעמען איבער די טיפע טאָלען און איבער דעם באַרג, וואָס האָט זיך דערהויבען איבער זיי און וואָס אויף איהם איז די מויער געבויט געווען. נאָר איהר נאַטירליכע פעסטיגקייט איז נאָך בעדייטענד פערשטאַרקט געוואָרען דורכדעם, וואָס דוד און שלמה און אויך די מלכים נאָך זיי האָבען זיך געפלייסט אַריבערצושטייגען איינער דעם אַנדערן אין דער אויספיהרונג פונ'ם דאָזיגען בנין.

די מויער האָט זיך אָנגעהויבען אין צפון זייט ביי דעם אַזוי אָנגערופענעם היפיקוס-טורעם, האָט זיך געצויגען ביז'ן קסיסטוס, דערנאָך האָט זי זיך אָנגעשלאָסען אָן בעראַטונגס-הויז און האָט זיך געענדיגט ביי דער מערב'דיגער גאַלעריי פון בית-המקדש. אין מערב-זייט האָט זי זיך אָנגעהויבען ביים זעלביגען טורעם, האָט זיך געצויגען פאַרביי אַ פלאַץ מיט'ן נאָמען ביציתא ביז צום טויער פון די איסים, האָט זיך געווענדט דערנאָך קיין דרום-זייט צום קוואַל שלח, דערנאָך געצויגען זיך קיין מזרח-זייט ביי שלמה'ס פישטייך, פון דאָרט האָט זי זיך געצויגען ביז צום פלאַץ עופל און האָט זיך צולעצט פעראייניגט מיט דער מזרח'דיגער גאַלעריי פונ'ם קוואַרטאַל פון בית-המקדש.

די צווייטע מויער האָט זיך אָנגעהויבען ביים גאָרטען-טויער (שער הגנות) וואָס האָט נאָך געהערט צום ערשטען מויער, האָט זיך געצויגען אַרום דער דרום-זייט פון אַקראַ ביז צו דער פעסטונג אַנטאָניאַ.

די דריטע מויער האָט זיך אָנגעהויבען ווייטער ביים היפיקוס-טורעם, פון דאָרט האָט זי זיך געצויגען צוערשט אין צפון'דיגער ריכטונג ביז צום פסעפינוס-טורעם, דערנאָך, קעגענאיבער דעם קבר פון הילני המלכה, די קעניגין פון הדייב און די מוטער פונ'ם קעניג איזאַטעס, האָט זי זיך אָבגעקעהרט צו די קעניגס-היילען (קברות המלכים) און ביים ווינקעל-טורעם האָט זי פערקירעוועט ביי דער אַזוי אָנגערופענער וואַלקער-מצבה; דערנאָך האָט זי זיך פעראייניגט מיט'ן אַלטען מויער און האָט זיך געענדיגט אין טאָל קדרון.

די דאָזיגע דריטע מויער האָט דער קעניג אַגריפס אויסגעבויט אַרום דעם נייעם שטאָדט-קוואַרטאַל, וואָס איז ביז אַהער געווען אינגאַנצען אומבעשיצט. וואָרום מחמת די בעפעלקערונג פון ירושלים איז אויסגעוואַקסען, האָט די שטאָדט זיך ביסלעכווייז פערגרעסערט און איז אַריבער אויסערהאַלב די מויערן. נאָכדעם ווי מען האָט געהאַט אַריינגעצויגען אין תחום פון שטאָדט די צפון'דיגע זייט פונ'ם הר-הבית, האָט מען אויך געמוזט ווייטער גייהן און בעבויען דעם פערטען באַרג, וועלכער הייסט ביציתא. ער איז געלעגען קעגענאיבער אַנטאָניאַ און איז געווען אָבגעטיילט פון איהר דורך אַ טיפען גראָבען, וואָס מען האָט איהם אויסגעגראָבען בכיון, בכדי עס זאָל ניט זיין צו גרינג צוצוקומען צו די אונטערשטע בנינים פון דער פעסטונג, און איהר

הויך זאָל ניט געמינערט ווערען; וואָרום די טיפעקייט פוּנ׳ם גראָבען האָט בעדייטענד פערגרעסערט די טורעמס. דער ניי אויסגעבויטער טייל שטאָדט האָט בעקומען דעם נאָמען אויף דער אָרטיגער שפראַך ביציתא, אויף גריכיש קאָן מען איהם אויך אָנרופען „קייניאָפּאָליס״ (נייע שטאָדט).

היות ווי אויך די איינוועאוינער פון ביציתא האָבען זיך געגויטיגט אין שוץ, דעריבער האָט דעם איצטיגענס קעניגס פאָטער, וואָס האָט אויך געהייסען אגריפּס, אָנגעהויבען צו בויען די פריהער דערמאָנטע מויער. דערנאָך אָבער האָט ער מורא געהאַט, אַז די גרויסאַרטיגקייט פוּנ׳ם בנין קאָן אַרויס-רופען ביים קיסר קלאַוודיוס אַ חשד קעגען איהם, אַז ער טראַכט וועגען אַ מרידה, בכן האָט ער אויפגעהערט צו בויען, נאָכדעם ווי ער האָט אַוועק-געלייגט נאָר דעם פונדאַמענט 1).

אָבער אויב ער וואָלט אויסגעבויט די מויער, אַזוי ווי ער האָט אָנ-געהויבען, דעמאָלט וואָלט מען די שטאָדט מסתּמא ניט געקאָנט איינגעמען קיין מאָל. וואָרום די מויער איז געווען צונויפגעשטעלט פון שטיינער, וואָס האָבען געהאַט 20 איילען די לייגג און 10 איילען די ברייט, און אַזעלכע שטיינער וואָלט מען מיט אייזערנע געצייג ניט געקאָנט גרינג אונטערגראָבען און אויך ניט צעטרייסלען דורך מאַשינעס. די מויער גופא איז געווען 10 איילען ברייט, און די הויך וואָלט געווען בלי ספק גרעסער, אויב דער יע-ניגער, וואָס האָט זי אָנגעהויבען בויען, וואָלט ניט בעגעגענט קיין שטע-רענישען.

שפּעטער אָבער, הגם די אידען האָבען געמאַכט גרויסע אָנשטרייגגונ-גען, פונדעסטוועגען האָט זי דערגרייכט צו אַ הויך מעהר ניט ווי פון 20 איי-לען, און היות ווי עס זיינען נאָך צוגעקומען פלאַנקעס פון צוויי איילען און טורעמס פון דריי איילען, בכן האָט די הויך בעטראָפען סך הכל 25 איילען.

2. איבער דער מויער האָבען זיך דערהויבען טורעמס פון 20 איילען די ברייט און פונקט אַזוי פיעל די לייגג; זיי זיינען געווען פיערקאַנטיג און געבויט מאַסיוו, פונקט אַזוי ווי די מויער גופא. דער אופן, ווי אַזוי זיי זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרען, און די שיינקייט פון די שטיינער איז ניט געווען ערגער, איידער ביים בית-המקדש. איבער דעם מאַסיווען, 20 איילען הויכען גרונדגאָרען פון די טורעמס האָבען זיך געפונען גרויסאַרטיגע חדרים, און איבער זיי נאָך בוידעמס מיט כלים, אויף צו קלייבען רעגענוואַסער; צו די בוידעמס האָבען געפיהרט אַ בעדייטענדע צאָהל ברייטע טרעפּען.

אַזעלכע טורעמס האָט די דריטע מויער געהאַט 90. דער אָבשטאַנד צווישען איטליכע צוויי טורעמס האָט בעטראָפען 200 איילען. אויפ׳ן מיטעל-סטען מויער זיינען געווען 40 טורעמס, אויפ׳ן אַלטען 60. דער היקף פון דער גאַנצער שטאָדט האָט בעטראָפען 33 סטאַדיעס.

1) פערגל. דובנאָוו׳ס אַלגעמ. אידישע געשיכטע II, § 110, ערשטע אויסגאַבע.

אויב די דריטע מויער פאַר זיך איז געווען מערקווירדיג, טאָ איז נאָך מעהר געווען אויסגעצייכענט דער פסעפינוס-טורעם, וואָס איז געשטאַנען אין צפונית-מערבית-ווינקעל פון איהר און וואָס ניט ווייט פון איהם האָט געלאגערט טיטוס. דער דאָזיגער טורעם האָט זיך דערהויבען צו אַ הויך פון 70 איילען, און ביים זונען-אויפגאַנג האָט מען געקאָנט, שטייהענדיג אויבען, זעהן אַראַ־ביען און די ווייטסטע טיילען פון׳ם אידישען לאַנד ביז צום ים. ער איז גע־ווען אַכטקאַנטיג.

איהם קעגענאיבער האָט דער קעניג הורדוס אויסגעבויט אויפ׳ן אַלטען מויער דעם היפיקוס און נאָהענט דערביי נאָך צוויי טורעמס, וואָס לויט זייער שיינקייט, גרייס און פעסטיגקייט האָבען זיי ניט געהאַט זייער גלייכען אין דער וועלט. מיט די דאָזיגע אויסגעצייכענטע בנינים האָט ער געוואָלט אַרויס־ווייזען ניט בלויז זיין איינגעבאָרענעם געשמאַק פאַר גרויסע אונטערנעמונגען און זיין איבערגעגעבענקייט צו דער שטאָדט, נאָר אויך די געפיהלען פון זיין האַרץ. די טורעמס האָט ער געגעבען אַ נאָמען נאָך די דריי מענשען, וואָס זיינען איהם געווען צום ליעבסטען: נאָך זיין ברודער, זיין פריינד און זיין פרוי, און דורכדעם האָט ער זיי אַוועקגעשטעלט אַן אָנדיינק. זיין פרוי האָט ער, ווי עס איז שוין אויבען דערמאָנט, געלאָזט אומברענגען מחמת אייפערזוכט 1); דיביידע אַנדערע זיינען אָבגעריסען געוואָרען פון איהם דורכ׳ן קריג, אין וועלכען זיי האָבען מוטיג געקעמפט 2).

דער היפיקוס, וואָס איז אַזוי אָנגערופען געוואָרען נאָך הורדוס׳עס אַ גוטען פריינד, איז געווען פיערקאַנטיג, 25 איילען ברייט און לאַנג, 30 איילען הויך און דורכאויס מאַסיוו. איבער דעם דאָזיגען גרונד-גאָרען, וואָס איז גע־ווען צונויפגעשטעלט פון לויטער גרויסע שטיינער, האָט זיך געפונען אַ באַסיין פון 20 איילען די טיעף אויף אָנצוקלייבען רעגענוואַסער, און איבער דעם לעצטען האָט זיך נאָך געפונען אַ בנין פון 25 איילען די הויך, וואָס איז גע־ווען איינגעטיילט אין פערשיידענע חדרים אויף צו וואוינען דאָרט. איבער דעם גאַנצען טורעם זיינען נאָך געשטאַנען טורעמלעך פון צוויי איילען די הויך און פלאַנקענס פון דריי איילען די הויך, אַזוי אַז די גאַנצע הויך פונ׳ם טורעם האָט בעטראָפען אַן ערך 80 איילען.

דער צווייטער טורעם, וואָס איהם האָט ער אַ נאָמען געגעבען פזאל לכבוד זיין ברודער, איז געווען 40 איילען לאַנג און ברייט, און דער מאַ־סיווער אונטערשטער גאָרען איז אויך געווען 40 איילען הויך. איבער דעם לעצטען האָט זיך געצויגען אַרום און אַרום אַ גאַלעריי פון 10 איילען די הויך, וואָס איז געווען געשיצט דורך פאַרקענס; אין מיטען איהר האָט זיך דערהויבען נאָך אַ טורעם, וואָס איז געווען איינגעטיילט אין גרויסאַרטיגע חדרים און האָט אַפילו געהאַט אַ מרחץ, אַזוי אַז דער טורעם האָט לחלוטין

1) אויבען ז, 22, 5.

2) בנוגע צו פזאל׳ן ז. אויבען ו, 13, 10.

געהאַט אַן אויסזעהן פון אַ קיניגליכען שלאָס. זיין שפּיץ איז געווען פערצירט מיט טורעמלעך נאָך רייכער, איידער די פריהער בעשריבענע. אינגאַנצען האָט זיין הויך בעטראָפען אַן ערך 90 איילען. לויט זיין אויסוויינינגסטער געשטאַלט איז ער געווען גלייך צום לייכט־טורעם אויפ׳ן אינזעל פאַראָס פאַר אלכּסנדריה, נאָר לויט זיין היקף איז ער געווען בעדייטענד גרעסער פאַר איהם. אין דער בעשריבענער צייט האָט ער געדיענט דעם טיראַן שמעון׳ען פאַר אַ פעסטונג.

דער דריטער טורעם, מרים (אַזוי האָט די קיניגין געהייסען), איז געווען מאַסיוו ביז צו אַ הויך פון 20 איילען. די חדרים, וואָס האָבען זיך געפונען אויבען, זיינען געווען נאָך טייערער און פערשיידענאַרטיגער, איידער די חדרים פון די אַנדערע טורעמס, ווייל דער קעניג האָט געהאַלטען פאַר פּאַסיג אויסצופּוצען דעם בנין, וואָס ער האָט איהם אַ נאָמען געגעבען נאָך זיין פרוי, מעהר איידער יענע, וואָס האָבען געטראָגען נעמען פון מאַנסבּילען. דערפאַר אָבער האָבען די לעצטע אַריבערגעשטייגט דעם מרים־טורעם לויט זייער פעסטיגקייט. די גאַנצע הויך פונ׳ם דריטען טורעם האָט בעטראָפען 55 איילען.

4. די טורעמס, וואָס זיינען געווען בעדייטענד גרויס שוין פאַר זיך, זיינען נאָך אַ סך געהויבען געוואָרען דורכ׳ן אָרט, אויף וועלכען זיי זיינען געשטאַנען. ווארום די אַלטע מויער, וואָס אויף איהר זיינען זיי געשטאַנען, איז דאָך פון איהר זייט געווען אויסגעבויט אויף אַ הויכען באַרג, און האָט זיך דערהויבען איבער איהם, ווי אַ העכערער שפּיץ, אַן ערך אויף 30 איילען, אַזוי אַז די טורעמס, וואָס האָבען זיך געפונען אויף איהר, האָבען געמוזט אויסדוקטען נאָך אַ סך גרעסער. נשתּומם צו ווערען איז אויך געווען איבער דער גרויס פון זייערע שטיינער. ווארום זיי זיינען אויסגעבויט געוואָרען ניט פון פּשוט׳ע שטיינער אָדער פעלזען־שטיקער, וואָס איין אַרבּייטער קאָן זיי טראָגען, נאָר פון אַרומגעהאַקטע שטיקער ווייסען מירמעלשטיין, וואָס איטליכער פון זיי איז געווען 20 איילען לאַנג, 10 איילען ברייט און 5 איילען הויך. די שטיינער האָט מען אַזוי קונציג צונויפגעלייגט איינעם איבער׳ן אַנדערן, אַז עס האָט זיך אויסגעדוכט, ווי איטליכער פון די טורעמס וואָלט אויסגעוואַקסען פון דער ערד, ווי אַן איינציגע פעלזען־מאַסע, און ערשט דעמאָלט איז ער געוואָרען געפורעמט און געאָרדענט דורכ׳ן האַנד פון אַ קינסטלער — אַזוי ווינציג האָט מען געקאָנט זעהן די שפּאַלטען פונ׳ם געמויערטען בנין.

צו די דריי טורעמס, וואָס זיינען געשטאַנען אין צפון־זייט, האָט זיך אָנגעשלאָסען דער קיניגליכער פּאַלאַץ, וואָס זיין גרויסאַרטיגע אויפפּוצונג לאָזט זיך גאָר ניט בעשרייבען און וואָס האָט פערטונקעלט אַלצדינג, וואָס איז געווען ביז אַהער. ער איז געווען אַרומגערינגעלט פון אַ מויער פון 30 איילען די הויך, וואָס האָט געטראָגען אין גלייכע אָבשטאַנדען רייך פערצירטע טורעמס, און האָט געהאַט קאָלאָסאַלע עסצימערן מיט רוהעפּאָלסטערן פאַר הונדערטער פון געסט. קיין גלייכעניש איז ניט געווען צו דער פערשיידענאַרטיגקייט פון די שטיינער, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרען פון ארבע

פנות העולם און דאָ פערברויכט, און די סופיטען פון די זאַלען האָבען געבילדעט בנוגע צו דער לייגג פון די באַלקענס און צו דער פראַכט פון די פערצירונגען אמת'ע וואונדערווערק.

חדרים האָט דער פּאַלאַץ געהאַט אָהן אַ שיעור און אין טויזענדערליי פערשיידענע פאָרמען; אַלע זיינען געווען פולקום איינגעאָרדענט, דער גרעס-טער טייל פון די שטוביגע כלים איז געווען פון זילבער און פון גאָלד. ווייטער איז געווען אַ גרויסע צאָהל גאַלערייעס, וואָס זיינען געגאַנגען אַרום און אַרום און האָבען זיך געקייטעלט אין אַנאַנד; איטליכע פון זיי האָט גע-האַט אַ פערשיידענעם סדר פון די זיילען.

יענע טיילען פונ'ם פּאַלאַץ, וואָס זיינען געלעגען אונטער'ן פרייען הימעל, זיינען אומעטום געווען בעדעקט מיט גרינס. ס'זיינען דאָרט געווען פּאַרק-פלאַנצונגען אין פערשיידענע געשטאַלטען, מיט לאַנגע שפּאַציר-וועגלעך, וואָס האָבען זיי דורכגעשניטען; דערביי זיינען געווען טיפע וואַסער-בעקענס, און אין אַ סך ערטער טייכלעך מיט אַ סך קופּערנע קונסטווערק, דורך וועלכע די וואַסער איז גערונען; ביי די קינסטליכע אָזיערעס זיינען געווען אַ סך טורעמ-לעך פאַר צאַהמע טויבען.

נאָר עס איז ניט מעגליך צו שילדערן דעם דאָזיגען הערליכען פּאַלאַץ ווי געהעריג מיט אַלע פּרטים, דעם פּאַלאַץ, וואָס זיין פערוויסטונג דערוועקט נאָך איצט ווייהטאָג-פולע זכרונות. וואָרום ניט די רוימער זיינען עס געווען, וואָס האָבען אַלץ פערברענט, נאָר די אינעווייניגסטע פיינד האָבען, ווי עס איז שוין אויבען געזאָגט [1], אָבגעטאָן די מעשה-נבלה. ביי דער אַנטאָניאַ האָט אויסגעבראָכען דער פייער, האָט אָנגעחאַפּט דעם קיניגליכען פּאַלאַץ און פערברענט אויך נאָך דעם אויבערשטען בנין פון די דריי טורעמס.

# פינפטער קאפּיטעל.

בעשרייבונג פונ'ם בית-המקדש אין פון אנטאָניא.

1. דער בית-המקדש איז געווען, ווי עס איז שוין בעמערקט, אויסגע-בויט אויפ'ן רוקען פון אַ שטאַרק בעפעסטיגטען באַרג. לכתחילה האָט דער שפּיץ פונ'ם לעצטען געהאַט קוים אָרט פאַר'ן בנין פון בית-המקדש גופא און פאַר'ן מזבח, ווייל דער באַרג האָט זיך נאָך אַלע זייטען אַראָבגעלאָזט גלייך, ווי אַ וואַנט. אָבער נאָכדעם ווי שלמה המלך, וואָס האָט דער ערשטער אויס-געבויט דעם בית-המקדש, האָט אַרומגערינגעלט דעם מזרח'דיגען טייל מיט אַ מויער, האָט מען אויסגעבויט אויף דער ערד, וואָס איז אָנגעשאָטען געוואָרען,

1) ז. בוך II, 17, 6 און 11.

אַ גאַלעריי, דענסטמאָל די איינציגע. בײַ די איבעריגע זייטען, פערקעהרט, איז דער בית־המקדש געשטאַנען נאָך פריי.

אין די ווייטערדיגע יאָהרהונדערטען האָט דאָס פאָלק פערברייטערט דעם גלייכען שטח אויפ'ן באַרג, דורכדעם וואָס מען האָט כסדר פון דאָס ניי אָנגעשאָטען ערד. דערנאָך האָט מען נאָך דורכגעבראָכען אויך די צפונ'דיגע מויער און מען האָט צוגענומען נאָך אַזוי פיעל פלאַץ, אַז די מחיצה האָט אַרומגענומען דעם גאַנצען תחום פונ'ם בית־המקדש.

נאָכדעם ווי דער באַרג איז אונטערגעבויט געוואָרען פון זיין פוס אָן מיט אַ דרייפאַכיגער טעראַסע, און עס איז בכן פערענדיגט געוואָרען אַ ווערק, וואָס האָט אַריבערגעשטייגט אַלע האָפענונגען — אין משך פון יאָהרהונדערטען האָט מען געמוזט דערצו פערווענדען דעם גאַנצען אוצר פון בית־המקדש, אין וועלכען ס'האָבען זיך צונויפגעקליבען די מתּנות, וואָס מען האָט געבראַכט פון דער גאַנצער וועלט צו גאָט, — האָט מען אַרומגערינגעלט סיי דעם אויבערשטען סיי דעם אונטערשטען פלאַץ פונ'ם הייליגטום מיט אַ מויער, וואָס דער נידעריגסטער טייל פון איהר איז געלעגען אויף אַן אונטערגעבוי, וואָס איז געווען 300 איילען הויך און ערטערווייז נאָך העכער. נאָר ניט די גאַנצע טיעפקייט פונ'ם דאָזיגען פונדאַמענט האָט מען געקאָנט זעהן; וואָרום צום גרעסטען טייל האָט מען די פערטיעפונגען אויסגעפילט, בכדי זיי צו ברייגען אויף דער זעלביגער הויך, ווי די גאַסען פון שטאָדט. די פעלזען־שטיקער, וואָס זיינען געוואָרען פערברויכט צום אונטערגעבוי, האָבען איטליכער געהאַט אַ גרייס פון 40 איילען. איבעריגענס, האָבען די געלדמיטלען, וואָס זיינען געווען אין אַ פולער מאָס, און דער גרויסער חשק פונ'ם פאָלק מיטגעהאָלפען אויספיהרען די אונטערנעמונג אויף אַזאַ אופן, אז עס איז כמעט ניט צו גלויבען; עס איז בכן מעגליך געווען דורך געדולד און פעסטקייט פאַרטיג צו מאַכען מיט דער צייט אַזאַ ווערק, וואָס פריהער וואָלט מען קיין מאָל ניט דערוועגט זיך צו האָפען, אַז מען וועט עס קאָנען פערענדיגען.

2. אָבער אויך די בנינים האָבען געפּאַסט פאַר די פונדאַמענטען, וואס אויף זיי זיינען זיי אויסגעבויט געווען. אַלע גאַלערייעס זיינען געווען צווייאיגע און האָבען גערוהט אויף 25 איילען הויכע זיילען, וואָס זיינען בעשטאַנען פון זייהר ווייסען מירמעלשטיין און זיינען געווען בעדעקט מיט טאָוועלעך פון צעדער־האָלץ. די טייערקייט פונ'ם מאַטעריאַל, זיינע שיינע בעאַרבייטונג און זיין האַרמאָנישע צונויפשטעלונג האָט פאָרגעשטעלט אַ בילד, וואָס מען קאָן עס קיין מאָל ניט פערגעסען, הגם ניט דעם מאָלערס פּינזעל און ניט דעם סקולפּטאָרס שניצמעסערס האָט ניט אויסגעפוצט דאָס ווערק פון אויסווייניג. די ברייט פון די גאַלערייעס האָט בעטראָפען 30 איילען, און זייער גאַנצער היקף, שוין אַריינגערעכענט די אַנטאָניאַ, — זעקס סטאַדיעס.

דער גאַנצער פלאַץ, וואָס איז ניט געווען בעדעקט מיט אַ דאַך, איז געווען אויסגעברוקירט מיט אַ מאָזאַאיק פון אַלערליי שטיינער. אַז מען איז

דורכגעגאַנגען דעם דאָזיגען הויף, איז מען געקומען צו אַ שטיינערנער מחיצה, וואָס האָט אַרומגערינגעלט דעם צווייטען פלאַץ פון בית-המקדש, די מחיצה איז געווען דריי איילען הויך און זייהר שיין געאַרבייט. ביי איהר זיינען גע-ווען אַוועקגעשטעלט אין גלייכע אָבשטאַנדען זיילען, וואָס אויף זיי זיינען געווען אויפגעשריבען די דינים פון ריינקייט, צום טייל אויף גריכישער, צום טייל אויף רוימישער שפראַך, וואָס האָבען מודיע געווען, אַז קיין פרעמדער טאָר ניט אַריינגייהן אין הייליגטום,—אַזוי האָט געהייסען דער צווייטער פלאַץ פון בית-המקדש, וואָס צו איהם האָבען געפיהרט אַרויף 14 שטאַפּלען פונ'ם ערשטען.

דער פלאַץ פונ'ם הייליגטום איז געווען אַ פיערקאַנטיגער און איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ בעזונדער מויער. די אויסווייניגסטע הויך פונ'ם מויער, וואָס האָט אייגענטליך בעטראָפען 40 איילען, איז צום טייל פערדעקט געוואָרען דורך די טרעפּ. אינעווייניג, פערקעהרט, איז די מויער אויסגעקומען נאָר 25 איילען הויך; וואָרום היות ווי זי איז געווען צוגעבויט צו אַ העכערן פלאַץ, וואָס האָט געהאַט אַ טרעפּ, און אין איהר אונטערשטען טייל איז זי געווען פערדעקט דורכ'ן באַרג, דעריבער האָט מען זי ניט געקאָנט זעהן אין איהר גאַנצער הויך.

צווישען דעם אויבערשטען, פערצעהנטען, שטאַפּעל און צווישען דער מויער האָט זיך איבעריגענס געפונען אַ גאַנץ פלאַכער פלאַץ פון 10 איילען, פון דאָרט האָבען נעפיהרט ווייטערדיגע פינפשטאַפּעלדיגע טרעפּ צו די טויערן, וואָס צוזאַמען זיינען עס געווען אַכט אין דרום און אין צפון-זייט, דאָס הייסט צו פיער אין איטליכער פון די דאָזיגע ריכטונגען, און צוויי זיינען געווען געווענדעט קיין מזרח-זייט. דאָס איז געווען איבער אַ פשוט'ען טעם, אין מזרח-זייט האָט מען אָבגעצאַמט אַ בעזונדער פלאַץ פאַר ווייבער, וואו זיי זאָלען קאָנען שטייהן בשעת דער עבודה, בכן האָט מען בעדאַרפט האָבען נאָך אַ טויער, וואָס האָט דורכגעבראָכען די מויער קעגענאיבער ערשטען.

אויך פון אַנדערע זייטען, פון דרום-זייט און פון צפון-זייט, האָבען גע-פיהרט צו איין טויער אין די עזרת-נשים אַריין. אַריינצוגייהן דורך די אנדערע טויערן איז די פרויען ניט ערלויבט געווען; און אַז זיי זיינען אַריין דורך זייערע אייגענע טויערן, האָבען זיי ניט געטאָרט אַריבערגייהן די מחיצה. דער פלאַץ איז געשטאַנען אָפען אָהן אונטערשייד פאַר אָרטיגע און פרעמדע פרויען, בכדי זיי זאָלען דאָרט זיין בשעת דער עבודה.

די מערב-זייט האָט ניט געהאַט קיין טויער, נאָר די מויער האָט זיך געצויגען דאָרט אָהן אַ הפסק.

די גאַלערייעס, וואָס זיינען געווען צוגעבויט צו דער אינעווייניגסטער זייט פונ'ם מויער און וואָס האָבען געפיהרט צו די שאַצקאַמערן, זיינען געווען אונטערגעשפּאַרט דורך שיינע און גרויסע זיילען. זיי האָבען געבילדעט נאָר אַן איינפאַכיגע רייהע, נאָר חוץ בנוגע צו דער גרייס, זיינען זיי אין קיין פרט ניט געשטאַנען נידעריגער, איידער די גאַלערייעס פון אונטערשטען הויף.

3. ניין טויערן זיינען געווען אינאיינעם מיט זייערעביישטידלעך און איבערשוועלען בעדעקט דורכאויס מיט גאָלד און מיט זילבער. איין טויער, דער אויסווייניגסטער פון אייגענטליכען בית-המקדש, איז אַפילו געווען פון קאָרינטישען קופער און האָט גאַנץ בעדייטענד אַריבערגעשטייגט אין זיין ווערט די בעזילבערטע און בעגילטע. איטליכער טויער האָט געהאַט צוויי פליגעלטירען, וואָס איטליכע איז געווען 30 איילען הויך און 15 איילען די ברייט.

באַלד נאָכ׳ן אַריינגאַנג האָט זיך דער פּלאַץ אויסגעברייטערט אין ביידע זייטען דורך אַ מין טורעמס פון 30 איילען די ברייט און העכער 40 איילען די הויך, וואָס איטליכער פון זיי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף צוויי זיילען, וואָס האָבען געהאַט אין היקף 12 איילען.

אַלע טויערן האָבען געהאַט אַ גלייכע גרייס. נאָר דער טויער, וואָס האָט זיך געעפענט אין היילינגטום אויבערהאַלב פונ׳ם קאָרינטישען טויער פון דער עזרת-נשים אין מזרח-זייט און וואָס איז געלעגען קעגענאיבער דעם טויער פונ׳ם בית-המקדש, איז געווען בעדייטענד גרעסער. ער האָט געהאַט אַ הויך פון 50 איילען און טירען פון 40 איילען די ברייט, אויך אַ סך רייכערע בעפּוצונג און אַ גאַנץ מאַסיווע גאָלדענע און זילבערנע בעדעקונג. די דאָזיגע מעטאַל-איבערשלאַקען האָט געלאָזט מאַכען ביי די ניין טויערן אלכסנדר, טיבעריוס׳עס פאָטער 1). 15 שטאַפּלען האָבען געפיהרט פונ׳ם מויער, וואָס האָט בעגרעניצט די עזרת-נשים, ביז צום גרעסערן טויער, מיט 5 שטאַפּלען ווינציגער, איידער צו די איבעריגע טויערן.

4. צום עצם בנין פונ׳ם בית-המקדש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטען דעם געהייליגטען תחום, האָט מען אַרויפגעשטייגט אויף צוועלף שטאַפּלען. די פאָדערשטע זייט פונ׳ם בנין איז געווען גלייך הויך און ברייט הונדערט איילען, די הינטערשטע זייט אָבער מיט 40 איילען שמעלער, ווייל דער פאָדערשטער געביי איז געווען אַרויסגערוקט אויף 20 איילען אין דער ברייט אויף ביידע זייטען, אַזוי ווי צוויי פליגלען.

דער פאָדערשטער טויער פונ׳ם היילינגטום, וואָס איז געווען 70 איילען הויך און 25 ברייט, האָט ניט געהאַט קיין טירען; וואָרום עס האָט בעדאַרפט זיין אַ סימבאָל פונ׳ם אָהן-סופיגען, אָפענעם הימעל. די פאָדערשטע זייט זיינע איז געווען אומעטום בעגילט, און אַז מען האָט געקוקט דורך איהם, האָט מען געקאָנט זעהן אינגאַנצען דעם היכל, וואָס איז געווען צוגלייך דער העכסטער בנין פונ׳ם בית-המקדש. אויך אַרום דער עפענונג פון טויער, וואָס איז געווען געווענדט נאָך אינעווייניג, האָט אַלץ געפונקעלט אין גאָלד.

בכן איז דער אינעווייניגסטער פּלאַץ פון בית-המקדש געווען אַיינגעטיילט אין צוויי אָבטיילונגען; אָפען איז געווען נאָר די פאָדערשטע, וואָס האָט גע-

1) דאָס איז אלכסנדר ליזימכוס, אַ רייכער איד פון אלכסנדריה, איינער פון די גרעסטע שרים דאָרט, אַ ברודער פון בעריהמטען פילאָזאָף פילון פון אלכסנדריה, זיין זוהן איז דאָס טיבערוס אלכסנדר, דער שפּעטעראַלס דערמאָנטער משומד.

האַט אין דער הויך 90, אין דער לייגג 50 און אין דער ברייט אַן ערך 20 איילען. דער טויער, וואָס האָט געפיהרט צו דער דאָזיגער אָבטיילונג, איז געווען, ווי געזאָגט, דורכאויס בעגולט אינאיינעם מיט'ן גאַנצען וואַנט, וואָס אַרום איהם. איבער'ן טויער האָבען זיך געפונען גאָלדענע וויינשטעקער, וואָס פון זיי זיינען אַראָבגעהאַנגען וויינטרויבען פון אַ מענשען-גרייס.

די אַנדערע פון דיביידע אָבטיילונגען פונ'ם בית-המקדש איז געווען נידעריגער, איידער די פאָדערשטע, און ס'האָבען אַריינגעפיהרט אין איהר גאָלדענע טירען פון 55 איילען די הויך און 16 איילען די ברייט. פאַר די טירען איז געהאַנגען אַ באַבילאָנישער פרוכת, וואָס איז געווען בונט אויסגעהאַפט פון היאַצינט (תכלת), ביסוס (בוץ), שאַרלאַק (שני) און פורפור (ארגמן), וואונדער-שיין אויסגעוועבט און אויסגעמישט די פערשיידענע שטאָפען. ס'האָט בעדאַרפט זיין אַ בילד פון דער וועלט; דער שאַרלאַק האָט בעדאַרפט פאָרשטעלען דעם פייער, דער ביסוס די ערד, דער היאַצינט די לופט, דער פורפור דעם ים; די צוויי ערשטע פון די שטאָפען האָבען דאָס מרמז געווען דורך זייער פאַרב, ביסוס און פורפור אָבער דורכדעם, פון וואַנען זיי נעמען זיך, וואָרום דעם ערשטען גיט אַרויס די ערד און דעם צווייטען דער ים 1). די שטיקעריי האָט בעוויזען דעם גאַנצען בילד פונ'ם הימעל, חוץ די מזלות 2).

5. דורך דעם דאָזיגען אַריינגאַנג איז מען אַריינגעקומען אינ'ם נידעריגערן טייל פונ'ם בית-המקדש. ער איז געווען 60 איילען הויך, פונקט אַזוי פיעל לאַנג און 20 איילען ברייט. אין זיין לייגג איז ער ווידער געווען איינגעטיילט אין צוויי חדרים.

די ערשטע אָבטיילונג, וואָס האָט געהאַט אין דער לייגג 40 איילען, האָט געהאַט אין זיך דריי בעוואונדערונגס-ווערטע, וועלטבעריהמטע קונסט-ווערק: די מנורה, דעם שולחן און דעם מזבח-הקטורת. די זיבען רעהרען פון דער מנורה האָבען בעטייט די זיבען פלאַנעטען (כוכבי-לכת), די צוועלף חלות לחם הפנים אויפ'ן שולחן — די צוועלף מזלות און דעם יאָהר. דער מזבח-הקטורת אָבער, וואָס איז אָנגעפילט געוואָרען מיט 13 פערשיידענע מינים געווירצען פונ'ם ים, פונ'ם אונבעוואוינטען מדבר און פון דער בעוואוינטער ערד, האָט אָנגעזאָגט, אַז אַלצדינג קומט פון גאָט און איז פאַר גאָט.

צולעצט די אינעווייניגסטע אָבטיילונג פונ'ם בית-המקדש האָט געהאַט אַ שטח פון 20 קוואַדראַט-איילען און איז אויך אָבגעטיילט געוואָרען פונ'ם

1) ב:ץ איז געווען די פיינסטע לייוועגט, פורפור איז געווען אזא מין געוואנט, וואס איז געווען געפארבען מיט'ן זאפט פון ים-שנעקעס.

2) די צוועלף מזלות ווערען על-פי רוב פארגעשטעלט אין געשטאלט פון לעבעדיגע ברואים, למשל פון ניסן איז טלה, פון אב אריה, פון אלול בתולה—און אין דער תורה שטייהט דאָך: „לא תעשה לך פסל״—מאך דיר ניט קיין בילדער.

פאָדערשטען חדר דורך אַ פּרוכת. אין איהר האָט זיך פּשוט גאָרנישט ניט געפונען 1). קיינער האָט ניט געטאָרט אַהין אַריינגייהן, זי אָנריהרען אָדער זעהן; זי האָט געהייסען דער קדשי-קדשים.

רעכטס און לינקס האָבען זיך געגרעניצט מיט דער נידעריגערער אָבּ-טיילונג פון בית-המקדש אַ סך דרייגאָרענדיגע וואוינונגען, וואָס מען האָט גע-קאָנט צוקומען צו זיי פון ביידע זייטען דורכ׳ן טויער. דער אויבּערשטער טייל פונ׳ם בית-המקדש האָט ניט געהאַט אַזעלכע בנינים, און דעריבּער איז ער געווען שמעלער. זיין הויך האָט בעטראָפען אַן ערך 40 איילען; אויך איז ער געווען פּשוט׳ער געאַרבייט, איידער דער אונטערשטער. אויב מען זאָל צורעכענען די דאָזיגע 40 איילען צו די 60 פון גרונד אָן, דעמאָלט בעקומט זיך סך-הכל אַ הויך פון 100 איילען.

6. די אויסוויינינגסטע געשטאַלט פונ׳ם בית-המקדש איז געווען אַזוינע, וואָס האָט געקאָנט דערקוויקען די אויג און די הארץ. פון אַלע זייטען בעדעקט מיט שווערע גאָלדענע בּלעכען, האָט ער געפונקעלט ביים זונען-אויפגאַנג אין העלסטען פייער-גלאַנץ און האָט געבלענדט די אויגען, אַזוי ווי די שטראַהלען פון דער זון. אין די אויגען פון פרעמדע, וואָס זיינען געקומען עולה רגל זיין קיין ירושלים, האָט ער אויסגעזעהן, ווי אַ באַרג, וואָס איז מיט שניי בע-דעקט; וואָרום דאָרט, וואו ער איז ניט געווען בעדעקט מיט גאָלד, האָט ער געלויכטען פון בלענדענדער ווייסקייט. אויף זיין שפּיץ האָבען געשטאַרצט שאַרפע גאָלדענע שפּיזען, בכדי ער זאָל ניט ווערען פעראונרייניגט דורך פויגלען, וואָס וואָלטען זיך אויף איהם אַראָבּגעלאָזט. פון די שטיינער, וואָס זיינען פערווענדט געוואָרען אויף איהם צו בויען, זיינען אַ סך געווען 45 איי-לען לאַנג, 5 איילען הויך און 6 איילען ברייט.

פאַר איהם איז געשטאַנען דער מזבח, וואָס איז געווען 15 איילען הויך, 50 איילען לאַנג און ברייט, ער איז געווען פיערקאַנטיג, און ביי זיינע ווינקלען האָט ער געהאַט שפּיצען, וואָס זיינען געווען אויסגעקרימט, אַזוי ווי הערנער. פון דרום-זייט האָט געפיהרט צו איהם אַ וועג, וואָס האָט זיך דער-הויבען פּאַמעליך. ער איז געווען אויסגעבויט אָהן צו געברויכען אַן אייזערנעם געצייג; בכלל האָט קיין אייזען איהם קיין מאָל ניט אָנגעריהרט.

אַרום דעם בית-המקדש און דעם מזבח האָט זיך געצויגען אַ שיין גע-אַרבייטע שטיינערנע מחיצה פון אַן ערך איין אייל די הויך. זי האָט אָבגע-

3) ד. ה. מעהר ניט ווי דער שטיינערנער מזבח, אויף וועלכען דער כהן-גדול פלעגט אום יום-כפור אוועקשטעלען די פאַן מיט די קטורת. דער ארון-הקודש מיט די לוחות איז שוין פערלאָרען געגאַנגען ביים חורבן בית-ראשון. יוסף וויל דא אפשר אגב אורחא אָבלייקענען די ווילדע מעשה, וואָס איז דעמאָלט אומגעגאַנגען אין דער גריכיש-רוימישער וועלט, אַז ביי די אידען אין קדשי-קדשים געפינט זיך פערבאָרגען אַן אייזעלס-קאָפּ, וואָס צו איהם בוקען זיי זיך.

טיילט דעם געוויינליכען עולם פון די כהנים. זבים און מצורעים איז געווען אסור צו זיין אין דער גאַנצער שטאָדט, פרויען נדות האָבען ניט געטאָרט אַריין אין בית-המקדש; און אַפילו ווען זיי זיינען געווען ריין, האָבען זיי אויך ניט געטאָרט אַריבערגייהן דעם אויבען בעצייכענטען גרעניץ. מאַנסבילען, וואָס זיינען ניט געווען אינגאַנצען ריין, האָבען ניט געטאָרט אַריין אין אינעווייניגסטען הויף, דאָס אייגענע אויך כהנים.

7. געבאָרענע כהנים, וואָס האָבען מחמת אַמום ניט געטאָרט טון די עבודה, האָבען זיך פונדעסטוועגען געפונען אין דער מחיצה ביי די געזונטע כהנים און האָבען אויך געקראָגען די חלקים פון די קרבנות, וואָס האָט זיי געקומט מחמת זייער גזע, נאָר זיי האָבען געטראָגען פשוט׳ע קליידער; וואָרום די הייליגע בגדי כהונה טאָר אָנטון נאָר דער כהן, וואָס טוט די עבודה. צום מזבח און צום בית-המקדש פלעגען צוגייהן נאָר כהנים אָהן אַשום פגם, אָנגעקליידט אין בוץ, און, וואָס דער עיקר איז, פריהער האָבען זיי ניט געטאָרט טרינקען קיין וויין — מחמת יראת-הכבוד צו דער עבודה, בכדי זיי זאָלען דערביי קיין פעהלער ניט בעגייהן. דער כהן-גדול פלעגט מיט זיי אַרויפגייהן, אָבער ניט שטענדיג, נאָר מעהר ניט שבת און ראש חודש און בשעת עס פלעגט זיין אַיום-טוב אָדער אַפערזאַמלונג פונ׳ם גאַנצען פאָלק.

ווען דער כהן גדול פלעגט טון די עבודה, פלעגט ער אונטען טראָגען אַגאַרטעל, וואָס האָט צוגעדעקט די לענדען, ווייטער אַראָק פון לייווענט און פון אויבען אַתכלת-בלויען אויבער-בגד, וואָס האָט דערגרייכט ביז צו די קנעכלען און האָט אַיינגעהילט דעם גאַנצען קערפער. דער גאַנצער מעיל איז געווען פון אונטען בעזעצט מיט פרענז, און אָן די פרענז זיינען געהאַנגען גאָלדענע גלעקלעך און מילגרוימען. די ערשטע זיינען געווען דער סימבאָל פון דונער, די צווייטע — דער סימבאָל פון בליץ. דער גאַרטעל, וואָס האָט בעפעסטיגט דעם אויבער-בגד צום ברוסט, איז געווען בונט געוועבט פון פינף שטרייפען: פון גאָלד, פורפור, שאַרלאַק, ביסוס און היאַצינט, בכן דיזעלביגע שטאָפען, וואָס פון זיי זיינען, ווי אויבען איז געזאָגט, געוועבט געווען אויך די פאָרהאַנגען פונ׳ם בית-המקדש. איבער דעם דאָזיגען בגד האָט ער געטראָגען נאָר אַן אַקסעל-קלייד, וואָס איז געווען געוועבט פון דיזעלביגע שטאָפען, נאָר דער גאָלד-שטאָף איז געווען דער הערשענדער. דער שניט פונ׳ם דאָזיגען בגד איז געווען גלייך צו אַפאַנצער-העמד. צוזאַמענגעהאַלטען איז עס געוואָרען דורך צוויי גאָלדענע רייפען, וואָס אין זיי זיינען איינגעפאַסט געווען צוויי גרויסע און שיינע סאַרדאָניקס-שטיינער [אבני-שהם] מיט די אויסגעקריצטע נעמען פון די שבטים פון פאָלק. פון פאָרענט זיינען אַראָבגעהאַנגען 12 שטיינער, איינגעטיילט צו דריי אין פיער רייהען; דאָרט זיינען געווען: אַקאַרנעאָל, טאָפּאַז, סמאַראַגד [אדם, פטדה וברקת], אַרובין, יאַספּיס, סאַפיר [נפך, ספיר ויהלם], אַן אַכאַט, אַמעטיסט, בורשטין [לשם שבו ואחלמה], אַן אָניקס, בעריל, כריזאָליט (תרשיש שהם וישפה). אויף איטליכע פון די דאָזיגע שטיינער איז ווידער געשטאַנען אַנאָמען פון אַשבט.

דעם כהן-גדול׳ס קאָפּ האָט בעדעקט אַ הוט [מצנפת] פון בוץ, דורכ-געוועבט מיט תכלת. די מצנפת איז געווען אַרומגענומען פון אַ גאָלדענעם רייף, וואָס איז געווען בעשריבען מיט׳ן הייליגען שם המפורש; דאָס איז דער שם פון די פיער אותיות.

אָט די דאָזיגע בגדי כהונה האָט דער כהן-גדול געטראָגען ניט שטענ-דיג — געוויהנליך פלעגט ער אָנטון פשוט׳ערע קליידער — נאָר מעהר ניט דעמאָלט, בשעת ער פלעגט אַריינגייהן אין קדשי-קדשים. דאָס איז געשעהן בלויז איין מאָל אין יאָהר, דאָס הייסט, אין יענעם טאָג, ווען לויט׳ן אַלטען מנהג פאַסטען אַלע אידען פון גאָטס כבוד וועגען 1).

וועגען דער שטאָדט, וועגען בית המקדש און וועגען די דינים און מנהגים, וואָס זיינען שייך צו איהם, וועל איך שרייבען אויספיהרליכער אין אַן אַנדער אָרט 2); וואָרום ס׳איז נאָך פאַרהאַן אַ סך וואָס צו זאָגען דעריבער.

8. וואָס איז שייך צו דער אַנטאָניאַ, איז זי געלעגען אין׳ם ווינקעל, וואָס עס האָבען געבילדעטביידע גאַלערייעס פונ׳ם אויסוויינינגסטען פלאַץ פון בית-המקדש, די מערב׳דיגע און די צפונ׳דיגע. געבויט איז זי געווען אויף אַ פעלז פון העכער 50 איילען די הויך, וואָס האָט אין אַלע זייטען זיך אַראָב-געלאָזט גלייך, ווי אַ וואַנט. זי האָט אויסגעבויט דער קעניג הורדוס. און דורך איהר האָט ער אַרויסגעוויזען אין אַ הויכער מאָס זיין ליעבע צו פּראַכט. וואָרום ראשית איז דער גאַנצער פעלז פון זיין פוס אָן בעלייגט געווען מיט גלאַט געשליפענע שטיינער, ערשטענס בכדי עס זאָל שייהן אויסזעהן, און צווייטענס צוליעב דעם, בכדי איטליכער, וואָס וועט וועלען אַרויפקריכען און אַראָבגייהן, זאָל זיך אַראָבגליטשען. ווייטער, פאַר׳ן עצם בנין פון דער פעסטונג האָט זיך דערהויבען אַ מויער פון דריי איילען די הויך, און די אַנטאָניאַ גופא האָט זיך ערהויבען אויף נאָך 40 איילען.

דער אינעווייניגסטער פלאַץ האָט געהאַט די חדרים און די איינריכטונג פון אַ פּאַלאַץ. ער איז געווען איינגעטיילט אין פערשיידענע חדרים מיט אַ פערשיידענער בעשטימונג, אין גאַלערייעס, בעדער און גרויסע קאַזאַרמעס, אַזוי אַז די פעסטונג האָט בנוגע צו אַלע בעקוועמליכקייטען געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ שטאָדט, און בנוגע צו דער פּראַכט — דעם איינדרוק פון אַ קעניגליכען פּאַלאַץ. דער גאַנצער בנין האָט אויסגעזעהן, ווי אַ טורעם, אָבער ביי די ווינקלען האָט ער ווידער געהאַט פיער טורעמס, וואָס צוויי פון זיי זיינען געווען צו 50 איילען הויך, און די ביידע אַנדערע, דער דרום׳דיגער און מזרח׳דיגער, — צו 70 איילען, אַזוי אַז פון זיי אויס האָט מען געקאָנט זעהן דעם גאַנצען תחום פון בית-המקדש. דאָרט וואו די פעסטונג האָט זיך געגרעניצט מיט די גאַלערייעס פון בית-המקדש, האָבען זיך געפונען טרעפּ, וואָס האָבען געפיהרט אַראָב אין די גאַלערייעס.

1) ד. ה. אום יום-כפור.

2) אזא מין בוך איז איצט ניטאָ. אפנים, אז ער איז גאָרניט געשריבען געוואָרען.

איבער די דאָזיגע טרעפּ פלעגען די וועכטערס פונ'ם רוימישען לעגיאָן, וואָס איז שטענדיג געשטאַנען אין דער אַנטאָניאַ, אַראָבגייהן און פערטיילען זיך אין די גאַלערייעס, בכדי יום-טוב-צייט אויפצופּאַסען דאָס פאָלק, עס זאָל ניט מאַכען קיין אויפשטאַנד. פונקט אַזוי ווי דער בית-המקדש האָט געהערשט איבער דער שטאָדט, אַזוי האָט די אַנטאָניאַ געהערשט איבערן בית-המקדש. אין דער אַנטאָניאַ טאַקע זיינען געשטאַנען די סאָלדאַטען, וואָס האָבען בעדאַרפט היטען אַלע דריי.

חוץ דעם, האָט די אויבערשטע שטאָדט געהאַט איהר אייגענע פעסטונג, הורדוס'עס פּאַלאַץ. דער באַרג ביציתא, וואָס איז, ווי ס'איז שוין בעמערקט, אָבגעטיילט געוואָרען דורך דער אַנטאָניאַ, איז געווען דער העכסטער פון אַלע בערג, און איז געווען פערבונדען מיט דער נייער שטאָדט. ער אַליין האָט אויך פערשטעלט דעם אויסבליק אויפ'ן בית-המקדש, בשעת מען פלעגט קומען פון צפון-זייט.

איבעריגענס, היות ווי איך רעכען צו ריידען נאָך מעהר בפרטיות וועגען דער שטאָדט און די מויערן ווייטער, בכן זאָל איצט גענוג זיין דאָס געזאָגטע.

# זעקסטער קאפּיטעל.

ווייטער וועגען שמעונ'ען און יוחנן. — נקנור ווערט פערוואונדעט. — טיטוס פערניכטערט די בעלעגערונגס-ארבייטען.

1. פון די קריגספּייהיגע מורדים אין דער שטאָדט, אַראָבגערעכענט די אדומים, זיינען 10 000 מאַן געווען שמעונ'ס אָנהיינגער; די דאָזיגע צעהן טויזענד זיינען געשטאַנען אונטער 50 אָנפיהרער, וואָס איבער זיי אַלעמען איז שמעון געווען דער אויבערהאַר. די אדומים, וואָס זיינען געשטאַנען אויף זיין צד, האָבען געהאַט 10 000 מענשען אונטער צעהן פיהרער, וואָס צווישען זיי זיינען יעקב בן סוסא און שמעון בן קתלס בלי ספק געווען די אויסגעצייכענטע [1].

פון דער אַנדער זייט יוחנן, וואָס האָט געהאַט פערנומען דעם בית-המקדש, האָט געהאַט 6 000 שווער בעוואָפענטע אונטער 20 אָנפיהרער. צו איהם זיינען, ווי בעוואוסט, צוגעשטאַנען אויך די קנאים, נאָכדעם ווי זיי האָבען אויסגעגלייכט זייערע פריהערדיגע מחלוקת [2]. זיי זיינען געווען 2 400 מאַן שטאַרק און זיינען געשטאַנען אונטער זייערע פריהערדיגע אָנפיהרער אלעזר און שמעון בן ארי.

1) פונ'ם דאָזיגען אָרט און אויך פון ב. IV, 9, 11 איז געדרונגען, אַז די אדומים וואָס די קנאים האָבען זיי געהאַט גערופען צו הילף (ז. IV, 4), זיינען אפנים ניט אַלע אַוועק אַהיים (IV, 6, 1), אָדער זיי זיינען צום טייל שפּעטער ווידער געקומען.

2) ז. בוך V, 3, 1.

איבעריגענס האָבען די צוויי הויפּט-פּאַרטייען נאָך אַלץ געשטריטען צווישען זיך, און דאָס פּאָלק האָט דערביי, ווי עס איז שוין אויבען בעמערקט, געמוזט ליידען דערפון, מחמת די יעניגע בירגער, וואָס האָבען ניט געוואָלט נעמען קיין אָנטייל אין זייערע זינדיגע מעשים, זיינען אויסגערויבט געוואָרען פוןביידע צדדים.

שמעון האָט געהאַט פערנומען די אויבערשטע שטאָדט און די גרויסע מויער ביז צום קדרון און יענעם טייל פונ׳ם אַלטען מויער, וואָס ווענדט זיך קיין מזרח-זייט ביים קוואַל שלח און ציהט זיך ביז מונבז׳ס פּאַלאַץ. דער דאָזיגער מונבז, בעדאַרף מען זאָגען אַגב אורחא, איז געווען קעניג פון די אַדיאַבענער (הדייב), וואָס וואוינען אויף יענער זייט טייך פּרת. ווייטער האָבען געהערט צו שמעון׳ען דער דערמאָנטער קוואַל גופא, דערנאָך אַקראַ (דאָס איז די אונטערשטע שטאָדט) און דער פּלאַץ ביז צום פּאַלאַץ פון הילני המלכה, מונבז׳ס מוטער.

יוחנן, פערקעהרט, האָט געהערשט איבער׳ן בית-המקדש און אַ בעדייטענדען טייל פון זיין סביבה, און אויך איבערן עפל און דעם טאָל קדרון.

דורכדעם, וואָס זיי האָבען פערברענט די טיילען שטאָדט, וואָס זיינען געלעגען צווישען זייערע געביטען, האָבען די פּאַרטיי-פיהרער געשאַפען זיך אַ פּלאַץ פאַר׳ן קאַמף ווידער אַנאַנד, וואָרום אפילו דעמאָלט, בשעת די רוימער האָבען שוין געלאַגערט פאַר די מויערן פון ירושלים, האָבען זיי זייערע געוועהר ניט געלאָזט רוהען; נאָכ׳ן ערשטען אויספאַל זיינען זיי אפילו אַביסעל קליגער געוואָרען, אָבער באַלד זיינען זיי ווידער אַריינגעפאַלען אין דער פריהערדיגער חולאת, האָבען זיך צעקריגט צווישען זיך, האָבען געקעמפט ווידער אַנאַנד און האָבען געטאָן אַלצדינג, וואָס די בעלעגערער האָבען זיך נאָר געקאָנט ווינשען. באמת, קיין ערגערע צרות האָבען זיי ניט געהאַט אויסצושטייהן פון די רוימער, איידער זיי האָבען זיך אַליין אָנגעטאָן איינער דעם צווייטען, און נאָך די דאָזיגע געשעהענישען האָט קיין ערגערער אומגליק שוין ניט געקאָנט טרעפען מיט דער שטאָדט; וואָרום נאָך איידער זי איז געפאַלען, האָט זי געליטען נאָך גרעסערע פּלאָגען, אַזוי אַז די עראָבערער האָבען נאָך פערבעסערט איהר צושטאַנד. מיט אַנדערע ווערטער: פונקט אַזוי ווי דער בירגער-קריג האָט געמאַכט אַ סוף פון דער שטאָדט, אַזוי האָבען די רוימער געמאַכט אַ סוף פונ׳ם בירגערקריג, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזען נאָך שטאַרקער, איידער די מויערן. בכן קאָן מען מיט אַנ׳אמת זאָגען, אַז אַלע צרות האָבען אָנגעטאָן די היימישע מענשען, אַלץ גערעכטעס די רוימער. נאָר זאָל זיך איטליכער בילדען זיין אורטייל לויט די פאַקטען.

2. אין דער צייט, וואָס אין ירושלים איז געווען אַזאַ מעמד, איז טיטוס אַרומגעריטען די שטאָדט מיט אַן אָבגעקליבענער רייטער-אָבטיילונג און האָט געפּרובט אויסצוזוכען אַזאַ אָרט, פון וואַנען מען זאָל קאָנען מאַכען אַן אָנפאַל אויף די מויערן. אומעטום האָט ער אָנגעטראָפען שוועריגקייטען; וואָרום פון

די טאָלען איז סיי-ווי-סיי ניט מעגליך געווען צו דערנעהענטערן זיך, און פון די אַנדערע זייטען האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז די מויער איז צו שטאַרק פאַר מאַשינעס.

צולעצט האָט ער בעשלאָסען צו פּרובען מאַכען אַן אָנפאַל ביי דער מצבה פון יוחנן כהן-גדול. אין דעם אָרט איז דער אויסווייניגסטער פעסטונגס-גאַרטעל געווען נידעריגער און דער אינעווייניגסטער ניט צוזאַמענהייַנגענד, ווייל מען האָט ווינציג געזאָרגט פאַר דער בעפעסטיגונג פון יענע טיילען פון דער נייער שטאָדט, וואָס זיינען געווען ווינציגער געדיכט בעפעלקערט. דעריבער איז עס געווען לייכט פון דאָרט צוצוקומען צו דער דריטער מויער, וואָס נאָכדעם ווי ער וועט זי איינעמען, וועט ער קאָנען איינעמען אויך די אויבערשטע שטאָדט און די אַנטאָניאַ.

בשעת ער איז אַזוי אַרומגעריטען אַרום דער שטאָדט, האָט עס געטראָ-פען, אַז איינער פון זייַנע גוטע פריינד נקנור האָט איינאיינעם מיט יוסף'ן זיך דערנעהענטערט צום מויער, בכדי פאַרצולייגען די אידען, וואָס ער איז מיט זיי גוט בעקאַנט געווען, זיי זאָלען מאַכען שלום. נאָר דאָ איז ער פערוואונדעט געוואָרען דורך אַ שאָס פון אַ פייל אין לינקען אַקסעל. דערפון האָט דער קיסר אַרויסגעזעהן די עקשנות פון די בעלעגערטע; וואָרום זיי שוינען אַפילו ניט די יעניגע, וואָס ווילען קומען מיט זיי אין פערבינדונג צוליעב זייער טובה וועגען. דעריבער האָט ער נאָך מיט מעהר קראַפט, ווי פריהער, גענומען זיך פאַר דער בעלעגערונג, האָט ערלויבט די לעגיאָנען צו פערוויסטען די סביבה פון שטאָדט און האָט געגעבען אַ בעפעהל צונויפצוקלייבען מאַטעריאַל אויף בויען די וואַלען.

דערנאָך האָט ער איינגעטיילט דעם חייל אין דריי אָבטיילונגען צוליעב דער אַרבייט און האָט אַוועקגעשטעלט צווישען די וואַלען שליידערערס און בויגענשיסערס, אין פראָנט אָבער די סקאָרפּיאָנען, קאַטאַפּולטען און באַליסטען, בכדי ער זאָל זיך קאָנען בעשיצען קעגען אויספאַלען מצד די פיינד אויף די בעפעסטיגונגס-אַרבייטען און אויך קעגען אָנפאַלען פון די מויערן. אין דער נאָהענטסטער סביבה פון שטאָדט האָט מען געשווינד אויסגעהאַקט אַלע בוימער און די באַלקענס האָט מען געבראַכט צו פיהרען צו די וואַלען, וואָס דער גאַנצער חייל איז געווען פערנומען דערמיט, זיי צו בויען.

אויך די אידען זיינען אין דער צייט ניט געבליבען רוהיג. דאָס פאָלק, וואָס האָט געלעבט אונטער לויטער רויב און מאָרד, האָט ווידער זיך געמאַכט מוט; וואָרום עס האָט געהאָפט, אַז ווען זיינע בעדריקער וועלען זיין איינ-גאַנצען פערנומען מיט'ן קאַמף קעגען אויסווייניגסטען שונא, וועט עס קאָנען פרייער אויפאָטעמען, און אויב די רוימער וועלען מנצח זיין, וועט עס קאָנען נקמה נעמען פון די שולדיגע.

3. נאָר יוחנן איז פערבליבען אויף זיין פּאָזיציע מחמת מורא פאַר שמעון'ן, הגם זיינע מענשען האָבען שטאַרק פערלאַנגט אַרויסצוטרעטען קעגען

די פיינד פאַר'ן מויער. שמעון, פערקעהרט, האָט ניט גערוהט שוין דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געפונען נעהענטער צו די בעלעגערונגס-אַרבייטען, און ער האָט אַוועקגעשטעלט אויף פערשיידענע פונקטען פון מויער די שליידער-מאַשינעס, וואָס מען האָט געהאַט אָבגענומען ביי קיסטיוס'ן און ביים גאַרניזאָן פון אַנטאָניאַ 1). נאָר די דאָזיגע מאַשינעס האָבען די אידען ווינציג וואָס גענוצט, ווייל זיי האָבען ניט פערשטאַנען, ווי צו בעגייהן זיך מיט זיי, און נאָר עטליכע, וואָס האָבען זיך געהאַט אויסגעלערנט די מלאכה פון איבערלויפער, האָבען געפּרובט עפּיס טון, נאָר, ס'פערשטייהט זיך, מיט ווינציג ערפאָלג.

דערפאַר אָבער האָבען זיי בעאומרוהיגט די אַרבייטער ביי די וואַלען דורך שטיינער, וואָס זיי האָבען געוואָרפען, און דורך פיילען, וואָס זיי האָבען געשאָסען, האָבען געמאַכט אויספאַלען אין גוט געאָרדענטע רייהען און האָבען געהאַט מיט די רוימער אַ סך קליינע געשלעגען. נאָר די אַרבייטער האָבען געהאַט גענוג שוץ קעגען די פיילען דורך געפלאָכטענע דעכער, וואָס זיינען געווען אויסגעשפרייט אויף באַלקענס, און קעגען אויספאַלען — אין זייערע אייגענע מאַשינעס. ווארום אַלע לעגיאָנען זיינען אין דעם פּרט געווען אויפ'ס בעסטע פערזאָרגט. בעזונדערס דער צעהנטער לעגיאָן האָט געהאַט ניט-געוויהנליך שטאַרקע סקאָרפּיאָנען און גרויסע באַליסטען, וואָס מיט זיי האָבען זיי לא די וואָס געקאָנט פערטיידיגען זיך קעגען אויספאַלען, נאָר אַפילו פערטרייבען די אידען, וואָס זיינען געשטאַנען אויף די מויערן. ווארום די מאַשינעס האָבען געשליידערט שטיקער פעלזען, וואָס האָבען געוואויגען אַ טאַלענט 2) און זיינען געפלויגען אויף אַ מהלך פון צוויי סטאַדיעס און אפשר נאָך ווייטער, אַזוי אַז ניט בלויז די פיינד פון די פאָדערשטע רייהען האָבען זיך געמוזט צוריקציהען, נאָר אויך די הינטערשטע רייהען.

לכתחילה האָבען די אידען אַפילו געוואוסט זיך צו בעזיכערן קעגען די שטיינער. ווארום שוין אָבגערעדט דערפון, וואָס מען קאָן הערען פון דערווייטענס, ווי זיי פייפען אין דער לופט, האָט מען זיי נאָך געקאָנט זעהן מחמת זייער העלקייט — זיי זיינען געווען ווייס. בכן איז איטליכס מאָל, בשעת מען פלעגט אָנלאָדען די מאַשין און דער שטיין פלעגט אַוועקפליהען, פלעגען די וועכטער, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף די טורעמס, דאָס אָנזאָגען, רופענדיג אויף זייער לשון: „דער שטיין קומט!" תיכף פלעגען די, וואָס קעגען זיי איז דער שטיין געווענדט, זיך פונאַנדערטיילען און אַנידערלייגען אויף דער ערד. אַז מען פלעגט אָנווענדען דעם דאָזיגען מיטעל, פלעגט דער שטיין על-פּי רוב אַנידערפאַלען אויף דער ערד אָהן אַ שום פעולה.

נאָר באַלד זיינען די רוימער אַרויף אויפ'ן געדאַנק שוואַרץ צו פאַרבען די שטיינער, און היות ווי מען האָט זיי פון פריהער ניט געקאָנט זעהן, בכן האָט איטליכער שאָס געטראָפען און אויסגע'הרג'עט אַ סך אידען. נאָר ניט

1) ז. בוך II, 7, 7 און 19, 9.

2) א טאַלענט אַלס וואָג האַלט 65 פונט.

קוקענדיג אויפ׳ן שאָדען, וואָס די בעלעגערטע האָבען געליטען, האָבען זיי פאָרט ניט געלאָזט צו־רוה די רוימער ביים בויען די וואַלען, נאָר זיי האָבען געפלייסט זיך טאָג און נאַכט צו שטערען זיי דערין דורך כל׳ערליי קונציגע און דרייסטע אונטערנעמונגען.

4. בשעת די וואַלען זיינען פאַרטיג געוואָרען, האָבען די בוימייסטערס אויסגעמאָסטען דעם אָבשטאַנד ביז צום מויער, דורכדעם וואָס זיי האָבען געוואָרפען אַהין אַ שטיק בליי אָנגעהעפט אָן שטריק. אויב זיי וואָלטען אַנדערש געטאָן, וואָלט מען אויף זיי געשאָסען פון אויבען. דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מען קאָן דערגרייכען ביז צום מויער דורך שטורעמבעק, און בכן האָט מען זיי געבראַכט אַהער. בכדי ניט צו דערלאָזען, אַז די אידען זאָלען מאַכען צונישט די ווירקונג פונ׳ם שטורעמבאָק, האָט טיטוס געהייסען אויפשטעלען די וואָרפמאַשינעס וואָס נעהענטער צום מויער, און האָט דערנאָך געגעבען אַ בעפעהל אָנצוהויבען צו שטויסען.

און אַז עס האָבען זיך דערהערט אין שטאָדט מיט איין מאָל אין דריי ערטער מורא׳דיגע קלעפּ אויף די מויערן, האָבען די איינוואוינער אויסגעשריען פאַר שרעק, און אויך די מורדים האָט אָנגעחאַפּט אַ מורא׳דיגער פחד. איצט ערשט, בשעת זיי האָבען זיך געפונען אין אַ געמיינזאַמער סכנה, האָבען ביידע פאַרטייען געטראַכט וועגען דעם, ווי אַזוי זיך צו פערטיידיגען בשותפות, און הויך אויפ׳ן קול האָבען גערופען די בעלי־מחלוקת, אַז אייגענטליך אַרבייטען זיי נאָר לטובת די שונאים, אין דער צייט וואָס זיי האָבען דאָך בעדאַרפט לכל הפחות אויף דערוויל מאַכען שלום צווישען זיך, אויב דער אויבערשטער זאָל אַפילו ניט שיינקען זיי קיין דויערנדע אחדות, און אינאייגעם אַרויסטרעטען קעגען די רוימער. און באמת האָט שמעון דורך אַן אויסרופער געלאָזט אָנזאָגען די פון בית־המקדש, אַז ער פערזיכערט זיי שלום, אויב זיי וועלען גייהן צום מויער.

הגם יוחנן האָט איהם ניט גאָר געטרויט, פונדעסטוועגען איז ער אַוועק אַהין. ס׳האָט אויסגעדוכט, אַז שנאה און מחלוקת זיינען פערגעסען; ווי איין מענש זיינען זיי געשטאַנען צוזאַמען, האָבען פערנומען די מויער און געשליידערט פון דאָרט אַ סך ברענענדיגע האָלץ־שייטען אויף די מאַשינעס און האָבען אָהן אויפהער געשאָסען מיט פיילען אויף די מענשען, וואָס האָבען געאַרבייט אַרום די שטורעמבעק. די דרייסטערע זיינען אין אָבטיילונגען אַרויס פון שטאָדט, האָבען צעריסען די שוצדעכער פון די אַרבייטער ביי די וואַלען און זיינען אָנגעפאַלען אויף די לעצטע; דערביי האָבען זיי על פי רוב מנצח געווען, פערשטייהט זיך, ניט מחמת דעם, וואָס זיי זיינען געווען שטאַרקער לויט זייער טאַקטיק, נאָר מחמת זייער דרייסטקייט. נאָר דער קיסר איז ניט מיד געוואָרען בייצושטייהן די אַרבייטער, דורכדעם וואָס ער האָט מיט דער הילף פון די רייטער און בויגענשיסער, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אין ביידע זייטען פון די וואַלען, אָבגעטריבען די, וואָס האָבען אונטערגעוואָרפען פייער, פעריאָגט די אידען, וואָס האָבען געשאָסען פון די טורעמ־

אַראָבּ, און געגעבען אַ פרייען פלאַץ פאַר דער אַרבּייט פון די שטורעמבּעק. נאָר די שטויסען האָבּען אויף די מויערן ניט געווירקט, מעהר ניט דער שטורעמבּאָק פונ'ם פופצעהנטען לעגיאָן האָט אָבּגעבּראָכען אַ שטיקעל ווינקעל פון אַ טורעם. נאָר די מויער גופא איז געבּליבּען אומבּעשעדיגט, ווייל זי איז געווען בּעשיצט דורכ'ן טורעם, וואָס האָט ווייט אַרויסגעשטאַרצט נאָך פאָרענט און וואָס האָט ניט געקאָנט גרינג מיטשלעפּען מיט זיך עפּיס וואָס פונ'ם מויער.

5. אויף אַ קורצער צייט האָבּען זיך די אידען אָבּגעהאַלטען פון ווייטערדיגע אָנפאַלען. אָבּער אַז זיי האָבּען איין טאָג בּעמערקט, ווי די רוימער — וואָס האָבּען געמיינט, אַז שרעק און מידיגקייט האָבּען בּעוואויגען זייערע געגנער צו האַלטען זיך רוהיג — האָבּען זיך צעשפּרייט בּיי די אַרבּייטען און אין די איינצעלנע לאַגער־פלעצער, — האָבּען זיי זיך פּלוצלונג אַ לאָז געטאָן דורך אַ בּעהאַלטענעם טויער ניט ווייט פונ'ם היפּיקוס־טורעם אין אַ גרויסער מאַסע, האָבּען אונטערגעצונדען דעם בּעלעגערונגס־וואַל און האָבּען געהאַט בּדעה אָנצופאַלען אויך אויף די בּעפעסטיגונגען פונ'ם שונא'ס לאַגער. אויף זייער געשריי האָבּען זיך געשווינד צונויפגעשלאָסען די רוימער, וואָס זיינען געווען נעהענטער, און די וואָס האָבּען זיך געפונען ווייטער, זיינען געקומען צו לויפען. אָבּער די דרייסטקייט פון די אידען איז געווען געשווינדער, איידער די טאַקטיק פון די רוימער, און נאָכדעם ווי זיי האָבּען פעריאָגט די ערשטע, וואָס האָבּען זיך געשטעלט קעגען זיי, האָבּען זיי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די אַנדערע, וואָס האָבּען זיך אָקאָרשט צונויפגעקליבּען.

בּיי די מאַשינעס האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אַ מורא'דיגער קאַמף. די אידען האָבּען געטאָן אַלצדינג, בּכדי זיי אונטערצוצינדען, די רוימער פערקעהרט האָבּען געזוכט מיט דער גרעסטער אָנשטריינגונג דאָס ניט צו דערלאָזען. אויף בּיידע זייטען האָט זיך געהערט אַ ווילדער געשריי, און אַ סך פון די, וואָס האָבּען געקעמפט אין די פאָדערשטע רייהען, זיינען געפאַלען דורכ'ן שווערד פון זייערע געגנער. צולעצט אָבּער האָבּען די אידען מחמת זייער דריי'סטקייט בּעקומען די אויבּערהאַנד. דער פייער האָט אָנגעכאַפּט די וואַלען, און די רוימער וואָלטען מסתמא אַלע פערבּרענט געוואָרען אינאיינעם מיט די מאַשינעס, אויבּ דער גרעסטער רובּ פון די אַלכסנדרינער אויסגעקליבּענע סאָלדאַטען וואָלטען ניט אויסגעהאַלטען מיט אַן אָנשטריינגונג פון די כחות, וואָס איז זיי דערנאָך אַליין אומפערשטענדליך געווען, און וואָס דורכדעם האָבּען זיי אין דעם קאַמף אַריבּערגעשטייגט זייערע בּעריהמטסטע חברים, — בּיז וואַנען דער קיסר האָט זיך געשטעלט בּראש פון זיינע מוטיגסטע רייטער און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן קעגען פיינד.

צוועלף פון די פאָדערשטע האָט ער דער'הרג'עט מיט זיינע אייגענע הענד; זייער סוף בּעוועגט די איבּעריגע מאַסע דערצו, זי זאָל אָבּטרעטען; ער יאָגט זיי נאָך, טרייבּט אַלעמען צוריק אין שטאָדט אַריין און פערהיט אַזוי די וואַלען, אַז זיי זאָלען אינגאַנצען ניט פערבּרענט ווערען.

אין דעם דאָזיגען געשלעג איז אויך איין איד געפאַנגען געוואָרען לעבעדיגערהייד, און טיטוס האָט געהייסען איהם אויפהייגען אויף אַ קרייץ פאַר׳ן מויער, בכדי דורך דעם אָבשרעקענדען אָנבליק צו בעוועגען די איבע-ריגע, זיי זאָלען נאָכגעבען.

ווייטער איז נאָכ׳ן אָבטרעטען דער אָנפיהרער פון די אדומים יוחנן בשעת ער האָט גערעדט פונ׳ם מויער אַראָב מיט אַ בעפריינדעטען סאָלדאַט, געטראָפען געוואָרען אין ברוסט דורך אַן אַראַבישען בויגענשיסער און איז גע-שטאָרבען אויפ׳ן אָרט. זיין טויט האָט שטאַרק מצער געווען אַלע אידען ניט ווינציגער, איידער די מורדים; וואָרום ער איז געווען אַ מענש, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט דורך פערזענליכען מוט און דורך קלוגשאַפט.

# זיבעטער קאַפּיטעל.

די ערשטע מויער ווערט איינגענומען. — דער אָנפאַל אויפ׳ן אויף דער צווייטער. — וועגען רוימישען רייטער לאָנגינוס און וועגען אידען קסטור.

1. די אַנדערע נאַכט איז אויף די רוימער פלוצלונג אָנגעפאַלען אַ שרעק. איינער פון די טורעמס, וואָס איז געווען 50 איילען הויך און וואָס טיטוס האָט געהייסען איהם אויסבויען אויף די וואַלען, בכדי זיי צו פערטיי-דיגען קעגען די אָנפאַלען פון די מויערן אַראָב, איז אַרום האַלבע נאַכט פון זיך אַליין איינגעפאַלען. דער מורא׳דיגער רעש, וואָס איז דערביי אַרויס-געקומען, האָט אַריינגעבראַכט אין צעטומלעניש דעם גאַנצען חייל. אַלע האָבען געמיינט, אַז די פיינד האָבען געמאַכט אַן אָנפאַל, און מען האָט זיך געשווינד גענומען פאַר די געוועהר. ביי די איינצעלנע לעגיאָנען האָט געהערשט אַ מורא׳דיגע מהומה, און היות ווי קיינער האָט ניט געקאָנט אויפקלערען די זאַך, דעריבער האָבען זיי געטראַכט אַ מאָל דאָס און אַ מאָל יענץ. נאָר סוף-כל-סוף, אַז קיין פיינד האָט זיך ניט געלאָזען זעהן, האָבען זיי זיך אָנגעהויבען צו שרעקען פאַר זיך אַליין, אַזוי אַז איטליכער פלעגט מיט שרעק פרעגען זיין שכן דעם פּאַראָל, אַזוי ווי אידען וואָלטען זיך געהאַט אַריינגעגנב׳עט אין לאַגער. ס׳האָט אויסגעדוכט, אַז אַלעמען האָט אַרומגעחאַפּט אַ פּאַנישע שרעק. ביז וואַנען טיטוס איז געוואָהר געוואָרען, וואָס עס איז געשעהן, און האָט גע-לאָזט בעקאַנט מאַכען די געשעהעניש; פונדעסטוועגען האָט מען זיי נאָר שווער געקאָנט בערוהיגען.

2. די אידען פון זייער זייט האָבען מוטיג אויסגעהאַלטען אַלע אָנפאַלען. נאָר גרויס שאָדען האָבען זיי אָנגעטאָן די טורעמס, וואָס פון זייער שפּיץ האָט מען געשאָסען אויף זיי מיט גרינגערע מאַשינעס און בעשאָטען מיט אַ האָגעל פון שפּיזען, פיילען און שטיינער. פערקעהרט, זיי גופא האָבען ניט געקאָנט ניט דערגרייכען צו די טורעמס, ווייל זיי זיינען געווען זייהר הויך, און ניט איינעמען זיי, וואָרום פון איין זייט האָט מען מחמת זייער שווער-

קייט ניט געקאָנט זיי גרינג איינוואַרפען, פון דער אַנדער זייט האָט מען זיי אויך ניט געקאָנט אונטערצינדען, ווייל זיי זיינען געווען בעשלאָגען מיט אייזען. אָבער ווי נאָר די אידען זיינען אַרויסגעטראָטען צוריק פונ׳ם תחום, וואו די שאָסען האָבען דערגרייכט, האָבען זיי דעמאָלט גאָרנישט ניט געקאָנט אויפטון קעגען די קלעפּ פון די שטורעמבעק, וואָס האָבען דורך זייערע כסדר׳דיגע שטויסען צו-ביסלעכווייז פאָרט אָנגעטאָן שאָדען. שוין האָט די מויער אָנגעהויבען צו טרייסלען זיך אונטער די קלעפּ פונ׳ם „ניקאָן״ 1).
אַזוי האָבען די אידען גופא אָנגערופען דעם גרעסטען שטורעמבאָק מחמת זיין קראַפט. די בעלעגערטע אידען זיינען שוין לאַנג געווען איינגעמאַטערט פון די פיעל געשלעגען און פונ׳ם וואַך-זיין ביינאַכט, ווייל זיי האָבען גע-מוזט פערבריינגען די נעכט ווייט פון דער עצם שטאָדט. אויך האָבען זיי, צי מחמת לייכטזיניגקייט, צי מחמת אומבערעכענטקייט, געהאַלטען פאַר אי-בעריג צו היטען די מויער, וויבאַלד אין זייער רשות געפינען זיך נאָך צוויי אַנדערע, און זיינען דעריבער קליינמוטיג אָבגעטראָטען. און אַז אַלע וועכטערס זיינען אַנטלאָפען געוואָרען הינטער דער צווייטער מויער, דעמאָלט זיינען די רוימער אַרויפגעקלעטערט אין יענעם אָרט, וואו דער ניקאָן האָט צעשעדיגט די ערשטע מויער. און באַלד ווי די ערשטע זיינען דאָרט געווען, האָבען זיי געעפענט די טויערן און האָבען אַריינגעלאָזט דעם גאַנצען חייל. אַזוי האָבען די רוימער איינגענומען די ערשטע מויער אויפ׳ן פופצעהנטען טאָג פון דער בע-לעגערונג — דאָס איז געווען זיבען טעג אין חודש אייר. אַ גרויסע שטיק פון איהר האָבען זיי איינגעבראָכען און אויך דעם צפונ׳דיגען טייל פון שטאָדט, אַזוי ווי עס האָט פריהער געטאָן קיסטיוס 2).

3. דעמאָלט האָט טיטוס אַריבערגעטראָגען זיין לאַגער הינטער דער ערשטער מויער ביי דעם אַזוי אָנגערופענעם „לאַגער פון די אשורים״, נאָכדעם ווי ער האָט פריהער געהאַט איינגענומען דעם גאַנצען פּלאַץ ביז צום קדרון. און היות ווי ער האָט זיך געפונען אויף אַ מהלך פון אַ בויגען-שאָס ווייט פון דער צווייטער מויער, האָט ער זיך תיכף גענומען פאַר׳ן אָנפאַל.

די אידען, וואָס האָבען זיך געהאַט אויסגעשטעלט אויפ׳ן מויער, האָבען אַרויסגעוויזען אַ האַרטנאַקיגען ווידערשטאַנד. יוחנן׳ס מענשען האָבען געשאָסען פון אַנטאָניאַ, פון דער צפונ׳דיגער גאַלעריי פון בית-המקדש און פון דער מצבה פון קעניג אַלכסנדר 1); שמעונ׳ס מענשען ווייטער האָבען פערנומען דעם אַריינגאַנג ביי יוחנן׳ס מצבה און האָבען פערטיידיגט די שטרעקע ביז׳ן טויער, ביי וועלכען ס׳האָט זיך געצויגען די וואַסערלייטונג צום היפיקוס-טורעם. עטליכע מאָל זיינען זיי אַרויס-געלאָפען פון די טויערן און האָבען זיך צונויפגעשטויסען מיט די פיינד, נאָר שטענדיג האָט מען זיי צוריקגעשטופּט הינטער די מויערן, וואָרום היות ווי זיי זיינען ניט געווען בע׳הבינ׳ט אין דער רוימישער קריגסקונסט, דעריבער זיינען

1) ד. ה. אויף גריכיש „דער זיגער״.

2) ז. בוך II, 19, 4.

3) אלכסנדר ינאי, (105 — 79 פאַר קריסט.).

זיי שטענדיג געשלאָגען געוואָרען אין אַ געשלעג פון דער נאָהענט, אין דער צייט וואָס אויף די מויערן האָבען זיי געהאַט די איבערהאַנד.

אויב ביי די רוימער האָט געפיהרט דעם שווערד כח און געניטקייט, איז דאָס ביי די אידען געוועזען יענע דרייסטקייט, וואָס איז געדרונגען פון פחד, און אויך די שטאַנדהאַפטיגקייט אין אַן עת-צרה, וואָס ליגט אין דער טבע פונ'ם דאָזיגען פאָלק. דערצו איז נאָך צוגעקומען ביי די אידען די האָפענונג אויף רעטונג, און ביי די רוימער די האָפענונג אויף אַ גיכען נצחון. ניט דאָ און ניט דאָרט האָט זיך אַרויסגעוויזען איינגעמאַטערטקייט, נאָר אָהן אויפהער זיינען פאָרגעקומען אָנפאַלען, געשלעגען אויף די מויערן, אויספאַלען פון קלענערע אָבטיילונגען אין משך פון גאַנצען טאָג, און ס'איז ניט געווען קיין איין מין פון קאַמף, וואָס מען זאָל ניט האָבען איהם אויסגענוצט. ווי נאָר די זון איז אויפגעגאַנגען, האָבען זיך אָנגעהויבען די געשלעגען, און ערשט די פינסטערקייט האָט געמאַכט דערצו אַ סוף. אָבער אָהן שלאָף איז אויך געווען די נאַכט פאַר ביידע צדדים און נאָך שרעקליכער, איידער דער טאָג: פאַר די אידען, ווייל זיי האָבען איטליכע רגע זיך געריכט אויף אַ שטורעם אויף דער מויער, פאַר די רוימער, — ווייל זיי האָבען שטענדיג גע-מוזט מורא האָבען פאַר אַן אָנפאַל אויף זייער לאַגער. ביי ביידע צדדים האָט מען פערבראַכט די נאַכט אונטער געוועהר, און תיכף בעגינען איז מען שוין ווידער געשטאַנען גרייט צום קאַמף.

ביי די אידען האָט מען זיך געקריגט דעריבער, ווער עס זאָל זיך דער ערשטער איינשטעלען אין סכנה, בכדי צו ווערען געפעלען די אָנפיהרער. נאָר מעהר פון אַלעמען האָט מען געאַכט שמעונ'ען, וואָס איהם זיינען זיינע אונטערגעבענע געווען אַזוי צוגעטאָן, אַז איטליכער וואָלט אויף זיין בעפעהל מיט'ן גרעסטען חשק זיך אַליין אָנגעמאַכט אַ טויט. פון דער אַנדער זייט, האָט די רוימער אונטערגעטריבען צו מוטיגקייט, חוץ די געוויינהייט שטענ-דיג צו זיגען און קיין מאָל ניט ווערען בעזיגט, דער אונאויפהערליכער מיליטער-דינסט, די שטענדיגע איבונג מיט געוועהר און די גרויסקייט פון דער מלוכה, נאָר מעהר פון אַלץ טיטוס גופא, וואָס איז געווען אומעטום און גע-שטאַנען אַלעמען ביי זייט. צו זיין אָבגעלאָזט אין די אויגען פונ'ם איבער-שטען קריגספיהרער, וואָס האָט שטענדיג מיטגעקעמפט, איז געווען אַ חרפה; נאָר ווער עס האָט געקעמפט מוטיג, פאַר דעם איז ער געווען נאָהענט אַלס עדות און אויך אַלס בעלוינער, און שוין דאָס האָט געהייסען אַ בעלוינונג, צו זיין בעוואוסט דעם קיסר אַלס אַ מוטיגער סאָלדאַט. דאָס איז געווען די סיבה, פאַר וואָס אַ סך סאָלדאַטען האָבען אַרויסגעוויזען אָפטמאָלס אין קאַמף אַזאַ מוט, וואָס האָט אַריבערגעשטייגט זייערע כחות.

למשל, בשעת אין יענע טעג האָט זיך אויסגעשטעלט איין מאָל אַ שטאַרקע אָבטיילונג אידען אין שלאַכט-אָרדענונג פאַר דער מויער, און ביידע אַרמייען האָבען צוערשט געשאָסען פון דערווייטענס איינע אויף דער אַנ-דערער, איז אַ רייטער מיט'ן נאָמען לאָנגינוס אַרויסגעריטען פון די רייהען

פון די רוימער, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צווישען דער מאַסע פון די פיינד, פונאַנדערגעטריבען זיי דורך זיין שטורמישען יאָגען און האָט געטויט צוויי פון די מוטיגסטע אידען: איינעם, וואָס האָט זיך איהם געלאָזט אַנטקעגען, האָט ער אַ שטאָך געטאָן אין פנים, און דעם אַנדערן, נאָכדעם ווי ער האָט זיך געלאָזט לויפען, האָט ער דערשטאָכען פון דער זייט מיט'ן שפּיז, וואָס ער האָט אַרויסגעצויגען פונ'ם ערשטענס וואונד. דערנאָך האָט ער געשווינד זיך אומגעקעהרט צווישען די מאַסען פיינד צו די זייניגע צוריק. דאָס איז געווען, פערשטייהט זיך, גאָר אַ בעזונדערע גבורה, און גאָר אַ סך האָבען געפלייסט זיך איהם נאָכצוטון.

נאָר די אידען האָבען ניט געקוקט אויפ'ן שאָדען, וואָס זיי האָבען געליטען; זייער גאַנצער טראַכטען און קלערען איז געווען געווענדט נאָר דערויף, ווי אַזוי אָנצוטון שאָדען זייערע געגנער. דער טויט האָט זיך זיי אויסגעדוכט פאַר אַ קלייניגקייט, אויב עס האָט זיך זיי נאָר אַיינגעגעבען צו־גלייך אַריינוואַרפען אין פערדאַרבעניש אַ פיינד. דעם קיסר, פערקעהרט, איז פונקט אַזוי געלעגען אין זינען די פערזענליכע זיכערקייט פון זיינע סאָלדאַ־טען, ווי דער נצחון: אויב עמיצער פלעגט זיך אַוועקלאָזען אומפאָרזיכטיגער־הייד, פלעגט ער דאָס אָנרופען משוגעת, פאַר גבורה פלעגט ער אָנערקענען די טועכץ נאָר דעמאָלט, בשעת מען פלעגט עפּיס טון מיט ישוב־הדעת, בכדי אַליין ניט צו קומען צו שאָדען. דעריבער האָט ער אָנגעזאָגט זיינע מענשען, זיי זאָלען זיך אַרויסווייזען מוטיג, אָבער ניט אַיינשטעלען זיך אין סכנה גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין.

4. מען האָט אונטער דעם אויבערשטען קריגספיהרערס פערזענליכער אָנפיהרונג אַוועקגעשטעלט דעם שטורעמבאָק קעגען מיטעלסטען טורעם פון דער צפון'דיגער מויער, וואו עס איז געלעגען אויפ'ן לויער אַ דורכגעטריבע־נער איד מיט'ן נאָמען קסטור מיט צעהן זיינע חברים, די איבעריגע זיינען אַנטלאָפען געוואָרען פאַר די בויגענשיסערס. אַ געוויסע צייט זיינען די אידען געבליבען רוהיג ליגען אַיינגעקאָרטשעט הינטער די פלאַנקענס; נאָר אַז דער טורעם האָט אָנגעהויבען צו ציטערן, האָבען זיי זיך אויפגעהויבען אין פערשיידענע ערטער.

קסטור גופא האָט אויסגעשטרעקט די הענד, ווי איינער וואָס בעט זיך רחמים, האָט גערופען דעם קיסר און האָט מיט אַ וויינענדיגען קול געבעטען, מען זאָל אויף איהם רחמנות האָבען. טיטוס, וואָס האָט פון קיין המצאות ניט געקלערט, האָט איהם געגלויבט און געהאָפט, אַז די אידען זיינען נוטה אומ־צובייטען זייער דעה. בכן האָט ער געלאָזען אָבשטעלען דעם שטורעמבאָק און פערזאָגט די בויגענשיסערס, ניט צו שיסען מעהר אויף די אידען, וואָס בעטען רחמים, און האָט געהייסען קסטור'ן אַרויסזאָגען זיין בעגייהר. יענער האָט דערקלערט, אַז ער וויל אַראָבקומען און זיך אונטערגעבען. האָט טיטוס איהם געענטפערט, אַז ער ווינשט איהם מזל־טוב צו זיין פערשטאַנדיגער החלטה און אַז ער וואָלט זיך זייהר געפרייהט, אויב אַלע וואָלטען געהאַט

דיזעלביגע דעה; ער וואָלט דעמאָלט געוועזן געוואָלט געוועזן אויסצושטרעקען דער שטאָדט די האַנד מיט שלום. דערויף זיינען פינף פון די צעהן צוגעשטאַנען צו קסטור'ס צביעות'דיגער בקשה. אָבער די איבעריגע האָבען געשריען, אַז זיי וועלען קיין מאָל ניט ווערען קיין קנעכט פון די רוימער, כל זמן זיי קאָנען נאָך שטאַרבען, ווי פרייע מענשען. אין דער צייט וואָס זיי האָבען זיך אַזוי אַרומגעקריגט צווישען זיך, איז דער אָנפאַל געוועזן אָבגעשטעלט. בינתים האָט קסטור געלאָזט זאָגען שמעון'ען, זיי זאָלען זיך גאַנץ רוהיג האַלטען אַן עצה וועגען די נויטיגסטע עסקים; ער וויל נאָך אַ היבשע צייט אָבנאַרען דעם רוי־מישען אָנפיהרער. צוגלייך האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַזוי ווי ער וויל איבעררײדען די ווידערשפעניגע, זיי זאָלען זיך אונטערגעבען. זיי אָבער האָבען אויפגעהויבען זייערע בלויזע שווערדען איבער דעם צאַם, אַזוי ווי זיי וואָלטען געוועזן כלומר'שט אויסער זיך פאַר כעס, און האָבען זיך דורכגעשטאָכען די שילטען און זיינען אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד, אַזוי ווי זיי וואָלטען האָבען זיך דורכגעשטאָכען. דער קיסר און די וואָס אַרום איהם זיינען שטאַרק נתפעל געוואָרען איבער דער אנטשלאָסענקייט פון די מענשען, און היות ווי אונטען האָבען זיי ניט געקאָנט זעהן גענוי, וואָס דאָ איז געשעהן, דעריבער האָבען זיי בעוואונדערט זיי פון וועגען זייער שטאַרקען מוט און צוגלייך בעקלאָגט זיי פון וועגען זייער טרויעריגען מזל.

מיט אַמאָל האָט עמיצער געטראָפען קסטור'ן מיט אַ פייל ביים נאָז; דער געטראָפענער האָט אַרויסגעצויגען דעם פייל, האָט איהם בעוויזען טיטוס'ן און האָט זיך בעקלאָגט, וואָס מען בעגייהט זיך מיט איהם אומגערעכט. דער קיסר האָט אויסגערעדט דעם, וואָס האָט געשאָסען, און האָט געהייסען יוסף'ן, וואָס איז געשטאַנען נעבען איהם, ער זאָל צוגייהן און געבען קסטור'ן די האַנד. נאָר יוסף האָט ניט געוואָלט גייהן, מחמת ער האָט פערשטאַנען, אַז די בעטערס האָבען ניט גוטס אין זינען, און האָט אויך אָבגעהאַלטען זיינע פריינד, וואָס האָבען געוואָלט זיך לאָזען אַהין.

דערויף האָט זיך אָנגעבאָטען אַן איבערלויפער מיט'ן נאָמען ענעאַס צו גייהן אַהין, און היות ווי קסטור האָט נאָך געשריען, מען זאָל ביי איהם צו־נעמען די געלד, וואָס ער האָט ביי זיך, איז יענער נאָך מיט מעהר חשק צוגעלאָפען צום טורעם און האָט אונטערגעשטעלט זיין מאַנטעל. נאָר קסטור האָט געחאַפּט אַ שטיק פעלז און האָט עס אַראָבגעוואָרפען אויף איהם. ענעאַס'ן אָבער האָט ער ניט געטראָפען, נאָר ער האָט פערוואונדעט אַן אַנדער סאָלדאַט, וואָס איז געוועזן געקומען מיט איהם.

אַז דער קיסר האָט בעקלערט דעם דאָזיגען שווינדעל, האָט ער זיך איבערצייגט, אַז רחמנות איז אין קריג נאָר שעדליך, אין דער צייט וואָס אַכזריות האָט ווינציגער צו ליידען פון רמאות. פול מיט צאָרן איבער'ן שפי־צעל, וואָס מען האָט איהם אָבגעטאָן, האָט ער געהייסען שליידערן דעם שטורעמבאָק נאָך מיט גרעסערער קראַפט אויפ'ן טורעם.

אָבער אַז דער טורעם האָט זיך אָנגעהויבען שאָקלען אונטער די שטוי-סען פון דער מאַשין, האָבען קסטור און זיינע חברים איהם אונטערגעצונדען און זיינען דורכגעשפרונגען דורכ'ן פייער אין אַ בעהאַלטענעם גאַנג, וואָס האָט זיך געפונען אונטער איהם. דורכדעם האָבען זיי ווידער דערוועקט ביי די רוימער אַ הויכע מיינונג וועגען זייער שטאַרקען מוט; וואָרום יענע האָבען געמיינט ניט אַנדערש, סיידען אַז זייערע געגנער האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין פייער.

# אכטער קאפיטעל.

די צווייטע מויער ווערט איינגענומען.

1. אויף דעם דאָזיגען אָרט האָט דער קיסר אַיינגענומען די צווייטע מויער, אין פינף טעג אַרום. נאָכדעם ווי ער האָט אַיינגענומען די ערשטע, אַז די אידען האָבען זי געהאַט פערלאָזען, איז טיטוס אַריין מיט טויזענד רייטער און מיט די אָבגעקליבענע סאָלדאַטען, וואָס זיינען געווען זיין פער-זענליכע וואַך, אין יענעם אָרט, וואו עס האָט זיך געפונען דער וואָל-מאַרק, די וואַרשטאַטען פון די שמידען און דער קליידער-מאַרק פון דער נייער שטאָדט, און די גאַסען האָבען זיך געצויגען אין אַ קרומער ריכטונג ביז צום מויער.

אויב ער וואָלט תיכף געהאַט איינגעבראָכען אַ גרעסערן טייל פון מויער אָדער צעשטערט דעם אַיינגענומענעם שטאָדט-טייל לויט'ן מנהג פון דער מלחמה, דעמאָלט וואָלט, לויט זיין מיינונג, זיין נצחון ניט פערטונקעלט געוואָרען דורך אַן אָנוועהר. נאָר היות ווי ער האָט געהאָפט, אַז דורכדעם, וואָס ער וועט ניט אָננעמען אַזאַ שטריינגען מיטעל, וואָס ער האָט בכח עס יאָ אָנצונעמען, וועט ער קאָנען ווייכער מאַכען דעם זינען פון די אידען, -- דעריבער האָט ער ניט געלאָזט מאַכען דעם אַריינגאַנג אַזוי ברייט, ווי דאָס וואָלט געווען צוועקמע-סיג אין דעם פאַל, אויב מען וועט מוזען אָבטרעטען; וואָרום אויב מען וועט די אידען געבען אַ בעזונדערע בעגינסטיגונג, דעמאָלט, האָט ער געהאָפט, וועלען זיי איהם קיין פאַסטקעס ניט שטעלען. נאָך מעהר, ער האָט אַפילו פערזאָגט, נאָכדעם ווי ער איז אַריין אין שטאָדט, אַז מען זאָל ניט טויטען קיין איין געפאַנגענעם אידען אָדער אונטערצינדען די הייזער. צוגלייך האָט ער פאָרגעלייגט די מורדים, זיי זאָלען פיהרען ווייטער דעם קאַמף אויף איי-גענער פויסט, אויב נאָר דאָס פאָלק וועט דערביי קיין שאָדען ניט ליידען; דעם פאָלק האָט ער צוגעזאָגט, אַז ער וועט איהם אומקעהרען זיין גאַנצען אייגענס. וואָרום ער האָט שטאַרק חשק געהאַט איי נצוהיטען פאַר זיך די שטאָדט און פאַר איהר דעם בית-המקדש. און דאָס פאָלק איז טאַקע געווען נוטה אָן טענות אָנצונעמען זיינע פאָרשלאָגען. פערקעהרט, די אידען, וואָס האָבען געוואָלט דעם קריג, האָבען בעטראַכט זיין מענשענפריינדליכקייט פאַר שוואַכקייט און

האָבען געמיינט, אַז טיטוס באָט זיי אָן שלום נאָר דערפאַר, ווייל ער איז ניט בכח אַיינצונעמען די שטאָדט איבערגעוואַלד. די בירגער האָבען זיי געשראָקען מיט טויט, טאָמער וועלען זיי נאָר קלערען וועגען אונטערגעבען זיך, און ווער עס האָט נאָר געפּרובט עפּיס ריידען וועגען שלום, דעם האָבען זיי דער׳הרג׳עט. און באַלד זיינען זיי אָנגעפאַלען אויף די אַריינקומענדיגע רוימער, צום טייל אין די גאַסען, און צום טייל פון די הייזער. אַנדערע האָבען געמאַכט אויספאַלען פון די אויבערשטע טויערן אויף די רוימער, וואָס האָבען זיך געפונען נאָך אויף יענער זייט מויער, און האָבען אַריינגעיאָגט דורכדעם אַזאַ שרעק די וועכטערס, וואָס זיינען געוועזן אויסגעשטעלט אויפ׳ן מויער, אַז זיי זיינען געשווינד אַראָבגעשפּרונגען פון די טורעמס און אַנטלאָפען צוריק אין לאַגער. די זעלנער, וואָס זיינען אינעווייניג געוועזן אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען מיט פיינד, און די פון דרויסען, וואָס האָבען גע׳דאג׳עט וועגען זייערע פערלאָזענע חברים, האָבען אויפגעהויבען אַ גרויסען געשריי. די אידען זיינען צוגעקומען אַלץ מעהר, און היות ווי מחמת זייער בעקאַנטשאַפט מיט די גאַסען האָבען זיי געהאַט בעדייטענד די אויבערהאַנד, דעריבער האָבען זיי פערוואונדעט אַ סך פון זייערע געגנער און אָבגעשטופּט זיי צוריק אָהן אָבהאַלט. על פי נויט האָבען די רוימער זיך אַנטקעגענגעשטעלט, ווייל דורך דער שמאָלער עפענונג אינ׳ם מויער האָבען זיי ניט געקאָנט אַנטלויפען אין גרעסערע מאַסען. און עס האָט כמעט אויסגעזעהן, אַז צו אַלע די, וואָס זיינען אַריין אין שטאָדט, איז געקומען אַ סוף.

נאָר דאָ איז טיטוס געקומען זיי צו הילף. געשווינד האָט ער פונאַנדערגעשטעלט בויגענשיסערס ביי די עקען גאַסען, האָט זיך אַליין אַ וואָרף געטאָן אין דער ערגסטער שפּאַרעניש און אָבגעטריבען די פיינד צוריק דורך אַ האָגעל פון פיילען. ביי זיין זייט האָט געשטריטען דאָמיציוס סאַבינוס, וואָס האָט אויך אין דעם דאָזיגען געשלעג זיך אַרויסגעוויזען אַלס מוטיגער קריגס העלד. אָהן אַן אויפהער האָט דער קיסר די בויגענשיסערס געלאָזט שיסען זייערע פיילען און דורכדעם האָט ער ניט דערלאָזט די אידען נעהענטער צו קומען, ביז וואַנען אַלע סאָלדאַטען האָבען זיך צוריקגעצויגען.

2. אַזוי זיינען די רוימער ווידער צוריקגעטריבען געוואָרען, נאָכדעם ווי זיי האָבען שוין געהאַט אַיינגענומען די צווייטע מויער. די קריגעריש געשטימטע אידען זיינען אָבער האָפערדיג געוואָרען, און זייערע ערפאָלגען האָבען זיי געמאַכט איבערמוטיג. די רוימער, האָבען זיי געמיינט, וועלען איצט זיך ניט דערוועגען אַריינצוטרעטען אין שטאָדט, און אויך וועלען זיי ניט זיין אין שטאַנד צו זיגען, אויב עס וועט ווידער זיך מאַכען אַ קאַמף. גאָט האָט זיי צוליעב זייערע זינד פערפינסטערט דעם שכל, אַז ניט זיי האָבען געזעהן, אַז די פערטריבענע רוימער זיינען געוועזן נאָר אַ קליינער טייל פונ׳ם רוימישען חיל, ניט זיי האָבען בעמערקט די הונגערס־נויט, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף זיי.

זיי גופא האָבען, אמת, נאָך געקאָנט זיך זעטיגען פונ׳ם פאָלק׳ס אומ־

גליק און טרינקען די בלוט פון די אײנוואױנער! נאָר די גוט-געזונענע לײט האָבען שוין געליטען דוחק זינט אַ לאַנגער צײט, און אַ סך זײנען אױסגע-שטאָרבען, װײל עס האָבען זײ געפעהלט די נױטיגסטע לעבענס-מיטלען. נאָר אין דער פערניכטונג פונ׳ם פאָלק האָבען די מורדים אײנגעזעהן נאָר אַ פער-לײכטערונג פאַר זיך גופא. װאָרום זײ האָבען געהאַלטען, אַז ראוי צו לעבען זײנען נאָר די, װאָס װילען גאָרנישט ניט װיסען פון שלום און װילען נאָר לעבען, בכדי צו קעמפען קעגען די רױמער. און אויב די מאַסע, װאָס האָט אַנדערש געטראַכט, איז פערטיליגט געװאָרען, האָבען זײ זיך געפיהלט, װי זײ װאָלטען געװאָרען בעפרײט פון אַ שװערער משא. אויף אַזאַ אופן זײנען זײ זיך בעגאַנגען מיט די אײנװאױנער פון שטאָדט.

אָבער בשעת די רױמער פלעגען װעלען װידער אַרײנדרינגען, פלעגען זײ זײ צוריק אָבטרײבען מיט געװעהר אין דער האַנד, און פלעגען פערדעקען די צעבראָכענע שטעלען פון מױער מיט זײער אײגענעם גוף. דרײ טעג האָט אַזױ אױסגעהאַלטען זײער האַרטנאַקיגער װידערשטאַנד. נאָר דעם פערטען טאָג איז טיטוס׳עס העלדענמוטיגער אָנפאַל געװאָרען צו שטאַרק פאַר זײ: מען האָט זײ צוריקגעטריבען, און זײ זײנען אָבגעטראָטען אויף זײער פריהערדיגער פאָזיציע. טיטוס האָט װידער פערנומען די מױער און האָט תיכף געהײסען אַראָברײסען דעם גאַנצען צפונ׳דיגען טײל. פערקעהרט, אין די טורעמס פונ׳ם דרומ׳דיגען טײל האָט ער אַװעקגעשטעלט סאָלדאַטען און געװענדט זײנע גע-דאַנקען אויפ׳ן שטורעם פונ׳ם דריטען מױער.

# נײנטער קאפיטעל.

טיטוס פרובט צו בעװעגען די אידען דורך יוספ׳ן, זײ זאָלען זיך אונטערגעבען.

1. נאָר דערװײל האָט ער בעשלאָסען, אַ ביסעל אײנצוהאַלטען די בע-לעגערונג, בכדי צו געבען די אָנפיהרער צײט אויף זיך מיישב צו זײן, און בכדי צו זעהן, צי זײ װעלען אפשר איצט זיך בעסער לאָזען רײדען, מחמת די צװײטע מױער איז אײנגעבראָכען געװאָרען, אָדער אױס מורא פאַר׳ן הונ-גער, װײל זײערע רױבערײען האָבען זײ דאָך ניט געקאָנט פערשאַפען גענוג צום לעבען אויף אַ לײנגערע צײט.

די הפסקה האָט טיטוס אױסגענוצט צוליעב אַ נױטיגער אַרבײט. היות װי עס איז אָנגעקומען די צײט, װען מען בעדאַרף אױסצאָהלען די סאָלדאַטען זײער שכירות, דעריבער האָט ער בעפױהלען די אָפיצירען, זײ זאָלען אױס-שטעלען דעם חייל אויף אַן אָרט, פון װאַנען דער שונא זאָל איהם קאָנען זעהן, און דאָרט אױסצאָהלען איטליכען סאָלדאַט זײן לױן. בכן זײנען די סאָלדאַטען אַרױסמאַרשירט מיט בלױזע שװערדען און אין פולער בעװאָפענונג; די רײטער האָבען חוץ דעם געפיהרט פאַר׳ן האַלפטער זײערע אױסגעפוצטע פערד. אויף אַ װײטער שטרעקע האָט עס געפונקעלט אַרום שטאָדט פון גאָלד און זילבער,

זאָן אַזוי ווי פאַר די רוימער איז דער בילד געווען אַ פערגעניגען, פונקט אַזוי פיעל שרעק האָט עס פערשאַפט זייערע פיינד. די גאַנצע אַלטע מויער און אויך די צפון-זייט פונ׳ם בית-המקדש איז געווען געדיכט בעזעצט מיט צושויער. אַפילו די דעכער פון די הייזער זיינען געווען פול מיט נייגיריגע, און עס איז ניט געווען קיין איין פלאַץ אין שטאָדט, וואָס זאָל ניט זיין גע-ווען שוואַרץ פון מענשען.

אַ מוראָ׳דיגע שרעק איז איצט אָנגעפאַלען אַפילו אויף די סאַמע פער-עקשנ׳טע אידען, בשעת זיי האָבען דערזעהן דעם חייל צונויפגעקליבען אויף איין אָרט, און דערצו נאָך די שיינקייט פון די געוועהר און די אויסגעצייכענטע אָרדענונג צווישען די סאָלדאַטען. מיר דוכט, אַז די מורדים האָבען ביי דעם דאָזיגען אָנבליק געמוזט אומבייטען זייער שטימונג, אויב זיי וואָלטען ניט געהאַלטען פאַר אוממעגליך אַ בעגנאַדיגונג מצד די רוימער פון וועגען די גרויסע פערברעכענס, וואָס זיי האָבען אָבגעטאָן בנוגע צום פאָלק. היות ווי זיי האָבען גערעכענט, אַז אויב זיי וועלען אָבשטעלען די מלחמה, וואַרט אויף זיי אַ טויט פון פערברעכער, דעריבער האָבען זיי אַ סך בעסער געוואָלט קעמ-פען. אויך איז דאָס געווען אַ גזרה מן השמים, אַז אינאיינעם מיט די שולדיגע אָלען אויך די אומשולדיגע אונטערגייהן, און אינאיינעם מיט די מורדים — די גאַנצע שטאָדט.

2. פיער טעג האָבען די רוימער בעדאַרפט האָבען, בכדי אויסצוצאָהלען שכירות אַלע לעגיאָנען. דעם פינפטען טאָג, אַז די אידען זיינען נאָך אַלץ ניט אַרויסגעטראָטען מיט פאָרשלאָגען וועגען שלום, האָט טיטוס געלאָזט צע-טיילען זיין חייל אין צוויי אָבטיילונגען. וואָס איינע פון זיי האָט בעדאַרפט אויסבויען וואַלען קעגענאיבער אַנטאָניאַ, די אַנדערע ביי יוחנן׳ס מצבה. פונ׳ם לעצטען פונקט אויס האָט ער גערעכענט אַיינצונעמען די אויבערשטע שטאָדט, און פון אַנטאָניאַ—דעם בית-המקדש; וואָרום כל זמן ער האָט ניט געהאַט דעם הייליגטום אין זיין רשות, האָט ער ניט געקאָנט זיין זיכער, אַז די שטאָדט איז זיינע.

בכן האָבען די לעגיאָנען אויף אָט דיביידע ערטער אויסגעבויט וואַלען. די, וואָס האָבען געאַרבייט ניט וויט פון דער מצבה, האָבען די אדומים און שמעונ׳ס גוט בעוואָפענטע מענשען געזוכט צו מאַכען שוויריגקיי-טען דורך אויספאַלען, יענע וואָס ביי אַנטאָניאַ אָבער — יוחנן׳ס מענשען און די באַנדע פון די קנאים; דערביי זיינען די אידען מחמת זייער העכערער פאָ-זיציע געשטאַנען בעסער פאַר זייערע געגנער ניט נאָר בנוגע צום געברויך פון האַנד-געוועהר, נאָר אויך דורכדעם, וואָס זיי האָבען פאַר דער צייט זיך אויסגעלערנט צו בעגייהן זיך מיט די וואָרפמאַשינעס; וואָרום די טעגליכע איבונג האָט זיי געמאַכט געשיקטער. זיי האָבען געהאַט 300 סקאָרפיאָנען און 40 באַליסטען, וואָס מיט זיי האָבען זיי די רוימער שטאַרק געשטערט ביים בויען די וואַלען.

דער קיסר אָבער, וואָס האָט גוט געוואוסט, אַז אויב די שטאָדט וועט

בלייבען גאַנץ, וועט דאָס זיין פאַר איהם אַ געווינס, און אויב זי וועט חרוב ווערען, וועט דאָס זיין אַן אָנוועהר פאַר איהם, — האָט אין דער צייט, וואָס ער האָט זיך פערנומען מיט דער בעלעגערונג, אויך ניט פערלאָזען די אַנדער אויפגאַבע, דאָס הייסט צו בעוועגען די אידען אומצובייטען זייער שטימונג. ראַט און טאַט זיינען ביי איהם געגאַנגען האַנד אין האַנד, און היות ווי ער האָט געוואוסט, אַז מיט רייד קאָן מען אָפטמאָלס מעהר פועל'ן, איידער מיט דער קראַפט פון געוועהר, דעריבער איז לא די וואָס ער גוכא האָט אויפגעפאָדערט די בעלעגערטע, זיי זאָלען ראַטעווען די שוין האַלב איינגענומענע שטאָדט דורכדעם, וואָס זיי וועלען זיך אונטערגעבען, נאָר ער האָט אויך געשיקט יוסף'ן, בכדי זיך דורכצוטענ'ען מיט זיי אויף זייער מוטער-שפראַך; ער האָט געהאָפט, אַז אַ לאַנדסמאַן וועלען זיי בעסער אויפנעמען.

3. יוסף איז אַרומגעגאַנגען די מויער, האָט אויסגעזוכט אַן אָרט, וואו מען זאָל איהם ניט קאָנען טרעפען מיט אַ פייל, נאָר מען זאָל פאָרט קאָנען גוט הערען, און האָט אָנגעהויבען צו טענ'ען צו זיי, אַז זיי זאָלען רחמנות האָבען אויף זיך אַליין, אויפ'ן פאָלק, און אויך אויף דער געבאָרענשטאָדט און דעם בית-המקדש און זאָלען זיך ניט בעציהען צו דאָס אַלץ גלייכגילטיגער, איידער פרעמדע. אין דער צייט וואָס די רוימער, וואָס האַלטען אַן אַנדער אמונה, אַכטען די הייליגטימער פון זייערע פיינד און האָבען ביז איצט צוריקגעהאַלטען זייערע הענד דערפון, האָבען די, וואָס זיינען אויסגעוואַקסען אונטער'ן שוץ פון די דאָזיגע הייליגטימער און וואָס וועלען אין דעם פאַל, אויב זיי וועלען בלייבען גאַנץ, זיין זייערע איינציגע בעלי-בתים, זיך אָבגעלייגט דערויף, זיי חרוב צו מאַכען.

ווי זיי זעהען, זיינען די שטאַרקסטע מויערן שוין געפאַלען, און ס'איז געבליבען נאָר איינע, וואָס מען קאָן דאָך ניט אָבלייקענען, אַז אין פערגלייך מיט די שוין איינגענומענע איז זי שוואַך. אויך ווייסען זיי דאָך, אַז עס איז אוממעגליך זיך אַנטקעגענצושטעלען קעגען דער מאַכט פון די רוימער, און די רוימישע אויבערהערשאַפט איז דאָך ניט פאַר זיי עפּיס נייעס. אויב אַ בעפרייאונגס-קריג איז אַ רוהמפולע אונטערנעמונג, האָבען זיי איהם בעדאַרפט פיהרען גלייך פון אָנהויב. אָבער וויבאַלד אַז זיי זיינען שוין אונטערטעניג געוואָרען און האָבען געקאָנט אויסהאַלטען אַזוי לאַנג די פרעמדע הערשאַפט און ניט געוואָלט אַראָבוואַרפען פון זיך דעם יאָך, הייסט דאָס ניט, אַז זיי פערלאַנגען נאָך פרייהייט, נאָר נאָך אַ מיאוס'ען אונטערגאַנג.

אין יעדען פאַל קאָן מען זיך אָבזאָגען פון צו דיענען אומבעדייטענדערע האַרען, אָבער ניט אַזעלכע, וואָס די גאַנצע ערד געפינט זיך אונטער זייער ממשלה. וואָרום וואָס פאַר אַ לענדער זיינען נאָך פאַרהאַן, וואָס שטייהען ניט אונטער דער אויבערהערשאַפט פון די רוימער? ס'זיינען דאָך מעהר ניט די, וואָס מחמת זייער היץ אָדער קעלט האָבען זיי פאַר זיי קיין ווערט ניט. אומעטום בעלייט זיי דער מזל, און גאָט, וואָס לאָזט אַרומגייהן די וועלטהערשאַפט איבער די איינצעלנע פעלקער, איז איצט אויפ'ן צד פון איטאַליען.

איבעריגענס גילט דער געזעץ, וואָס איז אַיינגעשטעלט ביי די היות, אויך פאַר די מענשען: מען מוז נאָכגעבען דעם שטאַרקערן, און יענע זיינען די זיגער, וואָס האָבען די שטאַרקסטע געוועהר. דעריבער האָבען די עלטערזיידעס פון די אידען, וואָס זיינען געשטאַנען אַ סך העכער פון זייערע אייניקלעך בנוגע צו קערפער-קראַפט, שטאַרקייט פון גייסט און אַלע איבעריגע פערטיידיגונגס-מיטלען, זיך אונטערגעגעבען די רוימער; דאָס וואָלטען זיי געוויס ביי זיך ניט גע'פועל'ט, אויב זיי וואָלטען ניט געהאַט אַיינגעזעהן, אַז גאָט איז מיט זיי.

וואָס גיט זיי, די בעלעגערטע, נאָך מוט צום ווידערשטאַנד? דער גרעסטער טייל פון שטאָדט איז דאָך שוין אַיינגענומען, און זיי אינעווייניג, אַפילו אויב זיי שטייהען אויף די מויערן, געפינען זיך אין אַן ערגערער לאַגע, איידער קריגס-געפאַנגענע. חוץ דעם איז פאַר די רוימער קיין סוד ניט, אַז אין שטאָדט הערשט אַ הונגער-נויט, און אויב איצט בעדריקט זי נאָר דאָס פאָלק, וועט זי אָבער אין גיכען אַוועק'פטר'ן אויך די קריגספייהיגע מענשען. בכן אויב אפילו די רוימער זאָלען איצט אָבשטעלען די בעלעגערונג און וועלען אויפהערען אַריינצודרינגען אין שטאָדט מיט'ן שווערד אין דער האַנד, זיצט דאָך אָבער די אידען אויפ'ן רוקען אַ שטאַרקערער אינעוויינגסטער פיינד, וואָס זיין שטאַרקייט וואַקסט פון שעה צו שעה. וואָרום קעגען הונגער קאָנען זיי דאָך זיך ניט פערטיידיגען מיט'ן שווערד. אָדער אפשר זיינען זיי די איינציגע, וואָס פערשטייהען בייצוקומען אויף אַזאַ אופן די דאָזיגע פלאָג.

דעריבער, האָט יוסף ווייטער גערעדט, וואָלטען זיי גוט געטאָן, ווען זיי וואָלטען זייער שטימונג אומגעביטען, כל זמן מען קאָן נאָך דעם שאָדען פערריכטען, און וואָלטען געטראַכט וועגען זייער רעטונג, כל זמן עס איז נאָך צייט. די רוימער וועלען געוויס ניט נוקם זיין זיך פאַר דאָס געשעהענע, אויב זיי וועלען זייער עקשנות ניט דערפיהרען ביז צום אויסערסטען; וואָרום עס ליגט אין זייער טבע, אַרויסצוווייזען לייטזעליגקייט אַלס זיגער און צו שאַצען העכער זייער נוצען, איידער די בעפרידיגונג פון זייער נקמה. און זיי וועלען קיין נוצען ניט האָבען, אויב זיי וועלען אַיינגעמען אַ שטאָדט, וואָס איז ליידיג פון מענשען, און אַ לאַנד אָהן בעפעלקערונג. דעריבער באָט נאָך איצט אָן דער קיסר די בעלעגערטע זיין גענאָד. אָבער אַז ער וועט מוזען אַיינגעמען די שטאָדט איבער געוואַלד, נאָכדעם ווי זיי וועלען ניט וועלען אויסהערען זיינע גוטע רייד, דעמאָלט וועט ער קיינעם ניט פערשוינען. און אַז באַלד וועט פאַלען אויך די דריטע מויער, דערפאַר איז ערב די עראָבערונג פוןביידע ערשטע, און אפילו ווען מען זאָל די דאָזיגע מויער ניט קאָנען אַיינגעמען, מוז דאָך אויך דער הונגער קעמפען קעגען די אידען און פאַר די רוימער.

4. אין דער צייט וואָס יוסף האָט צו זיי גערעדט די דאָזיגע ווערטער, האָבען אַ סך איהם אויסגעלאַכט פון מויער אַראָב; אַנדערע האָבען איהם גע- זידעלט, עטליכע האָבען אַפילו געשאָסען אויף איהם. היות ווי ער האָט ניט

געקאָנט זיי איבערצייגען אַפילו מיט אַזעלכע קלאָרע סברות, איז ער איבער־געגאַנגען צו דער געשיכטע פון זיין פאָלק און האָט אויסגערופען:

„אָ, איהר אומגליקליכע, וואָס איהר פערגעסט אַייערע אמת'ע העלפערס! מיט אַייערע פויסטען און געוועהר ווילט איהר דאָס קעמפען קעגען די רוי־מער? ווען האָבען מיר ווען עס איז מנצח געווען אויף אַזאַ אופן? האָט ניט שטענדיג גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט די אידען בעשאַפען, נקמה גענומען פאַר זיי, בשעת מען האָט זיי געטאָן אַן עולה? גיט אַ קוק צוריק אויפ'ן עבר, בכדי איהר זאָלט זעהן, אויף וועמען איהר בעדאַרפט זיך פערלאָזען אין קאַמף און וואָס פאַר אַ גרויסען פערבינדעטען איהר האָט בעליידיגט. דערמאָנט זיך די נסים אין די צייטען פון אַייערע עלטערן; דערמאָנט זיך, וויפיעל פיינד עס האָבען אַנומעלט חרוב געמאַכט די דאָזיגע הייליגע שטאָדט! מיך גרוילט אַפילו, בשעת איך מוז דערצייהלען גאָטס מעשים פאַר נישטווערדיגע אויערן, נאָר פונדעסטוועגען הערט זיך צו, בכדי איהר זאָלט אַיינזעהן, אַז איהר קעמפט ניט בלויז קעגען די רוימער, נאָר אויך קעגען גאָט.

דער קעניג פון מצרים, נכה, וואָס ווערט אויך אָנגערופען פרעה, איז אין זיין צייט אַריינגעדרונגען מיט טויזענד שטרייטער אין אונזער לאַנד און האָט אַוועקגערויבט די פירשטין שרה, די ערשטע פון די אמהות פון אונזער פאָלק. וואָס האָט דעמאָלט געטאָן איהר מאַן אברהם אבינו? צי האָט ער נקמה גענומען פונ'ם פערברעכער מיט געוועהר? ניין — נאָר הגם ער האָט געהאַט 318 אונטערטעניגע פירשטען, וואָס איטליכער פון זיי האָט געהאַט צו זאָגען איבער אַ גרויסער צאָהל בעוואָפענטע, פונדעסטוועגען האָט ער זיך געהאַלטען פאַר פערלאָזען, אויב גאָט זאָל איהם ניט געווען ביישטייהן. בכן האָט ער אויפגעהויבען זיינע הענד צו דעם אָרט, וואָס איהר פערשוועכט איהם איצט, און האָט זיך אויסגעבעטען די הילף פון דעם בונדעס־חבר, וואָס איז נאָך קיין מאָל ניט בעזיגט געוואָרען. צי דען איז ניט תיכף אויפ'ן צווייטען אָבענד די פירשטין צוריקגעשיקט געוואָרען אומבעריהרט צו איהר מאַן, און דער מצרי, וואָס איז געוואָרען אַיינגעשראָקען דורך בייזע חלומות, איז אַנטלאָפען געוואָרען, נאָכדעם ווי ער האָט געדיענט צו גאָט אויף דעם אָרט, וואָס איהר האָט איהם בעפלעקט דורך ברודער־מאָרד, און האָט בעשאָנקען די פון גאָט געליעבטע עברים מיט גאָלד און זילבער? [1]

צי זאָל איך שווייגען אָדער ריידען וועגען דעם, ווי אונזערע עלטערן האָבען זיך אַריבערגעקליבען קיין מצרים, וואו זיי זיינען אין משך פון 400

1) דאָ האָט יוסף אינגאַנצען פערדרייהט דעם ספור פון חומש (ז. בראשית, קאפ. י"ב, 10 און וו.) און פערמישט די פרשיות, בכדי צו בעקומען אַן איבעריגען משל, וואָס זאָל בע־שטעטיגען זיין הויפט־געדאַנק. משמעות, אַז אויך די דאָזיגע רעדע איז שפּעטער ביים שרייבען, ווי עס איז געווען דער מנהג ביים רוב געשיכטס־שרייבער פון יענער צייט אַריינצושטעלען רעדעס, צוגעטראַכט געוואָרען; וואָרום אויב יוסף וואָלט גערעדט פאַר אידען, וואָלט ער געהיט זיך צו דערצייהלען זיי פאַלש אַ מעשה, וואָס שטייהט אין חומש.

יאָהר געפּייניגט געוואָרען און אונטערדריקט פון פרעמדע מלכים, אָבער אָנ-שטאָט זיך צו פערטיידיגען מיט געוועהר אין די הענד, ווי זיי האָבען דאָס געקאָנט טון, האָבען זיי זיך פערלאָזען אויף גאָט? ווער ווייס דאָס ניט, ווי אַזוי מצרים איז דערנאָך פול געוואָרען מיט כל׳ערליי מינים חיות רעות און געשטראָפט געוואָרען מיט אַלע מעגליכע קראַנקהייטען, ווי אַזוי דאָס לאַנד האָט אָנגעוואָהרען זיין פרוכפּערקייט, דער נילוס זיין וואַסער, און צעהן מכות זיינען געקומען אויף די מצרים איינע נאָך דער אַנדערער, וואָס מחמת דעם זיינען אונזערע עלטערן אַרויסגעלאָזט געוואָרען פריי מיט אַ זיכערער בעגלייטונג, אָהן בלוט-פערגיסונג, אָהן סכּנה בלויז דערפאַר, ווייל גאָט האָט געפיהרט די יעניגע, וואָס האָבען געהיט זיין הייליגטום?

און אַז די איינוואוינער פון אשדוד און גת האָבען אַוועגערויבט אונזער ארון-הקדש, צי דען האָט דעמאָלט ניט געזיפצט דאָס גאַנצע לאַנד פלשתים, דער אָבגאָט דגון און דאָס גאַנצע פאָלק פון די, וואָס האָבען איהם געראויבט? פוילענדיגע מכות האָבען בעדעקט זייער קערפּער, און מיט זייער שפּייז זיינען די געדערים פון זיי אַרויס. דעריבער האָבען דיזעלביגע הענד, וואָס האָבען דעם אָרון געראויבט, איהם צוריקגעבראַכט מיט פּייקלעך און צימבלען און מפיס געווען דעם הייליגטום דורך קרבנות אָהן אַ צאָהל. גאָט האָט עס פערשאַפט די דאָזיגע בעפרידיגונג אונזערע עלטערן, ווייל זיי האָבען ניט גענומען זיך פאַר׳ן שווערד און האָבען איהם איבערגעלאָזט די ענטשיידונג.

צי איז אפשר סנחריב דער קעניג פון אשור, בשעת ער האָט אַרומגערינגעלט אָט די שטאָדט מיט חיילות פון גאַנץ אַזיען, געפאַלען דורך מענשענס הענד? ניין — די הענד האָבען גערוהט פון קאַמף און זיינען נאָר אויסגעשטרעקט געווען מיט אַ תּפלה צו גאָט. נאָר גאָטס מלאכים האָבען אין איין נאַכט געשלאָגען די מחנה אָהן צאָהל, און אַז דער אַשורי איז אויפגעשטאַנען בעגינען, האָט ער געפונען הונדערט פינף און זיבעציג טויזענד פגרים און איז מיט׳ן רעשט פון זיין חייל אַנטלאָפען געוואָרען פאַר די אידען, וואָס האָבען איהם אַפילו ניט נאָכגעיאָגט. בעוואוסט איז אַייך אויך דער גלות בבל, וואו דאָס פאָלק האָט געמוזט לעבען זיבעציג יאָהר ווייט פון דער היים און האָט קיין מאָל ניט געקלערט צו נעמען זיך די בעפרייאונג איבערגעוואַלד. ביז כורש האָט עס זיי אָנגעבאָטען מיט׳ן גוטען ווילען, און אונטער זיין שוץ איז אויפגעריכט געוואָרען דער הייליגטום פון גאָט. בכלל קען מען ניט ברייגען קיין איין פאַל, ווען אונזערע עלטערן זאָלען האָבען עפּיס אויפגעטאָן מיט׳ן שווערד אַליין, אָדער ווען זיי זאָלען האָבען געהאַט אַ מפּלה, בשעת זיי האָבען געהאַט בטחון אין גאָט און זיי זיינען געבליבען רוהיג אין דערהיים; דעמאָלט האָבען זיי מנצח געווען לויט׳ן גזר-דין פון׳ם הימעלשען שופט. טאָמער זשע זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען אין מלחמה, זיינען זיי שטענדיג געשלאָגען געוואָרען. למשל, אַז דער קעניג פון בבל האָט בעלעגערט די דאָזיגע שטאָדט, און אונזער קעניג צדקיהו האָט, קעגען ירמיה הנביא׳ס התראה, זיך אַריינגעלאָזען מיט איהם אין אַ שלאַכט, דעמאָלט איז צדקיה גופא אַריינגעפאַלען אין גע-

פאַנגענשאַפט און האָט געזעהן דעם חורבן פון דער שטאָדט און פון בית-המקדש. און פונדעסטוועגען, אויף וויפיעל מעהר צדיק איז געווען יענער קעניג, איידער אַייערע אָנפיהרער, און וויפיעל בעסער פאַר אַייך גופא איז געווען זיין פאָלק! וואָרום ניט דער קעניג און ניט דאָס פאָלק האָבען געוואָלט טויטען ירמיה׳ן בשעת יענער האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז איבער זייער זינד האָט גאָט געוואָרפען אויף זיי אַן אומ׳חן, און אויב זיי וועלען ניט איבערגעבען די שטאָדט, וועלען זיי ווערען אַוועקגעשלעפּט אין געפאַנגענשאַפט. פערקעהרט, איהר — וועגען די פערברעכענס, וואָס איהר טוט אָב אינעווייניג, וויל איך גאָר ניט ריידען, ווייל עס פעהלען מיר ווערטער, בכדי זיי צו שילדערן — זידעלט מיך, וואָס איך וויל אַייך געבען אַ גוטע עצה, און זייט אין כעס דעריבער, וואָס איך דערמאָן אַייך אָן אַייערע זינד, און ווילט אפילו ניט הערען וועגען דעם, וואָס איהר טוט אָב טאָג פאַר טאָג.

איצט אָבער ווייטער! בשעת אַנטיוכוס עפּיפאַנעס, וואָס האָט אָבגעטאָן אָהן אַ שיעור זינד קעגען דער גאָטהייט, האָט בעדריקט די שטאָדט, האָבען אונזערע עלטערן געמאַכט אַן אויספאַל מיט געוועהר אין די הענד, און וואָס איז געשעהן? זיי גופא זיינען אין דער שלאַכט אויסגעהרג׳עט געוואָרען, ירושלים איז געוואָרען אויסגערויבט פון די פיינד, און דער הייליגטום איז געשטאַנען פערוויסט אויף אַ משך פון דריי יאָהר מיט זעקס חדשים.

נאָר צוליעב וואָס זיינען נויטיג נאָך מעהר ביישפּיעלען? בכדי צוצו-קומען צו די רוימער, — ווער איז שולדיג, אַז זיי זיינען אַרויס אין מלחמה קעגען דעם דאָזיגען לאַנד? צי דען איז דאָס ניט געווען די זינדיגקייט פון זיינע איינוואוינער? און וואָס איז געווען די ערשטע סיבה פאַר דער פער-שקלאַפונג פון יהודה? צי-דען איז עס ניט געווען דער בירגערקריג צווישען אונזערע עלטערן, בשעת די משוגעת פון אַריסתובול און הורקנוס און די שנאה, וואָס האָט געהערשט צווישען זיי, האָט געפיהרט פומפּיוס׳ן קיין ירושלים, און גאָט האָט אונטערטעניג געמאַכט פאַר די רוימער דאָס פאָלק, וואָס איז מעהר ניט ראוי געווען צו זיין פריי? נאָך אַ בעלעגערונג פון דריי חדשים האָבען זיי זיך אונטערגעגעבען, הגם זיי האָבען ניט געהאַט געזינדיגט אַזוי שטאַרק, ווי איהר, קעגען געזעץ און קעגען הייליגטום; אויך האָבען זיי געהאַט אַ סך גרעסערע מיטלען, בכדי צו פיהרען דעם קריג.

ווייטער איז אונז גוט בעוואוסט דער סוף פון אַריסתובול׳ס זוהן אַנ-טיגנוס׳ן, וואָס אונטער זיין רעגירונג האָט דער אויבערשטער ווידער אַמאָל געשטראָפט דאָס זינדיגע פאָלק מיט קנעכטונג. אַנטיפּטר׳ס זוהן הורדוס האָט געפיהרט סאָסיוס׳ן, סאָסיוס האָט געבראַכט דעם רוימישען חייל, וואָס האָט אַרומגערינגעלט ירושלים און בעלעגערט זי אין אַ משך פון זעקס חדשים, ביז וואַנען איהרע אַיינוואוינער זיינען בעזיגט געוואָרען אַלס שטראָף פאַר זייערע זינד, און די שטאָדט איז אויסגערויבט געוואָרען.

ווי איהר זעהט, האָט דאָס פאָלק קיין מאָל ניט געקאָנט זיך פערלאָזען

אויף דער קראַפּט פון געוועהר; טאָמער אָבער האָט עס זיך יאָ אַריינגעלאָזען אין אַ מלחמה, האָט עס געמוזט ווערען פערשקלאַפּט. בכן זאָלען די יעניגע, וואָס האַלטען בעזעצט איצט די היילינע שטאָדט, איבערלאָזען די ענטשיידונג גאָט דעם האַר, און זאָלען זיי זיך איינגאַנצען אָבזאָגען פון אָנצווענדען מענשליכע קראַפט, און מעהר ניט בעטען געגאָד ביי שופט אין הימעל.

אָבער וואָסערע מצוות, וואָס דער מחוקק האָט צוגעזאָגט זיין ברכה די יעניגע, וואָס וועלען זיי מקיים זיין, האָט איהר אויסערפילט? אָדער פער-קעהרט, איך מוז פרעגען, וואָס האָט איהר ניט אָבגעטאָן פאַר אַן עבירות, וואָס ער האָט דערפאַר אַרויסגעלייגט אַ קללה? מיט וויפיעל זייט איהר זינ-דיגער, איידער אייערע עלטערן, וואָס זיינען דאָך גיכער געפאַלען, איידער איהר! בעהאַלטענע חטאים, ווי גנבה, רמאות און זנות, זיינען דאָך נאָך אַייך צו ווינציג; אין רויבען און מאָרדען פלייסט איהר זיך אַריבערצושטייגען איינער דעם אַנדערן און איהר מאַכט זיך נייע וועגען פון רשעות, וואָס ביז אַהער איז נאָך קיינער ניט אויף זיי געגאַנגען. דער בית-המקדש איז געוואָרען אַ בעהעלטעניש פאַר אַל דאָס בייז, און די הענד פון די אָרטיגע אַיינוואוינער האָבען מטמא געוועזן דעם פון גאָט געהייליגטען אָרט, וואָס אַפילו די רוימער גיבען איהם אָב כבוד פון דערווייטענס, אַזוי אַז זיי האָבען אונזערע געזעצען צו-ליעב זיך אָבגעזאָגט פון אַ סך זייערע אייגענע מנהגים. און ניט קוקענדיג אויף דאָס אַלץ, וואַרט איהר נאָך אויף הילף פון דעם, קעגען וועמען איהר האָט אַזוי געזינדיגט?

נאָר לאָמיר משער זיין אַפילו, אַז איהר זייט פרומע בעטערס און איהר בעט מיט ריינע הענד די געטליכע הילף, פונקט אַזוי ווי אַנומעלט אונזער קעניג, בשעת ער האָט געבעטען פאַר זיך הילף קעגען אשור, און גאָט האָט אין איין נאַכט פערטיליגט יענעם גרויסען חייל — אָבער צי קאָן מען דען פער-גלייכען די מעשים פון די רוימער מיט די מעשים פון אשור, אַזוי אַז איהר זאָלט קאָנען האָפען פונקט אויף אַזאַ הילף? צי-דען האָט חזקיה ניט אויסגע-קויפט זיך פון די אשורים מיט געלד, אַז זיי זאָלען די שטאָדט פערשוינען? און צי דען האָבען זיי ניט עובר געווען אויף זייער שבועה און זיינען פאָרט געקומען, בכדי צו פערברענען דעם בית-המקדש? די רוימער פאָדערען מעהר ניט די געוויינליכע אָבצאָהלען, וואָס אונזערע עלטערן האָבען שטענדיג גע-צאָהלט זייערע עלטערן. אויב זיי וועלען דורכפיהרען די דאָזיגע פאָדערונג, דעמאָלט וועלען זיי ניט צעשטערען די שטאָדט און ניט אָנריהרען דעם היי-ליגטום. פערקעהרט, זיי מאַכען אונז פריי אַלץ איבעריגע, אונזערע פאַמיליעס, אונזער האָב-און-גוטס און בעשיצען די הייליגע געזעצען.

נאָר על-פי משוגעת קאָן מען זיך ריכטען, אַז גאָט וועט זיך אַרויס-ווייזען בנוגע צו גערעכטע פונקט אַזוי, ווי בנוגע צו אומגערעכטע. סיי-ווי-סיי קאָן ער גיך העלפען, בשעת עס איז נויטיג. די אשורים האָט ער פער-טיליגט אין דער ערשטער נאַכט, וואָס זיי האָבען געלעגערט פאַר ירושלים. דעריבער איז אויב ער וועט האַלטען, אַז אונזער דור איז ראוי צו פרייהייט,

און די רוימער זיינען ווערט אַ שטראָף, דעמאָלט וואָלט ער מסתמא, ווי עס איז געשעהן אַנומעלט מיט די מצרים, אויפ׳ן אָרט אָנגעפאַלען אויף די רוימער, בשעת פומפּיוס האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנד אויפ׳ן פאָלק, שפּעטער בשעת סאָסיוס איז געקומען, בשעת אספּסינוס האָט חרוב געמאַכט גליל, און צולעצט אין די איצטיגע טעג, בשעת טיטוס האָט זיך דערנעהנטערט צום שטאָדט. נאָר (פּומפּיוס) מאַגנוס און סאָסיוס לא די׳ וואָס זיינען ניט געשלאָגען געוואָרען, נאָר זיי האָבען נאָך מנצח געווען און איינגענומען די שטאָדט, און אַספּסינוס האָט אין דער מלחמה קעגען אונז אַוועקגעליינט דעם יסוד פאַר זיין איצטיגער ממשלה.

איידער ער איז געקומען, ווייסט איהר דאָך, איז דער קוואַל שלח און אַלע קוואַלען חוצ׳ן שטאָדט אויסגעטריקענט געוואָרען, אַזוי אַז מען האָט געמוזט קויפען וואַסער אויפ׳ן מאָס. איצט אָבער פליסען די דאָזיגע קוואַלען לטובת אייערע שונאים אין אַזאַ רייכער מאָס, אַז לא די וואָס זיי גיבען צו טרינקען פאַר די רוימער און פאַר זייערע בהמות, נאָר ס׳איז נאָך פאַרהאַן גענוג וואַסער פאַר די גערטענער. איבעריגענס, ווייסט איהר דעם דאָזיגען מופת נאָך פון אַ פריהערדיגער עראָבערונג, דאָס איז אין יענער צייט, בשעת די אויבען דערמאָנטע בבלים האָבען איינגענומען די שטאָדט און פערברענט דעם בית-המקדש, הגם די דעמאָלטיגע איינוואוינער פון ירושלים האָבען ניט בעגאַנגען אַזעלכע זינד, ווי איהר.

דעריבער מוז איך אָננעמען, אַז גאָט איז אַוועק פונ׳ם קדשי-קדשים און שטייהט איצט אויפ׳ן צד פון די, קעגען וועמען איהר קעמפט. ווען אַפילו אַן עהרליכער מענש מוז אַנטלויפען פון אַ זינדיגער שטוב און אָבקעהרען זיך מיט עקעל פון איהרע איינוואוינער, איז גלויבט איהר דען, אַז גאָט וועט נאָך בלייבען נאָהענט צו אייך אין אייער זינדיגען לעבען, ער, וואָס זעהט אַלץ, אַפילו דאָס פערבאָרגענע, און הערט דאָס פערשוויגענע?

און וואָס זוכט מען נאָך ביי אייך צו בעהאַלטען און צו פערשווייגען? ס׳איז דאָך שוין אַלצדינג געקומען צו די אויערן אַפילו פון די פיינד! איהר בעריהמט זיך מיט אייער עובר זיין דעם געזעץ, איטליכער פון אייך פלייסט זיך צו זיין דער ערגסטער, און איהר טראָגט זיך אַרום אָפען מיט אייערע מעשי-נבלה, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען מעשים טובים.

נאָר ניט קוקענדיג אויף דאָס אַלץ, איז פאַר אייך נאָך אָפען אַ וועג צו רעטונג, אויב איהר ווילט נאָר אויף איהם אַרויפגייהן. וואָרום גאָט איז גערן מוחל צו זיין די יעניגע, וואָס זיינען זיך מתודה און טוען תשובה. עקשנים! וואַרפט אַוועק אייער געוועהר, האָט רחמנות אויף אונזער געבאָ. רענשטאָדט, וואָס איז שוין האַלב חרוב, קוקט זיך אום און זעהט, וואָס פאַר אַ פּראַכט, וואָס פאַר אַ שטאָדט, וואָס פאַר בית-המקדש, די מתנות פון וויפיעל פעלקער איהר ווילט פטר׳ן! ווער וואָלט דאָס אַלץ געוואָלט אונטערצינדען, ווער וואָלט עס געוואָלט מאַכען פערשווינדען? וואָס פערדיענט מעהר, איידער

דאָס אַלץ, צו ווערען פערהיט פון פערניכטונג, איהר עקשנים, וואָס איהר האָט ווינציגער געפיהל, איידער שטיינער?!

און אויב איהר קאָנט דאָס ניט פערשטייהן, טאָ האָט כאָטש רחמנות אויף אייערע הויזגעזינדען. זאָל זיך איטליכער פאָרשטעלען זיינע קינדער, זיין ווייב, זיינע עלטערן, וואָס אין גיכען וועט זיי פערטיליגען דער הונגער אָדער שווערד! איך ווייס גוט, אַז ביי מיר זיינען אין סכנה אַ מוטער, אַ ווייב, אַ ניט אונאָנגעזעהענע פאַמיליע, אַ משפחה, וואָס איז בעריהמט פון אַלטע צייטען: אפשר מיינט איהר, אַז פון זייערטוועגען גיב איך אייך אַזאַ עצה? בשום אופן ניט! טויט זיי, נעמט צו מיין אייגענע בלוט אַלס געצאָהלט פאַר אייער רעטונג; וואָרום אויך איך בין גרייט צו שטאַרבען, אויב איך זאָל קאָנען פועל'ן דורך מיין טויט, אַז איהר זאָלט בעסער ווערען!"

# צעהנטער קאַפּיטעל.

אַ סך פון פאָלק פּרובען אריבערגייהען צו די רוימער. — די שרעקליכע לאַגע פון די געבליבענע מחמת דער הונגערסנויט.

1. נאָר ניט קוקענדיג אויף דער דאָזיגער רעדע, וואָס יוסף האָט זי אַרויסגעזאָגט מיט טרערען אין די אויגען, האָבען די מורדים פאָרט ניט געלאָזט זיך בויגען און איבערצייגען זיך, אַז אויב זיי וועלען זיך אונטערגעבען, וועט מיט זיי קיין בייז ניט געשעהן. פערקעהרט, צווישען פאָלק האָט זיך אויפגעהויבען אַ בעוועגונג פאַר'ן אונטערגעבען זיך. עטליכע האָבען פערקויפט זייער אייגענס בזיל הזול, אַנדערע זייערע טייערע חפצים, האָבען איינגעשלונגען די גאָלדענע מטבעות, וואָס זיי האָבען אויסגעלייזט דערפאַר, בכדי די רויבער זאָלען זיי ניט קאָנען געפינען, און זיינען אַריבערגעלאָפען צו די רוימער. דערנאָך, אַז די געלד איז ווידער אַרויס פון זיי, זיינען זיי געוועזען פערזאָרגט מיט די נויטווענדיגסטע הצטרכות'ען. וואָרום טיטוס האָט געלאָזט דעם גרעסטען טייל פון זיי געהן, וואוהין זיי האָבען געוואָלט.

דורכדעם איז נאָך גרעסער געוואָרען דער חשק, אַריבערצוגייהען צום שונא, ווייל מען איז אַנטרונען געוואָרען פון דער שלעכטער לאַגע אין שטאָדט, און דערביי ניט אַריינגעפאַלען אין שקלאַפעריי ביי די רוימער. אָבער יוחנן'ס און שמעון'ס מענשען האָבען געמיהט זיך ניט צו דערלאָזען די אידען אַנטלויפען פון שטאָדט נאָך מעהר, איידער זיי האָבען זיך אַנטקעגענגעשטעלט קעגען די אָנפאַלען מצד די רוימער. אויף ווער'ן ס'איז נאָר געפאַלען אפילו אַ שאָטען פון אַ חשד, דער איז אָהן טענות געטויט געוואָרען.

2. פאַר די רייכע איז צו בלייבען אין שטאָדט געוועזען פונקט אַזוי געפעהרליך, ווי צו אַנטלויפען; וואָרום אונטער'ן אויסרייד, אַז זיי ווילען אַנטלויפען, האָט מען אַ סך אומגעבראַכט דערפאַר, ווייל זיי זיינען געוועזען רייך.

וואָס מעהר דער הונגער האָט זיך געשטאַרקט, אַלץ גרעסער איז גע-

וואָרען די ווילדקייט פון די מורדים, אוןביידע פלאָגען זיינען פון טאָג צו טאָג געוואָרען שרעקליכער. עפענטליך האָט מען אין ערגיץ ניט געקאָנט מעהר זעהן קיין תבואה. דעריבער זיינען די מורדים אַריינגעדרונגען אין די הייזער און האָבען דאָרט געזוכט. אויב מען פלעגט עפּיס געפינען, פלעגט מען פייניגען די איינוואוינער, פאַרוואָס זיי האָבען אָבגעלייקענט, אַז זיי האָבען, אָבער אַז מען פלעגט גאָרנישט ניט געפינען, פלעגט מען זיי פייניגען דערפאַר, וואָס זיי האָבען די תבואה בעהאַלטען. צי עס זיינען פאַרהאַן לעבענס-מיטלען אָדער ניט, האָט מען געדרונגען דערפון, ווי אַזוי עס איז געווען דער קערפּערליכער צושטאַנד פון די אומגליקליכע. ווער עס האָט נאָך אויסגעזעהן אָנגעגעסען, וועגען דעם האָט מען געהאַלטען, אַז ער האָט נאָך שפּייז גענוג. די אויסגעהונגערטע, פערקעהרט, האָט מען געלאָזט רוהיג גייהן זייער וועג, ווייל מען האָט געהאַלטען פאַר איבעריג צו טויטען אַזעלכע מענשען, וואָס וועלען סיי-ווי-סיי אין גיכען שטאַרבען פון הונגער.

אַ סך פון די רייכערע בירגער האָבען בעהאַלטענערהייד אַוועקגעגעבען זייער גאַנצען פערמעגען פאַר איין איינציגע מאָס ווייצען, די אָרימע — פאַר אַ מאָס גערשטען. דערנאָך פלעגען זיי זיך אַיינשליסען אין די בעהאַלטענסטע ווינקעלע פון זייערע הייזער און מחמת גרויס הונגער פלעגען זיי אויפעסען די תבואה אומגעמאָלענערהייד, אָדער אויסבאַקען עס, אַזוי ווי די נויט און דער פחד האָבען זיי עס דערלאָזט. קיין טיש האָט מען אין ערגיץ ניט געדעקט, נאָר מען פלעגט די שפּייז אַרויסשלעפען נאָך רויהערהייד פון פייער און אַיינשלינגען עס מיט בעגיריגקייט.

3. ס'איז געווען אַ רחמנות צו קוקען אויף די שפּייז, און צו בעוויינען איז געווען דער בילד: די שטאַרקערע האָבען געהאַט אַלצדינג אין אַ פולער מאָס, די שוואַכערע האָבען געהאַט נאָר די קלאָג. דער הונגער איז גובר אַלע געפיהלען, נאָר קיין איין געפיהל טויט ער ניט אַזוי פולקום, ווי רחמנות; וואָרום אויף וואָס מען קוקט נאָך געוויהנליך, דערויף קוקט מען לחלוטין ניט בשעת'ן הונגער. בכן האָבען די ווייבער ביי די מאַנסבילען, די קינדער ביי די פאָטערס, און דאָס איז דאָס שרעקליכסטע, מוטערס ביי זייערע פּיצלעך קינדער אַרויסגעריסען פון מויל די שפּייזען; אין דער צייט וואָס די געליעבטע קינדער האָבען געשמאַכט אין זייערע אָרעמס, האָבען די מוטערס זיך ניט אָבגעהאַלטען פון אָבצונעמען ביי זיי דעם לעצטען טראָפּען מילך.

אָבער אַפילו ביי דעם דאָזיגען אופן צו שטילען דעם הונגער האָבען זיי זיך ניט געקאָנט בעהאַלטען פאַר די מורדים, וואָס האָבען אומעטום געשטערט, בכדי אַוועקצורויבען ביי זיי אַפילו דאָס לעצטע. בשעת זיי האָבען געזעהן אַ פערשלאָסענע הויז, איז דאָס געווען פאַר זיי אַ סימן, אַז די איינוואוינער עסען עפּיס. דעמאָלט פלעגען זיי תיכף אַיינברעכען די טירען, אַריינפאַלען און אַרויסרייסען ביי זיי די עסענס כמעט פון מויל אַרויס. אַלטע לייט, וואָס האָבען זייער שטיקעל ברויט געהאַלטען פעסט מיט די צייהן, האָט מען געשלאָגען, ווייבער פלעגט מען אַוועקשלעפען ביי די האָר, ווען זיי האָ-

בען געטראַכט עפּיס וואָס צו פערבעהאַלטען, וואָס זיי האָבען געהאַט אין האַוז. מען האָט ניט געהאַט קיין רחמנות ניט אויף יונג און ניט אויף אַלט; אַפּילו גאָר קליינע קינדער, וואָס האָבען געהאַלטען פעסט זייערע ביסענס, האָט מען געחאַפּט און געשליידערט אָן דר'ערד. אויב עמיצער פלעגט איינ־שלינגען עפּיס, איידער די רויבער האָבען געקאָנט ביי איהם אָבנעמען, דע־מאָלט פלעגען זיי בעגייהן זיך מיט איהם נאָך אַכזריות'דיגער, פונקט אַזוי ווי ער וואָלט זיי געהאַט אָבגעטאָן עפּיס אַן עולה. זיי האָבען אויסגעטראַכט די מורא'דיגסטע ענויים, בכדי אויסצוזוכען שפּייז־מיטלען. שוידערהאַפטיגע יסורים האָבען געמוזט אַ סך אַריבערטראָגען, נאָר בכדי זיי זאָלען אויסזאָגען, וואו עס געפינט זיך איין לעביל ברויט אָדער בעהאַלטענע מעהל. די פּייניגער גופא האָבען לחלוטין קיין דוחק ניט געפיהלט — אודאי וואָלט זייער טועכץ געווען ווינציגער אכזריות'דיג, אויב די נויט וואָלט זיי געהאַט געטריבען דערצו — נאָר זיי האָבען קיין אַנדער צוועק ניט געהאַט, ווי נאָר צו זעטיגען זייער גרימצאָרן און צו פערזאָרגען זיך מיט לעבענס־מיטלען פאַר די קומענדיגע טעג.

אויב זיי פלעגען טרעפען עמיצען, וואָס האָט זיך ביי־נאַכט אַרויסגע־גנב'עט ניט ווייט פון די רוימישע פּאָסטענס, בכדי צו קלייבען ווילדע גרינסען און קרייטיכצער, דעמאָלט פלעגען זיי אָבנעמען ביי איהם, וואָס האָט גערע־כענט, אַז ער איז שוין אַנטרונען געוואָרען צו די פיינד, אַלצדינג וואָס ער האָט צונויפגעקליבען. וויפיעל ער זאָל זיך ניט בעטען ביי זיי און בעשווערע זיי ביי גאָטס הייליגען נאָמען, זיי זאָלען איהם לאָזען כאָטש אַ טייל, האָבען זיי איהם אַפּילו דאָס מינדסטע ניט פערגונען. נאָך מעהר: דער בערויבטער האָט זיך געקאָנט שעצען גליקליך, אויב מען האָט איהם חוץ דעם ניט דער־הרג'עט.

4. אַזעלכע ענויים האָבען די אָרימע מענשען געמוזט אויסשטייהן מצד די חברים פון די טיראַנען. די אָנגעזעהענע און די רייכע ווידער האָט מען געבראַכט צו די טיראַנען גופא און מען פלעגט זיי טויטען, צום טייל מחמת פאַלשע בעשולדיגונגען, אַז זיי בונטעווען אין דער שטיל, טיילס אונטער'ן אויסרייד, אַז זיי ווילען איבערגעבען די שטאָדט צו די רוימער. געוויהנטליך פלעגט מען לאָזען אַרויסטרעטען אַ מוסר, וואָס פלעגט זיי פאַלש בעשולדיגען, אַז זיי האָבען געהאַט בדעה אַריבערצוגייהן צום שונא. דערנאָך, אַז שמעון פלעגט האָבען אויסגעפּלינדערט דעם בעשולדיגטען, פלעגט ער איהם אָבשיקען צו יוחנן, יוחנן ווידער פלעגט אָבשיקען צו שמעונ'ען. אַזוי האָבען זיי אינ־איינעם געטרונקען די בלוט פון די בירגער און האָבען זיך געטיילט די טויטע קערפּערס פון די אומגליקליכע. בנוגע צו דער אויבערהערשאַפט האָבען זיי זיך געקריגט צווישען זיך, אָבער אין דער אויספיהרונג פון מעשי־נבלה זיינען זיי געווען יד אחת.

ווער עס האָט ניט געלאָזט דעם אַנדערן נעמען אַן אַנטייל אין דער פּייניגונג פון די בירגער, דער האָט געהייסען אַן עוכר ישראל, און דער וואָס

האָט ניט געטאָרט נעמען קיין אָנטייל, האָט בעדויערט דאָס, וואָס ער קאָן ניט נעמען קיין אָנטייל אין די אכזריות׳דיגע מעשים, פונקט אַזוי ווי מען וואָלט ביי זיי געהאַט אָבגענומען אַ טייערן געווינס.

5. צו שילדערן די נבלות פון די טיראַנען בפרטיות, איז ניט מעגליך, דעריבער מוז מען זאָגען בקיצור: קיין שטאָדט האָט אַזעלכעס ניט געהאַט אויסצושטייהן, און קיין דור, זינט די וועלט שטייהט, איז ניט געווען ערפינדערישער אין מעשי-רשעות. צולעצט האָבען זיי נאָך געזידעלט דאָס אידישע פאָלק, בכדי זיך אַרויסצוווייזען פאַר קלענערע רשעים בנוגע צו פרעמדע. דערמיט האָבען זיי אַליין מודה געווען, און דאָס איז טאַקע געווען אמת, אַז זיי זיינען שקלאַפען, אַן ערב-רב און די ערגסטע שמוץ פון פאָלק. זיי האָבען דאָס חרוב געמאַכט די שטאָדט: זיי האָבען גענויטיגט די רוימער, קעגען זייער ווילען, אָבצוהאַלטען דעם טרויעריגען נצחון און האָבען אַזוי צוזאָגען אַריינגעשלעפט אין בית-המקדש דעם פייער, וואָס האָט געקווייקעלט. אָהן ווייהטאָג, אָהן טרערען האָבען, זיי געזעהן פון דער אויבערשטער שטאָדט, ווי ער איז אַוועק מיט׳ן פייער. ביי די רוימער, פערקעהרט, האָבען זיך יאָ בעוויזען יענע געפיהלען. נאָר מיר וועלען נאָך ווייטער זיך אומקעהרען דערצו ביי דער ערצייהלונג פון די געשעהענישען גופא.

# עלפטער קאפיטעל.

אַ סך אידען ווערען געקרייציגט פאַר דער מויער. -- אנטיוכוס עפיפאנעס פון קאָמאגענע. -- צעשטערונג פון די רוימישע בעלעגערונגס-בנינים דורך די בעלעגערטע.

1. דערווייל האָט טיטוס בעשלאָסען וואָס גיכער אויסצובויען די וואַלען, הגם זיינע מענשען האָבען געהאַט אַ סך צוליידען מצד די אידען, וואָס זיינען געשטאַנען אויף די מויערן. צוגלייך האָט ער געשיקט רייטער-אָבטיילונגען, בכדי צו לויערן אויף די אידען, וואָס האָבען זיך אַראָבגעלאָזט אין די טאָלען, בכדי צו זוכען שפייז. צווישען זיי האָבען זיך געפונען קריגספייהיגע מענשען, וואָס פאַר זיי האָט דאָס גערויבטע מעהר ניט געקלעקט; נאָר על פי רוב זיינען דאָס געווען אָרימע לייט פון די נידעריגע פאָלקסשיכטען, וואָס זיי האָט נאָר אָבגעהאַלטען די דאגה וועגען זייערע קרובים פון איבערצוגייהן צו די רוימער.

וואָרום אויב זיי וואָלטען געוואָלט אַנטלויפען מיט ווייבער און קינדער, דעמאָלט וואָלטען זיי קיין אויסזיכט ניט געהאַט זיך אַרויסצומאַכען פון די מורדים, וואָס האָבען געהיט די אַרויסגאַנגען. נאָר צו לאָזען זייערע משפחות אינ׳ם רשות פון די רויבער, האָבען זיי ניט געקאָנט ביי זיך בעשליסען, ווייל מען וואָלט זיי מסתמא געטויט דערפאַר, וואָס זיי, די מענער, זיינען אַנטלאָפען. דער הונגער האָט זיי אַיינגעגעבען מוט צו פערלאָזען די שטאָדט. אויב זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אומבעמערקטערהייד, דעמאָלט איז נאָר געשטאַנען פאַר זיי די סכנה, אריינצופאַלען אין די הענד פון די פיינד.

בשעת מען פלעגט זיי חאפּען, פלעגען זיי ניט ווילענדיג זיך אַנטקעגענ־שטעלען אויס מורא, מען זאָל זיי ניט טויטען. אָבער נאָכדעם ווי זיי האָבען שוין איין מאָל אַרויסגעוויזען ווידערשפּעניגקייט, איז עס געווען צושפּעט צו בעטען גענאָד. דעריבער האָבען זיי געמוזט ליידען כל ענויים קשים און צו־לעצט זיינען זיי פאַר דער מויער געקרייציגט געוואָרען. טיטוס האָט אַפילו געהאַט רחמנות אויף די אומגליקליכע, בפרט נאָך, אַז איטליכען טאָג פלעגט מען ברייגנען 500 און אָפטמאָלס נאָך מעהר געפאַנגענע. נאָר פון דער אַנדער זייט האָט ער עס געהאַלטען פאַר געפעהרליך אַרויסצולאָזען פריי די דאָזיגע אידען, וואָס מען האָט זיי געכאַפּט איבערגעוואַלד. וואָרום אויב מען וואָלט וועלען לאָזען היטען אַזאַ מאַסע, וואָלטען זיי גאָר גרינג געוואָרען די שומרים פון זייערע שומרים. נאָר די הויפּט־סיבה, פאַרוואָס ער האָט געלאָזט טויטען די געפאַנגענע, איז געווען די האָפנונג, אַז טאָמער וועט דער אָנבליק דער־פון בעוועגען די בעלעגערטע נאָכצוגעבען, מחמת זיי האָבען זיך געדאַרפט ריכטען אויפ׳ן זעלביגען סוף, אויב זיי וועלען זיך ניט אונטערגעבען.

אין זייער מורא׳דיגער ערביטערונג האָבען די סאָלדאַטען אָנגענאָגעלט די געפאַנגענע צום שפּאָט אין פערשיידענע קערפּערלאַגען, און היות ווי זיי זיינען געווען אַ סך, בכן האָט באַלד אויסגעפעהלט אָרט פאַר די קרייצען, און קרייצען פאַר די גופים.

2. נאָר אויף די מורדים האָבען די דאָזיגע שודערהאַפטיגע סצענעס ניט געווירקט, אַז זיי זאָלען זיך איבערבייטען. פערקעהרט, זיי האָבען עס אויסגענוצט, בכדי איבערצואַנדערשען די שטימונג ביים פאָלק. זיי האָבען אַרויפגעשלעפּט אויפ׳ן מויער די קרובים פון די איבערלויפער און די בירגער, וואָס האָבען געפאָדערט, מען זאָל זיך אונטערגעבען, און האָבען זיי בעוויזען, וואָס עס האָבען אויסצושטייהן די יעניגע, וואָס זיינען אַנטלאָפען געוואָרען צום שונא; צוגלייך האָבען זיי בעהויפּטעט, אַז מיט די געקרייציגטע איז מען זיך בעגאַנגען אַזוי, הגם זיי זיינען געקומען בעטען שוץ, און ניט ווייל זיי זיינען קריגס־געפאַנגענע.

דאָס האָט אַ סך, וואָס האָבען זיך אַרומגעטראָגען מיט׳ן געדאַנק צו אַנטלויפען, צוריקגעהאַלטען אין שטאָדט, ביז וואַנען עס איז בעוואוסט גע־וואָרען דער אמת. נאָר עטליכע זיינען פונדעסטוועגען תיכף אַנטלאָפען גע־וואָרען, הגם זיי האָבען זיך געריכט אויף אַ זיכערן טויט; וואָרום אנשטאָט צו שטאַרבען פון הונגער, האָבען זיי שוין בעסער געוואָלט אומקומען דורכ׳ן שונא׳ס האַנד.

ביי אַ סך געפאַנגענע האָט טיטוס געהייסען אָבהאַקען די הענד, און בכדי מען זאָל זיי ניט האַלטען פאַר איבערלויפער און בכדי זייער טרויערי־גער צושטאַנד זאָל זיי פערשאַפען צוטרוי, האָט ער זיי צוריק אָבגעשיקט צו שמעונ׳ען און יוחנן און האָט געלאָזט אָנזאָגען דיביידע טיראַנען, אַז זיי זאָלען דאָך סוף־כל־סוף זיך איינהאַלטען און ניט צווינגען איהם חרוב צו מאַכען די

שטאָדט, נאָר זיי זאָלען דעם לעצטען אויגענבליק זיך נאָך בערעכענען און ראַטעווען ניט בלויז זייער אייגען לעבען, נאָר אויך זייער שיינע געבאָרענ-שטאָדט און דעם בית-המקדש, וואָס פון איצט אָן און ווייטער וועט ער קיינעם ניט געהערען, חוץ זיי.

דערווייל אָבער איז ער אַרומגעריטען די וואַלען און האָט אונטערגע-טריבען די אַרבייטער ביי די בעפעסטיגונגען, בכדי צו בעווייזען, אַז זיינע סטראַשונקעס וועלען טאַקע באַלד אויסגעפיהרט ווערען.

נאָר דער ענטפער פון די אידען, וואָס האָבען זיך געפונען אויפ'ן מויער, איז בעשטאַנען דערין, וואָס זיי האָבען געזידעלט דעם קיסר און זיין פאָטער. דער טויט, האָבען זיי אויסגערופען, וואָס זיי קוקען אויף איהם נישט, איז זיי ליעבער, איידער קנעכטשאַפט. זיי וועלען די רוימער אָנטון שאָדען, וויפיעל זיי וועלען קאָנען, כל זמן עס האַלט זיך נאָך ביי זיי די נשמה. וועגען דער געבאָרענשטאָדט אַרט זיי לחלוטין ניט, ווייל, ווי טיטוס זאָגט, וועט זי דאָך חרוב ווערען, און גאָט האָט נאָך אַ בעסערן בית-המקדש, ווי אָט דער — דאָס איז די וועלט. נאָר אויך דער בית-המקדש אין ירושלים וועט געראַטעוועט ווערען דורך דעם, וועמענס משכן ער איז. זיינענדיג פערבונדען מיט איהם, לאַכען זיי זיך אויס פון אַלע סטראַשונקעס, וואָס ווערען ניט פערווירקליכט. אַזעלכע מיני רייד, אויסגעמישט מיט זידלערייען, האָבען זיי צוגערופען דעם קיסר.

3. אין יענער צייט איז אויך אַנטיוכוס עפיפאַנעס אָנגעקומען פאַר ירושלים בראש פון אַ בעדייטענדער אָבטיילונג שווער-בעוואָפענטע און מיט אַ לייבוואַך, וואָס האָט געהייסען די מאַקעדאָנישע אָבטיילונג. דאָס זיינען גע-ווען מענשען פון אַ גלייכען עלטער, שלאַנק געוואַקסען, כמעט נאָך אינגלעך, וואָס זיינען געווען בעוואָפענט און אויסגעלערנט אויפ'ן מאַקעדאָנישען שטיי-גער, און דערפון טאַקע האָט זיך גענומען זייער נאָמען.

פון אַלע מלכים, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דער רוימישער אויי-בערהערשאַפט, איז דער קאָמאַגענער געווען דער גליקליכסטער, איידער זיין מזל האָט זיך אומגעביטען. אויך בנוגע צו איהם האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אמת דער אַלטער גלייכוואָרט, אַז מען טאָר קיינעם ניט אָנרופען גליקליך ביז'ן טויט.

זיין זוהן, וואָס איז געקומען דעמאָלט אין אַזאַ צייט, בשעת זיין פאָטער איז נאָך געשטאַנען אויפ'ן שפּיץ פון זיין גליק, האָט ער אויסגעדריקט זיין פערוואונדערונג דעריבער, וואָס די רוימער קווייקלען נאָך צו מאַכען אַ שטור-רעם אויפ'ן מויער. ער גופא איז געווען אַ געשיקטער קריגסמאַן, בטבע אַ בעל-העזה, און האָט געהאַט אַזאַ מורא'דיגע קערפּער-קראַפט, אַז עס האָט זעלטען וועז געטראָפען, אַז זיינע דרייסטע אונטערנעמונגען זאָלען זיך איהם ניט איינ-געבען. טיטוס האָט נאָר אַ שמייכעל געטאָן און געענטפערט: „אונזער אויפגאַבע זאָל זיין די אייעריגע".

דעמאָלט האָט אַנטיוכוס, ווי ער איז אַזוי געשטאַנען, זיך אַ לאָז געטאָן צו דער מויער. ער פאַר זיך האָט טאַקע מחמת זיין שטאַרקייט און פלינקייט געקאָנט אויסמיידען די פיילען פון די אידען, אין דער צייט וואָס זייערע פיילען האָבען שטענדיג געטראָפען; נאָר זיינע יונגע קריגסלייט זיינען אויסגעהרג׳עט געוואָרען כמעט אַלע, און ס׳איז געבליבען פון זיי נאָר אַ קליינע הייפעל. די דאָזיגע ווינציגע האָבען זיך געפלייסט וואָס לייגגער אויסצוהאַלטען דעם קאַמף, בכדי צו בלייבען געטריי זייער צוזאָג, נאָר אַז זיי זיינען עטליכע מאָל פערוואונדעט געוואָרען, האָבען זיי זיך געמוזט צוריקציהען. זיי האָבען דערפון זיך אַראָבגענומען אַ מוסר, אַז אַפילו געבאָרענע מאַקעדאָניער, אויב זיי ווילען זיגען, מוזען זיי אויך האָבען אַלכסנדר׳ס מזל.

4. מיט מיה און נאָך אַן אומאויפהערליכער אַרבייט, וואָס האָט געדויערט 17 טעג, האָבען די רוימער 29 טעג אין חודש אייר געענדיגט בויען די וואַלען, וואָס זיי האָבען אָנגעהויבען 12 טעג אינ׳ם זעלביגען חודש. זיי האָבען געהאַט אויסגעבויט פיער הויפט-וואַלען. איינעם, קעגענאיבער אַנטאָניאַ, האָט דער פינפטער לעגיאָן אויסגעבויט אין מיטען דעם אַזוי אָנגערופענעם פויגעל-טייך; דעם צווייטען האָט דער צוועלפטער לעגיאָן אויסגעבויט אַן ערך מיט 20 איילען ווייטער. דער צעהנטער לעגיאָן האָט אויסגעבויט זיין וואַל אין אַ בעדייטענדען אָבשטאַנד פון די דאָזיגע וואַלען אין צפון-זייט ביים אַזוי אָנגערופענעם מאַנדעל-טייך. מיט דרייסיג איילען ווייטער, ביי דער מצבה פון יוחנן כהן-גדול, האָבען זיך געפונען די בעפעסטיגונגען פונ׳ם פופצעהנטען לעגיאָן. מען האָט שוין געבראַכט די מאַשינעס.

נאָר דערווייל האָט יוחנן געלאָזט אויסגראָבען אַן אונטערערדישען גאַנג אונטער׳ן פלאַץ צווישען אַנטאָניאַ און די וואַלען און אונטערשטיצען איהם און אויך די בעפעסטיגונגען דורך באַלקענס. דערנאָך האָט ער געבראַכט האָלץ, וואָס איז געווען אָנגעשמירט מיט סמאָלע און אַספאַלט, און האָט עס געלאָזט אָנצינדען. און אַז די באַלקענס זיינען פון אונטען אַרויף פערברענט געוואָרען, האָט דער גאַנג זיך אַראָבגעלאָזט, און די בעפעסטיגונגען זיינען איינגעפאַלען.

צוערשט האָט זיך אויפגעהויבען אַ געדיכטער רויך, אויסגעמישט מיט שטויב, ווייל דער פייער איז געווען האַלב פערשטיקט אונטער׳ן הויפען ערד, נאָר באַלד האָט זיך אָנגעהאַפט די איינגעפאַלענע האָלץ, און די פלאַם האָט אויסגעבראָכען.

די דאָזיגע אומגעריכטע געשעהעניש האָט די רוימער אַריינגעוואָרפען אין אַ שרעק, און די קונציגקייט, מיט וועלכער די המצאה איז אויסגעטראַכט געוואָרען, האָט לחלוטין אָבגענומען ביי זיי דעם מוט. זיי האָבען שוין געהאַט גערעכענט, אַז דער נצחון איז נאָהענט; נאָר דאָס, וואָס איז אָקאָרשט געשעהן, האָט בעדייטענד אָבגעקיהלט זייערע האָפענונגען אויף דער צוקונפט. צו לעשען דעם פייער האָבען זיי ניט געהאַלטען פאַר צוועקמעסיג; וואָרום אויב אַפילו

זיי וואָלטען איהם אָבגעלאָשען, זיינען דאָך אָבער די דאַמבעס פאָרט גע-בליבען אַיינגעזונקען.

5. אין צוויי טעג אַרום איז שמעון מיט זיינע מענשען אָנגעפאַלען אויף אויף די אַנדערע וואַלען, וואו די רוימער האָבען שוין געהאַט אַוועקגעשטעלט די שטורעמבעק און האָבען געמאַכט ציטערן די מויער. אַ געוויסער טיפּתּאי פון דער שטאָדט גאַרזיס אין גליל, ווייטער מעגאַסאַר, מרים׳ס אַ קאָמערדיענער, און אַן אַדיאַבענער [פון הדייב], אַ זוהן פון נבות, וואָס נאָך זיין קערפּערלי-כען מום האָט ער געהאַט דעם צונאָמען חגירא, — ד. ה. לאָהמער — האָבען געחאַפּט ברענענדיגע שטולקאַרצען און האָבען זיך אַ לאָז געטאָן צו די מאַ-שינעס. דרייסטערע מענשען פאַר זיי זיינען אין שטאָדט ניט געווען אין משך פון דער מלחמה, וואָרום פונקט אַזוי ווי זיי וואָלטען געגאַנגען אַנטקעגען זייערע חברים און ניט אַנטקעגען אַ געדיכטער מאַסע פון שונאים, אַזוי האָ-בען זיי ניט אַרויסגעוויזען ניט קיין פּחד און ניט קיין קוויינקלעניש; אויך האָבען זיי זיך ניט אָבגעזאָגט פון זייער פּלאַן, נאָר צווישען די שונאים זיינען זיי דורכגעדרונגען, בכדי אונטערצוצינדען די מאַשינעס. אַ האָגעל פון פיילען האָט זיי בעגעגענט, און פון אַלע זייטען איז מען אָנגעפאַלען אויף זיי מיט שווערדען. פונדעסטוועגען זיינען זיי אָבגעטראָטען פון זייער מסוכנ׳-דיגער פּאָזיציע ניט פריהער, איידער דער פייער האָט געהאַט אָנגעחאַפּט די מאַשינעס.

און אַז דער פייער האָט זיך אַרויסגעריסען, זיינען די רוימער פון די איינצעלנע לאַגערן געקומען צו לויפען צו-הילף. די אידען אָבער האָבען זיי אָבגעטריבען פון מויער און האָבען זיך אַריינגעלאָזען אין אַ געשלעג מיט די, וואָס האָבען געוואָלט לעשען דעם פייער. דערביי האָבען זיי לחלוטין ניט גע-שוינט זייער אייגען לעבען. די געפלאָכטענע דעכער איבער די שטורעמבעק האָבען שוין געברענט, און די רוימער האָבען די מאַשינעס אַרויסגעשלעפּט פון פייער. דעמאָלט האָבען די אידען אין מיטען די פלאַמען געזוכט צו פער-חאַפּען זיי און האָבען זיי אַפילו דעמאָלט ניט לויז געלאָזען, בשעת זיי האָ-בען געמוזט אָנחאַפּען אַ גליהענדיגען אייזען. פון די מאַשינעס איז דער פייער אַריבערגעלאָפען אויף די וואַלען, איידער די מענשען, וואָס זיינען גע-קומען צו הילף, האָבען נאָך בעוויזען דאָס ניט צו דערלאָזען. צולעצט, אַז אַרום און אַרום האָט געבושעוועט דער פייער, האָבען די רוימער זיך אָבגע-זאָגט פון דער האָפענונג צו ראַטעווען די בעפעסטיגונגען און האָבען זיך צוריקגעצויגען אין לאַגער.

די אידען אָבער, וואָס זיינען אַלץ מעהר פערשטאַרקט געוואָרען דורך נייע מענשען פון שטאָדט און וואָס מחמת זייער הצלחה זיינען זיי דרייסט געוואָרען, האָבען זיך אַ לאָז געטאָן פאָראויס מיט אַן אימפּעט, וואָס האָט קיין גרעניצען ניט געהאַט, און זיינען באַלד אָנגעקומען ביי די בעפעסטיגונגען פונ׳ם לאַגער, וואו זיי האָבען זיך אַריינגעלאָזט אין אַ געשלעג מיט די וועכטערס.

פאַר׳ן לאַגער שטייהט ביי די רוימער אַ וועכטער-פּאָסטען, וואָס ווערט אומגעביטען רעגעלמעסיג, און ס׳איז פאַרהאַן ביי זיי אַ שטרייגגער געזעץ, אַז דער וואָס פערלאָזט איבער וואָסער עס איז טעם זיין פּאָסטען, ווערט בעשטראָפט מיט טויט.

די וועכטערס, וואָס האָבען בעסער געוואָלט שטאַרבען אַלס מוטיגע סאָלדאַטען, איידער געטויט ווערען אַלס פערברעכער, האָבען שטאַנדהאַפטיג זיך אַנטקעגענגעשטעלט. אַ סך אָבער פון די, וואָס זיינען אַנטלאָפען געוואָרען, האָבען זיך פערשעמט, בשעת זיי האָבען דערזעהן, אַז זייערע חברים געפינען זיך אין אַ נויט, און האָבען זיך ווידער אומגעקעהרט. אויף די וואַלען פונ׳ם לאַגער האָבען זיי געשווינד אַרויפגעשטעלט סקאָרפּיאָנען און האָבען דערמיט אָבגעטריבען די מאַסען, וואָס זיינען אַרויסגעדרונגען פון שטאָדט אַרויס און וואָס האָבען קיין שום מיטלען ניט געהאַט אָנגענומען, בכדי זיך צו שיצען. ווארום די אידען האָבען זיך אַריינגעלאָזען אין אַ געשלעג מיט איטליכען, וואָס איז זיי געקומען אין וועג, און פלעגען ניט זעלטען אומוואַרפען די פיינד מיט דער שווערקייט פון זייערע אייגענע גופים, וואָס דורך זייער אומפּאַר-זיכטיגקייט זיינען זיי אַרויפגעלאָפען מיט זיי אויף זייערע שפּיזען. בכן האָבען זיי גובר געווען די רוימער ווינציגער דורך אַ גוט אַרומגעקלערטען פּלאַן, איידער דורך אַ דרייסטען אַרויסטרעטען, און די רוימער האָבען אויסגעמידען די אידען מעהר דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען אַזוי משוגע דרייסט, איידער דערפאַר, ווייל זיי האָבען געקאָנט זיי אָנטון שאָדען.

6. נאָר באַלד איז דער קיסר, וואָס איז געווען ביי אַנטאָניאַ, בכדי דאָרט אויסצוזוכען אַן אָרט פאַר אַנדערע דאַמבעס, אָנגעקומען ביי די זייניגע און האָט זיי געמאַכט פאָרוואורפען דערפאַר, וואָס, האָבענדיג פערנומען דעם שונא׳ס מויערן, האָבען זיי אַוועקגעלאָזט זייערע אייגענע בעפעסטיגונגען און מוזען איצט שפּילען די ראָל פון בעלעגערטע, נאָכדעם ווי זיי האָבען אַרויס-געלאָזט די אידען ווי פון אַ תפיסה קעגען זיך.

דערנאָך איז ער מיט זיינע אויסגעקליבענע סאָלדאַטען אָנגעפאַלען אויף די פיינד פון פלאַנג. הגם די אידען זיינען שוין שטאַרק בעדריקט געווען פון פראָנט, פונדעסטוועגען האָבען זיי זיך אומגעקעהרט קעגען טיטוס׳ן און האָבען זיך מוטיג פערטיידיגט. באַלד איז געוואָרען אַ גרויסע צעטומלעניש אין די שלאַכט-רייהען תוך ביידע צדדים: דער שטויב האָט געבלענדט די אויגען, דער געשריי האָט פערטויבט די אויערן. אין אויף ביידע זייטען האָט מען ניט געקאָנט מעהר אונטערשיידען צווישען פיינד און פריינד. נאָר אין דער צייט וואָס די אידען האָבען זיך איצט אַנטקעגענגעשטעלט ניט אַזוי אינ׳ס געפיהל פון זייער שטאַרקייט, ווי מחמת יאוש, האָט די רוימער אונטערגע-טריבען דער געדאַנק וועגען רוהם און כבוד אין קאַמף און אויך די בושה פאַר׳ן קיסר, וואָס האָט פאַר אַלעמען זיך איינגעשטעלט אין סכנה. אין זייער גרויסער ערביטערונג וואָלטען זיי, דוכט זיך, אויסגע׳הרג׳עט די גאַנצע כח ה

אידען, אויב יענע וואָלטען זיך ניט געהאַט צוריקגעצויגען אין שטאָדט, ניט אָבוואַרטענדיג אויפ'ן סוף פון דער שלאַכט.

איבעריגענס האָט דער אַיינפאַלען פון די דאַמבעס אינגאַנצען אָבגעּ נומען דעם מוט ביי די רוימער, ווייל זיי האָבען געזעהן, ווי די אַרבייט פון אַ סך טעג איז צו־נישט געוואָרען אין איין שעה, און אַ סך האָבען זיך מיאַש געווען פון אַיינצונעמען די שטאָדט מיט געוויינליכע מאַשינעס.

# צוועלפטער קאפיטעל.

מיטוס רינגעלט ארום ירושלים מיט אַ מויער. — ווייטערדיגע שילדערונג פון דער הונגערס־נויט.

1. בכן האָט טיטוס אָבגעהאַלטען אַ קריגס־ראַט. די היציגערע אָפיצירען האָבען אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז מען זאָל פּרובען מיט'ן גאַנצען חייל צו מאַכען אויף איין מאָל אַ שטורעם אויף די מויערן. וואָרום ביז איצט האָבען די אידען זיך געשלאָגען נאָר מיט איינצעלנע טיילען פונ'ם חייל; אָבער אַז מען וועט אַרויסטרעטען קעגען זיי מיט דער גאַנצער מאַסע, וועלען זיי ניט קאָנען אויסהאַלטען דעם דראַנג, ווייל דער האָגעל פון די פיילען וועט זיי אינגאַנצען פערניכטען.

פערקעהרט פון די רוהיגערע האָבען עטליכע געגעבען אַנ'עצה, מען זאָל ווידער אויסבויען דאַמבעס, אַנדערע ווידער האָבען געהאַלטען, אַז מען בעדאַרף פיהרען ווייטער די בעלעגערונג אָהן אַזעלכע וואַלען, און מעהר ניט פערצאַמען דער בעפעלקערונג אַלע וועגען, אַז זי זאָל ניט קאָנען אַרויס פון שטאָדט, און ניט דערלאָזען אַריינפיהרען קיין לעבענסמיטלען: בכן וועט שוין דער הונגער פאַרטיג ווערען מיט די פיינד, און מען וועט גאָרניט בעדאַרפען זיך מיט זיי שלאָגען; וואָרום קעגען יאוש קאָן מען ניט קעמפען. די אידען ווילען דאָך פאַלען דורכ'ן שווערד; אָבער אויב דאָס וועט ניט געשעהן, וועלען זיי האָבען אַ שרעקליכען סוף.

טיטוס גופא האָט עס ניט געהאַלטען פאַר פאַסיג צו ליגען מיט אַזאַ גרויסען חייל און גאָרנישט ניט צו טון, פון דער אַנדער זייט אָבער האָט ער גערעכענט, אַז עס איז ניט נויטיג צו קעמפען קעגען מענשען, וואָס גרייטען צו פאַר זיך אַליין זייער אונטערגאַנג. אויפצובויען נייע וואַלען, האָט ער דערקלערט, איז אַ שווערע שטיקעל אַרבייט מחמת דוחק אין געהילץ, פערשפּאַּ רען אַלע אַרויסגאַנגען איז נאָך שווערער. וואָרום אַרומצורינגלען די שטאָדט אינגאַנצען מיט'ן חייל איז ניט גרינג פון וועגען דער גרייס פון ירושלים און פון וועגען די אומגינסטיגע תנאים פון דער געגענד, אויך איז עס געפעהרליך איבער די אויספאַלען מצד די אידען. איבעריגענס, אויב מען זאָל אַפילו היטען אַלע בעוואוסטע אַרויסגאַנגען, וועלען דאָך די בעלעגערטע אַרויסגעּ

פינען בעהאַלטענע, ווייל די נויט וועט זיי שטופען דערצו און ווייל זיי קע־נען גוט די געגענד. און אַז מען וועט אויף בעהאַלטענע וועגען אַריינפיהרען פּראָוויאַנט אין שטאָדט, דעמאָלט מוז די בעלעגערונג זיך בעדייטענד פער־ציהען, און ער האָט מורא, אַז וואָס מעהר צייט עס וועט פערגייהן, אַלץ וויניגער רוהם וועט ברייננגען דער נצחון. אין משך פון אַ לאַנגער צייט קאָן מען אודאי אַלצדינג דערפיהרען ביז׳ן סוף, אָבער דער רוהם איז דאָך אין עצם בעדינגט דורך אַ גיכען אויפטון. בכן איז בכדי צו פעראייניגען גיכקייט מיט זיכערקייט, מוז מען די גאַנצע שטאָדט אַרומרינגלען מיט אַ מויער; נאָר דער־מיט איז מען אין שטאַנד צו פערשפּאַרען אַלע אויסוועגען. דעמאָלט וועלען די אידען מוזען אָדער מחמת יאוש איבערגעבען ירושלים, אָדער זיי וועלען פאַלען פאַר אַ קרבן פון דער הונגערס-נויט, און דערביי וועלען די רוימער אפילו קיין אבר ניט דאַרפען ריהרען. ס׳פערשטייהט זיך, אַז אויך אין דעם פאַל וועט ער ניט זיצען צונויפגעלייגט די הענד, נאָר ער וועט זיך נעמען פ ר׳ן בויען נייע וואַלען, ווייל דעמאָלט בעדאַרף ער זיך ריכטען אויף אַ שוואַ־כ ר׳ן ווידערשטאַנד. אָבער אויב עמיצער האַלט, אַז די דאָזיגע אַרבייט איז צו גרויס און צו שווער אויסצופיהרען, דעמאָלט זאָל ער זיך בעטראַכטען, אַז קליינע אונטערנעמונגען פּאַסען ניט פאַר די רוימער, און אויפטון עפּיס ב ּדייטענדערעס איז פאַר קיינעם ניט מעגליך אָהן אָנשטריינגונג, חוץ פאַר דער גאָטהייט.

2. מיט אַזעלכע סברות האָט ער איבערצייגט די אָפיצירען און האָט באַלד אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל אָנצוווייזען די טיילען פונ׳ם חייל זייער אַר־בייט. די סאָלדאַטען האָט אָנגעחאַפּט אַ גרויסער חשק צו דער אַרבייט, און נאָכדעם ווי עס זיינען אַיינגעטיילט געוואָרען די איינצעלנע שטרעקעס פון דער מויער, האָבען ניט נאָר די לעגיאָנען געפלייסט זיך אַריבערצוּיאָגען איינער דעם אַנדערן, נאָר אויך די קאָהאָרטעס אין איין און דעם זעלביגען לעגיאָן. דער פשוט׳ער סאָלדאַט האָט געזוכט געפעלען צו ווערען דעם דע־קוריאָן 1), דער דעקוריאָן דעם צענטוריאָן 2), און יענער דעם טריבון; די טריבונען ווידער האָבען געפלייסט זיך אויסצונעמען ביי די לעגאַטען, און די לעצטע ביים קיסר. וואָרום טיטוס פלעגט עטליכע מאָל אין טאָג אַרומגייהן, בכדי צו בעקוקען די אַרבייטען.

פונ׳ם לאַגער פון די אשוריים, וואו עס איז געווען זיין הויפּט-קוואַרטיר, האָט ער געצויגען די מויער ביז׳ן אונטערשטען טייל פון דער נייער שטאָדט, פון דאָרט איבער׳ן נחל קדרון ביז צום הר-הזיתים, און דערנאָך האָט ער זי געלאָזט צו דרום-זייט צו איינשליסען דעם באַרג ביז צום טויבען-פעלז און אויך דעם שכנישען בערגיל, וואָס דערהויבט זיך איבער׳ן טאָל ביים קוואַל שלח. פון דאָרט האָט ער זי געווענדט קיין מערב-זייט און האָט זי געלאָזט אַראָב־

1) אַ קאָמאַנדיר איבער 10.

2) אַ קאָמאַנדיר איבער 100.

נידערן אין דעם דאָזיגען טאָל. דערנאָך האָט זי זיך געצויגען ביי דער מצבה פונ׳ם כהן גדול חנן נאָך אויבען אַרויף, האָט איינגעשלאָסען דעם באַרג, וואו אַמאָל האָט געלעגערט פּומפּיוס; דערנאָך האָט זי זיך געצויגען קיין צפון־זייט פאַרביי אַ דאָרף בית־קטניות, האָט איינגעשלאָסען הורדוס׳עס מצבה און האָט זיך געענדיגט אין מזרח־זייט ביים לאַגער פונ׳ם אויבערקאָמאַנדיר, וואו זי האָט זיך אָנגעהויבען. די גאַנצע מויער האָט געהאַט 39 סטאַדיעס די לענג. פון אויסווייניג זיינען געוועזען צוגעבויט צו איהר דרייצעהן וואַך־טורעמס, וואָס זייער גאַנצער היקף האָט, אינאיינעם גערעכענט, בעטראָפען צעהן סטאַדיעס.

אין דריי טעג איז דער גאַנצער בנין פאַרטיג געוואָרען, און אַזוי איז אין אַנאונגלויבליך קורצער צייט אויסגעפיהרט געוואָרען אַן אַרבייט, וואָס פאַר איהר וואָלטען חדשים ניט געווען צו־פיעל.

נאָכדעם ווי דער אויבערקאָמאַנדיר האָט איינגעשלאָסען די שטאָדט מיט דער דאָזיגער מויער, איז ער אַליין די ערשטע נאַכט אַרומגעגאַנגען איבער די פּאָסטענס, בכדי צו בעקוקען זיי. די צווייטע נאַכט האָט ער דאָס געהייסען טון אַלכּסנדר׳ן, און די דריטע נאַכט — די אָנפיהרער פון די לעגיאָנען די וועכטערס פון זייער זייט האָבען פונאַנדערגעטיילט צווישען זיך די צייט פון שלאָפען על פּי גורל און זיינען דערנאָך די גאַנצע נאַכט אַרומגעגאַנגען צווישען די איינצעלנע טורעמס.

3. נאָדעם ווי ביי די אידען איז אָבגענומען געוואָרען די מעגליכקייט אַנטרונען צו ווערען פון שטאָדט, איז פאַר זיי אָבגעשניטען געוואָרען איטליכע אויסזיכט אויף רעטונג, און די הונגערס־נויט, וואָס איז אַלץ שרעקליכער געוואָרען, האָט אויסגעטיליגט דאָס פאָלק הייזערווייז און משפחות׳ווייז. אויף די דעכער זיינען געלעגען אָבגעשוואַכטע ווייבער און קינדער, די גאַסען זיינען געווען פול מיט טויטע זקנים. אינגלעך און בחורים, אויפגעשוואָלען קרייענקליך, האָבען אַרומגעבלאָנקעט, ווי רוחות, איבער די עפענטליכע פּלעצער און זיינען אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד, דאָרט וואו די הונגער־פּעסט האָט זיי אָנגעחאַפּט.

מקבר צו זיין זייערע קרובים האָבען די אָבגעשוואַכטע שוין ניט געקאָנט; די וואָס זיינען נאָך געווען אויף די פיס, האָבען דערפאַר זיך צוריקגעשראָקען מחמת דער מאַסע פון די טויטע און ווייל זייער אייגענער סוף איז ניט געווען זיכער. אַ סך זיינען געשטאָרבען אויף די בר־מינן׳ס, וואָס זיי האָבען געוואָלט מקבר זיין, אַ סך האָבען זיך אַוועקגעשלעפּט צום בית־הקברות, נאָך איידער זייער סוף איז געקומען. קיין טרער, קיין קלאָג האָט בעלייט דעם דאָזיגען שרעקליכען צושטאַנד: דער הונגער האָט אַוועקגעטויט איטליכען געפיהל. מיט טרוקענע אויגען און מיט ברייט אויפגעעפענטע מיילער האָבען די פאַמעליך אָבשטאַרבענדיגע געקוקט שטאַרק אויף די, וואָס זיינען פריהער פאַר זיי געקומען צו מנוחה. אַ טיעפער שווייגען, ווי אין אַ שרעקענספולער טויטען־נאַכט, איז געלעגען איבער׳ן שטאָדט.

נאָר שרעקליכער פאַר דאָס אַלץ זיינען געוועזן די רויבער: פונקט אַזוי ווי קברנים זיינען זיי אַריינגעדרונגען אין די הייזער, האָבען אויסגערויבט די בר-מינן׳ס, אַראָבגעריסען פון זיי די קליידער און פלעגען אַרויסגייהן מיט אַ ווילדען געלעכטער אָדער זיי פלעגען אויספּרובען די שפּיצען פון זייערע קינזשאַלען אויף די טויטע קערפּערס. נאָך מעהר, זיי פלעגען אַפילו אָפּטמאָלס דערשטעכען אַזעלכע, וואָס זיינען אַנידערגעפאַלען, נאָר זיי האָבען נאָך גע-לעבט, כדי אויסצופּרובען די שאַרפקייט פון זייער מאָרד-געוועהר. אַנדערע, פערקעהרט, וואָס האָבען זיך געבעטען ביי זיי, זיי זאָלען האָבען רחמנות אויף זיי און זיי דערשטעכען, האָבען זיי מיט איבערמוטיגען שפּאָט געלאָזט אויס-גייהן פון הונגער.

אַלע שטאַרבענדיגע האָבען געקוקט מיט שטאַרע בליקען צום בית-המקדש אַרויף, וואו זיי האָבען געלאָזען די מורדים לעבעדיגערהייד. לכתחלה האָבען זיי נאָך געזאָרגט דערפאַר, אַז די טויטע זאָלען בעגראָבען ווערען אויפ׳ן חשבון פון כלל, ווייל זיי האָבען ניט געקאָנט אַריבערטראָגען דעם ריח. נאָר שפּעטער, אַז די טויטע זיינען געוואָרען גאָר אַ סך, האָט מען זיי פּשוט אַראָבגעוואָרפען פון די מויערן אין די טאָלען אַראָב.

4. בשעת טיטוס האָט איין מאָל, בשעת ער איז געגאַנגען אַרום דער שטאָדט, דערזעהן די טאָלען אָנגעפּילט מיט טויטע, און די סך פליסיגקייט, וואָס איז גערונען פון די פוילענדיגע קערפּערס, האָט ער אויפגעהויבען מיט אַ זיפץ זיינע הענד און האָט אָנגערופען גאָט פאַר אַן עדות, אַז דאָס איז ניט זיין אַרבייט. די רוימער, פערקעהרט, זיינען געוועזן פרייהליך און האָבען זיך נעפּיהלט גוט, מחמת די מורדים, וואָס האָבען געליטען יסורים פון הונגער, האָבען איצט קיין אויספאַלען מעהר ניט געמאַכט. די רוימער האָבען לחלוטין ניט געהאַט קיין דוחק אין תבואה און אין אַנדערע לעבענס-מיטלען, וואָס מען פלעגט זיי צופיהרען פון סיריען און פון די שכנישע פּראָווינצען. אַ סך האָבען זיך אויסגעשטעלט ניט ווייט פון׳ם מויער, האָבען בעוויזען זייערע שפּייז און האָבען נאָך מעהר צערייצט דעם הונגער פון די פיינד.

נאָר היות ווי די דאָזיגע שרעקליכע לאַגע האָט אַלץ ניט ווייכער גע-מאַכט די מורדים, דעריבער האָט טיטוס, אויס רחמנות איבער׳ן רעשט פון די בירגער און בכדי צו ראַטעווען פון אונטערגאַנג די, וועלכע ס׳איז נאָך מעגליך געוועזן צו ראַטעווען, ווידער אָנגעהויבען צו בויען וואַלען, הגם עס איז זייהר שווער געוועזן צו בעקומען געהילץ. ווארום צוליעב די פריהערדיגע וואַלען האָט מען שוין געהאַט אויסגעהאַקט אַלע בוימער אין דער סביבה פון שטאָדט, און די סאָלדאַטען האָבען איצט געמוזט ברייִנגען געהילץ פון אַ מהלך פון 90 סטאַדיעס. פונדעסטוועגען האָבען זיי קעגענאיבער אַנטאָניאַ אויסגעבויט פיער דאַמבעס, וואָס זיינען געוועזן אַ סך גרעסער פאַר די פריהערדיגע. דער קיסר אָבער איז אַרומגעריטען פון איין לעגיאָן צום צווייטען און האָט די אַרבייטער אונטערגעטריבען, זיי זאָלען זיך אונטעראַיילען, בכדי צו בעווייזען דערמיט די רויבער, אַז זיי געפינען זיך אין זיין האַנד.

נאָר זיי האָבען ניט געפיהלט קיין חרטה אויף זייערע מעשי-נבלה. ס׳האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי זיי וואָלטען אָבגעטיילט זייערע נשמות פון די גופים און האָבען געבּרויכט ביידע, אַזוי ווי זיי וואָלטען צו זיי ניט געהערט. קיין בּע-סערער געפיהל האָט זייערע נשמות ניט גערי‌הרט, קיין שום ווייהטאָג האָט זייער גוף ניט געפיהלט. ווי הינט האָבען זיי צעריסען דעם טויטען פאָלק, און מיט קראַנקע האָבען זיי אָנגעפילט די תּפיסות.

# דרייצעהנטער קאַפּיטעל.

מארד און בערויבונג פון בית-המקדש אין ירושלים.

1. שמעון האָט געלאָזט טויטען מיט אַ שווערען טויט אַפּילו מתתיה׳ן, וואָס מיט זיין הילף האָט ער פערהאַפּט די שטאָדט 1). מתתיהו בן ביתוס, איינער פון די כהנים גדולים, וואָס איז געוועזען זייהר אָנגעזעהן ביים פאָלק און וואָס אַלע האָבען געהאַט שטאַרק צוטרוי צו איהם, האָט דעמאָלט, בּשעת יוחנן מיט די קנאים האָבען בּעדריקט די בּירגער פון ירושלים, איינגערעדט זיי, זיי זאָלען אויפנעמען שמעון׳ען אַלס זייער אויסלייזער, נאָר דערביי האָט ער אַפּריהער איהם קיין שום תּנאים ניט געשטעלט און האָט ניט פערהיט זיך פון שלעכטע מעשים פון זיין צד.

ווי נאָר שמעון איז אַריינגעטראָטען און איז געוואָרען דער בּעל-הבּית פון שטאָדט, האָט ער תּיכּף גערעכענט דעם יעניגען, וואָס האָט זיך אָנגענו-מען פאַר איהם, פונקט אַזוי ווי אַלע איבעריגע, פאַר זיין שונא, פונקט אַזוי ווי ער וואָלט האָבען געטאָן דעם דאָזיגען שריט נאָר מחמת נאַרישקייט. דע-מאָלט האָט מען איהם געבּראַכט צו פיהרען צו שמעון׳ען און בּעשולדיגט איהם, אַז ער איז אַ פריינד פון די רוימער, און דער טיראַן, וואָס האָט אַפּילו איהם ניט געגעבען אַ וואָרט צוליעב זיין פערטיידיגונג, האָט איהם פער׳משפּט צום טויט אינאיינעם מיט זיינע דריי זיהן; דער פערטער זוהן זיינער איז שוין פריהער אַנטרונען געוואָרען צו טיטוס׳ן. און אַז ער האָט זיך געבּעטען ביי שמעון׳ען רחמים, ער זאָל מחמת דאַנק דערפאַר, וואָס ער האָט איהם אַריינ-געלאָזט אין שטאָדט, לאָזען איהם גופא טויטען פריהער פאַר זיינע זיהן, — האָט שמעון געגעבען אַ בּעפעהל, מען זאָל איהם צו לעצטען פיהרען צום טויט. אַזוי האָט מען איהם אַוועקגעקוילעט אויף די טויטע קערפּערס פון זיינע קינדער, וואָס מען האָט זיי געטויט פאַר זיינע אויגען; דערביי האָט מען פריהער איהם אַרויפגעפיהרט אויף אַן אָרט, פון וואַנען די רוימער זאָלען איהם קאָנען זעהן. אויסצופיהרען די רציחה האָט שמעון איבערגעגעבען דעם סאַמע אַכזריות׳דיגען פון זיינע מענשען, חנן בן במדוס, וואָס האָט זיך נאָך דערבּיי געווענדט צו מתתיהו׳ן מיט דער שפּאָטישער פראַגע, צי ווילען איהם

1) ז. בוך IV, 9, 11.

קאָנען העלפען די יעניגע, צו וועמען ער האָט געוואָלט אַנטלויפען? זייערע טויטע קערפּערס האָט שמעון פערזאָגט ניט צו בעגראָבען.

נאָך זיי זיינען געטויט געוואָרען דער כהן חנניה בן מזמבלוס, וואָס איז געווען אַן אָנגעזעהענער מאַן, ווייטער דער שרייבער ביים ראַט אַריסטעאוס בן אַמויס און נאָך 15 חשוב'ע מענשען פון פאָלק.

יוסף'ס פאָטער האָט מען נאָך אַלץ געהאַלטען שטריינג פערשפּאַרט און מחמת מורא פאַר בגידה האָט מען געלאָזט מכריז ומודיע זיין, אַז קיינער פון די בירגער טאָר מיט איהם ניט ריידען אָדער איהם בעזוכען. ווער עס האָט אַרויסגעזאָגט זיין אומצופרידענקייט דערמיט, איז אָהן טענות דערשטאָכען געוואָרען.

2. מחמת די דאָזיגע געשעהענישען האָט אַ געוויסער יהודה בן יהודה, איינער פון שמעון'ס אונטערגעבענע אָנפיהרער, וואָס יענער האָט איהם געהאָט אָנגעטרויט די שמירה פון אַ טורעם, — צום טייל אפשר אויס רחמנות איבער די, וואָס זיינען אַכזריות'דיג געטויט געוואָרען, דער עיקר אָבער מחמת זאָרג וועגען זיין אייגענעם לעבען, — צונויפגערופען צעהן פון זיינע אונטערגעבענע, וואָס מען האָט זיך געקאָנט אויף זיי פערלאָזען, און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

„ווי לאַנג נאָך וועלען מיר אַריבערטראָגען אַזעלכע עולות? אָדער וואָס פאַר אַ האָפענונג אויף רעטונג האָבען מיר, אויב מיר וועלען בלייבען געטריי דעם דאָזיגען רשע? קעמפט דען ניט שוין דער הונגער קעגען אונז? צי דען זיינען ניט די רוימער כמעט אין שטאָדט? און ווי פאַלש בעגייהט זיך שמעון מיט די, וואָס האָבען מיט איהם גוטס געטאָן! צי דען מוזען מיר ניט ביי איהם לעבען אין שטענדיגער מורא, אַז מען וועט אונז טויטען, אין דער צייט וואָס אויפ'ן וואָרט פון די רוימער קאָנען מיר זיך פערלאָזען? בכן, לאָמיר זיי איבערגעבען די מויער און ראַטעווען זיך און די שטאָדט!"

נאָכדעם ווי ער האָט דורך אַזעלכע טענות געוואונען די צעהן פאַר זיין פּלאַן, האָט ער אָבגעשיקט קעגען מאָרגען די מענשען, וואָס זיינען געווען אונטער זיין קאָמאַנדע, אין פערשיידענע ערטער, בכדי מען זאָל גאָרנישט דערגייהן וועגען פּלאַן, און אַליין האָט ער אין ערך אין דער דריטער שעה צוגערופען די רוימער צום מויער. עטליכע פון זיי האָבען אָנגענומען דעם דאָזיגען פאָרשלאָג מיט פעראַכטונג, אַנדערע האָבען איהם ניט געטרויט, און דער גרעסטער טייל האָט בכלל פון גאָרנישט ניט געוואָלט וויסען, ווייל זיי האָבען דאָך גערעכענט, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום וועלען זיי סיי־ווי־סיי בעקומען די שטאָדט אונטער זייער ממשלה אָהן אַ שום סכנה.

אָבער ווי נאָר טיטוס מיט די שווערבעוואָפענטע האָבען געוואָלט זיך דערנעהענטערן צום מויער, איז אָנגעקומען שמעון, וואָס האָט זיך דערוואוסט וועגען דער מעשה, האָט בעזעצט דעם טורעם און געהייסען חאַפּען די מענער,

טויטען זיי פאַר די אויגען פון די רוימער און אַראָבוואַרפען זייערע טויטע קערפּערס פון מויער אַראָב.

3. אין יענער צייט איז יוסף, וואָס האָט ניט אויפגעהערט מתרה צו זיין, בשעת ער איז אַרומגעגאַנגען אַרום דער מויער, געטראָפען געוואָרען מיט אַ שטיין אין קאָפּ, אַזוי אַז ער איז תיכף אַנידערגעפאַלען אין חלשות. ווי ער איז געפאַלען, האָבען די אידען זיך אַ לאָז געטאָן פון שטאָדט אַרויס און וואָלטען איהם מסתמא אַריינגעשלעפּט אין שטאָדט אַריין, אויב דער קיסר וואָלט ניט געשיקט וואָס צום גיכסטען מענשען, בכדי איהם צו שיצען. אין דער צייט וואָס זיי האָבען זיך אַרומגעשלאָגען מיט די אידען, האָט מען יוסף'ן כמעט אָהן בעוואוסטזיין וועגען דעם, וואָס איז פאָרגעקומען, אַוועקגעטראָגען.

די מורדים אָבער, וואָס האָבען געמיינט, אַז זיי האָבען דעם דאָזיגען מענשען, וואָס זיין האָבען זיי טויט אַזוי פערלאַנגט, אָבגעראַמט פון וועג, האָבען אויפגעהויבען אַ פריידען-געשריי. באַלד האָט זיך די בשורה פערשפּרייט איבער'ן שטאָדט און האָט אַרויסגערופען ביי די איבעריגע איינוואוינער אַ גרויסע נידערשלאָגענהייט, מחמת זיי האָבען געהאַלטען פאַר טויט דעם יעני-גען, וואָס, סומך זיינענדיג זיך אויף זיין איינפלוס, האָבען זיי געקאָנט זיך דערוועגען אַריבערצוגייהן צו די רוימער.

בשעת יוסף'ס מוטער איז אין דער תפיסה דערגאַנגען וועגען איהר זוהנס טויט, האָט זי געזאָגט צו איהרע וועכטערס, וואָס זיינען געווען פון יודפת אַז זי גלויבט עס גערן, ווייל אַפילו נאָך בשעת יוסף האָט געלעבט, האָט זי קיין פרייד פון איהם ניט געהאַט. נאָר צו איהרע דיענערינס האָט זי געזאָגט שטילערהייד מיט געוויין, אַז אָט דאָס האָט זי דערפון, וואָס זי איז געווען אַ מוטער פון אַזוי פיעל קינדער, דאָס הייסט, אַז זי טאָר אַפילו ניט דעם זוהן מקבר זיין, וואָס זי האָט געהאָפט, אַז ער וועט זי מקבר זיין.

נאָר די פאַלשע בשורה האָט ניט געקאָנט פערשאַפען איהר אויף אַ לאַנגער צייט עצבות און די רויבער — אויף אַ לאַנגער צייט שמחה. וואָרום יוסף, וואָס איז גיך געקומען צו זיך, האָט זיך בעוויזען פאַר דער מויער און האָט צוגערופען זיינע געגנער, אַז אין גיכען וועלען זיי בעשטראָפט ווע-רען פאַר זיין פערוואונדונג. דאָס פאָלק, פערקעהרט, האָט ער ווידער אַמאָל געררופען זיך אונטערצוגעבען. דערזעהענדיג איהם, זיינען די בירגער ווידער געוואָרען פעסטער ביי זיך, נאָר די מורדים האָבען בעקומען מורא.

4. עטליכע איבערלויפער זיינען מחמת נויט אַראָבגעשפּרונגען גלייך פון די מויערן; אַנדערע זיינען אַרויסגעלאָפען מיט שטיינער אין די הענד, פּונקט אַזוי ווי זיי וואָלטען וועלען קעמפען, נאָר דערנאָך זיינען זיי אַנטלאָפען גע-וואָרען צו די רוימער.

דאָ אָבער האָבען זיי געהאַט אַ טרויעריגען סוף: די זעטיגונג, וואָס זיי האָבען געפונען ביי די רוימער, האָט גיכער געבראַכט זייער טויט, איידער

דער הונגער, וואָס זיי האָבען ביז אַהער געליטען. וואָרום בשעת זיי זיינען אָנגעקומען ביי די פיינד, זיינען זיי געווען געשוואָלען און אַזוי ווי וואַסער-זיכטיג, מחמת דעם דוחק, וואָס זיי האָבען געליטען. נאָר אַז זיי האָבען דער-נאָך צופיעל אָנגעלאָדען דעם ליידיגען מאָגען, האָבען זיי געפלאַצט, און נאָר די זיינען געבליבען לעבען, וואָס האָבען געוואוסט זיך צו היטען, האָבען איינגעהאַלטען זייער גרויסען הונגער און האָבען פּאַמעליך צוגעוויינט זייער קערפּער צו שפּייז, וואָס זיי זיינען דערפון אַ לאַנגע צייט אָבגעוויינט געווע.

נאָר אויף די, וואָס זיינען אויף אַזאַ אופן געראַטעוועט געוואָרען, האָט געוואַרט אַן אַנדער פּלאָג. ביי די סיריער האָט מען געחאַפּט אַן איבערלויפער, וואָס האָט געקליבען גאָלדשטיקער פון זיין צואה. וואָרום די אידען פלעגען, ווי עס איז אויבען דערציילט געוואָרען, פאַר'ן אַנטלויפען אַראָבשלינגען גאָלד-שטיקער, מחמת די מורדים פלעגען אַלעמען אונטערזוכען. אין שטאָדט איז גע-ווען אַ סך גאָלד: מען האָט געקויפט פאַר צוועלף אַטיקעס דאָס, וואָס האָט פריהער געקאָסט 25. בשעת מען האָט אויפגעדעקט דעם דאָזיגען קונץ ביי איינעם, וואָס האָט איהם אָנגעווענדט, האָט זיך באַלד פערשפּרייט איבער אַלע לאַגערפלעצער אַ קלאַנג, אַז די איבערלויפער, בשעת זיי קומען אָן, זיינען אינ-גאַנצען אָנגעפילט מיט גאָלד. אַ סך אַראַבער און אויך סיריער האָבען מחמת דעם אויפגעשניטען די בייכער ביי די, וואָס האָבען געבעטען גענאָד, בכדי צו זוכען דאָרט גאָלד. קיין ערגערע פּייניגונג האָבען די אידען אודאי ניט געהאַט אויסצושטייהן: אין איין איינציגער נאַכט האָט מען ביי אַן ערך צוויי טויזענד מענשען אויפגעשניטען די בייכער.

5. בשעת דער קיסר האָט זיך דערוואוסט וועגען דער דאָזיגער נבלה, האָט ער געהאַט גרויס חשק צו לאָזען אַרומרינגלען די שולדיגע מיט רייטעריי און דערשטעכען זיי מיט שפּיזען. נאָר זייער גרויסע צאָהל האָט איהם דערפון אָבגעהאַלטען. וואָרום די, וואָס ער האָט בעדאַרפט זיי בעשטראָפען, זיינען געווען אַ סך מעהר, איידער די, וואָס זיינען אויף אַזאַ אופן דער'הרג'עט געוואָרען.

דעריבער האָט ער גערופען צו זיך די אָנפיהרער פונ'ם הילפס-מיליטער און פון די לעגיאָנען — וואָרום אויך די רוימישע סאָלדאַטען האָט מען געחאַפּט ביי דער דאָזיגער נבלה — און האָט זיי געפרעגט, צי עס זיינען טאַקע פאַרהאַן צווישען זיינע אייגענע קריגסלייט אַזעלכע, וואָס קאָנען אָבטון אַזעלכע מיאוסע מעשים צוליעב אַן אומזיכערן געווינס, און אויב זיי שעמען זיך ניט פאַר זיי-ערע געוועהר, וואָס זיינען געמאַכט פון גאָלד און פון זילבער.

אויף די אַראַבער און די סיריער איז ער אָנגעפאַלען: „בכן ווילט איהר, הייסט עס, אין אַ מלחמה, וואָס איז אייך גופא גאָר ניט נוגע, בעפרידיגען צוערשט אייערע תאוות און דערנאָך אַרויפוואַרפען אויף די רוימער אייער אַכזריות'דיגען גלוסט צו מאָרדען און אייער שנאה צו די אידען? וואָרום, צום בעדויערן, האָבען עטליכע פון מיינע אייגענע סאָלדאַטען זיך בעטייליגט אין אייערע שענדליכע מעשים!"

דערנאָך האָט ער געסטראַשעט די פרעמדע זעלנער, אַז ער וועט זיי טויטען, אויב מען וועט נאָך חאַפּען עמיצען ביי אַזאַ נבלה. און צו די לע-גיאָנען האָט ער אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, צו געפינען די חשוד׳יגע און ברייג-גען זיי צו איהם.

נאָר די תשוקה צו געלד, ווייזט אויס, קוקט אויף קיין שטראָף ניט. אַ מורא׳דיגער בעגעהר צו רייכקייט איז ביים מענשען איינגעבאָרען, און קיין איין תאוה טרייבט איהם ניט מיט אַזאַ שטאַרקייט צו זיין פערדאַרבען, ווי די געלדגיריגקייט, אין דער צייט וואָס אַלע אַנדערע תאוות האָבען גרעניצען און קאָנען איינגעהאַלטען ווערען דורך מורא. אודאי איז דאָ אויך געווען גאָטס האַנד דערביי, וואָס האָט פערוואָרפען דאָס גאַנצע פאָלק און געלאָזט אומקעהרען אַלע מיטלען אויף רעטונג צו זיין אונטערגאַנג.

דאָס, וואָס דער קיסר האָט פערזאָגט מיט סטראַשונקעס, האָט מען איצט אָבגעטאָן מיט די אַנטלאָפענע שטילערהייד. די באַרבאַרען פלעגען חאַפּען די אַנטלאָפענע פריהער, איידער עמיצער האָט זיי נאָך געקאָנט זעהן, און זיי דערשטעכען. דערנאָך פלעגען זיי זיך אַרומקוקען, צי קיין רוימער זעהט ניט, פלעגען אויפשניידען די אומגליקליכע און אַרויסנעמען פון זייערע געדערים די געלד. איבעריגענס, האָט מען געפונען געלד נאָר ביי ווינציג; דער גרעס-טער רוב אָבער איז דער׳הרג׳עט געוואָרען צוליעב אַ פאַלשער האָפענונג. אין יעדען פאַל אָבער האָט זייער טרויעריגער סוף אָבגעהאַלטען אַ סך, וואָס האָבען געהאַט בדעה איבערצוגייהן, פון אויסצופיהרען זייער פּלאַן.

6. אַז ביים פאָלק איז שוין ניט געווען וואָס צו נעמען, האָט יוחנן זיך גענומען פאַר׳ן בערויבען דעם בית-המקדש. ער האָט געלאָזט צעשמעלצען אַ סך מתנות, וואָס האָבען זיך געפונען אין איהם, כלים, וואָס האָבען געדיענט ביי דער עבודה, מישגעפעס, שיסלען און טישען; ער האָט אַפילו ניט פערשוינט די וויינקריגלעך, וואָס אַווגוסטוס און זיין פרוי האָבען מנדב געווען.

די רוימישע קיסרים האָבען שטענדיג אָבגעגעבען כבוד דעם בית-המקדש און פערמעהרט זיין צירונג. איצט אָבער האָט אַ געבאָרענער איד אַוועקגערויבט די מתנות פון די אויסלענדער. און יוחנן האָט געזאָגט צו די, וואָס ארום איהם, אַז אָהן שום ספק מעג מען געברויכען אַזעלכע חפצים, וואָס זיינען געהייליגט צו גאָט, צוליעב גאָטס כבוד ועגען, און דעריבער איז עס גאַנץ ריכטיג, וואָס די, וואָס קעמפען פאַר׳ן הייליגטום, בעדאַרפען אויך פון איהם לעבען. דעריבער האָט ער גענומען די הייליגע בוימעל, וואָס האָט זיך גע-פונען אין היכל, און דעם הייליגען וויין, וואָס די כהנים האָבען איהם געהיט, בכדי צו בעגיסען מיט איהם די עולות, און האָט צעטיילט צווישען זיינע מענשען, וואָס איטליכער פון זיי האָט פערברויכט דערפון מעהר פאַר אַ הין 1).

איך קאָן זיך ניט צווינגען צו פערשווייגען דאָס, וואָס מיין געפיהל

1) אַ הין — 12 לוג; אַ לוג איז די מאָס פון זעקס אייער-שאָלעכצען.

פליסט מיר איין: אויב די רוימער וואָלטען אין גיכען ניט פערטיליגט די דאָזיגע באַנדע פון פערברעכערס, דעמאָלט, רעכען איך, וואָלט די שטאָדט איינגעשלונגען געוואָרען פון דער ערד, אָדער אַ מבול וואָלט זי פערפלייצט, אָדער, ווי סדום, וואָלט זי פערברענט געוואָרען דורך אַ פייער פון הימעל. וואָרום זי האָט ביי זיך געהאַט אַ סך מעהר פערדאָרבענעם דור, איידער דער יעניגער, וואָס האָט געהאַט אויסצושטייהן יענע שטראָפען. באמת, די משוגעת פון די דאָזיגע רשעים האָט דאָס גאַנצע פאָלק אַריינגעוואָרפען אין פער-דאַרבעניש.

7. צוליעב וואָס זאָל איך נאָך אויסרעכענען אַלע צרות בעזונדער? מנאי בן אליעזר, וואָס איז אין יענער צייט אַנטלאָפען געוואָרען צו טיטוס׳ן, האָט פערזיכערט, אַז דורך איין איינציגען טויער, וואָס ער האָט בעדאַרפט היטען, האָט מען זינט דעם טאָג, וואָס דער לאַגער איז אויסגעבויט געוואָרען פאַר׳ן שטאָדט, דאָס הייסט פערצעהן טעג אין חודש ניסן ביז ראש חדש תמוז, דורכגעטראָגען 115 880 טויטע. דאָס איז אַ באמת שרעקליכע צאָהל. איבערי-געגס, האָט ער אַלס קאָמאַנדיר פון דער טויער-וואַך געצייהלט די טויטע ניט אַגב אורחא, נאָר לויט אַ בעזונדערן בעפעהל, ווייל ער האָט געמוזט בעצאָהלען פון דער שטאָדט-קאַסע די קבורה-געלד. אַנדערע האָבען זייערע קרובים מקבר געווען; די קבורה איז בעשטאַנען דערין, וואָס מען האָט די טויטע אַרויסגעטראָגען חוץ׳ן שטאָדט און אַראָבגעוואָרפען זיי.

אַ סך אָנגעזעהענע איבערלויפער, וואָס זיינען געקומען נאָך איהם, האָבען דערצייהלט, אַז סך-הכל האָט בעטראָפען די צאָהל פון די אָרימע בר-מינן׳ס, וואָס מען האָט אַרויסגעוואָרפען דורך די טויערן — 600 000; די צאָהל פון די איבעריגע האָט מען ניט געקאָנט דערגייהן. בשעת דער כח פון די מענשען האָט שוין ניט געקלעקט אויף אַרויסצוטראָגען די אָרימע לייט דורך די טויערן, דעמאָלט האָט מען — אַזוי האָבען זיי דערצייהלט ווייטער — צונויפגעשלעפט די טויטע קערפּערס אין די גרעסערע הייזער און דאָרט זיי איינגעשלאָסען.

אַ מאָס ווייץ האָט מען פערקויפט פאַר אַ טאַלענט, און אַז שפּעטער, מחמת די שטאָדט איז איינגעשלאָסען געוואָרען, האָט מען ניט געקאָנט מעהר קלייבען קיין גרינסען, איז די נויט ביי אַ סך דערגאַנגען אזוי ווייט, אַז זיי וואָל-טען דורכגעזוכט אַלע הויפענס מיסט, בכדי צו קלייבען דאָרט עפּיס, וואָס מען קאָן עסען; וואָס מען האָט ביז איצט געקאָנט אָנקוקען נאָר מיט עקעל, איז דעמאָלט געוואָרען אַן אַכילה. די רוימער האָבען געפיהלט רחמנות, בשעת זיי האָבען דאָס געהערט.

די מורדים אָבער, וואָס האָבען דאָס געזעהן מיט אייגענע אויגען, זיינען געבליבען אומגעריהרט און פער׳עקשנ׳ט, ביז די נויט איז אָנגעפאַלען אויף זיי אויך. דער בייזער מזל, וואָס האָט שוין געשוועבט איבער׳ן שטאָדט און איבער זייערע קעפּ, האָט אינגאַנצען פערשטאָפּט זייערע חושים.

# זעקסטער בוך.

## אינהאלט.

וועגען יאוש פון די מורדים און די שרעקענעס-הערשאפט פונ'ם הונגער. דער טרויע-ריגער אויסזעהן פון דער סביבה פון ירושלים, נאכדעם ווי די רוימער האבען אויסגעבויט זייערע וואלען.

וויאזוי סיי די רוימער און סיי די אידען איז בעפאלען די זעלביגע דאגה, נאכדעם ווי די וואלען זיינען אויסגעבויט געווארען. ווי אזוי די אידען האבען געמאכט אן אויספאל, נאר זיי האבען ניט געקאנט פערברענען די בעלעגערונגס-וואלען.

ווי אזוי די רוימער האבען געבראכט צום פאלען די מויער פון אנטאניא דורך די שטויסען פון זייערע מאשינעס און דורך אונטערגראבונגען, נאר אז זיי האבען דערזעהן די צווייטע מויער, וואס יוחנן האט געלאזט אויסבויען דורך זיינע מענשען, האבען זיי פערלארען דעם מוט.

ווי אזוי טיטוס האט אויפגעמונטערט דורך אן אויסגעצייכענטער רעדע זיינע מענשען, וואס האבען זיך ניט דערוועגט צו מאכען א שטורעם אויף דער מויער.

ווי אזוי סאבינוס און נאך איהם איינינע אנדערע זיינען ארויף אויף דער מויער און האבען געשלאגען און פערטריבען די אידען. סאבינוס פאלט, נאכדעם ווי ער האט אויסגע'הרגעט א סך פיינד.

ווי אזוי די רוימער האבען איינגענומען אויך די דריטע מויער. בעשרייבונג פונ'ם קאמף צווישען רוימער און אידען ארום דעם בית-המקדש.

וועגען צענטוריא אליאנוס, וואס האט אויסגע'הרג'עט א סך אידען און איז דערנאך אליין געפאלען. די רוימער אנטלויפען אין אנטאניא.

ווי אזוי טיטוס האט געהייסען צעשטערען אנטאניא און האט געבעטען יוספ'ן, ער זאל נאך אמאל איבעררייידען מיט די אידען.

ווי אזוי א סך בירגער האבען, נאכדעם ווי די מורדים האבען זיך ניט צוגעהערט צו יוספ'ס רייד, פערלאזען די שטאדט, בכדי איבערצוגייהן צו די רוימער, און ווי אזוי טיטוס האט זיי אבגעשיקט קיין גופנא.

ווי אזוי די איבערלויפער האבען געבעטען די מורדים, זיי זאלען איבערגעבען דעם קיסר די שטאדט, נאר זיי האבען געמאכט די לעצטע נאך ווידערשפעניגער, און ווי אזוי טיטוס האט געלאזט דורך יוספ'ן מאכען פארוואורפען די מורדים, און אז זיי זיינען נאך אלץ געבליבען הארטנאקיג, איז ער ווידער צוגעטראטען צו געברויכען געוואלד.

ווי אזוי טיטוס האט אויסגעקליבען צווישען זיין גאנצען חייל די מוטיגסטע מענשען און האט זיי ארויסגעשיקט קעגען בית-המקדש, אין דער צייט וואס ער אליין האט צוגעזעהן פון אנטאניא די ענטוויקלונג פונ'ם קאמף.

## אינהאלט.

ווי אזוי דער קאמף האט זיך פונאנדערגעפלאקערט, נאר ער איז געבליבען ניט בעשטימט ביי גרויסע אנוועהרען פון ביידע צדדים.

ווי אזוי די רוימער האבען אויסגעבויט וואלען קעגען בית-המקדש.

ווי אזוי טיטוס האט, נאכדעם ווי איינינע פון זיינע רייטער האבען געהאט אנגעוואהרען זייערע פערד, בעשטראפט איינעם פון די שולדיגע, און דורכדעם האט ער בעוואוינען די איבע- ריגע, זיי זאלען בעסער אויפפאסען זייערע פערד.

ווי אזוי א סך מורדים האבען געוואלט מאכען איין דער שטיל אן אויספאל ביים הר הזיתים, נאר זיי זיינען געשלאגען געווארען. ווי אזוי דער רייטער פעדאניוס האט געחאפט א לוי- פענדיגען פיינדליכען בחור און האט איהם געבראכט צום קיסר, פונקט ווי ער וואלט געווען א טייערער חפץ.

ווי אזוי די אידען האבען אונטערגעצונדען די בנינים ארום דעם בית-המקדש, בכדי די רוימער זאלען ניט קאנען פון דארט אויס איינעמען דעם הייליגטום.

ווי אזוי א איד האט ארויסגעפאדערט די רוימער, זיי זאלען זיך ראנגלען מיט איהם און האט צוערשט מנצח געווען, נאר סוף-כל-סוף איז ער געפאלען. מחמת דעם וואס ער האט זיך גרויס געהאלטען.

וועגען א קונציגען גאנג פון די אידען, וואס א דאנק דעם זיינען א סך רוימער פערברענט געווארען.

ווי אזוי דער רוימישער סאלדאט לאנגוס האט זיך אליין אומגעבראכט, און ווי אזוי א געוויסער סערטאריוס האט א שליידער געטאן אן דער ערד זיינעם א חבר לוקיוס'ן, וואס האט איהם אנגעחאפט.

ווייטערדיגע שילדערונגען וועגען די חורבנות, וואס דער הונגער האט אנגעטאן.

וועגען די אידישע פרוי מרים, וואס האט אויפגעגעסען איהר אייגען קינד.

ווי אזוי די רוימער האבען, נאכדעם ווי זיי האבען פערענדיגט בויען די וואלען, גע- בראכט שטורעמבעק. ווי אזוי עס זיינען אוועקגעשטעלט געווארען די שטורעם-לייטערס און עס האט זיך אנגעהויבען א קאמף, אין וועלכען די רוימער זיינען סוף-כל-סוף געשלאגען געווארען. ווי אזוי טיטוס איז אין כעס געווארען דעריבער און האט געהייסען אונטערלייגען פייער ביי די טויערן.

וועגען דעם טיראנס שמעונ'ס מענשען, וואס זיינען אריבערגעגאנגען צו טיטוס'ן.

ווי אזוי טיטוס האט אבגעהאלטען א קריגס-ראט וועגען דעם בית-המקדש, און אין דער צייט וואס די מיינונגען האבען זיך צעטיילט, האט ער זיך ארויסגעזאגט ענערגיש קעגען פעברע- נען דעם בית-המקדש.

ווי אזוי די אידען זיינען אנגעפאלען אויף די רוימישע וואך-פאסטענס און זיי וואלטע זיי פערטריבען, אויב דער קיסר וואלט ניט געקומען צו הילף די זייניגע און פערטריבען ד' אידען.

ווי אזוי דער בית-המקדש איז פערברענט געווארען קעגען טיטוס'עס ווילען.

ווי אזוי דער בית-המקדש איז פערברענט געווארען אין זעלביגען חודש און אין זעלבי- גען טאג, אין וועלכען ער איז אנומעלט פערברענט געווארען פון די בבליים.

## אינהאלט.

ווי אזוי עס זיינען, נאָכדעם ווי דער בית־המקדש האָט זיך אָנגעצונדען, אומגעקומען א סך אידען פון פערשיידענעם עלטער, און ווי אזוי די קרעכצען פון די שטאַרבענדיגע האָבען זיך אויסגעמישט מיט'ן קריגס־געשריי פון די רוימער.

ווי אזוי די כהנים האָבען אויסגענוצט די שפּיזען, וואָס זיינען געווען צוגעהעפט צום בית־המקדש, אלס וואָרפשפּיזען קעגען די רוימער, און ווי אזוי צוויי חשוב'ע אידען האָבען זיך אליין אריינגעוואָרפען אין פייער. ווי אזוי די רוימער האָבען אונטערגעצונדען דעם טייל פון בית־המקדש, וואָס איז ביז אהער געבליבען פערשוינט פון פייער, און האָבען געלאָזט פערברענען אן ערך 6 000 מענשען.

וועגען די פאַלשע נביאים, וואָס דאָס פאָלק האָט זיי געגלויבט צו זיין רעה.

וועגען די מופתים, וואָס האָבען זיך בעוויזען פאַר'ן חורבן בית־המקדש.

ווי אזוי די רוימער האָבען אריינגעטראָגען זייערע קריגס־פעהנדלעך אין בית־המקדש און האָבען בעגריסט טיטוס'ן מיט פריידענס־געשרייען. וועגען דער אומגעהייערער מאסע גאָלד, וואָס מען האָט פערחאַפּט.

וועגען דעם אינגעל, וואָס האָט זיך געהאַט בעהאַלטען אינאיינעם מיט די כהנים אויפ'ן מויער פון בית־המקדש, און ווי אזוי ער האָט אָבגענאַרט די רוימער. ווי אזוי די כהנים, אויס־געמאַטערטע פון הונגער, זיינען סוף־כל־סוף אראָב צו טיטוס'ן, וועלכער האָט געהייסען זיי טויטען.

ווי אזוי די טיראַנען האָבען געבעטען טיטוס'ן, ער זאָל זיך מיט זיי דורכשמועסען, און וואָס פאַר א גרויסאַרטיגע רעדע ער האָט געהאַלטען פאַר זיי.

ווי אזוי די טיראַנען האָבען ארויסגעוויזען אומגעמינערטע עקשנות, און דעריבער איז טיטוס אריין מורא'דיג אין כעס און האָט זיי געלאָזט אָנזאָגען, אז זיי האָבען ניט וואָס צו רע־כענען אויף זיין רחמנות, און ווי אזוי ער האָט דערנאָך בעפויהלען זיינע סאָלדאַטען אלצדינג אונטערצוצינדען.

וועגען די קרובים איזאַטעס'עס, וואָס האָבען געזוכט שוץ ביים קיסר, און ווי אזוי דער קיסר האָט זיי געלאָזט ברייגגען קיין רוים.

ווי אזוי די מורדים האָבען זיך א וואָרף געטאָן אויפ'ן קעניגליכען פּאַלאַץ, האָבען פער־טריבען פון דאָרט די רוימער, אויסגע'הרג'עט די גאַנצע מאסע, וואָס האָט געהאַט זיך דאָרט צונויפגעקליבען, און גענומען געפאַנגען צוויי רוימער לעבעדיגערהייד.

ווי אזוי די רוימער האָבען פערטריבען די רויבערבאַנדע און פערברענט דעם טייל פון שטאָדט, וואָס איז נאָך גאַנץ געבליבען.

ווי אזוי די טיראַנען האָבען ווייטער געפיהרט דעם קאַמף ביז צום אויסערסטען, זיך פער־לאָזענדיג אויף די אונטערערדישע גייננ.

ווי אזוי דער קיסר האָט איינגענומען דעם אויבערשטען טייל שטאָדט, און ווי אזוי עט־ליכע מורדים האָבען בעשלאָסען איבערצוגעבען דעם אונטערשטען טייל שטאָדט, נאָר שמעון, וואָס איז געוואָהר געוואָרען פונ'ם פּלאַן, האָט זיי גע'הרג'עט.

וועגען דעם כהן, וואָס איז אַנטלאָפען געוואָרען צום קיסר און האָט איהם איבערגעגעבען אסך טייערע חפצים.

## אינהאַלט.

ווי אזוי די רוימער האָבען נאָך אמאָל געבויט דאמבעס, געבראכט מאַשינעס, און נאָכדעם ווי די מורדים זיינען אנטלאָפען געוואָרען אין די אונטערערדישע גיינג, האָבען זיי ארייגעחאפט אין זייער ממשלה די גאנצע שטאָדט.

ווי אזוי דער קיסר איז אריינגעטראָטען אין שטאָדט און האָט בעוואונדערט איהר פעסטיג־קייט; דערנאָך האָט ער געהייסען זי איינגאנצען צעשטערען און האָט געלאָזט שטייהן נאָר דריי טורעמס פאר א סימן פון זיינע גבורות.

ווי אזוי דער קיסר האָט געלאָזט טויטען די רויבער און מורדים, וואָס האָבען איינער די אנדערע גע'מסר'ט, די איבעריגע אָבער האָט ער צום טייל בעהאלטען פאר זיין טריאומף־צוג, צום טייל פערשאָנקען אין די פּראָווינצען אָדער אין די בערג־גרובען פון מצרים, נאָר דעם גרעסטען טייל האָט ער פערקויפט.

דער סך־הכּל פון דער צאָהל אידען, וואָס זיינען געוואָרען געטויט און געפאנגען אינ'ם משך פון דער מלחמה.

וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די אידען, וואָס זיינען אנטלאָפען געוואָרען אין די אונטער־ערדישע גיינג.

א בליק צוריק אויף דער געשיכטע פון דער שטאָדט.

# ערשטער קאפיטעל.

די לצגע פון שטאָדט ווערט ערגער. — דער אַנפאַל פון די רוימער אויף אנטאָניא.

1. פון טאָג צו טאָג זיינען די צרות פון ירושלים שרעקליכער געוואָרען, ווייל דער אומגליק האָט אַלץ מעהר פערביטערט די מורדים, און די הונגערס-נויט, וואָס האָט שוין אַזוי שרעקליך געווילדעוועט צווישען פאָלק, האָט אָנגעהויבען צו פערטיליגען זיי גופא. ס'איז קיין וואונדער ניט, אַז באַלד האָבען זיך אָנגעקליבען אין שטאָדט גאַנצע הויפענס טויטע קערפּערס, וואָס האָבען פאָרגעשטעלט אַ שרעקליכען אָנבליק, האָבען פערשפּרייט אַ ריח פון מגפה און געשטערט אַפילו די קעמפּענדע ביי זייערע אויספאַלען. וואָרום די לעצטע האָבען געמוזט זיך מאַכען אַ וועג איבער טויטע קערפּערס, אַזוי ווי זיי וואָלטען אין אַ שלאַכט ניט געהאַט דורכגעדרונגען נאָך אַ מורא'דיגער בלוט-פערגיסונג.

אָבער ניט קיין שוידער און ניט קיין רחמנות האָט אָנגעחאַפּט די רשעים, בשעת זיי פלעגען טרעטען די טויטע מיט די פיס. אויך האָבען זיי אין דער דאָזיגער שענדונג פון די טויטע ניט אַיינגעזעהן אַ שלעכטען סימן פאַר זייער אייגענעם אונטערגאַנג. אדרבה, מיט הענד, וואָס זיינען געווען בעפלעקט דורך ברודערמאָרד, פלעגען זיי זיך אַ וואָרף טון אויף די פיינד, אַז עס האָט געקאָנט אויסדוכטען, אַזוי ווי זיי וואָלטען געהאַט טענות כביכול צו גאָט, פאַרוואָס זיין שטראָף זאַמט זיך נאָך אַזוי לאַנג. וואָרום ניט די האָפענונג אויף נצחון האָט זיי אַיינגעגעבען דעם מוט ווייטער צו פיהרען די מלחמה, נאָר דער יאוש.

די רוימער פון זייער זייט האָבען פערענדיגט די וואַלען אין משך פון 21 טעג, הגם ס'האָט זיי געקאָסט אַ סך מיה צו ברייננגען די נויטיגע געהילץ; דערביי האָבען זיי, ווי עס איז שוין אויבען בעמערקט, געמאַכט אינגאַנצען הויל די גאַנצע געגענד אַרום שטאָדט אויף אַ מהלך פון 90 סטאַדיעס פון אַלע זייטען. ס'איז געווען באמת טרויעריג צו קוקען אויף דער געגענד; זי, וואָס האָט פריהער געגלענצט, מחמת זי איז געווען רייך בעצירט מיט בוימער און סעדער, איז איצט אומעטום געווען וויסט און בערויבט פון בוימער.

קיין איין פרעמדער, וואָס האָט אַ מאָל געזעהן די אַלטע יהודה און די הערליכע פאָרשטעדט פון ירושלים, בשעת ער וואָלט דערזעהן דעם דעמאָלטיגען חורבן, וואָלט ער ניט געקאָנט אַיינהאַלטען זיינע טרערען און זיפ

צען איבער׳ן אומבייט, וואָס איז געשעהן. וואָרום די מלחמה האָט אויסגעמעקט איטליכען סימן פון שיינקייט, און אויב עמיצער, וואָס האָט פריהער געקענט די געגענד, וואָלט פּלוצלונג געקומען אַהין, וואָלט ער זי ניט דערקענט, נאָר ער וואָלט געזוכט די שטאָדט, וועלכע איז געלעגען פאַר איהם.

2. איבעריגענס האָט די בעענדיגונג פון די וואַלען פערשאַפּט די רוי־מער ניט ווינציגער זאָרג, איידער די אידען. די לעצטע האָבען זיך בעדאַרפט ריכטען, אַז די שטאָדט וועט באַלד אַיינגענומען ווערען, אויב עס וועט זיך זיי ניט אַיינגעבען אונטערצוצינדען די וואַלען. פערקעהרט, די רוימער וואָלטען קיין שום אויסזיכט ניט געהאַט מעהר אַיינצונעמען ירושלים, אויב אויך די דאָזיגע וואַלען וואָלטען פערניכטעט געוואָרען. ראשית, ווייל זיי האָט לחלוטין געפעהלט בוי־מאַטעריאַל, והשנית, ווייל די סאָלדאַטען זיינען געווען אָבגעשוואַכט דורך די גרויסע מאַטערנישען, און דורך די אָפטע מפּלות איז ביי זיי דער מוט אָבגענומען געוואָרען.

חוץ דעם, האָט די נויט, וואָס האָט געהערשט אין שטאָדט, אָנגעמאַכט אַ גרעסערע נידערגעשלאָגענהייט ביי די רויבער, איידער ביי די אַיינוואוינער גופא. וואָרום לא די וואָס די אידען האָבען, ניט קוקענדיג אויף זייערע אומדערטרעג־ליכע צרות, ניט געוואָלט נאָכגעבען, נאָר זיי האָבען שטענדיג ווידער צו־נישט געמאַכט די האָפענונגען פון די רוימער, דורכדעם וואָס זיי האָבען זיך דער־קעמפט אַן ערפאָלג נאָך אַן ערפאָלג: קעגען די וואַלען – דורך קונציגע גיינג, קעגען די מאַשינעס – דורך דער פעסטיגקייט פון זייערע מויערן, אין גע־שלעג פון דער נאָהענט – דורך זייער ווילדער דרייסטקייט. און דערנאָך די עיקר־זאַך: היות ווי די רוימער האָבען איצט אַיינגעזעהן, אַז ביי די אידען איז פאַרהאַן אַ גייסטיגער כח, וואָס קאָן גובר זיין בירגער־קריג, הונגער, קריג און אַ סך אַנדערע פורעניות, – בכן זיינען זיי געקומען צו דער מסקנא, אַז די תשוקה צום קאַמף פון זייערע געגנער קאָן מען פונקט אַזוי ניט בייקומען, ווי זייער שטאַנדהאַפטיגקייט אין אַן עת־צרה. און מחמת דעם האָבען זיי זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס וואָלטען געקאָנט אויפטון אַזעלכע מענשען, אויב זיי האָבען נאָך אַ גוטען מזל, אויב אַפילו אַ שלעכטער מזל מאַכט זיי אַלץ האַרטנאַקיגער. די דאָזיגע סברות האָבען טאַקע בעוואויגען די רוימער צו האַלטען ביי די דאַמבעס נאָך שטאַרקערע וואַך־פּאָסטענס, איידער פריהער.

3. יוחנן׳ס מענשען אין אַנטאָניאַ האָבען אויך געזאָרגט פאַר דער צו־קונפט, טאָמער וועט די מויער ווערען דורכגעבראָכען. און נאָך איידער די שטורעמבעק האָבען אָנגעהויבען צו ווירקען, האָבען זיי געמאַכט אַן אויספאַל אויף די בעפעסטיגונגען. נאָר דאָס מאָל האָט די אונטערנעמונג זיך ניט אַיינגעגעבען; אמת טאַקע, זיי זיינען אַרויסגעלאָפען מיט שטולקאַרצען, נאָר איידער זיי האָבען דערגרייכט ביז צו די וואַלען, האָבען זיי זיך צוריקגע־צויגען, אויף איין האָפענונג אָרימער.

קודם כל האָט אין זייער פּלאַן בעשיינפערליך געפעהלט איינהייטליכ־קייט, ווייל זיי האָבען געמאַכט דעם אויספאַל אין קליינע אָבטיילונגען, וואָס

זיינען גאָרניט געווען פערבונדען צווישען אַנאַנד, און דערביי ציטערנדיג און קוויינקלענדיג, — בקיצור, ניט ווי די אידען זיינען זיך געוויינטליך נוהג. עס האָט אויסגעפעהלט אַלצדינג, וואָס דורכדעם זיינען זיי שטענדיג קענטיג געווען: דרייסטקייט, געשווינדקייט, פעסט-געשלאָסענער אָנפאַל און די קונסט צו בעשיצען זיך פון הינטען.

און אין דער צייט, וואָס זייער אָנפאַל האָט מעהר ניט געהאַט די פריערדיגע ענערגיע, האָבען זיי, חוץ דעם, געמוזט זעהן די רוימער אויף אַ שטאַרקערער פּאָזיציע, איידער שטענדיג. וואָרום זיי האָבען מיט זייערע קערפּערס און פאַנצערס פולקומען געהאַט בעדעקט די וואַלען, אַזוי אַז אין ערגיץ האָט מען ניט געקאָנט בעמערקען קיין ליידיגען פלאַץ, וואו מען זאָל קאָנען אָנצינדען פייער, און איטליכער איינצעלנער האָט געהאַט ביי זיך פעסט בעשלאָסען, בעסער צו שטאַרבען, איידער צו לאָזען זיין אָרט. וואָרום אויב די דאָזיגע וואַלען וואָלטען אויך אַוועק מיט'ן פייער, וואָלטען אַלע זייערע האָפענונגען צו-נישט געוואָרען. חוץ דעם, איז דער עהרענגעפיהל פון די סאָלדאַטען אויפגעשטאַנען קעגען דעם, אַז שטענדיג זאָל רמאות גובר זיין איבער מוטיגקייט, ווילדקייט איבער קריגסקונסט, מאַסע איבער געניטקייט, אידען איבער רוימער.

איבעריגענס האָבען די מאַשינעס אַ סך מיטגעהאָלפען צוריקצוטרייבען די אָנפאַלער: אויב איינער פון זיי פלעגט פאַלען, פלעגט ער אָבהאַלטען דעם, וואָס איז געגאַנגען נאָך איהם, און היות ווי עס איז געווען אַ סכנה ווייטער צו גייהן, דעריבער איז ביי אַלעמען געפאַלען דער מוט. אַזוי זיינען זיי אַלע אַנטלאָפען געוואָרען, ווי נאָר זיי זיינען צוגעקומען אַזוי נאָהענט, אַז די פיילען האָבען זיי געקאָנט טרעפען: אייניגע פון זיי, נאָך איידער זיי האָבען זיך אריינגעלאָזען אין אַ געשלעג, מחמת זיי האָבען זיך דערשראָקען פאַר דער גוט געאָרדענטער, געדיכטער מחנה פון די פיינד, אַנדערע האָבען זיך צוריקגעצויגען, בשעת זיי זיינען פערוואונדעט געוואָרען דורך וואָרפשפּיזען. גייהענדיג צוריק מיט גאָרנישט, האָבען זיי איינער דעם אַנדערן געזידעלט פאַר פחדנים. דער דאָזיגער פּרוב אויף אַן אָנפאַל איז פאָרגעקומען ראש חודש תמוז.

ווי נאָר די אידען זיינען פערטריבען געוואָרען, האָבען די רוימער געבראַכט שטורעמבעק, הגם פון אַנטאָניאַ אַראָב האָט מען אויף זיי געוואָרפען גרויסע שטיינער, ברענענדיגע שייטען האָלץ, שטיקער אייזען און פערשיידענע אַנדערע זאַכען, וואָס די נויט האָט זיי געגעבען די אידען אין האַנד אַריין. וואָרום הגם די אידען האָבען זיך שטאַרק פערלאָזען אויף זייערע מויערן און האָבען גאָרנישט ניט געהאַלטען פון די מאַשינעס פון די רוימער, פונדעסטוועגען האָבען זיי געמיהט זיך ניט צו דערלאָזען זיי קומען נעהענטער. די רוימער, פערקעהרט, האָבען געהאַלטען, אַז דערפאַר זוכען זייערע געגנער צו היטען אַנטאָניאַ פון די קלעפּ פון די מאַשינעס, מחמת די מויער איז שוואַך, און דעריבער האָבען זיי פון זייער זייט געאַרבייט מיט דער גרעסטער

אָנשטריינגונג, מחמת זיי האָבען געהאָפּט צו בעשעדיגען די פונדאַמענטען נאָר די געטראָפענע ערטער האָבען זיך אַלץ ניט געריהרט פון אָרט.

הגם מען האָט אויף די רוימער כסדר געשאָסען, פונדעסטוועגען האָבען זיי זיך לחלוטין ניט געלאָזט אָבשרעקען דורך דער סכנה, וואָס איז געקומען צו זיי פון אויבען, נאָר זיי האָבען ווייטער געאַרבייט מיט די שטורעמבעק. נאָר היות ווי זיי האָבען נאָך אַלץ געליטען שאָדען, בעזונדערס האָבען זיי די שטיינער געבראַכט גרויסע אָנוועהרען, דעריבער האָבען עטליכע פון זיי געמאַכט פון זייערע שילדען אַ דאַך איבער זיך, האָבען אונטערגעגראָבען מיט די הענד און מיט פלאָקענס די פונדאַמענטען און מיט גרויס מיה האָבען זיי צולעצט אַרויסגעבראָכען פיער גרויסע שטיינער פון מויער. דערווייל איז געוואָרען פינסטער, און אויף ביידע זייטען איז אָבגעשטעלט געוואָרען דער קאַמף.

ביינאַכט אָבער איז פּלוצלונג אַיינגעפאַלען די מויער, וואָס איז דער־ציטערט געוואָרען דורך די שטורעמבעק, אויף יענעם אָרט, וואו יוחנן האָט געהאַט אויסגעגראָבען אַן אונטערערדישען גאַנג. געשעהן איז דאָס מחמת דעם, וואָס דער גאַנג איז אַיינגעפאַלען.

4. די דאָזיגע געשעהעניש האָט בנוגע צו דער ערמוטיגונג פון ביידע צדדים געמאַכט אַ רושם פּונקט דעם היפוך דערפון, וואָס מען האָט זיך גע־קאָנט ריכטען. די אידען, וואָס זיי האָט דער פּלוצלונגדיגער איינפאַל פונ׳ם מויער, וואָס זיי האָבען קעגען דעם קיין מיטלען ניט אָנגענומען, בעדאַרפט אייגענטליך אָנשרעקען, האָבען זיך געפיהלט גאַנץ גוט, וואָס אַנטאָניאַ איז דאָך געבליבען שטייהן. פערקעהרט, ביי די רוימער איז די אומגעריכטע פרייד דעריבער, וואָס די מויער איז אַיינגעפאַלען, געשטערט געוואָרען דורכ־דעם, וואָס זיי האָבען דערזעהן אַ צווייטע מויער, וואָס יוחנן׳ס מענשען האָבען געהאַט אויסגעבויט הינטער דער ערשטער. אמת, די דאָזיגע צווייטע מויער האָט מען אין פלוג געקאָנט גרינגער אַיינגעמען, איידער די ערשטע, ראשית, ווייל די חורבות פון דער לעצטער האָבען פערגרינגערט דעם אַרויפגייהן, און צווייטענס, ווייל מען האָט גערעכענט, אַז זי איז אַ סך שוואַכער, איידער אַנטאָניאַ, און ווייל זי איז געבויט לפי שעה, וועט זי גיך קאָנען ווערען צע־שטערט. פונדעסטוועגען האָט קיינער ניט דערוועגט זיך אַרויפצושטייגען. וואָרום די ערשטע, וואָס וואָלטען געפּרובט דאָס טון, וואָלטען אַ־דאַי זיך בע־דאַרפט ריכטען אויף אַ זיכערן טויט.

5. היות ווי טיטוס איז געווען איבערצייגט, אַז מען קאָן הויבען ביי די קריגסלייט דעם חשק צום קאַמף דער עיקר דורך אַן אויפמונטערנדע רעדע, און אַז דורך אויפמונטערונגען און הבטחות קאָן מען מאַכען פערגעסען אַלע סכנות און אַפילו אויסלערנען צו פעראַכטען דעם טויט, — דעריבער האָט ער צונויפגערופען די מוטיגסטע צווישען זיינע מענשען, בכדי אויסצופּרובען זייער מוט, און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט.

„חברים! אויב מען זאָל אויפמונטערן עמיצען צו אַזעלכע אונטערנעמונ־

גען, וואָס קיין סכנה איז אין זיי ניטאָ, דעמאָלט איז דאָס אַ חרפה ניט נאָר פאַר די, צו וועמען די אופמונטערונג איז געווענדעט, נאָר אויך דעם, פון וועמען זי גייהט אויס, קאָן מען פאָרוואָרפען, אַז ער איז אַ פחדן. אויפמונטערן, מיין איך, בעדאַרף מען אַ מענשען בלויז צו געפעהרליכע אונטערנעמונגען, וואָרום די איבעריגע וועט איטליכער מסתמא אויספיהרען לויט זיין איי־גענעם חשק.

דעריבער וויל איך אָפען מודה זיין: אַרויפצוגייהן אויף דער מויער איז טאַקע אַ שווערע זאַך; נאָר איך וויל נאָך מוסיף זיין, אַז צו קעמפפען קעגען שוויריגקייטען פאַסט גראָד פאַר דעם, וואָס זוכט צו בעקומען אַ שם פאַר אַ מוטיגען מענשען, אַז דער העלדענטויט איז עפּיס שיינס, און אַז די מוטיגע טאַט פון די, וואָס דערוועגען זיך צוערשט זי צו טון, וועט ווערען געוויס בעלוינט.

צוערשט זאָל אונטערפייערן אייער מוט גראָד דאָס, וואָס וואָלט אַן אַנדערן אָבגעשראָקען: די שטאַנדהאַפטיגקייט פון די אידען און זייער עקשנות אין אומגליק. ס'וואָלט דאָך געווען אַ חרפה, אויב איהר, אַלס רוימער און מיינע סאָלדאַטען, וואָס איהר האָט זיך אויסגעלערנט צו פיהרען מלחמה אין שלום־צייטען און אין דער מלחמה זייט איהר געוויהנט מנצח צו זיין, — זאָלט דערלאָזען, אַז די אידען זאָלען אייך אַריבערשטייגען בנוגע צו קראַפט און מוט, — און גראָד איצט נאָך, בשעת דער נצחון איז שוין כמעט ביי אייך אין האַנד, און איהר בעקומט הילף מצד דער גאָטהייט. אונזערע מפּלות זיינען דאָך נאָר דער פּועל־יוצא פונ'ם פערצווייפעלטען מוט פון די אידען; זייערע צרות, פערקעהרט, ווערען פערגרעסערט דורך אייער מוטיגקייט און מיט גאָטס ווילען. וואָרום בירגערקריג, הונגערס־נויט, בעלעגערונג, איינפאַל פון מויער אָהן דער הילף פון מאַשינעס — וואָס דען אַנדערש בעדייט דאָס, אַז ניט גאָטס צאָרן איבער זיי, גאָטס הילף מיט אונז? און איך האָף, אַז מען וועט ניט דערציילען וועגען אונז, אַז שוואַכערע האָבען אונז גובר געווען, און אַז מיר האָבען דערצו נאָך גאָטס הילף אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנד!

מה דאָך די אידען, וואָס זיי קומט אַ מפּלה ניט בעזונדערס מיאוס פאָר, ווייל עטליכע מאָל האָבען זיי שוין געמוזט אַריבערטראָגען דעם צושטאַנד פון קנעכטשאַפט, פונדעסטוועגען, בכדי נאָך אַ מאָל ניט אַריינצופאַלען אינ'ם זעלביגען צושטאַנד, פעראַכטען זיי דעם טויט, מאַכען כסדר איין מאָל נאָכ'ן אַנדערן אויספאַלען אין אונזערע רייהען, ניט ווייל זיי האָפען אויף אַ נצחון, נאָר מחמת זיי ווילען בעווייזען זייער מוט, — היינט צי וואָלט דען ניט געווען אַ חרפה און בזיון, אויב מיר, וואָס זיינען די בעהערשער כמעט פון אַלע לענדער און פון ים, וואָס פאַר אונז איז דאָס שוין אַ חרפה, ווען מיר זיינען ניט מנצח איטליכס מאָל, — וואָלטען מיט אַזאַ גרויסען חייל רוהיג געזעסען און אָבגעוואַרט, ביז וואַנען דער הונגער און די צרות וועלען מאַכען אַ סוף פון אונזערע שונאים, און וואָלטען ניט אויסגעפּרובט איין מעכטיגען קלאַפּ

קעגען זיי, וויבאַלד אַז מיט אַ קליינעם איינזאַץ קאָנען מיר אַלצדינג געווינען?

ווען מיר ווען מיר ווערלען אַרויף אויף אַנטאָניאַ, דעמאָלט האָבען מיר די שטאָדט: וואָרום אויב אַפּילו ס׳זאָל זיך אָנהויבען מיט די, וואָס געפינען זיך אינעוויניג, אַ גרינגער קאַמף, — וואָס איך גלויב איבעריגענס ניט, — דעמאָלט איז די הויכע לאַגע פון אונזער פּאָזיציע, וואָס דורכדעם וועלען מיר קאָנען דעם פיינד דערשטיקען, אונזער ערב, אַז מיר וועלען האָבען אַ גיכען און פולקומען נצחון.

איך וויל איצט ניט לויבען דעם טויט אין שלאַכט און די אומשטערב־ליכקייט פון די, וואָס פאַלען אין הייסען קאַמף. נאָר די, וואָס האָבען אַן אַנ־דער מיינונג, וואָלט איך געוואונשען אַ פרידליכען טויט אויפ׳ן קראַנקענבעט, וואו אינאיינעם מיט׳ן גוף שטאַרבט אויך אָב די נשמה. וואָרום ווער ווייס ניט, אַז די נשמות פון די מוטיגע לייט, וואָס זיינען אין טומעל פון שלאַכט דורכ׳ן שווערד בעפרייט געוואָרען פון קערפּער, נעמט אויף דער ריינסטער עלעמענט, דער עטער, און טראָגט זיי אַריבער אויף שטערענס, פון וואַנען זיי ערשיינען פאַר זייערע קינדס־קינדער אַלס גוטע רוחות און לייטזעליגע הע־ראָען; פּערקעהרט, די וואָס שטאַרבען אין אַ קראַנקען קערפּער, הגם זיי זיינען ריין פון זינד און בעפלעקונג, פונדעסטוועגען הילט זיי איין די נאַכט פון דער אונטערשטער וועלט, וואו עס חאַפּט זיי אַרום אַ טיפע פערגעסענהייט, און עס ווערט ביי זיי צוגענומען מיט אַ מאָל לייב און לעבען און געדע־כעניש? אויב ס׳איז איבערהויפּט בעשטימט פון שיקזאַל, אַז דער מענש מוז שטאַרבען, און אויב דער שווערד איז אַ סך אַ בעסערער דיענער פונ׳ם דאָ־זיגען שיקזאַל, איידער וואָסער עס איז קראַנקהייט: צי דען וואָלט ניט געווען אומאיידעל, אויב מיר וואָלטען זיך אָבגעזאָגט מקריב צו זיין צוליעב׳ן גוטען צוועק דאָס, וואָס מיר וועלען דאָך ווען עס איז מוזען מקריב זיין דעם שיקזאַל?

איבעריגענס, זיינען מיינע ווערטער ביז אַהער זיך סומך אויף דער השערה, אַז די, וואָס וועלען דערוועגען זיך צו מאַכען אַן אָנפאַל, וועלען ניט אַנטרונען ווערען לעבעדיגערהייד. נאָר מען מוז אויך נעמען אין בעטראַכט די אַנדער מעגליכקייט: דאָס הייסט, אַז מוטיגע מענער קאָן זיך איינגעבען, זיך גופא אַרויסצוראַטעווען פון דער גרעסטער סכנה. וואָרום ערשטענס איז ניט שווער אַרויפצושטייגען אויף די חורבות; ווי נאָר דאָס איז געשעהן, וועט מען דעם נייעם בנין קאָנען גאָר צעשטערען. אָבער אַז איהר זאָלט זיך נעמען פאַר דער זאַך אין אַ גרעסערער מאָסע מיט פרישען מוט, דעמאָלט וועט איהר איינער דעם אַנדערן אויפמונטערן און אונטערשטיצען, און אייער מוטיגער אַרויסטרעט וועט גיך איינברעכען דעם שונא׳ס גאוה. אפשר וועט אייך דער געווינען די אונטערנעמונג אַפּילו קיין איין טראָפּען בלוט ניט קאָסטען, אויב איהר וועט עס נאָר ריכטיג אָנהויבען.

ס׳פערשטייהט זיך, אַז אין דער צייט, וואָס איהר וועט שטייגען נאָך אויבען, וועלען זיי זוכען מיט׳ן גאַנצען כח אייך אָבצוטרייבען. וויבאַלד אָבער

אַז איהר וועט דערגרייכען, צי איבער געוואַלד אָדער דורך רמאות, צו אַייער ציעל, דעמאָלט וועלען זיי שוין קיין ווידערשטאַנד ניט צַרויסווייזען, אַפּילו אויב איהר וועט זיין לכתחלה ווינציג. איך פון מיין זייט וועל דאָס האַלטען פאַר אַ כּבוד צו בעלוינען דעם ערשטען, וואָס וועט אַרויף אויפ׳ן מויער, אַזוי אַז אַלע וועלען איהם מקנא זיין: אויב ער וועט בלייבען לעבען, וועט ער האָבען צו זאָגען איבער די אַלע, וואָס זיינען איצט זיינעסגלייכען; אָבער אויך דעם אָנדיינק פון די געפאַלענע וועל איך אויף אַ גלענצענדען אויפ׳ן אָבגעבען כּבוד״.

6. אין דער צייט פון טיטוס׳עס רעדע האָט דער חייל זיך נאָך אַלץ געשראָקען פאַר דער גרייס פון דער סכּנה. נאָר איינער פון די, וואָס האָבען געדיענט אין די קאָהאָרטעס, אַ געבאָרענער סיריער מיט׳ן נאָמען סאַבינוס, האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ מוטיגען סאָלדאַט, הגם לויט זיין אויסזעהן האָט ער ניט געהאַט קיין פּנים פון אַן עכטען זעלנער. ער איז געווען שוואַרץ אין פּנים, דערביי דאַר פון געשטאַלט; אָבער אין דעם דאָזיגען דאַרען גוף, וואָס איז געווען פיעל צו קליין פאַר׳ן כּח, וואָס האָט געוואוינט אין איהם, האָט זיך געפונען אַ נשמה פון אַן אמת׳ען העלד.

דער דאָזיגער מאַן איז אויפגעשטאַנען פריהער פאַר אַלעמען און האָט געזאָגט: „איך וויל גערן זיך מקריב זיין פאַר דיר, אדוני קיסר, און דער ערשטער וויל איך אַרויפשטייגען אויפ׳ן מויער; נאָר צו מיין מוט און גוטען ווילען וואָלט איך מיר נאָר געוואונשען דיין גוטען מזל. אויב ס׳וועט מיר ניט זיין בעשערט אויסצופיהרען מיין פּלאַן, דעמאָלט זאָלסטו וויסען זיין, אַז דאָס איז מיר געקומען ניט אומגעריכטערהייד, נאָר אַז איך האָב מיט׳ן גוטען ווילען אויסגעקליבען דעם טויט פאַר דיר״.

נאָכדעם ווי ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער מיט דער לינקער האַנד אויפגעהויבען זיין שילט איבערן קאָפּ, האָט מיט דער רעכטער האַנד אַרויס־געצויגען זיין שווערד און האָט זיך געלאָזט גייהן צום מויער; דאָס איז געשעהן אַן ערך די זעקסטע שעה ביי טאָג. פון די איבעריגע זיינען אַוועק נאָך איהם בלויז עלף מאַן, וואָס האָבען איהם געוואָלט נאָכטון בנוגע צו מוטיג־קייט.

די וועכטערס אויף די מויערן האָבען געוואָרפען אויף זיי שפּיזען, האָ־בען פון אַלע זייטען בעשאָטען זיי מיט אַ האָגעל פון פיילען און האָבען אַראָבגעקייקעלט אויף זיי גרויסע שטיינער, וואָס האָבען עטליכע פון די עלף אַראָבגעוואָרפען. נאָר סאַבינוס האָט זיך אַ לאָז געטאָן מוטיג אַנטקעגען די אידען, און הגם ער איז כּמעט פערשוואונדען געוואָרען אונטער׳ן רעגען פון די פיילען, פונדעסטוועגען האָט ער ניט פריהער זיך אָבגעהאַלטען, ביז וואַנען ער איז אָנגעקומען אויבען אויף דער מויער און האָט פערטריבען פון דאָרט די פיינד. די אידען האָבען זיך שטאַרק דערשראָקען פאַר זיין גבורה און מוט און האָבען זיך געלאָזט לויפען; אויך האָבען זיי ניט אַנדערש גע־רעכענט, אַז מיט איהם אינאיינעם זיינען נאָך אַ סך אַנדערע אַרויפגעקלעטערט נאָך אויבען.

אָבער דאָ איז ווידער פאָרגעקומען אַ מעשה, וואו מען וואָלט זיך בעדאַרפט בייזערן אויפ׳ן שיקזאַל, וואָס ער איז אַזוי מקנא מוטיגקייט און זוכט צו נישט צו מאַכען ניט-געוויהנליכע גבורות. וואָרום בשעת דער דאָזיגער מוטיגער מענש האָט פערענדיגט זיין אונטערנעמונג, האָט ער זיך אויסגעגליטשט, איז געשטרויכעלט געוואָרען איבער אַ שטיין און איז געפאַלען מיט׳ן פנים צו צו דער ערד. ווי נאָר די אידען האָבען דערהערט דעם קלאַפּ פון פאַל, האָבען זיי ווידער זיך געגעבען אַ קעהר אום. און אַז זיי האָבען דערזעהן איהם ליגענדיג אויף דער ערד, זיינען זיי פון אַלע זייטען אָנגעפאַלען אויף איהם מיט פיילען. נאָר ער האָט זיך אַוועגעשטעלט אויף איין קניה און האָט זיך פערטיידיגט אַ צייט דורך זיין שילט, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר זיך, און דערביי האָט ער געגעבען קלעפּ עטליכע פון די, וואָס זיינען געקומען נאָהענט צו איהם. צולעצט, אַז ער איז שוין געווען אינגאַנצען בעדעקט מיט וואונדען, האָט ער געלאָזט פאַלען זיין רעכטע האַנד, און זיין גייסט איז איהם אַרויס.

פון וועגען זיין מוטיגקייט וואָלט מען דעם דאָזיגען מענשען געוואונשען אַ בעסערן סוף. אודאי איז זיין אונטערנעמונג געווען אַזעלכע, וואָס מען האָט געמוזט ביי איהר פאַלען.

פון די עלף האָבען די אידען געטויט דורך שטיינער נאָך דריי, וואָס זיינען שוין געווען אַרויפגעשטייגט אויפ׳ן מויער; די איבעריגע אַכט זיינען געראַטעוועט געוואָרען, און פערוואונדעטע האָט מען זיי געבראַכט אין לאַגער. דאָס איז געשעהן דריי טעג אין תמוז.

7. אין צוויי טעג אַרום האָבען זיך צונויפגעקליבען צוואַנציג מאַן פון די וואַך-סאָלדאַטען, וואָס זיינען אַוועקגעשטעלט געווען אויף די דאַמבעס, און נאָכדעם ווי זיי האָבען צוגעצויגען צוליעב זייער אונטערנעמונג דעם אָדלער-טרעגער פונ׳ם פינפטען לעגיאָן, צוויי מאַן פון די רייטער-אָבטיילונגען און אַ טרומייטער, זיינען זיי אין דער נייענטער שעה ביי-נאַכט גאָר אין דער שטיל אַרויף אויף די חורבות פון אַנטאָניאַ, האָבען געטויט די פאָדערשטע פּאָסטענס, וואָס זיינען געלעגען און געשלאָפען, האָבען פערנומען די מויער און געלאָזט דעם טרומייטער בלאָזען סיגנאַלען.

נאָכדעם האָבען זיך תיכף אויפגעהויבען אַלע איבעריגע שומרים און זיינען אַנטלאָפען געוואָרען, ניט אומקוקענדיג זיך אַפילו צו דערגייהן, וויפיעל אָנפאַלער עס זיינען דאָרט געווען. וואָרום די מורא און דער סיגנאַל פונ׳ם טרומייט האָט אין זיי אויפגעוועקט די מיינונג, אַז די פיינד זיינען מאַסענווייז אַרויפגעקלעטערט.

ווי נאָר דער קיסר האָט דערהערט דעם סיגנאַל, האָט ער געהייסען דעם חייל זיך בעוואָפענען און איז מיט די אָפיצירען בראש פון אַן אָבגעקליבענער אָבטיילונג צוערשט אַרויף אויף דער פעסטונג. היות ווי די אידען האָבען זיך צוריקגעצויגען אין בית-המקדש, זיינען די רוימער אַריינגעדרונגען

אַהין דורכ'ן אונטער-ערדישען גאַנג, וואָס יוחנן האָט געפיהרט קעגען די וואַלען פון די רוימער.

נאָר די מורדים, הגם זיי זיינען געוועזן צעשפּאָלטען אין צוויי פיינדליכע פּאַרטייען אונטער יוחנן און שמעון'ן, פונדעסטוועגען האָבען זיי איינאיינעם זיך פערטיידיגט קעגען די רוימער און האָבען אָנגעווענדט דערצו אַזאַ קראַפט און מוט, וואָס האָט ניט געקאָנט זיין גרעסער. וואָרום זיי האָבען גוט פערשטאַנען, אַז ווי נאָר די רוימער וועלען פערנעמען דעם היילִיגטום, איז דער גורל פון שטאָדט שוין בעשטימט; די רוימער, פערקעהרט, האָבען דערין איינגעזעהן דעם אָנהויב פונ'ם נצחון. אַזוי האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט פאַר די טויערן אַ האַרטער קאַמף: די רוימער האָבען געוואָלט צווינגען, מען זאָל זיי אַריינלאָזען, בכדי זיי זאָלען קאָנען פערנעמען דעם בית-המקדש; די אידען, פערקעהרט, האָבען געמיהט זיך אַריינצושטופען די רוימער אין אַנטאָניאַ. שיס-געוועהר און וואָרפשפּיזען האָט מען ביי ביידע צדדים ניט געקאָנט גע-ברויכען; נאָר מאַן קעגען מאַן האָט איטליכער בעדאַרפט קעמפען מיט'ן שווערד באַלד האָט מען אינ'ם ברען פון געשלעג ניט געקאָנט אונטערשיידען, אויף וועמענס צד איטליכער איינצעלנער האָט געקעמפט, מחמת די קריגסלייט האָבען געבילדעט בלויז איין איינציגע צעטומעלטע מאַסע, האָבען אין דער שפּאַרעניש אַוועקגערוקט איינער דעם אַנדערן און מחמת דעם אַלגעמיינעם רעש האָבען זיי ניט געקאָנט פערשטייהן, וואָס זייערע חברים ריידען. אויף ביידע זייטען האָט זיך געגאָסען אַ סך בלוט, און די קעמפענדע האָבען צעטראָטען ביי די געפאַלענע די אברים און פאַנצערס. און ווי נאָר די וואָגשאָל האָט זיך אויפגעהויבען אָדער אַראָבגעלאָזט ביי איינעם פון די שטרייטענדע צדדים, האָט זיך געלאָזט הערען אָדער דער אויפמונטערנדיגער געשריי פון די, וואָס האָבען זיך געפונען אין אַ בעסערער לאַגע, אָדער דער קלאָג-געשריי פון די, וואָס זיינען אָבגעטראָטען צוריק. איבעריגענס איז ניט געווען קיין פּלאַץ ניט פאַר אַנטלויפען און ניט פאַר נאָכצויאָגען, און בכן האָט דער קאַמף זיך געשאָקעלט אומבעשטימט אַהין און אַהער, און די מהומה איז אַלץ געוואַקסען. ווער עס איז אַרויסגערוקט געוואָרען גאָר נאָך פאָרענט, דער האָט געמוזט אָדער טויטען, אָדער זיך לאָזען טויטען, וואָרום וועגען אַנטלויפען האָט מען גאָרניט געקאָנט קלערען. די וואָס זיינען געשטאַנען פון הינטען האָבען געשטופט זייערע אייגענע מענשען אַלץ ווייטער פאָראויס און האָבען ניט איבערגעלאָזט קיין ברעקיל פרייען אָרט צווישען די שטרייטער.

צולעצט האָט די אידענס ווילדער מוט בעקומען די אויבערהאַנד איבער די קריגכגעניטע רוימער, און דער קאַמף איז אין אַלע פּונקטען געגאַנגען שוין צום סוף, נאָכדעם ווי ער האָט געדויערט פון דער ניינטער שעה ביינאַכט ביז דער זיבעטער בייטאָג 1). מצד די אידען האָט גענומען אַן אָנטייל אין דעם געשלעג דער גאנצער חייל, וואָס האָט געפיהלט, אַז ער מוז אָנ-

1) ד. ה. פון 3 אזייגער ביינאכט ביז 1 אזייגער נאָכמיטאָג.

שטריינגען אַלע כּחות ביי דער סכנה, די שטאָדט זאָל ניט אַיינגענומען ווערען. ביי די רוימער אָבער האָט זיך בעטייליגט בלויז אַ טייל פונ׳ם חייל, ווייל די לעגיאָנען, וואָס אויף זיי האָבען די שטרייטענדע אַרויפגעלייגט זייער גאַנצע האָפענונג, האָבען נאָך ניט געהאַט אַרויפגעשטייגט אויפ׳ן שלאָס. מחמת דעם טעם האָבען די רוימער זיך בעגענוגט דערווייל דערמיט, וואָס זיי האָבען איינגענומען אַנטאָניאַ.

8. בשעת דער צענטוריאָ יוליאַנוס — אַ ביטיניער פון אַ מיוחס׳דיגער משפּחה, וואָס בנוגע צו גענימקייט אין קריג, קערפּערקראַפט און מוט איז ער געווען דער אויסגעצייכענטסטער מאַן, מיט וועלכען איך האָב זיך בעקאָנט אינ׳ם דאָזיגען קריג — האָט דערזעהן, ווי די רוימער טרעטען אָב און פערטיי־דיגען זיך נאָר שוואַך, איז ער אַרויס פון אַנטאָניאַ, וואו ער איז געשטאַנען נעבען טיטוס׳ן, און האָט אַוועקגעטריבען די אידען, וואָס האָבען שוין גע־האַלטען ביי מנצח זיין, ביז צו אַ ווינקעל פונ׳ם אינעוויינינגסטען הויף פון בית־המקדש. די גאַנצע מאַסע פון די פיינד איז אַנטלאָפען געוואָרען פאַר איהם, מחמת זיין שטאַרקייט און דרייסטקייט האָט זיך זיי אויסגעדוכט איבער־מענשליך. נאָר ער איז געלאָפען צווישען די פונאַנדערגעיאָגטע פון איין זייט און דער אַנדערער און האָט אַלעמען דערשטאָכען, ווער עס איז איהם געקו־מען אין וועג. דער קיסר איז שטאַרק נתפּעל געוואָרען איבער דעם דאָזיגען בילד, ביי די איבעריגע אָבער האָט עס דערוועקט אַ שוידער.

נאָר אויך אויף דעם דאָזיגען מענשען איז געפאַלען דער גורל, וואָס קיין שטאַרבליכער קאָן איהם ניט אויסמיידען. פּונקט ווי די איבעריגע סאָל־דאַטען, האָט ער געטראָגען שיך, וואָס זיינען געדיכט בעשלאָגען געווען מיט שאַרפע נעגעל. לויפענדיג אַזוי איבער׳ן ברוק, האָט ער זיך אויסגעגליטשט און איז הינטערוויילעכס אַנידערגעפאַלען. זיין פּאַנצער האָט דערביי אַ קלונג געטאָן, און דאָס איז געווען פאַר די לויפענדיגע אַ סיגנאַל זיך אומצוקעהרען. תּיכּף האָבען די רוימער אין אַנטאָניאַ, וואָס האָבען זיך געשראָקען פאַר דעם דאָזיגען מענשענס [יוליאַנוס׳עס] לעבען, אויפגעהויבען אַ גרויס געשריי. נאָר די אידען האָבען איהם אַרומגערינגעלט אין אַ געדיכטער מאַסע און האָבען איהם גענומען שטעכען מיט שפּיזען און שווערדען. אַ סך קלעפּ האָט ער בע־גענענט מיט זיין שילט און האָט עטליכע מאָל געפּרובט זיך אויפצוהויבען; נאָר שטענדיג האָבען זיינע געגנער מחמת זייער גרויסער צאָהל איהם ווידער אַנידערגעוואָרפען אויף דער ערד. נאָר בשעת ער איז נאָך דאָ געלעגען, האָט ער פערוואונדעט אַ סך געגנער זיינע מיט זיין שווערד. עס האָט געדויערט נאָך אַ לאַנגע צייט, ביז מען האָט איהם געטויט, מחמת ער האָט איינגעצוי־גען זיין האַלז, און אַלע שטעלען פון זיין קערפּער, וואו מען האָט געקאָנט איהם טויטליך פערוואונדען, זיינען געווען געדעקט דורכ׳ן קיווער און פּאַנצער. ערשט נאָכדעם ווי מען האָט איהם געהאַט אָבגעהאַקט די גלידער, און קיינער האָט ניט דערוועגט זיך איהם צו געבען הילף, איז ער געבליבען ליגען. דער קיסר האָט אמת רחמנות געהאַט, אַז ער האָט דערזעהן, ווי דער דאָזיגער

העלדישער מענש איז דער'הרג'עט געוואָרען פאַר די אויגען פון אַזויפיעל קריגסלייט. ער גופא וואָלט גערן געוועזן איהם צו קומען צו־הילף, נאָר די לאַגע פונ'ם אָרט האָט דאָס איהם געמאַכט אוממעגליך; די יעניגע אָבער, וואָס האָבען דאָס געדאַרפט טון, זיינען געוועזן געפּלעפט פאַר שרעק. צולעצט איז יוליאַנוס, וואָס האָט געהאַט פערוואונדעט כמעט אַלע זיינע מערדער, נאָך אַ שווערען קאַמף מיט מיה איינגאַנצען געוואָרען אומגעבראַכט און האָט איבער־געלאָזען אַ בכבוד'ע געדעכעניש ניט בלויז ביי די רוימער און ביים קיסר, נאָר אויך ביי זיינע פיינד. די לעצטע האָבען צוגענומען דעם טויטען קערפּער, האָבען ווידער אַמאָל צוריקגעשלאָגען די רוימער און בעגרעניצט זיי אויף דער אַנטאָניאַ.

מצד די אידען האָבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט אינ'ם דאָזיגען געשלעג: אַלעקסאַס און גופתאי פון יוחנן'ס אָבטיילונג; פון שמעון'ס אָבטיי־לונג ווייטער: מלאכי, יהודה בן מרטון און יעקב בן סוסא, די אָנפיהרער פון די אדומים; פון די קנאים — צוויי ברידער שמעון און יהודה, די זיהן פון אַרי.

# צווייטער קאַפּיטעל.

טיטוס הייסט צעשטערען אנטאָניא. — געשלעגען ארום דעם בית־המקדש.

1. איצט האָט דער קיסר געגעבען אַ בעפעהל זיינע סאָלדאַטען, זיי זאָלען צעשטערען די גרונדמויערן פון אַנטאָניאַ, בכדי צו פערגרינגערן דעם גאַנצען חייל דעם צוטריט צום בית־המקדש. איבעריגענס, היות ווי ער האָט דעם דאָזיגען טאָג — דאָס איז געוועזן 17 טעג אין תמוז — זיך דערוואוסט, אַז מחמת עס פעהלען אויס מענשען, האָט מען אויפגעהערט צו ברייננגען דעם קרבן צו גאָט, וואָס מען פלעגט איהם מקריב זיין איטליכען טאָג, און אַז דאָס פאָלק איז זיך שטאַרק מצער דעריבער, — בכן האָט ער גערופען צו זיך יוסף'ן און האָט איהם געהייסען, אַז ער זאָל איצט ווידער אַמאָל פאָר'לייגען יוחנן, אַז אויב ער האָט טאַקע גרויס חשק צו קעמפען, זאָל ער אַרויסטרעטען מיט אַן אָבטיילונג שטרייטער, ווי גרויס ער וויל, בכדי ניט מיטצורייסען מיט זיך אין פערדאַרבעניש די שטאָדט מיט'ן בית־המקדש, און זאָל ער סוף־כל־סוף אויפהערען צו בעפלעקען דעם הייליגטום און צו זינדיגען קעגען גאָט. דער־וויייל וועט ער מעגען ווידער אָנהייבען פיהרען די עבודה דורך וואָסערע עס איז אידען, וואָס ער וועט דערויף בעשטימען.

יוסף האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַזוי, אַז איהם זאָלען קאָנען הערען ניט בלויז יוחנן אַליין, נאָר אויך די גאַנצע מאַסע, האָט איבערגעזאָגט דאָס, וואָס טיטוס האָט איהם געהייסען, אין העברעיאישער שפּראַך, און האָט נאָך מוסיף געוועזן זיין בקשה, אַז זיי זאָלען דאָן פערשוינען זייער [illegible] שטאָדט

אָבּוועגדען דעם פייער, וואָס בּעלעקט שוין שיער ניט דעם בּית-המקדש, און זאָלען ווייטער בּריינגען צו גאָט די קרבּנות.

די דאָזיגע ווערטער האָט דאָס פאָלק אויסגעהערט מיט אַ שווייגען, פול מיט עצבות. דער טיראַן אָבּער האָט בּעשאָטען יוסף'ן מיט זידלערייען און קללות, און צולעצט האָט ער דערקלערט, אַז ער האָט קיין מורא ניט פאַר דער עראָבּערונג, ווייל די שטאָדט שטייהט אונטער גאָטס שוץ.

אַלס אַן ענטפער דערויף, האָט יוסף איהם צוגערופען הויך אויפ'ן קול: „אודאי, דו האָסט דאָך אָבּגעהיט די דאָזיגע שטאָדט ריין פאַר דער גאָטהייט, און דער הייליגטום איז נאָך אַלץ אומבּעפלעקט. קעגען דעם, וואָס אויף זיין הילף פערלאָזטו זיך, האָסטו, פערשטייהט זיך, לחלוטין ניט געזינדיגט, און ער איז מקבּל די קרבּנות, וואָס דו בּריינגסט איהם! ווען עמיצער, דו פאַל-שער מענש, נעמט בּיי דיר אָבּ דיין טעגליך בּרויט, דעמאָלט בּעטראַכסטו איהם פאַר אַ שונא — און איצט מיינסטו, אַז דער גאָט, בּיי וועמען דו האָסט אָבּ-גענומען די אַלטע עבודה, וועט זיין דיין פערבּינדעטער אין קאַמף, און ווילסט אַרויפלייגען דיינע פערבּרעכענס אויפ'ן חשבּון פון די רוימער, וואָס אַכטען נאָך היינט אונזערע געזעצען און בּעשטייהן דערויף, אַז מען זאָל ווידער אָנהויבּען בּריינגען די קרבּנות צו גאָט, וואָס דו האָסט אָבּגעשאַפט? ווער וועט ניט יאָמערן און קלאָגען איבּער דעם אומנאַטירליכען שינוי, וואָס איז געשעהן אין שטאָדט? גוטע פריינד און שונאים זוכען איצט צו פערריכטען דאָס, וואָס דו האָסט געזינדיגט קעגען גאָט, אין דער צייט וואָס דו גופא, וואָס דו בּיזט אַ איד, וואָס איז אויסגעוואַקסען אונטער'ן געזעץ, ווילדעוועסט קעגען געזעץ ערגער, איידער דאָס וואָלט געקאָנט טון אַ שונא. אָבּער אויך אינ'ם לעצטען אויגענבּליק תּשובה טון אויף זינדיגע מעשים איז קיין חרפה ניט, יוחנן, און צו דער החלטה צו ראַטעווען די שטאָדט האָט דיך בּעדאַרפט אויפוועקען דער בּיישפּיעל פון אונזער קעניג יכניה, וואָס האָט אין זיין צייט, בּשעת דער קעניג פון בּבל איז אַרויס קעגען איהם מיט זיין חייל, פערלאָזען די שטאָדט מיט'ן גוטען ווילען און איז אַוועק מיט זיין פאַמיליע אין דער געפאַנגענשאַפט, וואָס ער האָט זיך אַליין אויסגעקליבּען, בּכדי ניט איבּערצוגעבּען די דאָזיגע הייליגע שטאָדט אין די פיינדס הענד און בּכדי ניט צו לאָזען פערבּרענען דעם בּית-המקדש. דעריבּער ווערט ער אויך געעהרט בּיי אַלע אידען אין אַ הייליגען ליעד, און זיין געדעכעניש, וואָס ווערט אויפגעפרישט פון יאָהרהונ-דערטען, בּלייבּט אומשטאַרבּליך בּיז אין די שפּעטעסטע דורות. דאָס איז בּאמת אַ גרויסאַרטיגער מוסטער, יוחנן, אַפּילו אויבּ עס זאָל שטעקען אַ סכּנה אינ'ם נאָכמאַכען איהם! נאָר איך בּין נאָך דיר ערב פאַר אַ בּעגנאַדיגונג מצד די רוימער. בּעטראַכט זיך, אַז איך רייד צו דיר אַלס לאַנדסמאַן און אַלס איד גיבּ איך דיר די דאָזיגע הבטחה, און דו מוזט דערויף אַכטען, פון וועמען און אין וואָסער זין דיר ווערט געגעבּען אַן עצה! בּנאמנות, איך וועל קיין מאָל אין מיין לעבּען ניט זיין אַזוי אינגאַנצען אַ קריגס-געפאַנגענער, אַז איך זאָל פערלייקענען מיין פאָלק און פערגעסען מיין פאָטערלאַנד. גאָר ווידער

אַ מאָל ווילדעוועסטו קעגען מיר און בעשיסטסט מיך מיט זידלערייען! ניין, איך פערדיען נאָך אַ האַרטערע שטראָף, ווייל אויף להכעיס דעם שיקזאַל קום איך מיט שטראָף-רייד און וויל ראַטעווען אַזעלכע מענשען, וואָס גאָט האָט זיי פערוואָרפען! ווער ווייס ניט די שריפטען פון די אַלטע נביאים און די נבואה קעגען דער דאָזיגער אומגליקליכער שטאָדט, וואָס ווערט איצט מקוים? זיי האָבען נביאות געזאָגט, אַז דעמאָלט וועט ירושלים חרוב ווערען, ווען עמיצער וועט אָנהויבען צו פערגיסען די בלוט פון זיינע פאָלקס-ברידער. צי דען איז די שטאָדט און דער גאַנצער בית-המקדש ניט פול פון הרוגים, וואָס איהר האָט זיי געמאָרדעט? גאָט, הייסט עס, גאָט אַליין פיהרט אַהער מיט די רוימער דעם פייער, וואָס בעדאַרף אויסלייטערן דעם בית-המקדש, און פערטיליגט די שטאָדט, וואָס אויף איהר ליגען אַזעלכע שענדליכע חטאים!"

2. אַזוי האָט גערעדט יוסף מיט געוויין און קלאָג און צולעצט האָט ער זיך אַזוי צעכליפעט, אַז ער האָט ניט געקאָנט ווייטער ריידען. די רוימער האָבען געהאַט רחמנות אויף זיין צער און האָבען געאַכט זיין גוטען רצון. אָבער יוחנן און זיינע חברים האָבען זיך אַרויסגעוויזען נאָך מעהר ערביטערט קעגען די רוימער, און זייער הייסער פערלאַנג איז געווען צו חאַפּען יוסף'ן. נאָר אַ סך חשוב'ע אידען זיינען געריהרט געוואָרען דורך זיין רעדע, און אין דער צייט וואָס איניגע פון זיי זיינען געבליבען אויף זייערע ערטער, הגם זיי האָבען געזעהן בחוש זייער אייגענעם אונטערגאַנג און דעם חורבן פון דער שטאָדט, — האָבען אַנדערע אויסגעזוכט אַ גינסטיגע געלעגענהייט אויף צו אַנט-לויפען און זיינען אַריבער צו די רוימער. צווישען די לעצטע האָבען זיך גע-פונען די כהנים יוסף און ישוע, וואָס זייערע פאָטערס האָבען אויך געהערט צום דאָזיגען שטאַנד; ווייטער דריי זיהן פון אַ געוויסען ישמעאל, וואָס מען האָט איהם אַראָבגעהאַקט די קאָפּ אין קירענע, פיער זיהן מתתיהו'ס און דעם אַנדער מתתיהו'ס איין זוהן, וואָס שמעון בר גיורא האָט אַוועקגע'הרג'עט זיין פאָטער און זיינע ברידער, און ער אַליין איז נאָך געבליבען לעבען, ווי עס איז אויבען דערצייהלט געוואָרען 1). אינאיינעם מיט די כהנים זיינען נאָך אַ סך אַנדערע חשוב'ע לייט אַנטלאָפען געוואָרען צו די רוימער.

דער קיסר איז לא די, וואָס ער האָט זיי לכתחילה אויפגענומען פריינד-ליך, נאָר ער האָט זיי נאָך געלאָזט אַריבערקלייבען זיך קיין גופנא, וואו זיי האָבען דערוויל בעדאַרפט בלייבען, מחמת זיי האָבען זיך געפיהלט ניט גוט צווישען אַ פאָלק מיט פרעמדע מנהגים. אַז דער קריג וועט איהם ווינציגער פערנעמען, האָט ער געהאַט בדעה איטליכען צוריקצוגעבען זיין פערמעגען. רוהיג און זיכער זיינען זיי בכן אַוועק אין שטעדטיל, וואָס מען האָט זיי אָנגעוויזען. נאָר היות ווי מען האָט זיי איצט מעהר ניט געזעהן, דעריבער האָבען די מורדים — פערשטייהט זיך, מיט'ן מיין אָבצושרעקען די אַנדערע פון צו אַנטלויפען — ווידער פערשפרייט אַ קלאַנג, אַז די פיינד האָבען די איבער-

1) ז. בוך V, קאַפּיטעל 13, § 1.

לויפער געטויט. אַ געוויסע צייט האָט טאַקע דער דאָזיגער קונץ, פּונקט ווי פריהער 1), זיך איינגעגעבען, מחמת די מענשען האָבען איבער מחמת מורא זיך געלאָזט אָבהאַלטען פון אַריבערצוגייהען צו די רוימער.

3. שפּעטער אָבער, אַז טיטוס האָט געלאָזט צוריקקומען די מענער פון גופנא און אַרומגייהען זיי אַרום דעם מויער אין דער בעגלייטונג פון יוסף'ן פאַר די אויגען פון'ם גאַנצען פאָלק, דעמאָלט האָבען די אידען ווידער אָנ. געהויבען מאַסענווייז צו אַנטלויפען צו די רוימער. פעראייניגט אין אַ גרויסער מחנה, האָבען זיי זיך אַלע אויסגעשטעלט פאַר דער רוימישער ליניע און האָבען מיט זיפצען און טרערען געבעטען זיך ביי די מורדים רחמים, אַז זיי זאָלען עפענען פאַר די רוימער די גאַנצע שטאָדט און נאָך אַמאָל ראַטעווען דאָס פאָטערלאַנד, אָדער זיי זאָלען אינגאַנצען אַוועקגייהען פון בית-המקדש און איינהיטען איהם פאַר'ן פאָלק; ווארום נאָר אין אויסערסטער נויט וועלען די רוימער זיך דערוועגען אונטערצוצינדען דעם הייליגטום.

דאָס האָט אָבער אַריינגעבראַכט די מורדים מורא'דיג אין כעס: אויף די טענות פון די איבערלויפער האָבען זיי געענטפערט מיט גראָבע זידלערייען און האָבען אויפגעשטעלט איבער די הייליגע טויערן די סקאָרפּיאָנען, קאַ- טאַפּולטען און באַליסטען, אַזוי אַז דער בית-המקדש גופא האָט באַלד אויס- געזעהן, ווי אַ פעסטונג, און די געהייליגטע פלעצער, וואָס אַרום איהם, האָבען אויסגעזעהן, ווי אַ בית-עלמין, מחמת די פיעל טויטע קערפּערס, וואָס זיינען דאָרט געלעגען. אין הייליגטום און אפילו אין קדשי-קדשים זיינען זיי אַרום- געגאַנגען בעוואָפענטערהייד, בשעת פון זייערע הענד איז נאָך געגאַנגען אַ פאַרע פון די בלוט פון זייערע דער'הרג'עטע מיטבירגער, און זיי האָבען אָב- געטאָן אַזעלכע מעשי נבלה, אַז די רוימער האָבען געפיהלט אַ געוואַלדיגע שנאה קעגען די אידען, וואָס האָבען אַזוי געזינדיגט קעגען זייער הייליגטום — אַזאַ שנאה, וואָס די אידען וואָלטען ניט געקאָנט האָבען קיין שטאַרקערע אין דעם פאַל, ווען די רוימער וואָלטען מיט דער גלייכער אכזריות זיך בע- גאַנגען מיט זיי. ווארום אפילו צווישען די פשוט'ע סאָלדאַטען האָט זיך ניט געפונען קיין איינער, וואָס זאָל ניט האָבען געקוקט אויפ'ן בית-המקדש מיט יראת-הכבוד און הייליגער ציטערניש און זאָל ניט האָבען זיך געוואונשען, אַז איידער עס וועט אָנקומען דער אומגליק, וואָס מען קאָן איהם ניט פערריכטען, זאָלען די רויבער אומבייטען זייער דעה.

4. ניט קאָנענדיג איינהאַלטען זיין געפיהל, האָט דער קיסר ווידער אַמאָל צוגערופען יוחנן'ס באַנדע די שטראָף-רייד: „צי דען האָט איהר ניט, פערשאָלטענע רשעים, געצויגען אַרום הייליגטום יענעם צאַם? צי דען האָט איהר ניט געבען איהם אַוועקגעשטעלט יענע זיילען, וואָס אויף זיי איז אויס- געקריצט אין גריכישער און לאַטיינישער שפּראַך, אַז מען טאָר ניט אַריבער- טרעטען די מחיצה? און צי דען האָבען מיר אייך ניט ערלויבט צו בע-

1) ז. בוך V, II, 2.

שטראָפען מיט טויט דעם יעניגען, וואָס וועט עובר זיין אויפ'ן דאָזיגען פער־באָט, אפילו אויב דאָס וועט זיין אַ רוימער? איצט אָבער גייהט איהר, רשעים, אַרום אין יענע ערטער אויף פגרים און בעפלעקט דעם היכל מיט בלוט פון פרעמדע און היימישע! איך רוף אָן פאַר עדות די געטער פון מיין לאַנד און דעם, וואָס האָט פריהער מיט גענאָד אַראָבגעקוקט אויף דער שטאָדט (וואָרום איצט, רעכען איך, טוט ער עס ניט), איך רוף אָן פאַר עדות מיין חייל, די אידען, וואָס געפינען זיך ביי מיר, און אייך גופא — אַז איך האָב אייך ניט געצוואונגען צו פערשוועכען דעם דאָזיגען אָרט. און אויב איהר ווילט אויס־קלייבען אַן אַנדער קאַמף־פלאַץ, וועט קיין איין רוימער ניט אַריינטרעטען אין הייליגטום אָדער עס שענדען. דעם בית־המקדש וועל איך אַיינהיטען פאַר אייך אפילו קעגען אייער ווילען".

5. בשעת יוסף האָט זיי דאָס איבערגעגעבען פונ'ם קיסר'ס נאָמען, האָ־בען די רויבער און דער טיראַן איבערמוטיג זיך אויסגעלאַכט, מחמת זיי האָבען געמיינט, אַז ניט גוטגינציגקייט, נאָר פחדנות האָט איהם אַיינגעגעבען די דאָ־זיגע ווערטער.

דעמאָלט האָט טיטוס אַיינגעזעהן, אַז די דאָזיגע מענשען ניט זיי פיהלען רחמנות אויף זיך גופא, ניט זיי דאג'ען עפּיס וועגען בית־המקדש. דעריבער איז ער, הגם ניט מיט גרויס חשק, ווידער איבערגעגאַנגען צום קריגערישע מאָס־רעגעלן. אָנצופאַלען אויף זיי מיט'ן גאַנצען חייל, איז, פערשטייהט זיך, ניט מעגליך געווען, וויל דער פלאַץ פון בית־המקדש האָט ניט געקאָנט אַריינגע־מען אַזוי פיעל מענשען. דעריבער האָט ער אויסגעקליבען פון איטליכער צענ־טוריע צו דרייסיג מוטיגסטע סאָלדאַטען, איטליכע טויזענד האָט ער געשטעלט אונטער'ן בעפעהל פון אַ טריבון, און יענע ווידער אונטער דער קאָמאַנדע פון צערעאַליס'ן. דערנאָך האָט ער אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל אין דער נײנטער שעה אָנצופאַלען אויף די וועכטער.

אויך ער גופא האָט זיך אָנגעטאָן זיינע געוועהר, מחמת ער האָט גע־האַט בעשטימט ביי זיך צו בעטייליגען זיך אין דער שלאַכט. נאָר זיינע גוטע פריינד, וואָס די אָפיצירען האָבען זיי אונטערשטיצט, האָבען געזוכט איהם אָב־צוהאַלטען, אָנווייזענדיג דערויף, ווי גרויס די סכנה איז. זיי האָבען געהאַלטען, אַז ער וועט די זאַך מעהר נוצען בריינגען, אויב ער וועט בלייבען אין אַנ־טאָניאַ און וועט זיין בנוגע צו די סאָלדאַטען דער קאַמף־ריכטער, איידער אַז ער וועט אַראָבגייהן און גייהן פאָראויס אין טומעל פון שלאַכט. פאַר די אויגען פון זייער אויבערשטען אָנפיהרער וועלען אַלע סאָדאַטען זיך אַרויסווייזען פאַר גוטע שטרייטער. די דאָזיגע טענות האָט טיטוס נאָכגעגעבען און האָט דערקלערט די סאָלדאַטען, אַז ער וויל צוריקבלייבען נאָר צוליעב דעם, בכדי ער זאָל קאָנען אָבשאַצען זייער טועכץ, און בכדי קיין איין מוטיגער זאָל ניט אָנוועה־רען זיין בעלוינונג, און קיין איין פחדן זיין שטראָף; וואָרום ער, וואָס האָט די מאַכט צו בעשטראָפען און צו בעלוינען, מוז זיך אַליין איבערצייגען דער־פון, ווי אַזוי זיי וועלען זיך נעמען פאַר'ן עסק. בכן האָט ער אין דער בע־

שטימטער שעה אָבגעשיקט די מענשען, וואָס זיינען בעשטימט געווען אויסצופיה- רען דעם אָנפאַל, און אַליין איז ער אַרויף אויפ'ן טורעם פון אַנטאָניאַ, פון וואַנען ער האָט געקוקט מיט שפּאַנונג אויפ'ן גאַנג פון קאַמף.

6. די וועכטערס אָבער האָבען ניט געשלאָפען, ווי די אָנפאַלער האָבען געמיינט, נאָר זיי זיינען אויפגעשפּרונגען מיט גרויס געשריי און האָבען תיכף זיך אַריינגעלאָזען אין געשלעג. אויפ'ן רוף פון די וועכטערס זיינען אויך די איבעריגע אַרויסגעלאָפען אין געדיכטע מאַסען. דעם דראַנג פון די ערשטע האָבען די רוימער אויסגעהאַלטען. אָבער די הינטערשטע אידען האָבען זיך אַוואָרף געטאָן אויף זייערע אייגענע מענשען, און אַסך זיינען פון זייערע חברים בעהאַנדעלט געוואָרען אַלס פיינד. צו דערקענען איינער דעם אַנדערן נאָכ'ן שלאַכטרוף, איז ניט מעגליך געווען איבער דעם ווילדען געשריי אויףביידע זייטען, און זעהן האָט מען נישט געקאָנט, ווייל עס איז געווען נאַכט, שוין אָבגערעדט דערפון, וואָס די איינע האָט בלינד געמאַכט זייער גרימצאָרן און די אַנדערע — די שרעק. דעריבער האָט מען געהאַקט אָהן אַ שום חשבון, ניט פונאַנדערקלייבענדיג, וועמען מען האָט געטראָפען.

די רוימער, וואָס האָבען צונויפגעשלאָסען זייערע שילדען געדיכט נעבען אַנאַנד און זיינען געגאַנגען פאָראויס אין אַיינגעאָרדענטע אָבטיילונגען, האָבען ווינציגער געליטען פון דער דאָזיגער מהומה; וואָרום איטליכער פון זיי האָט געוואוסט זיין פּאַראָל. אָבער די אידען, וואָס האָבען זיך שטענדיג ווידער צע- שטרייט און האָבען אָהן אַ פּלאַן זיך באַלד געלאָזט גייהן פאָראויס און באַלד צוריקגעצויגען, האָבען ניט זעלטען זיך אָנגענומען געגענזייטיג פאַר שונאים, און אַסך האָבען אין דער פינסטערניש בעגעגענט אַ לויפענדען פריינד, ווי אַן אָנפאַלענדען רוימער. אויף אַזאַ אופן זיינען מעהר אידען פערוואונדעט גע- וואָרען פון זייערע אייגענע לאַנדסלייט, איידער פון די פיינד, ביז עס האָט סוף-כל-סוף אָנגעהויבען צו טאָגען, אַזוי אַז די קעמפער האָבען דערקאָנט איינער דעם אַנדערן.

ערשט דעמאָלט האָבען זיי זיך פונאַנדערגעטיילט אין שלאַכט-קאָלאָנעס, און דער אָנפאַל און די פערטיידיגונג זיינען פאָרגעקומען לויט די כללים פון דער טאַקטיק. אויף ביידע זייטען האָט מען געקעמפט מיט גלייכער שטאַנד- האַפטיגקייט און עקשנות. ביי די רוימער, וואָס האָבען געוואוסט, אַז טיטוס קוקט אויף זיי, האָט איטליכער מענש געפלייסט זיך אַריבערצושטייגען דעם אַנדערן, און איטליכע אָבטיילונג די אַנדערע, און איטליכער האָט געהאָפט, אַז אויב ער וועט היינטיגען טאָג מוטיג קעמפען, וועט ער בעקומען אַ העכערע שטעל. די אידען פון דער אַנדער זייט האָבען זיך געפיהלט אָנגעטריבען ניט בלויז מחמת דער זאָרג פאַר זייער אייגענעם לעבען און פאַר'ן הייליגטום, נאָר אויך ווייל דער טיראַן איז געווען דערביי, און ער האָט זיי אונטערגעגע- בען היץ אַ מאָל דורך רייד און אַ מאָל דורך שמיץ.

אַזוי איז דאָס געקומען, אַז דער קאַמף איז געבליבען בעגרעניצט כמעט אויף איין און דעם זעלביגען פונקט, און נאָר זעלטען ווען האָט ער זיך

אַוועקגערוקט אויף אַ קליינער שטרעקע. וואָרום קיינער פון די שטרייטענדע צדדים האָט ניט געהאַט קיין אָרט אויף צו אַנטלויפען אָדער נאָכצויאָגען. ביי איטליכער ווענדונג פון געשלעג האָט זיך געהערט דער געשריי פון די רוימער אין אַנטאָניאַ, וואָס האָבען בעגריסט זייערע חברים מיט פרייד, בשעת זיי זיינען געשטאַנען בעסער, אָדער זיי האָבען זיי אויפגעמונטערט זיך צו האַלטען, בשעת זיי פלעגען זיך אומקערען. ס׳איז געווען אזוי ווי אויף אַ מאַנעווער; וואָרום קיין איין געשעהעניש פון קאַמף איז ניט געבליבען פערהוילען פאַר׳ן קיסר און פאַר זיין סוויטע.

צולעצט נאָך דער פינפטער שעה ביי טאָג האָבען זיך פונאַנדערגעשיידט די קעמפענדע, וואָס האָבען געהאַט אָנגעהויבען דעם קאַמף אין דער ניינטער שעה ביי-נאַכט. קיינער פון ביידע צדדים האָט ניט געבראַכט דעם אַנדערן דערצו, אַז ער זאָל אָבטרעטען, און בכן איז דער סוף פונ׳ם געשלעג געבליבען אין ספק.

מצד די רוימער האָבען זיך אַ סך אויסגעצייכענט. מצד די אידען פון שמעונ׳ס אָבטיילונג: יהודה בן מרטון און שמעון בן יאשיה; פון די אדומים — יעקב בן סוסא און שמעון בן קתלס; פון יוחננ׳ס מענשען — גופתא און אַלעקסאַס, פון די קנאים שמעון בן אַרי.

7. דערווייל האָט דער איבעריגער טייל פון רוימישען חייל נאָך אַן אַרבייט פון זיבען טעג צעשטערט די גרונדמויערן פון אַנטאָניאַ און אויסגעגלייכט אַ ברייטען וועג צום בית-המקדש. היות ווי זיי האָבען אויף אַזאַ אופן זיך דערנעהענטערט צו דער ערשטער מויער, האָבען די לעגיאָנען אָנגעהויבען צו בויען די וואַלען, איינעם קעגען איבער דעם צפונית-מערבית-ווינקעל פונ׳ם אינעווייניגסטען חדר, אַ צווייטען — ניט ווייט פון דער צפונ׳דיגער גאַלעריי צווישען ביידע טויערן, אַ דריטען — ביי דער מערב׳דיגער גאַלעריי פונ׳ם אויסווייניגסטען חצר, אַ פערטען פון אויסווייניג ביי דער צפונ׳דיגער גאַלעריי. דער בוי פון די דאָזיגע וואַלען איז אָבער געווען פערקניפט מיט גרויסער מיה און אַ סך שוויריגקייטען, און דערביי האָבען זיי געמוזט ברייגען דעם בוי-מאַטעריאַל פון אַ מהלך ביז צו הונדערט סטאַדיעס.

אָפטמאָל בשעת די רוימער פלעגען פערגעסען אָן דער נויטיגער פאָר-זיכטיגקייט, מחמת זיי האָבען זיך געפיהלט שטאַרק, האָבען זיי געהאַט צו ליי-דען פון לויערן, וואָס די פיינד פלעגען אָנשטעלען אויף זיי; פון דער אַנדער זייט זיינען די אידען אַלץ דרייסטער געוואָרען. אַ סך רייטער, למשל, בשעת זיי פלעגען גייהן קלייבען האָלץ אָדער פאַשע, פלעגען זיי לאָזען פאַר דער צייט, וואָס זיי זיינען געווען פערנומען מיט דער דאָזיגער אַרבייט, זייערע פערד אָהן האַלפטערס, און דעמאָלט פלעגען די אידען אָנפאַלען און זיי צו-נעמען. היות ווי די דאָזיגע מעשה האָט זיך עטליכע מאָל איבערגע׳חזר׳ט, בכן האָט דער קיסר גערעכענט, אַז אין די דאָזיגע אָנוועהרען איז שולדיג מעהר די אָבגעלאָזענקייט פון זיינע אייגענע קריגסלייט, איידער די אידענס בריה׳.

שאַפט — און אַזוי איז עס טאַקע געווען. דעריבער האָט ער בעשלאָסען צו צווינגען די מענשען בעסער אויפצופאַסען זייערע בהמות, דורכדעם וואָס ער וועט שטריינג אַרויסטרעטען קעגען זיי. בשעת איינער פון די סאָלדאַטען איז ווידער אַמאָל געוואָרען בערויבט אויף אַזאַ אופן, האָט ער איהם געלאָזט טוי- טען, און דורך דעם דאָזיגען אָבשרעקענדען ביישפיעל האָט ער גע׳פועל׳ט, אַז די איבעריגע האָבען געהיט זייערע פערד, פון איצט אָן האָבען זיי שוין מעהר ניט געלאָזט זיי פריי ווידען, נאָר זיי זיינען אַרויסגעריטען צו דער אַרבייט, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען פעסט צונויפגעוואַקסען מיט זייערע בהמות.

אויף דעם אויבען דערמאָנטען אופן האָבען די לעגיאָנען, הייסט עס, בעלעגערט דעם בית־המקדש, דורכדעם, וואָס זיי האָבען אויסגעבויט וואַלען.

8. אין אַ טאָג אַרום, נאָכדעם ווי אַנטאָניאַ איז אַיינגענומען געוואָרען דורך די רוימער, האָבען די מורדים, בעדריקט דורכ׳ן הונגער, וואָס זיי האָבען ניט געקאָנט איהם שטילען דורך זייערע רויבערייען, זיך צונויפגעקליבען אין אַ מאַסע און אום דער עלפטער שעה ביי־טאָג האָבען זיי געמאַכט אַנ׳אָנפאַל אויפ׳ן קייט פון די רוימישע וועכטערס ביים הר־הזיתים. זיי האָבען גערעכענט, אַז זיי וועלען קאָנען זי דורכרייסען מיט גרינגער מיה, מחמת זיי האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי וועלען טרעפען די סאָלדאַטען ניט צוגעגרייט און אויס- רוהענדיג זיך. נאָר די רוימער האָבען צו דער רעכטער צייט בעמערקט זייער אָנקומען און זיינען זיך אויף גיך צונויפגעלאָפען פון די נאָהענטסטע פאָס- טענס, בכדי ניט צו דערלאָזען זיי אַריבערצושטייגען איבער׳ן וואַל און זיך דורכצוברעכען איבער געוואַלד.

עס איז ענטשטאַנען אַ שטאַרקער געשלעג, אין וועלכען עס זיינען פון ביידע צדדים אויפגעטאָן געוואָרען גבורות. די רוימער האָבען געפלייסט זיך אַרויסצווייזען זייער קראַפט און געשיקטליכקייט, די אידען אָבער—זייער ווילדען אימפעט און גרענצענלויזען גרימצאָרן. די ערשטע האָט אונטערגעטריבען זייער כבוד־געפיהל, די לעצטע — די נויט. איצטער אַרויסלאָזען די אידען, וואָס זיינען שוין געזעסען געפאַנגען, ווי אין אַ נעץ, האָט זיך אויסגעדוכט די רוימער פאַר דער גרעסטער חרפה. די אידען, פערקעהרט, האָבען נאָר דענסטמאָל געהאַט אויסזיכט אויף רעטונג, אויב זיי וואָלטען דורכגעבראָכען די מויער.

ביי דער געלעגענהייט האָט זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט אַ רייטער מיט׳ן נאָמען פעדאַניוס. בשעת די אידען האָבען זיך שוין געלאָזט לויפען און זיינען אַראָבגעשטופט געוואָרען אין טאָל, איז דער דאָזיגער פעדאַניוס געקו- מען צורייטען פון דער זייט אין אַ שאַרפען גאַלאָפּ, האָט געחאַפּט איינעם פון די לויפענדע פיינד, אַ שטאַרק געבויטען און גוט בעוואָפענטען יונגלינג, פאַר׳ן קנעכעל און איז מיט איהם אַוועקגעריטען — אַזוי טיעף האָט ער זיך אַראָבגעבויגען פון זיין פערד, וואָס האָט געהאַלטען אין איין לויפען, און דורכדעם האָט ער אַרויסגעוויזען ניט בלויז די געוואַלדיגע קראַפט פון זיינע הענד און פון זיין איבעריגען גוף, נאָר אויך זיין גרויסע פלינקייט אין רייטען. אַזוי ווי ער וואָלט האָבען געכויבט אַנ׳אבן־טוב, האָט ער געבראַכט דעם גע-

פאַנגענעם צום קיסר. יענער האָט אַרויסגעזאָגט זיין פערוואונדערונג איבער דער קראַפט פונ׳ם מענשען, וואָס האָט אָבגעטאָן אַזאַ קונץ. דעם יונגלינג ווייטער האָט ער געלאָזט טויטען דערפאַר, וואָס ער האָט גענומען אַן אָנטייל אינ׳ם אָנפאַל אויף דער מויער.

דערנאָך האָט ער ווידער געווענדעט זיין אויפמערקזאַמקייט אויף די גע-שלעגען אַרום בית-המקדש און אויפ׳ן בוי פון די וואַלען.

9. היות ווי די אידען האָבען כסדר געליטען אין די געשלעגען שווערע אָנוועהרען, און היות ווי די קריגסנויט, וואָס האָט אַלץ מעהר געשטיגט, האָט שוין געקלאַפּט ביי די טויערן פון בית-המקדש, האָבען די בעלעגערער אָבגע-שניטען די שוין אָנגעשטאָכענע גלידער, אַזוי ווי מען טוט געוויינטליך ביי אַ גוף, וואָס האָט די בראַנד, בכדי צו פערהיטען, אַז די קראַנקהייט זאָל זיך ניט אויסברייטען — דאָס הייסט, זיי האָבען אונטערגעצונדען די צפונית-מערבית׳-דיגע גאַלעריי פון בית-המקדש אויף דעם אָרט, וואו זי איז געווען פערבונדען מיט דער אַנטאָניאַ, און האָבען זיך נאָך איינגעריסען אויף אַ ווייטערדיגען מהלך פון צוואַנציג איילען. בכן זיינען דאָס געווען די אידען די ערשטע, וואָס האָבען מיט זייערע אייגענע הענד אָוועקגעלייגט אַ פייערבראַנד ביים הייליגען בנין.

מיט צוויי טעג שפּעטער, דעם 24-טען פון אויבען דערמאָנטען חודש, האָבען די רוימער פערברענט די גאַלעריי, וואָס האָט זיך געפונען דערביי, און אַז דער פייער האָט שוין געהאַט אַרומגעחאַפּט אַרום זיך אויף אַ מהלך פון פופצעהן איילען, האָבען די אידען אַראָבגעריסען דעם דאַך און ניט זיי האָבען איינגעלאָשען דעם פייער, נאָר זיי האָבען צעשטערט אַלצדינג, וואָס עס איז געלעגען צווישען זיי און צווישען אַנטאָניאַ, הגם זיי וואָלטען געקאָנט ניט דערלאָזען די שרפה. רוהיג האָבען זיי געקוקט אויפ׳ן פייער און האָבען איהם געלאָזט אָנטון די חורבנות, ווי ווייט דאָס איז זיי געווען נוצליך.

דערווייל האָבען איבעריגענס ניט אויפגעהערט די געשלעגען נעבען בית-המקדש. נאָר שטענדיג האָבען קליינע אָבטיילונגען געשלאָגען זיך מיט אַנאַנד.

10. אין יענע טעג איז אַרויסגעטראָטען פון צווישען די אידען אַ מאַן מיט׳ן נאָמען יונתן, קליין פון געשטאַלט, אַ פערזעהעניש און אויבעדייטענד לויט זיין יחוס און לויט זיין גאַנצען מצב, האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער מצבה פון יוחנן כהן-גדול, פונאַנדערגעלאָזט זיך מיט האָפערדיגע רייד קעגען די רוימער און האָט אַרויסגעפאָדערט דעם מוטיגסטען פון זיי צום קאַמף. דער רוב פון די סאָלדאַטען, וואָס זיינען געשטאַנען דאָרט, האָבען נישט גע-האַלטען פאַר כדאי אויף איהם צו אַכטען; עטליכע האָבען מסתמא אויך מורא געהאַט פאַר איהם; אַנדערע ווייטער זיינען אַרויף אויפ׳ן פערשטאַנדיגען גע-דאַנק, אַז מיט אַזעלכען, וואָס זוכט דעם טויט, טאָר מען זיך ניט אַריינלאָזען אין אַ קאַמף, וואָרום מענשען, וואָס האָבען זיך פון אַלץ מיאש געווען, זיינען צו ווילד און האָבען קיין מורא מעהר ניט פאַר דער גאָטהייט. ווייטער בע-

זוייזט דאָס ווינציגער אויף מוט, איידער אויף ווילדער דרייסטקייט, איינצו-שטעלען דאָס לעבען אין קאַמף מיט מענשען, וואָס אויב מען וועט זיי מנצח זיין, וועט מען קיין כבוד ניט האָבען, און אַז מען וועט בעזיגט ווערען פון זיי, איז דאָס ניט בלויז אַ בזיון, נאָר אויך אַ סכנה.

אַ לאַנגע צייט נאָך אַנאַנד איז קיינער ניט אַרויסגעטראָ׳טען. נאָר אַז דער איד, וואָס איז געווען אַ גרויסער בעריהמער און רוימער-פרעסער, האָט גענומען חוזק מאַכען כון זיינע געגנער און פאָרוואַרפען זיי זייער פחדנות, האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו איהם איינער פון דער רייטער-אָבטיילונג, מיט׳ן נאָמען פעדאַניוס, וואָס איז געווען אויפגעבראַכט איבער זיין פלוידעריי און איבער זיין עזות׳קייט, און אפשר אויך ווייל אומפאָרזיכטיגערהייד האָט ער פון דעם דאָזיגען קליינעם נפש ניט געהאַלטען, אַז ער קאָן איהם זיין געפעהרליך. נאָר הגם בכלל איז פעדאַניוס געווען שטאַרקער פאַר׳ן אידען, נאָר אין דעם צווייקאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען, האָט איהם די הצלחה פערלאָזען, אַזוי אַז ער איז אַנידער-געפאַלען אויף דער ערד. יונתן איז צוגעלאָפען און האָט איהם געטויט. דערנאָך איז ער אַרויף אויפ׳ן טויטען קערפער, האָט אין דער רעכטער האַנד געפאַכעט מיט׳ן בלוטיגען שווערד, אין דער לינקער האַנד מיט׳ן שילט און האָט חוזק געמאַכט פון די רוימער, וואָס האָבען דאָס צוגעקוקט, און האָט געפרייהט זיך קעגענאיבער דעם חייל און בעריהמט זיך מיט׳ן פאַל פונ׳ם זעלנער, — ביז וואַנען דער צענטוריאָ פריסקוס האָט איהם דורכגעשטאָכען מיט אַ פייל.

דערנאָך האָבען סיי די אידען און סיי די רוימער — ס׳פערשטייהט זיך, אַז איבער פערשיידענע טעמים — אויפגעהויבען אַ געשריי. יונתן אָבער איז אַנידערגעפאַלען אויפ׳ן טויטען קערפער פון זיין געגנער, קרימענדיג זיך פון יסורים. דאָס איז אַ דייטליכע ראיה דערצו, ווי גיך עס קומט אין קריג נאָך דעם אומפערדיענטען גליק די דערנידעריגונג.

# דריטער קאפיטעל.

מחמת די אידענס אַ קריגס-קונץ קומען אום אַ סך רוימער אין פייער. — אַ מעשה נורא פון אַ אידישער פרוי.

1. דערווייל האָבען די מורדים לא די וואָס ניט אויפגעהערט אָפען צו קעמפען קעגען די סאָלדאַטען, וואָס זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף די וואַלען, נאָר זיי האָבען אויך, און טאַקע זיבען און צוואַנציג טעג אין אויבען דערמאָנטען חודש, דורכגעפיהרט אַ קריגס-קונץ. זיי האָבען אָנגעפילט דעם חלל צווישען די באַלקענס און דעם דאַך פון דער מערב׳דיגער גאַלעריי מיט טרו-קענע האָלץ, ערד-פעך און סמאָלע און האָבען זיך צוריקגעצויגען, מאַכענדיג דעם אָנשטעל, אַז זיי זיינען איינגעמאַטערט. אַ געוויסע צאָהל רוימער האָבען אומפאָרזיכטיגערהייד זיך געלאָזט נאָכיאָגען די אַנטלאָפענע און זיינען מיט דער

הילף פון לייטערס אַרויפגעקראָכען אויף דער גאַלעריי. די פּאָרזיכטיגערע אָבער, וואָס זיי האָט זיך דער אומגעריכטער אָבציהען פון די אידען אויסגע־דוכט חשוד׳יג, זיינען געבליבען צוריק.

ווי נאָר די גאַלעריי איז אָנגעפילט געוואָרען מיט רוימער, וואָס זיינען אַריינגעדרונגען, האָבען די אידען זי אָנגעצונדען פון אַלע זייטען. פּלוצלונג זיינען פון אַלע קאַנטען אַרויסגעדרונגען די פלאַמען און האָבען אַריינגעיאָגט אַ שרעק די רוימער, וואָס האָבען זיך געפונען אויסער סכנה, און אַ יאוש די יעניגע, וואָס די שרפה האָט זיי פערחאַפּט. פון אַלע זייטען אַרומגערינגעלט מיט פייער, האָבען זיך די לעצטע אַ וואָרף געטאָן צום טייל אין שטאָדט, וואָס איז געלעגען הינטער זיי, צום טייל אין מיטען דער מחנה פון די פיינד, וואָס האָבען זיי אַרומגערינגעלט. אַ סך האָבען געפּרובט צו ראַטעווען זיך דורך אַ דרייסטען שפּרונג צו די זייעריגע, נאָר זיי האָבען אויסגעבראָכען זיך הענד און פיס. דעם גרעסטען רוב אָבער האָט דער פייער אָבגעשניטען איטליכען אויסוועג אויף צו אַנטלויפען, און אויב איינִיגע האָבען זיך געפעדערט און גענומען זיך דאָס לעבען, זיינען אויך סוף־כל־סוף די, וואָס זיינען שוין געווען געשטאָרבען מיט אַן אַנדער טויט, געפאַלען פאַר קרבנות דעם פייער, וואָס האָט אַלצדינג פערטיליגט.

הגם דער קיסר איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט קעגען די אומגליק־ליכע, פאַרוואָס זיי זיינען אַרויף אויף די גאַלערייעס אָהן אַ בעפעהל, פונ־דעסטוועגען האָט ער אויף זיי רחמנות געהאַט, און נאָך מעהר דערפאַר, ווייל קיינער האָט זיי ניט געקאָנט העלפען. על כל פנים איז דאָס געווען אַ טרייסט פאַר די, וואָס זיינען פער׳משפט געוואָרען אויף אונטערגאַנג, אַז זיי האָבען געזעהן דעם צער פון דעם יעניגען, פאַר וועמען זיי האָבען אָבגעגעבען זייער לעבען. וואָרום דייטליך האָבען זיי געקאָנט זעהן, ווי ער האָט געפּרובט זיך צו דערנעהענטערן, ווי ער האָט גערופען צו זיי און אויפגעפאָדערט די וואָס זיינען געשטאַנען אַרום איהם, אַז זיי זאָלען ווי ווייט מעגליך זיי געבען הילף. די דאָזיגע רופען פונ׳ם אָנפיהרער און זיין טרויעריגע שטימונג האָט איט־ליכער אָנגענומען ווי אַ גלענצענדע קבורה און האָט מיט פרייד בעגעגענט דעם טויט.

עטליכע האָט זיך איבעריגענס אַיינגעגעבען אַנטרונען צו ווערען פון פייער, דורכדעם וואָס זיי האָבען זיך צוריקגעצויגען אויף דער ברייטער וואַנט פון די גאַלערייעס. נאָר דאָרט האָבען זיי די אידען אַרומגערינגעלט, און נאָכדעם ווי זיי האָבען אַ לייִנגערע צייט אַרויסגעוויזען אַ שטאַרקען ווידער־שטאַנד, זיינען זיי צולעצט אַלע אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען.

2. דער לעצטער, וואָס איז געפאַלען, איז געווען אַ יונגערמאַן, מיט׳ן נאָמען לאָנגוס, וואָס זיין טועכץ ווארפט אַ ליכטיגען שיין אויף דער גאַנצער געשעהעניש; און הגם אַלע אומגעקומענע פערדיענען אַ בכבוד׳יגע געדעכעניש, נאָר ער האָט זיך אויפגעפיהרט מוטיגער פאַר אַלעמען. וואָרום היות ווי די

אידען האָבען איהם בעוואונדערט מחמת זיין קערפער-קראַפט, צום טייל אָבער ווייל אַנדערש האָבען זיי איהם ניט געקאָנט אומברייינגען, דעריבער האָבען זיי איהם אויפגעפאָדערט, ער זאָל אַרונטערגייהן און זיך אונטערגעבען זיי. אויף דער אַנדער זייט האָט איהם זיין ברודער קאָרנעליוס בעשוואָרען, ער זאָל דאָך ניט אָנטון אַזאַ בזיון זייער כבוד פון סאָלדאַטען און די רוימישע געוועהר. דער דאָזיגער בקשה האָט ער נאָכגעגעבען, און פאַר די אויגען פון ביידע אַרמייען האָט ער אויפגעהויבען זיין שווערד און האָט זיך דערשטאָכען.

אַן אַנדערער פון דער רוימישער אָבטיילונג, וואָס איז געוועזן אַרומגע-רינגעלט פון פייער, מיט'ן נאָמען סערטאָריוס, האָט זיך געראַטעוועט דורך אַ קונציגען דרייה. ער האָט זיך אָנגערופען הויך צו זיין חבר לוקיוס, וואָס איז געשטאַנען מיט איהם אין איין געצעלט: „איך מאַך דיך פאַר'ן יורש פון מיין פערמעגען, אויב דו קומסט און חאַפּסט מיך אויף!” לוקיוס איז מיט גרויס חשק געקומען צו לויפען. דער וואָס איז אויף איהם אַראָבגעשפּרונגען, האָט טאַקע געראַטעוועט זיין לעבען, לוציוס גופא אָבער איז מיט אַזאַ כח געשליי-דערט געוואָרען אויף דעם שטיינערנעם ברוק, אַז ער איז געבליבען טויט אויפ'ן אָרט.

די גאַנצע געשעהעניש האָט אויף דערוויל טאַקע אָבגענומען ביי די רוימער זייער גאַנצען מוט, אָבער צוגלייך האָט זי זיי געמאַכט פאָרזיכטיגער אויף להבא, ווייל זי האָט זיי אויסגעלערנט צו מאַכען צו-נישט די פערשיי-דענע קונצען פון די אידען, וואָס דורך זיי האָבען זיי ביז אַהער — דער עיקר ווייל זיי האָבען געווי ניט געקענט די געגענד און דעם כאַראַקטער פון זייערע געגנער — געליטען אָפטמאָל מפּלות.

איבעריגענס איז די גאַלעריי אָבגעבערענט ביז'ן טורעם, וואָס יוחנן האָט אין קאַמף קעגען שמעון'ען אויסגעבויט איבער'ן טויער, וואָס פיהרט אַרויס פון קסיסטוס, און האָט איהם אַ נאָמען געגעבען נאָך זיך. וואָס עס איז נאָך געשטאַנען, האָבען די אידען איינגעבראָכען און האָבען צוגעדעקט די קערפערס פון די געפאַלענע רוימער דורך די-הורבות. אויפ'ן אַנדערן טאָג האָבען די רוימער פערברענט די גאַנצע צפון'דיגע גאַלעריי ביז צו דער מזרח'דיגער, דאָס הייסט ביז צו דעם אָרט, וואו ביידע גאַלערייעס, הויך איבערן טאָל קדרון, האָבען געבילדעט אינאיינעם אַ ווינקעל. אַזוי האָט עס דעמאָלט אויס-געזעהן אַרום דעם בית-המקדש.

3. אין דער שטאָדט האָט דערוויל דער הונגער געפאָדערט אומצייהליגע קרבנות און האָט געשאַפען צרות אָהן אַ שיעור. וואו נאָר עס פלעגט זיך בעווייזען אין אַ שטוב חאָטש אַ שאָטען פון עסענוואַרג, דאָרט פלעגט בפועל ממש אויסברעכען אַ קאַמף; די בעסטע גוטע פריינד פלעגען זיך אָנהויבען צו ראַנגלען און האָבען געזוכט אַרויסצורייסען איינער ביים אַנדערן די לעצטע ברעקלעך אויף אונטערצוהאַלטען דעם לעבען. אַפילו די שטאַרבענדיגע האָט מען ניט געגלויבט, אַז זיי האָבען מעהר קיין ביסען ניט, און די רויבער

פלעגען מחמת דעם דורכזוכען אַלע, וואָס האָבען געהאַלטען ביי דער גסיסה, טאָמער מאַכט עמיצער מעהר ניט אַן אָנשטעל, אַז ער שטאַרבט, אָדער אפשר האָט ער נאָך פערבעהאַלטען עפּיס עסען צווישען זיינע בגדים. מיט אויפגע־ריסענע מיילער פון גיריגקייט, זיינען זיי אַרומגעלאָפען, ווי משוגענע הינט, האָבען איינגעשלאָגען, ווי שכורים, אומעטום די טירען, וואו זיי פלעגען נאָר קומען, און אין זייער יאוש פלעגען זיי אין איין שעה אַריינשפּרינגען צוויי אָדער דריי מאָל אין איין און דערזעלביגער שטוב. אַלצדינג האָט די נויט געבראַכט צווישען זייערע צייהנער: זאַכען, וואָס אַפילו די שמוציגסטע בהמות עסען דאָס ניט, פלעגען זיי אויפקלייבען און אויפעסען. צולעצט האָבען זיי גענומען זיך אַפילו פאַר זייערע גאַרטלען און שיך און געקייט זיי, און אויך די לעדער, וואָס זיי האָבען אָבגעריסען פון זייערע שילטען. אַ סך האָבען בענוצט פאַר שפּייז רעשטען פון אַלטע היי. וואָרום די פעדימער פליי‬ש, וואָס איינער אָדער דער אַנדערער האָט צונויפגעקליבען, האָט מען פערקויפט די קלענסטע וואָג צו פיער אַטיקעס.

נאָר צוליעב וואָס בעדאַרף איך נאָך שילדערן די אומפערשעמטע גי־ריגקייט, וואָס מיט איהר איז דער הונגער אָנגעפאַלען אויף אומבעלעבטע זאַכען? איך האָב בדעה צו דערציילען אַ מעשה, וואָס איהר גלייכען איז ניט אָבגעטאָן געוואָרען ניט ביי די גריכען און ניט ביי די באַרבאַרען — ס'איז שוידערהאַפט צו זאָגען, אומגלויבליך צו הערען. איך וואָלט גערן געוועזן צו פערשווייגען די גאַנצע געשעהעניש, בכדי די שפּעטערדיגע דורות זאָלען מיך ניט האַלטען פאַר אַ ווילדען ליגנער, — אויב איך וואָלט ניט געהאַט אַ סך עדות צווישען די מענשען פון מיין דור. איבעריגענס, וואָלט איך געטאָן מיין געבאָרענשטאָדט אַ שלעכטע טובה, אויב איך וואָלט אַפילו אין ווער־טער ניט איבערגעגעבען דאָס, וואָס מיט איהר האָט זיך געטראָפען אין דער אמת'ען.

4. אַ פרוי פון'ם לאַנד אויף יענער זייט ירדן, מיט'ן נאָמען מרים בת אלעזר פון'ם דאָרף בית־אזוב (דאָס וואָרט בעדייט אזוב־הויז), וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט דורך איהר יחוס און עשירות, איז מיט דער איבעריגער מאַסע געקומען צו לויפען קיין ירושלים, וואו זי האָט מיטגעמאַכט די בעלעגערונג. איהר איבעריגען פערמעגען, וואָס זי האָט געהאַט מיטגעבראַכט פון פּערעאַ קיין ירושלים, האָבען די טיראַנען שוין געהאַט ביי איהר צוגענומען, און די טיי־ערע חפצים, וואָס זיינען נאָך געבליבען ביי איהר, און אַלע עסענוואַרג, וואָס זיי האָבען געקאָנט געפינען, האָבען אָבגערויבט זייערע חברים ביי איהר, וואָס פלעגען טאָג פאַר טאָג זיך אַריינרייסען אין שטוב. מחמת דעם האָט די פרוי אָנגעהאַפט אַ גרויסע ערביטערונג, און אָפטמאָל האָט זי געזוכט דורך זיד־לערייען און קללות אויפצוברייגען קעגען זיך די רויבער. אָבער וויבאַלד אַז קיינער האָט זי ניט געטויט מחמת כעס אָדער רחמנות, און איהר איז שוין דערעסען געוואָרען צו זוכען שטענדיג עסען פאַר אַנדערע, שוין אָבגערעדט דערפון, וואָס איצט האָט שוין דער זוכען קיין פעולה ניט געהאַט, דעריבער

איז ד״ר הונגער איהר דערגאַנגען ביז׳ן מאַרך פון די ביינער, און נאָך מעהר, איידער איהר הונגער, האָט געברענט איהר כעס.

בכן האָט זי געהערט נאָר דעם קול פון ערביטערונג און נויט, און איז צוגעטראָטען צום אומנאַטירליכען. זי האָט גענומען איהר קינד, אַ זויגקינד, און האָט געזאָגט: „אומגליקליכער איינגעלע! אונטער מלחמה, הונגער און מהומה — פאַר וועמען זאָל איך דיך היטען? ביי די רוימער וואַרט אויף אונז די קנעכטשאַפט, אויב זיי וועלען אונז בכלל לאָזען לעבען; נאָר פריהער פאַר דער קנעכטשאַפט איז שוין דאָ דער הונגער, און די מורדים זיינען אַכזריות׳דיגער, איידער דאָסביידע. בכן ווער דו פאַר מיר שפייז, אַ גייסט פון נקמה פאַר די טיראַנען, אַ מעשה פאַר די לעבעדיגע! דאָס אַליין פעהלט נאָך, בכדי צו מאַכען פאַרפול די צרות פון די אידען!״ מיט די דאָזיגע ווערטער קוילעט זי איהר קינד, בראָט עס און עסט אויף איין העלפט; די אַנדערע בעדעקט זי און בעהאַלט.

תוך-כדי-דבור זיינען שוין ווידער דאָ די מורדים, און ווי נאָר זיי שמעקען דעם קללות-ווערטען ריח פון׳ם געבראָטענס, סטראַשען זיי איהר, אַז זיי וועלען זי טויטען אין איין אויגענבליק, אויב זי וועט זיי ניט בעווייזען, וואָס זי האָט אויסגעבראָטען. דערויף האָט זי אויפגעדעקט דעם רעשט פון איהר קינד מיט די ווערטער: „דאָ האָב איך נאָך בעהאַלטען פאַר אייך אַ שיין שטיקעל״. אַ שוידער און אַן אימה האָט אָנגעחאַפּט די רויבער, און זיי זיינען געבליבען שטייהן ביי דעם דאָזיגען אָנבליק, ווי איינגעוואָרצעלט. מרים אָבער האָט ווייטער גערעדט: „דאָס איז מיין ליבליך קינד, דאָס איז מיין אַרבייט. עסט, וואָרום אויך איך האָב געגעסען; זייט ניט ווייכהאַרציגער פאַר אַ אידענע, ניט געפיהל-פולער, איידער אַ מוטער! אָבער אויב איהר זייט צו געוויסענהאַפט און אַייך גרוילט פאַר מיין קרבן — גוט, דעמאָלט זאָל דער רעשט פערבלייבען פאַר מיר, פונקט ווי איך האָב אויפגעגעסען די ערשטע העלפט״. ציטערדיג זיינען די מורדים אַרויסגעגאַנגען; דאָס איז פאָרט געווען פאַר זיי צו-פיעל, און בכן האָבען זיי, הגם ניט מיט גרויס חשק, געלאָזט דער מוטער די שרעקליכע מאָלצייט.

תיכף האָט זיך פערשפּרייט די ידיעה וועגען דער דאָזיגער מעשה נורא איבער דער גאַנצער שטאָדט, און איטליכען האָט עס געגרוילט, בשעת ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די זאַך, אַזוי ווי ער וואָלט עס אַליין געהאַט אָבגעטאָן. די הונגערנדיגע אָבער האָבען זיך געשטופּט צום טויט און האָבען געהאַלטען פאַר גליקליך די וואָס זיינען פריהער געשטאָרבען, ווייל זיי האָבען אַזעלכע צרות ניט געזעהן און ניט געהערט.

5. געשווינד איז די בשורה וועגען דער דאָזיגער געשעהעניש דערגאַנגען צו די רוימער. אַ סך פון זיי האָבען דאָס ניט געוואָלט גלויבען; אַנדערע האָבען געפיהלט רחמנות; דער גרעסטער רוב אָבער האָט איצט נאָך מעהר פיינד געקראָגען דאָס פאָלק. דער קיסר פון זיין זייט האָט זיך פערענטפערט פאַר גאָט און האָט געזאָגט: „שלום, זעלבשטענדיגקייט און פערגעבונג פאַר

אַלץ, וואָס זיי האָבּען אָבּגעטאָן, האָבּ איך די אידען אָנגעבּאָטען. נאָר זיי האָבּען אויסגעקליבּען אָנשטאָט אַחדות קריג, אָנשטאָט שלום – מלחמה, אָנשטאָט זאַטקייט און וואוילשטאַנד – הונגער; מיט זייערע אייגענע הענד האָבּען זיי אָנגעצונדען דעם היילּיגטום, וואָס מיר האָבּען געוואָלט פערשוינען, און זיי טראָגען אויך די אַחריות פאַר דער דאָזיגער שרעקליכער מאָלצייט. אָבּער איך וויל איצט בּעדעקען דעם גרויל פון דעם קינדער-פרעסען דורך די חורבות פון זייער הויפּטשטאָדט, און ווייטער זאָל די זון מעהר ניט שיינען איבּער אַ שטאָדט, וואָס אין איהר דערנעהרען זיך אַזוי מוטערס. מעהר, איידער די מוטערס, האָבּען די פאָטערס פערדיענט אַזאַ שפּייז, ווייל זיי בּלייבּען נאָך אונטער געווער אין אַזעלכע צרות אָהן אַ גרעניץ״.

ריידענדיג אַזוי, האָט ער זיך אַלץ מעהר איבּערצייגט אינ׳ם יאוש פון די מורדים; איצט, האָט ער געמיינט, נאָכדעם ווי זיי האָבּען דאָס אַלץ אַריבּערגעלעבּט, ווּעלען זיי מסתמא זייער זין שוין ניט אומבּייטען; בּשעת אויבּ זיי וואָלטען דאָס ניט געהאַט איבּערגעלעבּט, וואָלטען זיי מסתמא געהאַט חרטה אויף זייערע מעשים.

# פערטער קאפּיטעל.

דער בּית-המקדש ווערט פערבּרענט, קעגען טיטוס׳עס ווילען.

1. בּשעת בּיידע לעגיאָנען האָבּען אַכט טעג אין חודש אָב געהאַט פערענדיגט בּויען די וואַלען, האָט דער קיסר געהייסען אַוועקשטעלען די שטורעמבּעק קעגען דער מערבֿ׳דיגער גאַלעריי פונ׳ם אינעווייניגסטען חצר פון בּית המקדש. שוין איידער דאָס איז געשעהן, האָט איבּעריגענס דער שטאַרקסטער שטורעמבּאָק, הגם ער האָט זעקס טעג נאָך אַנאַנד געשטויסען, נאָרנישט ניט געקאָנט אויפטון קעגען דער מויער, און אַזוי האָבּען די שטיינער מחמת זייער גרייס און פעסטיגקייט זיך געהאַלטען אויך קעגען די ניי צוגעקומענע מצ־־נעס. דערווייל האָבּען אַנדערע אונטערגעגראָבּען די פונדאַמענטען פונ׳ם צפוני׳דיגען טויער און נאָך אַן אָנגעשטריינגטער אַרבּייט האָבּען זיי לויזגעמאַכט די פאָדערשטע שטיינער. נאָר דער טויער גופא, וואָס האָט זיך געהאַלטען אויף די אינעווייניגסטע שטיינער, איז געבּליבּען שטייהן.

איצט האָבּען די רוימער זיך מיאש געווען דערפון, אַז זיי ווּעלען קאָנען עפּיס אויפטון מיט זייערע מאַשינעס און הויבּלען, און דעריבּער האָבּען זיי אַוועקגעשטעלט לייטערס בּיי דער גאַלעריי. די אידען אָבּער האָבּען זיך ניט געגעבּען קיין מיה זיי צו שטערען דערבּיי. אָבּער ווי נאָר די רוימער זיינען אָנגעקומען אויבּען, האָבּען זיי זיך אַ וואָרף געטאָן אַנטקעגען זיי און האָבּען זיי צום טייל אַראָבּגעשטופּט פון מויער הינטערוויילּיכס, צום טייל ווייטער האָבּען זיי זיי צוגעשטופּט צום וואַנט און אויסגעהרג׳עט. אַ סך זיינען געוואָרען דערשטאָכען, אָקאָרשט ווי זיי האָבּען פערלאָזען די לייטערס און האָבּען

נאָך ניט בעוויזען זיך צוצודעקען מיט זייערע שילטען, אַנדערע ווייטער זיינען גע׳ניזוק׳ט געוואָרען דורכדעם, וואָס די אידען האָבען פון אויבען אומגעוואָרפען די לייטערס, וואָס זיינען געווען געדיכט בעזעצט מיט בעוואָפענטע.

איבעריגענס האָבען אויך די אידען אָנגעוואָהרען אַ סך מענשען. גאַנץ בעזונדערס האָבען געקעמפט די טרעגערס פון די פאָהנען פאַר די דאָזיגע אויף לעבען און טויט, ווייל זיי האָבען געהאַלטען, אַז עס איז די ערגסטע חרפה זיי אָנצוּוועהרען. גאָר צולעצט האָבען די אידען אַריינגעחאַפּט אויך די פאָהנען און האָבען אויסגע׳הרג׳עט אַלעמען, וואָס האָבען אַרויפגעשטייגט, אַזוי אַז די איבעריגע רוימער, איבערגעשראָקען איבער׳ן גורל פון די אומגעקומענע, האָבען זיך צוריקגעצויגען. אויפ׳ן צד פון די רוימער איז קיין איין מאַן ניט געפאַלען, וואָס זאָל ניט האָבען פּולקום געטאָן זיין חוב. צווישען די מורדים האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך מוט ווידער דיזעלביגע, וואָס אין די פריהערדיגע שלאַכטען, חוץ דעם נאָך אלעזר, דעם טיראַן שמעון׳ס אַ פּלימעניק.

וויבאַלד אַז דער קיסר האָט איינגעזעהן, אַז די שוינונג פון פרעמדע הייליגטימער ברייגגט זיינע סאָלדאַטען נאָר טויט און פערדאַרבען, האָט ער בעפויהלען אונטערצולייגען פייער ביי די טויערן.

2. גראָד אין יענער צייט זיינען צו איהם אַריבערגעגאַנגען חנן פון עמאַאוס 1), דעד בלוטדאָרשטיגסטער צווישען שמעון׳ס חברים, און אַרכילויס דער זוהן פון מאַגאַדאַטוס; זיי האָבען געהאָפּט אויף גענאָד, ווייל זיי האָבען פערלאָזען די אידען גראָד אין אַזאַ צייט, בשעת זיי האָבען געהאַט געוואונען. נאָר זייער דורכגעטריבענקייט איז אויסגעקומען דעם קיסר זייהר מיאוס. און היות ווי ער איז חוץ דעם דערגאַנגען, ווי אַכזריות׳דיג זיי האָבען זיך אויפגעפיהרט בנוגע צו די אידען, האָט ער געהאַט שטאַרק חשק צו לאָזען זיי ביידען טויטען. נאָר די נויט, האָט ער געזאָגט, האָט זיי געטריבען אַהער: היות ווי זיי זיינען ניט געקומען צו איהם מיט׳ן גוטען ווילען, קאָנען זיי ניט האָבען קיין תּביעות אויף בעגנאַדיגונג, נאָך מעהר דערפאַר וואָס זיי זיינען אַנטלאָפען פון זייער געבאָרענשטאָדט, וואָס זיי אַליין האָבען זי אונטערגעצונדען, פונדעסטוועגען האָט ער אַיינגעשטילט זיין צאָרן צוליעב דעם וואָרט, וואָס ער האָט געהאַט געגעבען, און האָט די מענער אָבגעלאָזט. נאָר בנוגע צום בעגייהען זיך מיט זיי זיינען זיי ניט גלייך געשטעלט געוואָרען מיט די איבעריגע.

דערוויל האָבען די סאָלדאַטען שוין געהאַט אַוועקגעלייגט פייער ביי די טויערן, און די זילבער, וואָס איז אומעטום צעשמאָלצען געוואָרען, האָט געעפענט פאַר׳ן פייער אַ צוגאַנג צו די האָלץ, און פון דאָרט האָט דער פייער מיט רעש זיך אַרויסגעריסען און אָנגעחאַפּט די גאַלערייעס. אַז די אידען האָבען דערזעהן, ווי אַרום און אַרום האָט אויפגעפלאַקערט דער פייער, האָבען

1) ז. בוך v, 13, 1.

ווי אָנגעוואָהרען סיי דעם מוט און סיי זייער קערפערקראַפט; פאַר לויטער שרעק האָט קיינער זיך ניט דערוועגט זיך אַנטקעגענצושטעלען, נאָר ווי געפּלעפּט זיינען זיי געשטאַנען און האָבען צוגעקוקט. אָבער ווי נידערשלאָגענד די שרפה זאָל ניט האָבען געווירקט אויף זיי, פונדעסטוועגען האָבען זיי לחלוטין ניט געטראַכט וועגען דעם, אומצובייטען זייער זין, בכדי נאָך צו ראַטעווען דאָס, וואָס איז געבליבען איבעריג. פערקעהרט, זיי האָבען זיך אַרויסגעוויזען נאָך ערביטערטער בנוגע צו די רוימער, אַזוי ווי די פערברענונג פונ׳ם בית-המקדש וואָלט שוין געווען אַ בעשלאָסענע זאַך. דעם גאַנצען טאָג און די נאַכט נאָכדעם האָט געווילדעוועט דער פייער; וואָרום די רוימער האָבען געקאָנט אונטערצינדען נאָר איטליכע גאַלעריי בעזונדער און אַלע ניט אינאיינעם.

3. אויפ׳ן אַנדערן טאָג האָט טיטוס געהייסען אַ טייל פונ׳ם חייל לְשַׁעֵן דעם פייער און צוגלייך מאַכען ביי די טויערן אַ ריכטיגען וועג, בכדי צו פערגרינגערן פאַר די לעגיאָנען דעם אַרויפגאַנג. דערנאָך האָט ער גערופען צו זיך די אָפיצירען, וואָס פון זיי זיינען זיך צונויפגעקומען צוערשט די זעקס חשוב׳סטע: טיבעריוס אַלכסנדר, דער אויבער-קאָמאַנדיר איבערן גאַנצען חייל, סעקסטוס צערעאַליס, דער אָנפיהרער פון פינפטען לעגיאָן, לוקיוס לעפידוס, דער אָנפיהרער פון צעהנטען לעגיאָן, טיטוס פריגיוס פון פופצעהנטען לעגיאָן, ווייטער ליטערניוס פראָנטאָ, דער קאָמאַנדיר פון די ביידע אַלכסנדרינישע לעגיאָנען, און מאַרקוס אַנטאָניוס אַליאַנוס, דער פראָקוראַטאָר פון יהודה. נאָך זיי זיינען געקומען די איבעריגע פערוואַלטער און קריגס-טריבונען, און טיטוס האָט געהאַלטען מיט זיי אַ קריגס-ראַט וועגען בית-המקדש.

איין צד האָט געהאַלטען, אַז מען זאָל לאָזען פריי געוועלטיגען דעם קריגס-רעכט; כל-זמן עס שטייהט נאָך דער בית-המקדש, דער זאַמעל-פּלאַץ פאַר אַלע אידען, וועלען זיי ניט אויפהערען צו טראַכטען וועגען אַ מרידה. אַנדערע האָבען אויסגעדריקט זייער מיינונג אין דעם זין, אַז אויב די אידען וועלען פערלאָזען דעם בית-המקדש, און קיינער וועט ניט אַרויסציהען מעהר דעם שווערד צוליעב זיין פערטיידיגונג, דעמאָלט מעג מען איהם לאָזען שטייהן. טאָמער זשע וועלען זיי, פערקעהרט, בלייבען פעסט ביי זייער ווידערשטאַנד, דעמאָלט דאַרף מען איהם פערברענען; וואָרום דעמאָלט איז ער נאָר אַ פעסטונג און ניט קיין טעמפּעל. אויך וועלען דעמאָלט ניט די רוימער זיך מאַכען שולדיג אין אַ זינד קעגען גאָט, נאָר בלויז די יעניגע, וואָס האָבען זיי געצוואונגען דערצו. נאָר טיטוס האָט געהאַלטען, אַז אַפילו ווען די אידען וועלען זיך פערטיידיגען פון בית-המקדש, אויך דעמאָלט בעדאַרף מען ניט אויסלאָזען די נקמה צו אומבעלעבטע זאַכען אָנשטאָט צו לעבעדיגע מענשען און מען בעדאַרף בשום אופן ניט לאָזען אַוועקגייהן מיט׳ן פייער אַזאַ גרויסאַרטיגען בנין. וואָרום בעצם טרעפט דער שאָדען דאָך די רוימער, און פערקעהרט, אויב דער בית-המקדש וועט בלייבען גאַנץ, וועט ער זיין אַ צירונג פאַר דער מלוכה. צו דער דאָזיגער מיינונג האָבען מסכים געווען פראָנטאָ, צערעאַליס און אַלכסנדר.

דערנאָך האָט דער קיסר פונאַנדערגעלאָזען די פערזאַמלונג און האָט בעפויהלען די אָפיצירען צו פערגינען רוה זייערע מענשען, בכדי זיי זאָלען אין די קומענדיגע געשלעגען קענען שטאַרקער זיך שלאָגען. נאָר פון די קאָהאָרטעס האָט ער אויסגעקליבען אַ געוויסע צאָהל מענשען, וואָס האָבען בע־דאַרפט מאַכען אַ וועג דורך די חורבות און פערלעשען דעם פייער.

4. אין יענעם טאָג האָבען די אידען מחמת מידיגקייט און צעטומעלט־קייט ניט דערוועגט זיך צו מאַכען אַן אָנפאַל. אָבער דעם אַנדערן טאָג האָבען זיי צונויפגעקליבען זייערע כחות און האָבען געמאַכט אום דער צווייטער שעה מיט פרישען מוט אַן אויספאַל קעגען די וועכטערס פון אויסווייניגסטען חצר פון בית-המקדש. די לעצטע האָבען זיך שטאַרק אַנטקעגענגעשטעלט קעגען דעם אָנפאַל, און שיצענדיג זיך פון פאָרענט דורך זייערע שילטען, זיינען זיי געשטאַנען פעסט, ווי אַ מויער. פונדעסטוועגען האָט מען איינגעזעהן, אַז לאַנג וועלען זיי ניט קאָנען אויסהאַלטען, ווייל די אָנפאַלער זיינען געוועזען שטאַר־קער פאַר זיי סיי דורך זייער צאָהל און סיי דורך זייער ווילדער דרייסטקייט. נאָר דער קיסר, וואָס האָט דאָס צוגעזעהן פון אַנטאָניאַ אויס, האָט פערהיט דעם שלעכטען סוף פונ׳ם געשלעג און איז געשווינד געקומען צו הילף די זייניגע מיט אַן אויסגעקליבענער רייטער-אָבטיילונג. זייער אָנפאַל האָבען די אידען ניט אויסגעהאַלטען, נאָר זיי זיינען צום גרעסטען טייל אַנטלאָפען, נאָכדעם ווי די פאָדערשטע זיינען געפאַלען. אָבער ווי נאָר די רוימער זיינען אַוועק, האָבען די אידען זיך אומגעקעהרט און זיינען אויף זיי אָנגעפאַלען פון הינטען. דערויף האָבען זיך די רוימער ווידער אומגעקעהרט און האָבען ווידער פערטריבען זייערע געגנער, אַזוי אַז אום דער פינפטער שעה ביי-טאָג זיינען זיי אַלע בעוועלטיגט געוואָרען און איינגעשלאָסען אין אינעווייניגסטען פלאַץ פון בית-המקדש.

5. דערויף האָט זיך טיטוס צוריקגעצויגען אין אַנטאָניאַ און האָט גע־האַט בעשלאָסען ביי זיך, דעם אַנדערן טאָג גאָר אין דער פריה אָנצופאַלען מיט זיין גאַנצען חייל און אַרומצורינגלען דעם בית-המקדש. נאָר איבער איהם האָט שוין גאָט פון לאַנג גוזר געוועזען דעם פייער, און סוף-כל-סוף איז גע־קומען אין לויף פון די צייטען דער אומגליקליכער טאָג — דער צעהנטער פון חודש אָב — וואָס דעמאָלט איז אויך דער ערשטער בית-המקדש פערברענט געוואָרען דורכ׳ן קעניג פון בבל. מעהר ניט דאָס מאָל זיינען געוועזען די איינ־היימישע גופא, וואָס דורך זייער אויפטו און שולד איז ער געוואָרען אַ קרבן פאַר׳ן פייער.

וואָרום ווי נאָר טיטוס איז אַוועק, זיינען די מורדים נאָך אַ קורצער רוה ווידער אַרויסגעטראָטען קעגען די רוימער. דערביי איז אַרויסגעקומען אַ געשלעג צווישען די פערטיידיגער פון בית-המקדש און צווישען יענע סאָל־דאַטען, וואָס האָבען בעדאַרפט לעשען דעם פייער אין אינעווייניגסטען חצר. ביי׳ זיי די לעצטע זיינען אַזוי נאָכגעלאָפען די אידען, וואָס האָבען זיך צוריק־צוי׳גען, און זיינען געקומען ביז צום בית-המקדש, האָט אַ סאָלדאַט, ניט צו

וואַרטען אויף קיין בעפעהל אָדער צו טראַכטען וועגען די שווערע רעזול-טאַטען פון זיין טועכץ, געחאַפּט אַ ברענענדיגען שייט האָלץ, איינער פון זיינע חברים האָט איהם אויפגעהויבען, און ווי פון אויבען וואָלט מען איהם אָנגעטריבען, האָט ער אַ שליידער געטאָן דעם ברענענדיגען פאַקעל אין די אינעוויינינגסטע חדרים אַריין דורכ'ן גאָלדענעם פענסטער, וואו מען פלעגט פון צפון-זייט אַריינגייהן אין די חדרים, וואָס אַרום דעם בית-המקדש. ווי נאָר דער פייער האָט אויסגעבראָכען, האָבען די אידען, אין ערך מיט דער גרויס-קייט פונ'ם אומגליק, אויפגעהויבען אַ מורא'דיגען געשריי און זיינען געקומען צו לויפען פון אַלע זייטען בכדי צו לעשען דעם פייער, ניט צו קוקען אויף דער סכנה און ניט צו שוינען זייערע כחות; וואָרום ס'איז געשטאַנען אין סכנה אונטערצוגייהן דאָס, וואָס ביז אַהער האָבען זיי דאָס געזוכט צו פערהיטען פונ'ם אויסערסטען.

6. אַ שליח האָט עס תיכף געמעלדעט טיטוס'ן. געשווינד איז יענער אויפגעשפרונגען פון זיין געלעגער אין געצעלט, וואו ער האָט זיך אויסגערוהט פון קאַמף, און ווי ער שטייהט און גייהט, איז ער געקומען צו לויפען צום בית-המקדש, בכדי אַיינצוהאַלטען די שרפה — נאָך איהם זיינען געלאָפען אַלע אָפיצירען און די לעגיאָנען, וואָס זיינען דערשראָקען געוואָרען איבער דער מהומה. מען קאָן דאָס גרינג פערשטייהן, אַז ביי אַן אומגעאָרדענטער בעוועגונג פון אַזאַ מאַסע מענשען, איז איצט געוואָרען אַ מורא'דיגער טומעל אויסגעמישט מיט אַ בעטויבענדיגען רעש.

דער קיסר האָט געוואָלט דורך שרייען און מאַכען מיט די הענד געבען צו פערשטייהן די קעמפענדע, אַז זיי זאָלען לעשען. זיי אָבער האָבען זיין קול ניט געהערט, ווייל די איבעריגע האָבען איהם איבערגעשריען, און אויף די צייכענס, וואָס ער האָט זיי געגעבען מיט דער האַנד, האָבען זיי ניט גע-קוקט, ווייל זיי זיינען געווען צופיעל אַריינגעטאָן צום טייל אין דער אויפ-רעגונג פונ'ם קאַמף, צום טייל אין זייער ערביטערונג. קיין שום גוטע רייד, קיין שום סטראַשונקעס האָבען ניט געקאָנט אָבהאַלטען דעם שטורמישען דראַנג פון די לעגיאָנען; דער גרימצאָרן אַליין האָט געפיהרט די קאָמאַנדע. ביי די אַריינגאַנגען איז געוואָרען אַזאַ שרעקליכע ענגשאַפט, אַז אַ סך פון זייערע חברים זיינען צעטראָטען געוואָרען. אַ סך זיינען אַריינגעפאַלען אין די נאָך ברענענדיגע און רויכערנדיגע חורבות פון די גאַלערייעס און האָבען אויף אַזאַ אופן געהאַט דעם אייגענעס סוף, וואָס די בעזיגטע.

בשעת זיי זיינען אָנגעקומען נעבען בית-המקדש, האָבען זיי זיך גע-שטעלט, אַזוי ווי זיי וואָלטען אַפילו ניט געהערט די בעפעהלען פון אָנפיהרער, און האָבען געשריען צו די, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר זיי, זיי זאָלען וואַר-פען פייער אין בית-המקדש. איבעריגענס, האָבען די מורדים אינגאַנצען זיך אָבגעזאָגט פון דער האָפענונג, אַז זיי וועלען קאָנען אײנלעשען די שרפה; וואָרום אומעטום האָט מען זיי אויסגע'הרג'עט אָדער אַוועגעטריבען. אויך גאַנצע מאַסען פון בירגער, לויטער שוואַכע, אומבעוואָפענטע מענשען, זיינען געפאַלע

פאַר קרבנות פונ׳ם שווערד, דאָרט וואו דער שונא האָט זיי אָנגעטראָפֿען. בעזונדערס אַרום מזבח האָבען זיך אָנגעקליבען הרוגים מאַסענווייז. טייכענווייז איז געראָנען בלוט פון זיינע שטאַפּלען אַראָב, און דומפּיג האָבען זיך אַראָב־געקייקעלט פון זיינע ווענט די קערפּערס פון די, וואָס זיינען אויבען אויף איהם דער׳הרג׳עט געוואָרען.

7. אַז דער קיסר האָט מעהר ניט געקאָנט איינהאַלטען דעם אימפּעט פון זיינע סאָלדאַטען, וואָס זיינען געוואָרען ווי משוגע, און די פלאַמען האָבען אַלץ ווייטער אַרומגעחאַפּט, איז ער מיט די אָפיצירען אַריין אין קדשי־קדשים און האָט בעקוקט, וואָס דאָרט איז געווען. ער האָט געפונען, אַז אַלצדינג איז מעהר ערהאַבען, איידער דער שם, וואָס עס האָט געהאַט ביי די פרעמדע, און עס איז טאַקע געווען אַזוי ווי די הויכע מיינונג, וואָס די איינהיימישע האָבען געהאַט דערפון. און היות ווי דער פייער איז נאָך ניט געווען אַריינ־געדרונגען אין די אינעווייניגסטע חדרים, נאָר ער האָט פערטיליגט די בנינים, וואָס אַרום דעם בית־המקדש, דעריבער האָט ער מיט רעכט געהאַלטען, אַז דער בנין גופא קאָן מען נאָך ראַטעווען. דעריבער איז ער אַרויסגעלאָפען און לא די וואָס ער האָט געזוכט פערזענליך צו בעוועגען די סאָלדאַטען, זיי זאָלען דעם פייער לעשען, נאָר ער האָט אויך געהייסען דעם צענטוריאָ ליבעראַליס, וואָס האָט געהערט צו זיין לייבוואַך, ער זאָל צווינגען דערצו די ווידערשפּעניגע דורך קלעפּ מיט׳ן שטעקען.

אָבער די ערביטערונג, די שנאה צו אידען און דער אַלגעמיינער קאַמפּס־וואוט האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר שטאַרקער, איידער די איבערגעבענקייט צום קיסר און די מורא פאַר זיין שטראָף. דעם גרעסטען טייל האָט אָנגע־טריבען די אויסזיכט אויף רויב, ווייל זיי זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אַז וויבאַלד פון אויסוויינינג איז אַלץ געמאַכט פון גאָלד, אַ פּשיטאָ שוין, אַז אינעווייניג איז אַלץ געפּאַקט מיט אוצרות פון אַלע מינים. און אין דער צייט וואָס דער קיסר איז אַרויסגעלאָפען, בכדי אָבצוהאַלטען די סאָלדאַטען, האָט שוין איינער פון זיי, וואָס איז געווען אַריינגעדרונגען אינעווייניג, אונטערגע־לייגט אין דער פינסטער פייער אונטער די טירען, און היות ווי דער פלאַם האָט איצט זיך אויך אַרויסגעריסען פון אינעווייניג, דעריבער האָבען די אָפי־צירען מיט׳ן קיסר זיך צוריקגעצויגען, און קיינער האָט זיך מעהר ניט גע־געבען מיה, אָבצוהאַלטען די סאָלדאַטען, וואָס זיינען פון אויסוויינינג אַרומגע־לאָפען אַרום בית־המקדש, זיי זאָלען ניט ווייטער אונטערלייגען פייער. אויף אַזאַ אופן איז דער בית המקדש אַוועק מיט׳ן פייער קעגען טיטוס׳עס ווילען.

8. ווי שטאַרק מען זאָל ניט בעקלאָגען דעם אונטערגאַנג פון אַ בנין, וואָס איז געווען דער וואונדערפולסטער פון אַלע, וועלכע אונז איז אויסגע־קומען צו זעהן אָדער וועגען וועלכע מיר האָבען ווען עס איז געהערט, סיי בנוגע צו זיין פּראַכט און גרויסקייט בכלל און סיי בנוגע צו דער טייערקייט פון זיינע איינצעלנע חלקים, און בפרט בנוגע צו דער היכער בעדייטונג בית׳ס קדשי־קדשים, — פונדעסטוועגען קאָן מען דאָך געפינען גענוג סדייסט אין

דעם געדאַנק וועגען דער השגחה, וואָס איהר קאָן ניט אויסמיידען ניט קיין לעבעדיגע זאַך און ניט קיין זאַך, וואָס איז געמאַכט דורכ'ן מענשענס-האַנד, און ניט קיין איין געגענד פון דער ערד. מערקווירדיג אָבער איז די גענוי-איגקייט, מיט וועלכע זי טיילט איין די צייטען. ווי עס איז שוין געזאָגט, איז בעשטימט געוואָרען פאַר דער צעשטערונג דערזעלביגער חודש און דערזעלביגער טאָג, ווען דער בית-המקדש איז אַנומעלט פערברענט געוואָרען דורך די בבליים.

זינט שלמה המלך האָט איהם אויפגעבויט דאָס ערשטע מאָל ביז צום חורבן אין אונזערע טעג, וואָס איז אויסגעקומען אין צווייטען יאָהר פון אַספסינוס'עס קעניגען, רעכענט מען 1 130 יאָהר 7 חדשים און 15 טעג, און זינט ער איז דאָס צווייטע מאָל אויסגעבויט געוואָרען, ווי דאָס האָט געפּאָדערט חגי הנביא אין צווייטען יאָהר פון כורש'עס רעגירונג, ביז צו דער צשטערונג אונטער אַספסינוס'ן — 630 יאָהר און 45 טעג.

# פינפטער קאפיטעל.

דירעקטע רעזולטאַטען פון דער פערברענונג פון בית-המקדש. — וועגען די מופתים פאַר'ן חורבן-בית-המקדש.

1. אין דער צייט וואָס דער בית-המקדש האָט געברענט, האָבען ד, סאָלדאַטען גערויבט אַלצדינג, וואָס עס איז אַריינגעקומען אין די הענד, און האָבען הונדערטערווייז אויסגע'הרג'עט די אידען, וועלכע זיי האָבען געטראָפען. קיין רחמנות האָבען זיי ניט געהאַט אויף קיין עלטער, קיין אַכטונג ניט קעגען אַ הדרת פנים. קינדער און עלטערע לייט, ישראלים און כהנים אָהן אונטער-שייד זיינען געפאַלען אונטער'ן שווערד פונ'ם שונא, און אונטער די אָנגעהע-ריגע פון אַלע פאָלקסקלאַסען האָט געווילדעוועט די קריגס-פוריע, גאַנץ גלייך, צי די מענשען האָבען געבעטען גענאָד אָדער זיי האָבען זיך אַנטקעגענגע-שטעלט. מיט'ן קנאַקען פון די פלאַמען, וואָס זיינען אויסגעבראָכען פון אַלע זייטען, האָט זיך אויסגעמישט דער קרעכץ פון די, וואָס זיינען געשליידערט געוואָרען צו דער ערד. אויב מען זאָל געוועז נעמען אין בעטראַכט די הויך פונ'ם באַרג און די גרייס פונ'ם ברענענדיגען ריזיגען בנין, דעמאָלט האָט מען געקאָנט מיינען, אַז די גאַנצע שטאָדט שטייהט אין פלאַמען. מען קאָן זיך ניט פאָרשטעלען עפיס מאוים'דיגערעס און בעטויבענדערעס, ווי דער געשריי, וואָס האָט געהילכט איבער אַלץ. וואָרום אין דער צייט וואָס די רוימישע לעגיאָנען, וואָס זיינען אַריינגעדרונגען אין געשלאָסענעם מאַרש, האָבען אַרויס-געלאָזט זייערע פריידענס-געשרייען, האָט גלייכצייטיג געלאָזט זיך הערען דער ווייהגעשריי פון די מורדים, וואָס זיינען געוועזן אַרומגערינגעלט פון פייער און שווערד, און פון אויבען האָט געקלונגען דער קלאָג פונ'ם פערלאָזענעם פאָלק וואָס אין זיין פחד האָט עס זיך געלאָזט לויפען צום שונא און האָט בעוויינט יין גורל. מיט'ן געשריי פון די, וואָס אויפ'ן באַרג, האָט זיך פעראייניגט

דער געשריי פון דער פאָלקסמאַסע אין שטאָדט. אַסך פון די אומגליקליכע, וואָס דער הונגער האָט שוין געהאַט אויסגעפּרעסט ביי זיי די מאַרך און פערמאַכט זיי די מיילער, האָבען, דערזעהענדיג דעם בית-המקדש ברענען, צונויפגענומען זייערע לעצטע כחות צוליעב אַ קלאָגענדיגען יאָמער. און חוץ דאָס אַלץ איז נאָך צוגעקומען דער ווידער-קול פון פּערעאַ און פון די אַרומיגע בערג, וואָס האָט געמאַכט דעם רעש נאָך מאוים׳דיגער.

נאָר מורא׳דיגער איידער דער גאַנצער טומעל פון שלאַכט איז געווען דער גורל פון די בעזיגטע. ס׳האָט אויסגעדוכט, ווי דער הר הבית וואָלט גליהען פון גרונד אויס, ווייל אַרום און אַרום איז ער איינגעהילט געווען אין פייער. אָבער נאָך פולער, איידער די טייכען פייער, זיינען געראָנען די טייכען בלוט, און כמעט גרעסער איז געווען די צאָהל פון די געמאָרדענע, איידער די צאָהל פון די מערדער. אין ערגיץ האָט מען איבער די הרוגים ניט געקאָנט מעהר זעהן די ערד. איבער גאַנצע בערג פון טויטע האָבען די סאָלדאַטען זיך נאָכגעיאָגט נאָך די אַנטלויפענדע.

די אָבטיילונג רויבער האָט מיט מיה דורכגעבראָכען די קאָלאָנען פון די רוימער און האָט זיך דורכגעשלאָגען אינ׳ם אויסוויינינגסטען חצר און פון דאָרט אין דער אויבערשטער שטאָדט; דער איבעריגער טייל פון פאָלק איז אַנטלאָפען געוואָרען אין די אויסווייניגסטע גאַלעריי. עטליכע כהנים האָבען צו ערשט אַראָבגעריסען אַלע שפּיזען אויפ׳ן בית המקדש 1) מיט די בליי, און וועלכע די שפּיזען זיינען געווען איינגעפּאַסט, און האָבען עס אַראָבגעשליידערט אויף די רוימער. אָבער אַז זיי האָבען דערמיט גאָרנישט ניט אויפגעטאָן, און דער פייער איז איבער זיי אַריינגעבראָכען, האָבען זיי זיך צוריקגעצויגען אויפ׳ן וואַנט פון בית-המקדש, וואָס איז געווען ברייט אַכט איילען, און דאָרט זיינען זיי דערווייל געבליבען. נאָר צוויי אַנדערע חשוב׳ע אידען, וואָס האָבען געזעהן פאַר זיך די ברירה, אָדער אַריבערצוגייהן צו די רוימער צו ראַטעווען דורכדעם זייער לעבען, אָדער צו וואַרטען, האָבען בעסער געוואָלט האָבען דעם אייגענעם סוף, וואָס די איבעריגע, האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין פייער און זיינען פערברענט געוואָרען אינאיינעם מיט׳ן בית-המקדש. דאָס זיינען געווען מאיר בן בלגה און יוסף בן דלאי.

2. היות ווי די רוימער האָבען געהאַלטען, אַז נאָכדעם ווי דער בית-המקדש איז פערברענט געוואָרען, איז ניט כדאַי צו פערשוינען מעהר די אַרומיגע בנינים, דעריבער האָבען זיי אונטערגעצונדען אַלץ איבעריגע, דאָס הייסט: די רעשטען פון די גאַלערייעס און אַלע טויערן, חוץ צוויי, דעם מזרח׳דיגען און דרום׳דיגען, נאָר שפּעטער האָבען זיי די לעצטע אויך צעשטערט. דערויף האָבען זיי פערברענט נאָך די שאַץ-קאַמערן, וואו עס האָבען זיך געפונען אומגעהייערע סומעס מזומן געלד, אַסך געוואַנט אויף קליידער און אַנדערע טייערע חפצים, מיט איין וואָרט, אַלע אוצרות פון די אידען, מחמת די גבירים האָבען דאָרט געהאַט בעהאַלטען זייער פערמעגענס.

1) ז. V, 5, 6.

דערנאָך האָט מען זיך גענומען פאַר דער גאַנץ געבליבענער גאַלעריי פונ׳ם אויסווייניגסטען חצר פון בית-המקדש, וואו עס האָבען זיך געהאַט בע-האלטען ווייבער, קינדער און אַ צאָהלרייכע געמישטע פאָלק-מאַסע, אַן ערך 6000 נפשות. נאָך איידער דער קיסר האָט עפּיס וואָס בעשלאָסען וועגען די דאָזיגע מענשען, און איידער די אָפיצירען האָבען נאָך אָבגעגעבען אַ בעפעהל וועגען דעם, האָבען די סאָלדאַטען אין זייער גרימצאָרן אונטערגעצונדען די גאַלעריי. דערויף זיינען אַ טייל אומגעקומען אין מיטען פייער, פון די איבערי-גע ווידער—נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך פון דאָרט אַרויסגעריסען. פון דער גאַנצער מאַסע איז קיין איין לעבעדיגער נפש ניט געבליבען.

איבעריגענס, איז אין זייער אונטערגאַנג שולדיג געווען אַ פאַלשער נביא, וואָס האָט אין יענעם טאָג איינגערעדט די איינוואוינער פון שטאָדט, אַז גאָט האָט זיי געהייסען כלומר׳שט אַרויפגייהן אויפ׳ן בית-המקדש, וואו זיי וועלען זעהן אַ מופת פון זייער רעטונג. וואָרום די טיראַנען האָבען דעמאָלט אַריינ-געשיקט צווישען פאָלק אַ סך אַזעלכע נביאים, בכדי זיי אָנצוזאָגען, אַז זיי זאָלען וואַרטען אויף גאָטס הילף – ערשטענס, בכדי די מענשען זאָלען וויני-ציגער טראַכטען וועגען אַריבערצוגייהן צו די רוימער, און צווייטענס צוליעב דעם, בכדי די, וואָס האָבען שוין גובר געווען זייער מורא פאַר די וועכטערס, זאָלען געבראַכט ווערען צום בלייבען לכל הפחות דורך האָפענונג. אין אומ-גליק לאָזט זיך דאָך אַ מענש גרינג איינריידען, און אויב עס קומט אַן אָבנאַרער און זאָגט איהם צו אויסלייזונג פון זיינע צרות, דעמאָלט האָט דעם אומגליק-ליכענס בטחון קיין שיעור ניט.

3. אַזוי האָבען דאָס אומגליקליכע פאָלק דעמאָלט איינגערעדט אָבנאַרער, וואָס האָבען זיך אויסגעגעבען, אַז גאָט האָט זיי געשיקט. פערקעהרט, די קלאָרע מופתים, וואָס האָבען אָנגעוויזען אויפ׳ן קומענדיגען חורבן, האָבען די אומגליקליכע ניט בעאַכט און ניט געגלויבט אין זיי, נאָר, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען בעטויבט און וואָלטען ניט געהאַט ניט קיין אויגען און ניט קיין פער-שטאַנד, האָבען זיי ניט געהערט אויף גאָטס התראות צו זיי.

למשל, בשעת עס איז געשטאַנען איבער׳ן שטאָדט אַ שטערן, וואָס איז געווען עהנליך צו אַ שווערד, און אַ קאָמעט איז געבליבען אין אַ משך פון אַ גאַנץ יאָהר אויפ׳ן הימעל. און ווייטער, בשעת דאָס פאָלק האָט זיך געהאַט צונויפגעקליבען צום חג המצות אין חודש ניסן, האָט אום דער נײַנטער שעה אַרויסגעשטראַהלט פון מזבח און פון היכל אַזאַ ליכט, אַז מען האָט געקאָנט גלויבען, אַז עס איז העלער טאָג, — אַן ערשיינונג, וואָס האָט געדויערט כמעט אַ האַלבע שעה. אמת טאַקע, די אומוויסענדע האָבען איינגעזעהן דערין אַ גוטען מופת; נאָר די סופרים האָבען עס תיכף אויסגעטייטשט דערויף, וואָס עס איז שפּעטער געשעהן. דעמזעלביגען טאָג האָט אַ קוה, וואָס דער כהן גדול האָט זי געפיהרט צו ברייגען זי פאַר אַ קרבן אויפ׳ן מזבח, אין מיטען בית-המקדש געוואָרפען אַ שעפּיל.

דערנאָך האָט מען געזעהן, ווי אום האַלבע נאַכט האָט זיך פלוצלונג

פון זיך אַליין געעפענט דער מזרח׳דיגער טויער פונ׳ם אינעווייניגסטען חצר, וואָס איז געווען פון קופער און אומגעהייער שווער, אַזוי אַז נאָר צוואַנציג מענשען האָבען איהם מיט מיה געקאָנט שליסען אין אָבענד, און וואָס איז נאָך געווען געהאַלטען פון אַן אייזען-בעשלאָגענעם קווער-באַלקען און האָט געהאַט ריגלען, וואָס זיינען טיעף אַריינגעלאָזען געוואָרען אין אַ שוועל, וואָס איז געאַרבייט געוואָרען פון איין שטיק שטיין. די וועכטערס פון בית-המקדש האָבען עס תּכף געמעלדעט זייער הויפטמאַן, און ער איז אומגעזאַמט אַרויף, נאָר ער איז כּמעט ניט געווען אין שטאַנד צו לאָזען שליסען דעם טויער. ווידער אַ מאָל האָט דער פּראָסטער עולם אויסגעטייטשט די דאָזיגע געשעהעניש צום גוטען; זיי האָבען געמיינט, אַז גאָט עפענט זיי די טירען פון הצלחה. די סופרים אָבער האָבען דערפון אַרויסגעזעהן, אַז עס נעמט אַ סוף פון דער זיכערקייט פונ׳ם בית-המקדש, און אַז דער טויער וועט זיך עפענען פאַר זיינע שונאים, בכן האָט מען דאָ צו טון מיט אַ מופת פונ׳ם חורבן.

אין עטליכע טעג אַרום נאָך יום-טוב, 21 טעג אין חודש אייר, האָט זיך בעוויזען אַ גייסטערהאַפטיגע ערשיינונג, וואָס עס איז קוים צו גלויבען. וואָס איך וויל דאָ דערציילען, קאָן אויסדוכטען, ווי אַ באָבע-מעשה, אויב עס וואָלטען דאָס ניט דערציילט מענשען, וואָס האָבען עס געזעהן מיט די אייגענע אויגען, און אויב עס וואָלט ניט געקומען דער אומגליק, וואָס קומט אָן געוויינליך נאָך אַזעלכע מופתים. פאַר זונען-אונטערגאַנג האָט מען געזעהן אין דער גאַנצער געגענד, ווי עס פליהען אין דער לופט רייט-וועגען און בעוואָפענטע חיילות דורך די וואָלקענס און דרייהען זיך אַרום שטעדט 1).

ווייטער האָבען די כּהנים, ווי זיי דערציילען, בשעת זיי זיינען געקומען שבועות ביינאַכט אין חצר, ווי זיי דאַרפען דאָס טון לויט זייער דיענסט, דערהערט צוערשט אַ טומעל און אַ רעש און דערנאָך אַרוף פון אַ סך קולות: „לאָמיר אָבציהען פון דאַנען!"

נאָר שרעקליכער איז פאָלגענדע מעשה. אַ געוויסער ישוע בן חנן, אַן אומגעבילדעטער ערד אַיירבייטער, איז געקומען אין ירושלים פיער יאָהר פאַר׳ן אָנהויב פון דער מלחמה, בשעת די שטאָדט האָט נאָך גענאָסען פולקומען שלום און אַ גרויסען וואוילשטאַנד, צום יום טוב, בשעת אַלע אידען בויען לויט׳ן מנהג פון גאָטס כבוד וועגען סוכות אַרום דעם בית-המקדש, — און האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען צו רופען: „אַ קול, אַ קול פון מזרח, אַ קול פון מערב, אַ קול פון די פיער ווינטען, אַ קול איבער ירושלים און איבער׳ן בית-המקדש, אַ קול איבער חתנים און כּלות, אַ קול איבער׳ן גאַנצען פאָלק. טאָג און נאַכט האָט ער דאָס געשריען אַרומלויפענדיג איבער די גאַסען פון שטאָדט. עטליכע חשוב׳ע.

1) די ערשיינונג, וואָס דער מחבר בעשרייבט דא, זעהט אויס, ווי א „פאטאמארגאנא", דאָס איז אַן אָבשפּיגעלונג אין דער לופט. דאָס איז אַ בעוואוסטע נאטירליכע ערשיינונג, און ווי עס ווייזט אויס, איז זי טאַקע אין יענע צייטען געזעהן געוואָרען אין ירושלים אַזוי ווי יוסף בעשרייבט זי.

בירגער, וואָס זיי זיינען געווען אומצופרידען מיט דעם אומגליקס-געשריי, האָ-בען געהאַפּט דעם מענשען און געשלאָגען איהם מכות-רצח. אָבער ער האָט ניט געזוכט צו פערענטפערן זיך אָדער עפּיס אַרויסזאָגען קעגען זיינע פייניגער, נאָר אָהן אויפהער האָט ער אַלץ ווייטער איבערגע'חזר'ט זיינע פריהערדיגע ווערטער.

מיט רעכט האָבען דעריבער די פּאָרשטייהער גערעכענט, אַז אין דער אויפפיהרונג פונ'ם מענשען ליגט עפּיס אַ ווינק פון אויבען, און האָבען איהם געבראַכט צום רוימישען פּראָקוראַטאָר. דאָרט האָט מען איהם געשלאָגען און צעפליישט זיין לייב ביז צו די ביינער, נאָר ניט ער האָט געבעטען אום גענאָד און ניט ער האָט פערגאָסען קיין טרערען, נאָר מיט אַ קלאָגעדיגען טאָן האָט ער געענטפערט אויף איטליכען קלאַפּ מיט'ן רוף: „ווייה צו ירושלים!" בשעת אַלבינוס — אַזוי האָט געהייסען דער פּראָקוראַטאָר — האָט ביי איהם געפרעגט, ווער ער איז און פון וואַנען ער איז און פאַרוואָס רופט ער אַזוי, האָט ער דעריף קיין ענטפער ניט געגעבען, נאָר ער האָט ניט אויפגעהערט צו רופען זיין קלאָגעדיגען געשריי איבער דער שטאָדט, ביז וואַנען אלבינוס, וואָס איז געווען איבערצייגט, אַז ער איז משוגע, האָט איהם אָבגעלאָזט.

אין גאַנצען משך צייט, ביז דער קריג איז אויסגעבראָכען, האָט ער ניט געהאַט קיין מגע ומשא מיט קיינעם פון זיינע מיטבירגער, אויך האָט מען איהם ניט געזעהן, אַז ער זאָל ריידען מיט עמיצען, — נאָר טאָג ווי נאַכט האָט ער געקלאָגט, ווי ער וואָלט געזאָגט אַ תפלה: „ווייה, ווייה ירושלים!" ער האָט ניט געשאָלטען קיינעם, וואָס האָט איהם געשלאָגען (וואָס פלעגט אַלע טאָג געשעהן), ער האָט ניט געדאַנקט יענעם, וואָס האָט איהם געגעבען צו עסען: פּאַר קיינעם האָט ער קיין אַנדער ענטפער ניט געהאַט, ווי יענע אומגליקס-נבואה. בעזונדערס הויך האָט ער געלאָזט קלינגען זיין רוף ימים-טובים-צייט, און הגם ער האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען נאָך אַנאַנד זיבען יאָהר מיט פינף חדשים, איז זיין קול ניט געוואָרען ניט הייזעריג און ניט מיד.

צולעצט, בשעת דער בעלעגערונג, אַז ער האָט דערזעהן, ווי זיין נבואה ווערט מקוים, האָט ער אויפגעהערט צו קלאָגען. איין טאָג, בשעת ער איז אַרום-געגאַנגען אַרום מויער מיט'ן האַרץ רייסענדיגען געשריי: „ווייה צו דער שטאָדט, צו דעם פּאָלק און צו דעם היכל!" — און האָט נאָך דערצו מוסיף געווען די ווערטער: „ווייה אויך צו מיר!" — האָט איהם געטראָפען אַ שטיין פון אַ שלייי-דער-מאַשין און האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבען. ער איז געשטאָרבען מיט'ן קלאָג-רוף אויף די לעפצען.

4. בעטראַכט מען דאָס אַלץ, געפינט מען אַיין, אַז גאָט זאָרגט פּאַר די מענשען און אויף פערשיידענע אופנים גיט ער זיי צו פערשטייהן, וואָס עס איז גוט צוליעב זייער טובה וועגען, און אַז נאָר נאַרישקייט און אומגליק, וואָס זיי זיינען אַליין דערין שולדיג, שליידערט זיי אַריין אין פערדאַרבעניש. אַזוי האָבען אויך די אידען נאָך דער צעשטערונג פון אַנטאָניא געמאַכט דעם

בית-המקדש פיערקאַנטיג, הגם אין זייערע כתבי הקדש שטייהט געשריבען, אַז דעמאָלט וועט די שטאָדט און דער בית-המקדש אַיינגענומען ווערען, ווען דער לעצטער וועט ווערען פיערקאַנטיג 1).

נאָר וואָס עס האָט זיי צום מיינסט געטריבען צום קריג, איז דאָס געוועזען אַ צווייידייטיגע נבואה, וואָס האָט זיך אויך געפונען אין זייערע הייליגע שריפטען, דאָס הייסט, אַז אין יענער צייט וועט עמיצער פון זייער לאַנד דערגרייכען צו הערשאַפט איבער דער וועלט 2). זיי האָבען דאָס בעצויגען אויף איינעם פון זייער פאָלק, און אויך אַ סך פון די חכמים האָבען אַ טעות געהאַט אין דער אויסטייטשונג פונ'ם שפּראָך. נאָר אָנגעוויזען האָט די נבואה אויף דער ממשלה פון אַספּסינוס'ן, וואָס איז אין יהודה אויסגערופען געוואָרען צום אימפּעראַטאָר. נאָר עס איז די מענשען ניט מעגליך זיך אַרויסצומאַכען דערפון, וואָס זיי איז בעשערט, אַפילו ווען זיי זעהען דאָס פאָראויס. וואָרום די אידען האָבען אויסגעטייטשט אַ סך פון די מופתים, לויט ווי זיי האָט זיך דאָס געוואָלט, אויף אַנדערע ווייטער האָבען זיי לייכטזיניג גאָר ניט געקוקט, ביז דער פאַל פון זייער הויפּטשטאָדט און זייער אייגענער אונטערגאַנג האָבען זיי אויפגעוויזען זייער טעות.

# זעקסטער קאפּיטעל.

די זיגעס-פרייד פון די רוימער. — טיטוס פּרובט ווידער אַמאָל איינצונעמען די אידען מיט גוטען.

1. בשעת די מורדים זיינען אַנטלאָפען געוואָרען אין שטאָדט אַריין, און דער בית-המקדש מיט אַלע בנינים אַרום איהם זיינען געשטאַנען אין פלאַמען, האָבען די רוימער אַריינגעטראָגען זייערע פאָהנען אין די הייליגע פלעצער, האָבען זיי אויפגעשטעלט קעגענאיבער דעם מזרח'דיגען טויער, האָבען דאָרט

1). מען האָט געקלערט אַ סך וועגען דעם, אויף וואָס פאַר אַן אָרט פון תנ"ך איז דאָ אָנגעוויזען. ניכער פון אַלץ בעציהט זיך דאָס אויף די פסוקים פון ספר „זכריה" קאַפּ. א' י"ח. און ווייטער.

2) ס'איז קלאָר, אַז דער גלויבען, דער אמת'ער טיעפער גלויבען אין משיח'ן, וואָס בעדאַרף אויסלייזען דאָס אידישע פאָלק און צוגלייך איינשטעלען די גייסטיגע הערשאַפט פון ציון איבער דער גאַנצער וועלט, למשל, ווי דאָס איז געזאָגט אין די נבואות פון ישעיה דעם צווייטען, האָבען געשפּיעלט ניט קיין קליינע ראָל אינ'ם פונאַנדערבלאָזען דעם פלאַקער פון דער מלחמה און האָבען געמאַכט די קנאים אַזוי תקיף ביי זיך ביז צו דער לעצטער מינוט. יוסף בעריהרט דאָ עס נאָר בדרך אגב, ווייל לויט זיין גאַנצער שיטה, וואָס ער האַלט זיך דאָ, קומט אויס, אַז די גאַנצע מלחמה איז מעהר ניט איין גרויסע זינד מצד די „רויבער" די קנאים. דערפאַר טאַקע האָבען מיר, ליידער, קיין קלאָרען בעגריף ניט וועגען גייסטיגען צושטאַנד פון אידישען פאָלק אין דעם דאָזיגען העכסט וויכטיגען קריטישען מאָמענט פון אונזער געשיכטליכען לעבען.

פאַר זיי קרבנות געבראַכט 1) און בעגריסט מיט פריידענס-געשרייען טיטוס׳ן פאַר אַן אימפעראַטאָר 2). מיט רויב זיינען אַלע סאָלדאַטען געווען אַזוי בעלאָדען, אַז אין סיריען איז אַ פונט גאָלד אַראָבגעפאַלען אין מקח אויף דער העלפט.

אין דער צייט וואָס די כהנים זיינען נאָך אַלץ געבליבען בעהאַלטען אויף דער מויער פון בית-המקדש, האָט איין אינגעל, וואָס דער דאָרשט האָט איהם געפייניגט, געבעטען ביי די רוימער גענאָד און בעקלאָגט זיך פאַר זיי אויף זיין נויט. מחמת רחמנות אויף זיין יוגענד און אויף זיין שלעכטער לאַגע האָבען זיי טאַקע איהם צוגעזאָגט צו פערשוינען איהם. דערויף איז ער אַראָב און לאַ די וואָס ער האָט געלעשט זיין דאָרשט, האָט ער נאָך אָנגעפילט מיט וואַסער אַ כלי, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט, און איז ווידער געשווינד אַנטלאָפען געוואָרען צו די זייניגע. די וועכטער האָבען איהם שוין ניט געקאָנט חאַפּען און האָבען געשאָטען אויף איהם זידלערייען, פאַרוואָס ער האָט ניט געהאַלטען וואָרט. דער אינגעל אָבער האָט געענטפערט, אַז ער האָט בשום אופן ניט געטאָן קעגען אָבמאַך, וואָרום ער האָט געבעטען ביי זיי גענאָד, ניט בכדי צו בלייבען ביי זיי, נאָר בכדי צו קענען אַראָבגייהן און נעמען וואַסער; דאָס, בּיידעס האָט ער געטאָן, און עס איז קלאָר, אַז ער האָט זיין וואָרט געהאַלטען. די אָבגענאַרטע סאָלדאַטען האָבען זיך געוואונדערט איבער זיין דורכגעטריבענקייט, בפרט נאָך, אַז דער אינגעל איז געווען זייהר יונג.

איבעריגענס, זיינען די כהנים, געטריבען דורכ׳ן הונגער, דעם פינפטען טאָג אַראָבגעגאַנגען, און די וועכטערס האָבען זיי אַוועקגעפיהרט צו טיטוס׳ן; זיי האָבען זיך געבעטען ביי איהם, ער זאָל שוינען זייער לעבען. נאָר ער האָט זיי דערקלערט, אַז די צייט פאַר גענאָד איז שוין פאַר זיי פאַרביי, און היות ווי עס איז שוין ניטאָ מעהר דער בית-המקדש, וואָס פון זיינעטוועגען וואָלט ער מסתמא געהאַט אַ גרונד זיי צו שיינקען דאָס לעבען, בכן פּאַסט עס פאַר זיי אַלס כהנים, אונטערצוגייהן אינאיינעם מיט׳ן בית-המקדש. מחמת דעם האָט ער, זיי אַלעמען געלאָזט טויטען.

2. איצט ערשט האָבען די טיראַנען און זייערע חברים, וויבאַלד זיי האָבען איינגעזעהן, אַז זיי זיינען פון אַלע זייטען בעדריקט דורך די רוימער און אַז דורך דער מויער, וואָס אַרום דער שטאָדט, איז פאַר זיי אָבגעשניטען איטליכער וועג אויף צו אַנטלויפען, — געלאָזט בעטען דעם קיסר, ער זאָל אַריינטרעטען מיט זיי אין אונטערהאַנדלונגען. טיטוס, וואָס לויט זיין טבע איז ער געווען מענשענפריינדליך, האָט זייהר שטאַרק געוואָלט ראַטעווען די שטאָדט

1). די פאָהנען, אָדער בעניער, די אדלערס פון די לעגיאָנען האָבען זיך בערעכענט פאַקטיש פאַר געטער, און די סאָלדאַטען האָבען צו זיי געדיענט.

2) דעם דאָזיגען טיטעל פלעגט בעקומען איטליכער קריגס-פיהרער, ווען עס פלעגען נאָכ׳ן נצחון בלייבען ליגען אויפ׳ן שלאַכט-פעלד לכל הפחות 6 000 דער׳הרג׳עטע פיינד, און בשעת די סאָלדאַטען פלעגען איהם בעגריסען.

לכל הפחות, בפרט נאָך אַז זיינע גוטע פריינד האָבען איהם דאָס צוגערעדט, ווייל זיי האָבען משער געווען, אַז די רויבער זיינען איצט געוואָרען נאָכגיביג. בכן האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ביים מערב'דיגען קאַנט פונ'ם אויסוויינינגסטען חצר, וואו עס איז געווען אויבערהאַלב פון קסיסטוס אַ טויער, און אַ בריק האָט פערבונדען די אויבערשטע שטאָדט מיט'ן בית-המקדש; די דאָזיגע בריק איז איצט געלעגען צווישען די טיראַנען און צווישען טיטוס'ן. אַרום די הויפּט-פערזאָנען איז געשטאַנען די מאַסע געדיכט צונויפגעפּרעסט: אַרום שמעונ'ען און יוחנן די אידען, וואָס האָבען מיט שרעקענדיגער שפּאַנונג געהאָפט אויף דער בעגנאַדיגונג, אַרום דעם קיסר – די רוימער, וואָס האָבען געוואָלט הערען זיין וואָרט. טיטוס האָט געהייסען זיינע סאָלדאַטען איינהאַלטען זייער ער-ביטערונג און אויפהערען צו שיסען, האָט געלאָזט אַוועקשטעלען נעבען זיך אַן איבערזעצער, און צום צייכען, אַז ער איז דער זיגער, האָט ער אָנגעהויבען אַזוי צו ריידען:

„זיינען איצט פּאַר אייך, איהר בעלי-העזה'ניקעס, גענוג די צרות פון אייער פאָטערלאַנד, נאָכדעם ווי איהר האָט דורך אייער ווילדען גרימצאָרן און משוגעת, וואָס איהר האָט ניט געקוקט אויף אונזער מאַכט אָדער אויף אייער שוואַכקייט, געבראַכט דעם חורבן אויפ'ן פאָלק, אויפ'ן שטאָדט און אויפ'ן בית-המקדש? עס וועט מיט אייך גאַנץ רעכט געשעהן, ווען אויך איהר וועט נאָך אונטערגייהן, וואָס זינט פּומפּיוס האָט אייך אונטעריאָכט, האָט איהר ניט אויפגעהערט צו שטרעבען צו אַ מרידה, ביז איהר האָט אָנגעהויבען דעם אָפּע-נעם קריג קעגען די רוימער! אויף וואָס פערלאָזט איהר זיך דען? אויף אייער מאַסע? זעהט, זייהר אַ קליינער טייל פון רוימישען חייל איז מיט אייך פאַרטיג געוואָרען! אויף דער געטריישאַפט פון פערבינדעטע? אָבער וואָס פאַר אַ פאָלק אויסערהאַלב פון אונזער אימפּעריע וועט בעסער גייהן מיט די אידען, איידער מיט די רוימער? אויף אייער קערפּערקראַפט? איהר ווייסט דאָך, אַז אַפילו די גערמאַנען זיינען אונזערע שקלאַפען! אויף דער פעסטיגקייט פון אייערע מויערן? וואָס פאַר אַ שטאַרקערער מויער איז פאַרהאַן, איידער דער ים אוקינוס? און פונדעסטוועגען זיינען די בריטאַנען, ניט קוקענדיג אויף דער דאָזיגער מויער, אונטערטעניג די געוועהר פון די רוימער! אויף אייער פעסטען מוט און אויף דער דורכגעטריבענקייט פון אייערע אָנפיהרער? עס קאָן דאָך אייך ניט זיין אומבעוואוסט, אַז אַפילו די קאַרטאַגער האָבען מיר מנצח געווען!

בכן האָט אייך קיין אַנדער זאַך ניט אַריינגעבראַכט אין קריג קעגען די רוימער, ווי זייער גוטסקייט. מיר האָבען אייך אָבגעגעבען דאָס לאַנד, מיר האָבען איבער אייך געזעצט מלכים פון אייגענעם גזע, מיר האָבען געאַכט אייערע היימישע געזעצען און האָבען אייך ניט בלויז אין דערהיים, נאָר אויך צווישען פרעמדע, געלאָזט לעבען אַזוי, ווי אייך איז דאָס געפעלען. נאָך מעהר, מיר האָבען אייך ערלויבט צו מאָנען שטייערן און קלייבען נדבות, מיר האָבען ניט געשטראָפט די, וואָס האָבען אייך מיט'ן גוטען ווילען געגעבען געלד, און האָבען ניט געזוכט צו שטערען, אַז איהר, די פיינד, זאָלט ניט ווערען רייכער

פאַר אונז גופא, און אַז איהר זאָלט זיך ניט בעוואָפענען מיט אונזער געלד קעגען אונז. איהר אָבער זייט האָפערדיג געוואָרען, ווייל איהר האָט געהאַט אַזעלכע הנחות, האָט זיך געווענדט קעגען די, וואָס האָבען זיי אַייך געגעבען, און לויט דער טבע פון ווילדע שלאַנגען, האָט איהר בעשפריצט מיט אַייער גיפט די יעניגע, וואָס זיינען געווען צו אַייך גוט.

ס׳איז אַייך נאָך צו פערדיינקען, וואָס איהר האָט אַיינגעפונען, אַז נירונ׳ס אָבגעלאָזענקייט איז צו פעראַכטען. נאָר אין דער צייט, וואָס פריהער האָט איהר זיך לכל הפחות געהאַלטען רוהיג — אמת, בלויז מיט אַ שלעכטער כּונה, ווי צעבּראָכענע און אָבגעריסענע אברים פון אַ גוף, איז וויבאַלד אַז די קראַנק-הייט פון דער מלוכה האָט געשטייגט, האָט איהר אַרויסגעוויזען אַייער אמת׳ע געשטאַלט און האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט אומפערשעמטע פּלענער און חוצפּה׳דיגע גלוסטען.

דעמאָלט איז מיין פאָטער געקומען אין לאַנד, ניט בכדי אַייך צו בע-שטראָפען דערפאַר, וואָס איהר האָט אָנגעטאָן קיסטיוס׳ן, נאָר בכדי צו געבּען אַייך אַ התראה. וואָרום אויב ער וואָלט געקומען, בכדי צו פערטיליגען אַייער נאַציע, דעמאָלט וואָלט ער בעדאַרפט אָנחאַפּען דעם וואָרצעל און צעשטערען תּיכף די דאָזיגע שטאָדט. אָבער ער האָט דאָס ניט געטאָן, ער האָט מעהר ניט פּערוויסט גליל און די שכנישע געגענדען, בכדי צו געבּען אייך צייט אויף בע-קלערען זיך. נאָר איהר האָט געהאַלטען זיין מענשענפריינדליכקייט פאַר שוואַכקייט, און אונזער זאַנפטמוטיגקייט האָט געלאָזט נאָך גרעסער ווערען אַייער עזות׳קייט. נאָך נירונ׳ס טויט האָט איהר זיך לחלוטין שוין אויפגעפיהרט אַזוי, ווי נאָר רשעות קאָן זיך אויפפיהרען. אונזערע אינעווייניגסטע מהומות האָבען אַייך גע-מאַכט מוט, און בשעת איך מיט מיין פאָטער זיינען אַוועק קיין עגיפּטען, האָט איהר אויסגענוצט די גוטע געלעגענהייט צוליעב די הכנות פאַר דער מלחמה, און איהר האָט קיין מורא ניט געהאַט צו בעאומרוהיגען אויפ׳ן הערשער-טרוין דעם יעניגען, וואָס איהר האָט איהם פריהער דערקענט אַלס איידעלן קריגס-פיהרער.

און אַז די מלוכה האָט זיך געשטעלט אונטער׳ן שוץ פון אונזער הויז, און אַלצדינג האָט זיך אין איהר ווידער בערוהיגט, און די ווייט-געלעגענסטע פעלקער האָבען געשיקט שלוחים, בכדי אונז אָבצוגעבען מזל-טוב — דעמאָלט זיינען ווידער אַמאָל נאָר די אידען געבליבען אונזערע שונאים. שלוחים זיינען געגאַנגען פון אַייך אַריבער דעם פּרת, בכדי צו רופען צו אַ מרידה; בייע מויערן זיינען אויסגעבויט געוואָרען; אַן אויפשטאַנד, מחלוקת צווישען טיראַנען, בירגערקריג איז אויסגעבּראָכען — דאָס זיינען אַלץ זאַכען, וואָס קאָן פּאַרקומען נאָר ביי אַזעלכע שלעכטע מענשען, ווי איהר זייט.

דעמאָלט בין איך גופא געקומען פאַר די מויערן מיט דער שליחות, וואָס מיין פאָטער האָט מיר געגעבּען נאָר אומגערן. איך האָב געהערט, אַז דאָס פאָלק איז פרידליך געשטימט, און האָב זיך געפרייהט. פאַר׳ן אָנהויב פון דער

מלחמה האָב איך אַייך אויפגעפאָדערט, איהר זאָלט זיך פון איהר אָבזאָגען. נאָכדעם ווי זי האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט, האָב איך אַרויסגעוויזען שוינונג, איך האָב בעגענאָדיגט איבערלויפער, האָב געהאַלטען וואָרט בנוגע צו פליטים, האָב רחמנות געהאַט אויף אַ סך געפאַנגענע, האָב אַרויפגעלייגט די גרעסטע שטראָפען אויף זייערע בעדריקער, האָב נאָר בעל כרחי צוגעפיהרט מיינע מאַשינעס צו אַייערע מויערן, האָב אַיינגעהאַלטען דעם חשק צו מאָרדען פון מיינע סאָלדאַטען, און נאָך יעדען נצחון האָב איך אַייך אָנגעבאָטען שלום, אַזוי ווי איך וואָלט געווען דער בעזיגטער. בשעת איך בין צוגעקומען נאָהענט צום בית-המקדש, האָב איך ווידער מיט'ן גוטען ווילען פערגעסען אָנצווענדען דעם קריגסרעכט. האָב אַייך געבעטען, איהר זאָלט אָבהיטען אַייער אייגענעם הייליגטום פון צעשטערונג, האָב אַייך בעוויליגט אַ פרייען אָבצוג און שוינונג פון אַייער לעבען, אָדער, אויב איהר ווילט, אַ געלעגענהייט צום קאַמף אין אַן אַנדער אָרט – אָבער איהר האָט דאָס אַלץ ניט געוואָלט הערען. דעם בית-המקדש האָט איהר פערברענט מיט אַייערע אייגענע הענד, און איצט, איהר רשעים, לאָזט איהר מיך נאָך רופען אויף אונטערהאַנדלונגען?

וואָס קאָנט איהר ראַטעווען אַזוינס, וואָס זאָל כאָטש אויף וויפיעל עס איז קאָנען צוגעגליכען ווערען צו דעם, וואָס איז אונטערגעגאַנגען? און וואָס פאַר אַ ווערט קאָן האָבען פאַר אַייך דאָס לעבען, וויבאַלד אַז דער בית-המקדש איז חרוב? נאָר ניט קוקענדיג אויף אַלץ, שטייהט איהר נאָך מיט די געוועהר און ווילט אַפילו אין דער אויסערסטער נויט ניט אַרויסשטעלען זיך, אַז איהר בעדאַרפט האָבען גענאָד, איהר אומגליקליכע! אויף וואָס פערלאָזט איהר זיך נאָך? אַייער נאַציע איז טויט, אַייער בית-המקדש ניטאָ מעהר, מיינע איז די שטאָדט, אין מיין האַנד איז אַייער לעבען – און פאָרט איז עס נאָך פאַר אַייך אַ כבוד, זיך אַנטקעגענצושטעלען קעגען טויט?

נאָר איך וועל זיך ניט שטרייטען מיט אַייער פערבלענדעניש: אויב איהר וועט אַוועקוואַרפען די געוועהר און זיך אונטערגעבען, דעמאָלט שיינק איך אַייך דאָס לעבען; ווי אַ גוטער פאַמיליע-פאָטער, וועל איך דעמאָלט שטראָפען נאָר די, וואָס זיי קאָן מען ניט בעסערן, די איבעריגע אָבער וועל איך ראַטעווען".

3. דערויף האָבען די מורדים געענטפערט: גענאָד קאָנען זיי פון איהם ניט אָננעמען, ווייל זיי האָבען געשוואָרען, דאָס קיין מאָל ניט צו טון. נאָר זיי בעטען, מען זאָל זיי לאָזען פריי אָבציהען מיט ווייבער און קינדער דורך דער מויער; דעמאָלט וועלען זיי אַוועק אין דער מדבר און איהם איבערלאָזען די שטאָדט.

אויפגעבראַכט דעריבער, וואָס זיי, די בעזיגטע, ווילען איהם, ווי זיגער, אַרויסשטעלען תנאים, האָט טיטוס זיי געלאָזט אָנזאָגען: קיין איבערלויפער זאָל זיך מעהר ניט בעווייזען, און קיינער זאָל ניט רעכענען אויף גענאָד, וואָרום ער וועט קיינעם ניט פערשוינען. פערקעהרט, זאָלען זיי זיך פערטיידיגען

מיט'ן גאַנצען כח און זוכען זיך צו ראַטעווען, ווי זיי קאָנען; איצט וועט ער זיך בעגייהן נאָר לויט'ן מנהג פון דער מלחמה.

דערנאָך האָט ער געהייסען זיינע סאָלדאַטען אונטערצוציגדען די שטאָדט און צו רויבען. יענעם טאָג האָבען זיי נאָך געוואַרט. דעם אַנדערן טאָג אָבער האָבען זיי אונטערגעצונדען דעם אַרכיוו, דעם שטאָדטטייל אַקראַ, דעם ראָט-הויז און דעם קוואַרטאַל עופל, און דערביי האָט זיך דער פייער אויסגעברייט ביז'ן פּאַלאַץ פון הילני המלכה, וואָס איז געשטאַנען אין מיטען אַקראַ. אויך די גאַסען און הייזער, וואָס זיינען געווען אָנגעפילט מיט די טויטע קערפּערס פון פערהונגערטע, זיינען אַוועק מיט'ן פייער.

4. אין יענעם טאָג זיינען געקומען צו קיסר די זיהן און קרובים פון קעניג איזאַטעס מיט אַ סך חשוב'ע בירגער און האָבען געבעטען גענאָד. הגם טיטוס איז געווען ביז צום אויסערסטען אויפגעבראַכט קעגען אַלע איבעריגע, פונדעסטוועגען האָט ער ניט געקאָנט איבערמאַכען זיין כאַראַקטער און האָט די אומגליקליכע צוגענומען. דערווייל האָט ער זיי אַלעמען געהייסען היטען; דעם קעניגס זיהן און זיינע אַנדערע קרובים האָט ער דערנאָך אַוועקגעפיהרט קיין רוים, געשמידטע אין קייטען, און זיי זיינען דאָרט פערבליבען פאַר משכנות.

# זיבעטער קאַפּיטעל.

די גאַנצע אונטערשטע שטאָדט ווערט אַ רויב פון פייער. — ווייטערדיגע מעשי-נבלה פון די מורדים.

1. בכן זיינען די מורדים אָנגעפאַלען אויפ'ן קיניגליכען פּאַלאַץ, וואו אַ סך אידען האָבען געהאַט בעהאַלטען זייערע אוצרות, ווייל ער איז געווען שטאַרק בעפעסטיגט, האָבען פערטריבען פון דאָרט די רוימער, אויסגעה'רג'עט די גאַנצע פאָלקסמאַסע, וואָס האָט געהאַט דאָרט זיך צונויפגעקליבען, אַן ערך 8 400 מאַן, און האָבען אַוועקגערויבט די געלד. צווייען פון די רוימער האָבען זיי גענומען געפאַנגען לעבעדיגערהייד, אַ רייטער און אַ פוס-סאָלדאַט. דעם לעצטען האָבען זיי דער'הרג'עט אויפ'ן שטעל און האָבען איהם געשלעפּט איבער'ן שטאָדט, אַזוי ווי זיי וואָלטען געוואָלט אָן דעם קערפּער פונ'ם דאָזיגען מענשען נקמה נעמען פון די רוימער. דעם רייטער אָבער, וואָס האָט זיי צוגעזאָגט צו געבען אַ גוטע עצה בנוגע צו זייער רעטונג, האָבען זיי גע-בראַכט צו פיהרען צו שמעונ'ען. אָבער אַז ער האָט גאָרנישט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען, האָט מען איהם איבערגעגעבען איינעם פון די אָנפיהרער מיט'ן נאָמען אַרדלס, בכדי ער זאָל איהם טויטען. יענער האָט איהם געבונדען די הענד אויפ'ן רוקען, האָט איהם פערבונדען די אויגען און געבראַכט אויף אַן אָרט, וואו די פיינד זאָלען איהם זעהן, בכדי איהם אַראָבצוהאַקען די קאָפּ.

נאָר אין דער צייט וואָס דער איד האָט אַרויסגעצויגען דעם שווערד, איז דער געפאַנגענער געשווינד אַנטלאָפען געוואָרען צו די רוימער.

ווייל ער איז אַנטרונען געוואָרען פון די שונאים׳ס הענד, דעריבער האָט טיטוס ניט געקאָנט פועל׳ן ביי זיך, איהם צו נעמען דאָס לעבען. נאָר היות ווי ער האָט געהאַלטען פאַר אַ חרפה, אויב אַ רוימישער סאָלדאַט האָט זיך געלאָזט חאַפּען לעבעדיגערהייד, דעריבער האָט ער ביי איהם אָבגענומען די געוועהר און אַרויסגעטריבען איהם פון חייל, וואָס פאַר אַ בכבוד׳ען מענשען איז דאָס האַרבער פאַר טויטשטראָף.

2. דעם אַנדערן טאָג האָבען די רוימער פערטריבען די רויבער-באַנדע פון דער אונטערשטער שטאָדט און האָבען אונטערגעצונדען אַלצדינג ביז׳ן שלח. איבעריגענס, הגם זיי האָבען געהאַט די הנאה צו זעהן, ווי די שטאָדט איז פערוויסט געוואָרען פון פייער, פונדעסטוועגען האָבען זיי קיין רויב ניט בעקומען, ווייל די מורדים האָבען אַלצדינג געהאַט אויסגעליידיגט און זיינען אַוועק מיט זייער רויב אין די אויבערשטע שטאָדט.

וואָרום ניט קוקענדיג אויף׳ן אַלגעמיינעם אומגליק, האָבען די מורדים קיין שום חרטה ניט געהאַט. פערקעהרט, זיי האָבען ניט אויפגעהערט זיך צו בעריהמען, אַזוי ווי זיי וואָלטען געהאַט גוט אָבגעטאָן אַן עסק. קוקענדיג אויף דער ברענענדיגער שטאָדט, האָבען זיי דערקלערט, אַז זיי ווילען וואַרטען אויפ׳ן טויט מיט גוטען מוט און מיט אַ לאַכעדיגער מינע, ווייבאַלד דאָס פאָלק איז אויסגע׳הרג׳עט, דער בית-המקדש פערברענט, די שטאָדט האַלט אין ברענען, און פאַר׳ן שונא איז גאָרנישט ניט געבליבען.

יוסף אָבער איז אויך איצט, הגם עס איז שוין געקומען ביז צום אוי־סערסטען, ניט געווען מיד צו בעטען, אַז מען זאָל לאָזען שטייהן דעם רעשט פון דער שטאָדט. נאָר ווי ערנסט ער האָט זיי ניט אויפגעוויזען זייער אַכזריות און רשעות, און ווי ער איז ניט צוגעשטאַנען צו זיי, אַז זיי זאָלען זעהן זיך צו ראַטעווען — האָבען זיי מעהר ניט חוזק געמאַכט פון איהם.

היות ווי פון איין זייט האָבען זיי מחמת זייער שבועה ניט געוואָלט אונ־טערגעבען זיך די רוימער, און פון דער אַנדער זייט אָבער זיינען זיי גע־זעסען געפאַנגען, ווי אין אַ פאַסטקע, און האָבען קיין געהעריגען ווידערשטאַנד ניט געקאָנט אַרויסווייזען, דעריבער זיינען זיי, ווייל דער מאָרדען איז גע־וואָרען ביי זיי אַ צווייטער נאַטור, אַרויסגעגאַנגען איינציגווייז חוצ׳ן שטאָדט און האָבען אין די חורבות געלויערט אויף יענע אידען, וואָס האָבען געהאַט בדעה אַריבערצוגייהן צו די רוימער. און טאַקע האָבען זיי געפאַנגען אַ סך, וואָס זיינען געווען אויסגעמאַטערט פון הונגער און האָבען ניט געקאָנט אַנט־לויפען, האָבען זיי אומגעבראַכט און אַוועקגעוואָרפען זייערע קערפּערס פ־ די הינט.

איטליכער מין טויט האָט די אומגליקליכע זיך אויסגעוויזען גרינגער, איידער דער הונגער, דערפאַר איז לא די וואָס זיי זיינען געלאָפען צו ד־

רוימער, הגם זיי האָבען דאָרט מעהר ניט געקאָנט ריכטען זיך אויף געגאָד, נאָר זיי האָבען זיך אויך געלאָזט פאַנגען פון די מאָרדגיריגע מורדים. אַזוי איז אין גיכען אין דער גאַנצער שטאָדט שוין ניט געווען קיין אָרט, וואָס זאָל ניט זיין פול מיט די קרבנות פון הונגער אָדער פון דער מרידה.

3. זייער לעצטע האָפענונג האָבען די ·טיראַנען און זייערע אָנהייגער די באַנדיטען אַרויפגעלייגט איצט נאָך אויף די אונטערערדישע גיינג, וואו זיי האָבען גערעכענט, אַז זיי וועלען זיין זיכער, אַז מען וועט זיי ניט געפינען. נאָכדעם ווי די רוימער וועלען האָבען אינגאַנצען איינגענומען די שטאָדט און וועלען זיין אָבגעצויגען, דעמאָלט האָבען זיי גערעכענט אַרויסצוקומען פון די גיינג און צו אַנטלויפען. נאָר דאָס איז געווען מעהר ניט ווי אַ שיינער חלום: זיך צו האַלטען פערבאָרגען פאַר גאָט און פאַר די רוימער איז זיי ניט בעשערט געווען. זיך פערלאָזענדיג אויף די דאָזיגע אונטערערדישע גיינג, האָבען זיי נאָך מעהר געצונדען אין שטאָדט, איידער די רוימער. און אויב די איינוואוינער פון די ברענענדיגע הייזער האָבען דעמאָלט געוואָלט אַנטלויפען אין די אונטערערדישע גיינג, פלעגען זיי זיי דערשטעכען אָהן טענות און בערויבען זיי, און אויב זיי פלעגען געפינען ביי זיי עפּיס, וואָס מען קאָן עסען, פלעגען זיי עס פערשלינגען מיט זשעדנעקייט, אַפילו ווען עס פלעגט זיין בעפלעקט מיט בלוט. נאָך מעהר, איבערן רויב פלעגען זיי זיך קריגען צווישען אַנאַנד, און אויב עס וואָלט ניט געקומען די עראָבערונג אין מיטען, דעמאָלט, רעכען איך, וואָלטען זיי אין זייער פערווילדערטקייט געפרעסען אויך טויטע.

# אכטער קאפּיטעל.

ירושלים ווערט אינגאַנצען איינגענומען.

1. היות ווי די אויבערשטע שטאָדט איז מחמת איהר לאַגע אויף אַ שפּוע ניט געווען איינצונעמען אָהן דאַמבעס, דעריבער האָט דער קיסר צוואַנציג טעג אין חודש אב געשיקט די איינצעלנע אָבטיילונגען פון זיין חיל צו דער אַרבייט ביי די דאַמבעס. שווער איז געווען צו בעקומען געהילץ. וואָרום, ווי ס'איז שוין אויבען געזאָגט געוואָרען, האָט מען אין דער סביבה פון שטאָדט אויף אַ מהלך פון הונדערט סטאַדיעס פערטיליגט אַלע בוימער, נאָך בשעת מען האָט געבויט די פריהערדיגע וואַלען.

בכן האָבען די פיער לעגיאָנען אויסגעבויט זייערע דאַמבעס אין דער מערב-זייט פון שטאָדט, קעגענאיבער דעם קיניגליכען פּאַלאַץ, און אין דער-צועלביגער צייט האָבען די הילפס-מיליטער און די איבעריגע מאַסע געאַרבייט ניט ווייט פון קסיסטוס, פון'ם בריק און פון טורעם, וואָס שמעון האָט אויס-געבויט אין קאַמף קעגען יוחנן אַלס שטיצפּונקט פאַר זיינע אונטערנעמונגען און האָט איהם אַ נאָמען געגעבען נאָך זיך.

2. אין יענע טעג האָבען די אָנפיהרער פון די אדומים זיך צונויפגעקליבען בעהאַלטענערהייד, האָבען געהאַלטען זיך אַן עצה, צי זיי זאָלען זיך אונטערגעבען, און האָבען געשיקט פינף מענשען פון די זייעריגע צו טיטוס׳ן מיט דער בקשה, ער זאָל זיי בעגענאָדיגען. היות ווי דער קיסר האָט געהאָפט, אַז נאָכדעם ווי עס וועלען אַוועקגייהן די אדומים, וואָס פון זיי איז אַזוי פיעל געווען אָבגעהאַנגען אין דער מלחמה, וועלען אויך די טיראַנען סוף-כל-סוף נאָכגעבען, דעריבער האָט ער נאָך אַ לאַנגען קוויינקלען זיך זיי צוגעזאָגט צו פערשוינען און האָט די מענער צוריקגעשיקט.

אָבער שמעון, וואָס האָט זיך דערוואוסט פון געפּלאַנטען אָבמאַרש, האָט תיכף געלאָזט טויטען די פינף מענשען, וואָס זיינען געגאַנגען צו טיטוס׳ן, חאַפּען די אָנפיהרער, וואָס צווישען זיי איז דער חשוב׳סטער געווען יעקב בן סוסא, און אַריינוואַרפען זיי אין תפיסה; חוץ דעם האָט ער געהייסען היטען שטרייננג די אדומים, וואָס האָבען געהאַט אָנגעוואָהרען זייערע אָנפיהרער און האָבען ניט געוואוסט, ווי זיך צו העלפען, דורכדעם וואָס ער האָט פערשטאַרקט די פּאָסטענס אויפ׳ן מויער. פונדעסטוועגען זיינען די לעצטע ניט געווען בכח אָבצוהאַלטען די, וואָס האָבען געוואָלט אַנטלויפען; וויפיעל מען האָט ניט דער׳הרג׳עט — די, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבען צו אַנטלויפען, זיינען אַלץ מעהר געוואָרען.

די רוימער האָבען זיי אַלעמען צוגענומען: לא די וואָס דער קיסר האָט אין זיין גוטהאַרציגקייט ניט געקוקט אויף די פריהערדיגע בעפעהלען, אויך די סאָלדאַטען האָבען זיך אָבגעהאַלטען פון צו מאָרדען, צום טייל דערפאַר, ווייל דער טויטען איז זיי דערעסען געוואָרען, צום טייל אויך מחמת תשוקה צו געלד. די בירגער, וואָס פלעגען אָנקומען איינציגווייז, פלעגען זיי אַוועקלאָזען, די איבעריגע אָבער פלעגען זיי מיט ווייבער און קינדער פערקויפען אין שקלאַפעריי, און מחמת די געפאַנגענע זיינען געווען אַ סך און קונים אויף זיי ווינציג, האָבען זיי זיי פערקויפט בזיל הזול. איבעריגענס, הגם טיטוס האָט געלאָזט מודיע זיין, אַז עס טאָר ניט קומען קיין פליט אַליין (זיי האָבען בעדאַרפט מיטנעמען אויך זייערע משפחות), פונדעסטוועגען פלעגט ער צונעמען אויך אַזעלכע פליטים. צוגלייך האָט ער געלאָזט דורך פאַסיגע מענשען אויסקלייבען צווישען זיי די יעניגע, וואָס האָבען פערדיענט דעם טויט. אַן אומגעהייערע מאַסע האָט מען פערקויפט פאַר שקלאַפען; פערקעהרט, פון די בירגער גופא האָט מען העכער 40 000 בעגענאָדיגט, און דער קיסר האָט זיי געלאָזט גייהן, וואוהין זיי ווילען.

3. אין דערזעלביגער צייט איז געקומען אויך אַ כהן מיט׳ן נאָמען ישוע בן תבותי, וואָס איהם האָט דער קיסר מיט אַ שבועה צוגעזאָגט צו שוינען, אויב ער וועט איהם איבערגעבען עטליכע פון די הייליגע חפצים. ער האָט געבראַכט צו טראָגען פונ׳ם מויער פון בית-המקדש צוויי מנורות, וואָס זיינען געווען עהנליך אויף דער, וואָס איז געווען אין בית-המקדש גופא, ווייטער טישען, שיסלען און שאָלען, אַלצדינג מאַסיוו פון ריינעם גאָלד. חוץ דעם האָט

ער איבערגעגעבען די פרוכת׳ען, די בגדי כהונה פונ׳ם כהן גדול מיט די טייערע שטיינער און אַ סך כלים, וואָס פלעגען בענוצט ווערען ביי דער עבודה; אויך דעם גבאי פון בית-המקדש פנחס׳ן האָט מען געחאַפּט, און ער האָט בעוויזען די קליידער און גאַרטלען פון די כהנים, אַ רייכען זאַפּאַס פון פורפור און שאַרלאַק-געוואַנט, וואָס איז געווען צוגעגרייט, טאָמער וועט מען בעדאַרפען פעררייכטען דעם פרוכת; ווייטער אַ סך צימערינג און קאַסיאַ און אַ סך אַנדערע געווירצען, וואָס פון זיי פלעגט מען אַלע טאָג אָנצינדען אַ געמישעכץ פון גאָטס כבוד וועגען (קטורת). דאָס אייגענע האָט ער אויך איבערגעגעבען אַ בעדייטענדען סכום פון אַנדערע טייערע חפצים און הייליגע צירונג-זאַכען, און דורכדעם האָט ער זיך פערשאַפט די פערגינסטיגונג, אַז מען האָט איהם בעהאַנדעלט גוט, ווי אַלע אַנדערע איבערלויפער, הגם מען האָט איהם געהאַט גענומען געפאַנגען נאָך אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד.

4. נאָך אַן אַרבייט פון אַכטצעהן טעג, זיבען טעג אין חודש אלול, זיינען די וואַלען פאַרטיג געוואָרען, און די רוימער זיינען צוגעטראָטען מיט די מאַשינעס. אַ סך פון די מורדים האָבען איצט געהאַלטען, אַז די שטאָדט איז פערלאָרען, און האָבען זיך דעריבער צוריקגעצויגען פאַזע דער מויער און אַקראַ; אַנדערע זיינען אַריין אין די אונטערערדישע גיינג; אַ בעדייטענדע אָבטיילונג אָבער האָט זיך פונאַנדערגעטיילט אויף דער מויער און האָט געזוכט צו פערטיידיגען זיך קעגען די פיינד, וואָס האָבען זיך דערנעהענטערט מיט די שטורעמבעק. נאָר אויך מיט זיי זיינען די רוימער באַלד פאַרטיג געוואָרען, מחמת זייער גרעסערער צאָהל און קראַפט, דער עיקר אָבער ווייל זיי האָבען געקעמפט מיט פרישען מוט קעגען פערצווייפעלטע און אויסגעמאַטערטע.

ווי נאָר אַ טייל פון דער מויער איז אַיינגעבראָכען געוואָרען און אַ טייל פון די טורעמס האָבען אָנגעהויבען זיך צו שאָקלען דורך דער קראַפט פון די שטורעמבעק, האָבען זייערע פערטיידיגער תיכף זיך געלאָזט לויפען. אויך די טיראַנען האָט איצט אָנגעחאַפּט אַ פחד, וואָס איז גאָר אין קיין ערך ניט געשטאַנען צו דער סכנה; וואָרום נאָך איידער די פיינד זיינען געווען אַריבער, זיינען זיי שוין געשטאַנען ווי געפּלעפּט פאַר שרעק און האָבען ניט געוואוסט, צי זאָלען זיי לויפען אָדער בלייבען. דאָ האָט מען געזעהן די דאָזיגע מענשען, וואָס זיינען אַנומעלט געווען אַזוי האָפערדיג און האָבען זיך אַזוי בעריהמט מיט זייערע מעשי-נבלה, ווי זיי האָבען בהכנעה׳דיג געציטערט און זיינען געווען אַזוי פערענדערט, אַז ניט קוקענדיג אויף זייער גאַנצער שלעכטיגקייט, האָט זיך געמוזט דערוועקען אַ רחמנות אויף זיי.

זיי האָבען אַפילו געוואָלט מאַכען אַן אָנפאַל אויף דער מויער פון די רוימער, זיך דורכשלאָגען דורך דער קייט פון די פּאָסטענס און אַרויסקומען אַזוי אויף דער פריי. אָבער אַז זיי האָבען אין ערגיץ ניט געזעהן מעהר זייערע געטרייע אָנהייגער, וואָס זיינען זיך אַלע פונאַנדערגעלאָפען, וואוהין די נויט האָט זיי געטריבען, און חוץ דעם האָבען נאָך עטליכע שלוחים געמעלדעט, אַז די גאַנצע מערב׳דיגע מויער איז צעשטערט געוואָרען, אַנדערע

ווייטער – אַז די רוימער זיינען אַריינגעדרונגען, נאָך אַנדערע – אַז זיי זוכען זיי און אַז זיי זיינען שוין גאָר נאָהענט, און צולעצט זיינען געקומען עטליכע, וואָס דער שרעק האָט זייערע אויגען געבלענדט, און האָבען פּערזיכערט, אַז זיי זעהען שוין די פיינד אויף די טורעמס, – דעמאָלט זיינען זיי געפאַלען אויפ'ן פּנים, האָבען בעקלאָגט זייער פערבלענדעניש און האָבען ניט געקאָנט מעהר ריהרען זיך פון אָרט, אַזוי ווי מען וואָלט זיי געהאַט דורכגעשניטען די אָדערן.

איצטער האָט זיך ערשט רעכט אַנטפּלעקט גאָטס מאַכט איבער די רשעים און דער גליק פון די רוימער. וואָרום די טיראַנען האָבען פערגעסען זייער זיכערקייט און זיינען אַראָב פון די טורעמס, וואו זיי האָבען געקאָנט בעצוואונגען ווערען בלויז דורך הונגער, אָבער קיין מאָל ניט דורך געוואַלד. די רוימער ווידער, וואָס זיי האָט געקאָסט אַזוי פיעל מיה איינצונעמען די שוואַכערע מויערן, האָבען איינגענומען יענע, וואָס קיין בעלאַגערונגס-געצייג וואָלט גאָרנישט ניט געקאָנט אויפטון קעגען זיי, ווייל זיי האָט געהאָלפען זייער מזל; וואָרום די אויבען בעשריבענע טורעמס וואָלטען געקאָנט בעשטייהן קעגען איטליכער מאַשין.

5. נאָכדעם ווי די מורדים האָבען פערלאָזען די טורעמס, אָדער בעסער געזאָגט, זיי זיינען פערטריבען געוואָרען דורך גאָט, זיינען זיי געשווינד אַנ-טלאָפען געוואָרען אין טאָל אונטערהאַלב פונ'ם שלח, און נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך אַ ביסעל אָבגעחאַפּט פון זייער שרעק, האָבען זיי זיך אַ וואָרף גע-טאָן אויפ'ן דאָרטיגען טייל פון דער רוימישער מויער. נאָר זייער דרייסטקייט האָט שוין ניט געהאַלטען מעהר קיין גלייכען שריט מיט דער נויט, וואָרום פחד און אומגליק האָבען איינגעבראָכען זייער קראַפט. בכן האָט מען זיי באַלד צוריקגעטריבען פון דער מויער, און זיי זיינען זיך פונאַנדערגעלאָפען אין אַלע זייטען און האָבען זיך בעהאַלטען אין די אונטערערדישע גיינג.

דערווייל האָבען די רוימער פערנומען די מויערן, אַרויפגעשטעלט זייערע פאָהנען אויף די טורעמס און מיט אַ פרייהליכער פּאַטשעריי מיט די הענד האָבען זיי אָנגעהויבען צו זינגען דעם זיגס-ליעד, ווייל דער סוף פון דער מלחמה איז זיי אָנגעקומען גרינגער, איידער מען האָט עס געקאָנט גלויבען לויט'ן אָנהויב. עס האָט זיי זיך אויסגעדוכט אומגלויבליך, וואָס זיי זיינען אַרויף אויף דער לעצטער מויער אָהן צו פיהרען אַ שווערד, און האָבען ניט געוואוסט, וואָס איבערצוטראַכטען, בשעת זיי האָבען קיין פיינד ניט דערזעהן. מיט בלויזע שווערדען אין די הענד זיינען זיי געלאָפען איבער די גאַסען, האָבען דער-שטאָכען איטליכען, ווער עס איז זיי געקומען אין וועג, און פערברענט די הייזער, וואו די אידען האָבען זיך געהאַט בעהאַלטען, מיט אַלצדינג, וואָס איז געווען אינעווייניג.

זיי האָבען אַ סך גערויבט. אָבער אָפטמאָלס, בשעת זיי פלעגען אַריינ-דרינגען ערגיץ אין אַ שטוב, בכדי צו רויבען, פלעגען זיי געפינען גאַנצע

משפחות טויט און די דעכער פול מיט פערהונגערטע – איבער דעם דאָזיגען בילד פלעגען זיי ווערען אַזוי איבערגעשראָקען, אַז זיי פלעגען אַוועקגייהן מיטליידיגע הענד. איבעריגענס נאָר אויף די אומגעקומענע האָבען זיי געהאַט גרויס רחמנות, אָבער ניט אויף די לעבעדיגע. זיי האָבען אויסגע׳הרג׳עט אַלעמען, ווער עס איז זיי געקומען אין וועג, האָבען פערשפּאַרט די שמאָלע גאַסען מיט לויטער טויטע און פערפּלייצט די גאַנצע שטאָדט מיט טייכען בלוט, אַזוי אַז אַ סך שרפות זיינען אַיינגעלאָשען געוואָרען מיט בלוט.

קעגען אָבענד האָבען זיי אָבגעשטעלט די שחיטה; די שרפה אָבער האָט געווילדעוועט אַ גאַנצע נאַכט. אַכט טעג אין אלול איז די זון אויפגעגאַנגען איבער די רויכערנדיגע חורבות פון ירושלים.

די דאָזיגע שטאָדט איז זינט דער בעלעגערונג אויסגעשטאַנען אַזוי פיעל צרות, אַז אויב זי וואָלט זינט איהר גרינדונג גענאָסען פונקט אַזוי פיעל גליק, וואָלט מען באמת איהר געדאַרפט מקנא זיין. אָבער דורך קיין אַנדער זאַך האָט זי אַזאַ גרויסען אומגליק ניט פערדיענט, ווי דורכדעם, וואָס זי האָט אויס־געהאָדעוועט אַ דור, וואָס האָט זי חרוב געמאַכט.

# ניינטער קאפּיטעל.

טיטוס׳עס בעפעהלען.—דער חשבון פון די אָנגעהרען אויפ׳ן צד פון די אידען.—
יוחנן גיט זיך אונטער די רוימער.

1. בשעת טיטוס איז אַריין אין דער אויבערשטער שטאָדט, האָט ער זיך געוואונדערט איבער איהר פעסטיגקייט בכלל, און בפרט איבער איהרע טורעמס, וואָס די טיראַנען האָבען זיי פערלאָזען אין זייער משוגעת. בעטראַכטענדיג די הויך פון די מאַסיווע בנינים, די גרייס פון די איינצעלנע שטיקער שטיין און די גענויאיגקייט, ווי אַזוי זיי זיינען פערבונדען געוועזען צווישען זיך, און אויך זייער מורא׳דיגער לייגג און ברייט, האָט ער אויסגערופען: „מיט גאָטס הילף האָבען מיר געקעמפט! ער האָט דאָס די אידען פערטריבען פון די דאָ־זיגע פעסטונגען – וואָרום וואָס וואָלטען געקאָנט אויפטון מענשענס הענד אָדער מאַשינעס קעגען אַזעלכע טורעמס?" און כּדומה איבער נאָך אַזעלכע זאַכען האָט ער געשמועסט מיט זיינע גוטע פריינד.

דערנאָך האָט ער בעפרייט די געפאַנגענע פון די טיראַנען, וואָס מען האָט זיי געפונען אין די טורעמס איינגעשלאָסען, און האָט געהייסען אינגאַנצען צעשטערען דעם טייל שטאָדט, וואָס איז נאָך גאַנץ געבליבען, און אַראָבּרייסען די מויערן. די דריי טורעמס אָבער האָט ער געלאָזט שטייהן, בכדי זיי זאָלען בלייבען אַן עדות אויף זיין גליק, וואָס איהם האָט געהאָלפען צו בעצווינגען אפילו אַזעלכע פעסטונגען, וואָס זיינען געוועזען ניט איינצונעמען.

2. היות ווי די קריגסלייט איז שוין דער מאָרדען דערעסען געוואָרען, און עס האָט זיך נאָך בעוויזען אַ בעדייטענדע מאַסע-אידען, דעריבער האָט דער

קיסר געהייסען טויטען בלויז די בעוואָפענטע און ווידערשפעניגע, די איבע-ריגע פערקעהרט — צו נעמען געפאַנגען לעבעדיגערהייד. פונדעסטוועגען האָבען זי סאָלדאַטען נאָך דער׳הרג׳עט חוץ די, וואָס טיטוס האָט בעצייכענט, אויך די אַלטע און שוואַכע.

די אָבער, וואָס זיינען נאָך געשטאַנען אין בליהענדיגען עלטער, און מען האָט זיי נאָך געקאָנט געברויכען צו דער אַרבייט, האָבען זיי אַרויפגעטריבען אויפ׳ן הר-הבית און אַיינגעשלאָסען זיי דאָרט אין דער עזרת-נשים. פאַר אַ וועכטער איבער זיי האָט דער קיסר אַוועקגעשטעלט איינעם פון זיינע פריי-געלאָזענע, אין דער צייט וואָס זיין פריינד פראָנטאָ האָט געדאַרפט צו׳פסק׳ען איטליכען זיין פסק, וואָס איהם קומט. יענער האָט געלאָזט טויטען די מורדים און די רויבער, וואָס האָבען געמסר׳ט איינער אויפ׳ן אַנדערן. אָבער די שענסטע און גרעסטע בחורים האָט ער אָבגעקליבען, בכדי צו בעהאַלטען זיי פאַר׳ן טריאומף-צוג. פון די איבעריגע געפאַנגענע האָט טיטוס אַוועקגעשיקט די, וואָס זיינען עלטער געוועזען פון זיבעצעהן יאָהר, אין די בערג-גרובען פון עגיפטען. דעם גרעסטען טייל אָבער האָט ער אַוועקגעשאָנקען אין די פראָ-ווינצען, וואו זיי האָבען בעדאַרפט אומקומען דורכ׳ן שווערד אָדער דורך ווילדע חיות. אַלע, וואָס זיינען געוועזען אינגער פון זיבעצעהן יאָהר, זיינען גע-וואָרען פערקויפט.

איבעריגענס, זיינען אין משך פון די טעג, בשעת פראָנטאָ האָט גע-קליבען, נאָך 11 000 מאַן געשטאָרבען פון הונגער. צום טייל ווייל די וועכטערס האָבען מחמת שנאה ניט געגעבען זיי קיין לעבענס-מיטעל, צום טייל ווייל זיי האָבען ניט אָנגענומען די שפייז, וואָס מען האָט זיי דערלאַנגט; אמת, עס האָט טאַקע געפעהלט תבואה פאַר אַזאַ מאַסע.

3. די צאָהל פון די אידען, וואָס זיינען גענומען געוואָרען געפאַנגען אין דער דאָזיגער מלחמה, האָט בעטראָפען 97 000; אומגעקומען זיינען אין משך פון דער בעלעגערונג 1 100 000. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען גע-ווען געבאָרענע אידען, אָבער ניט פון ירושלים. וואָרום פון גאַנצען לאַנד איז דאָס פאָלק געוועזען צונויפגעקליבען אין דער הויפטשטאָדט צו פסח, און היות ווי די בעלעגערונג האָט דאָ געטראָפען אומגעריכטערהייד, און זיי זיינען געוועזען אַזוי איינג צונויפגעפרעסט, דעריבער האָט געמוזט אויסברעכען די פעסט און שפעטער נאָך דער הונגער, וואָס איז נאָך פערדאַרבליכער.

אַז די שטאָדט האָט געקאָנט אַריינעמען אין זיך אַזאַ מאַסע, איז גע-דרונגען פון אַ ציילונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אין קיסטיוס׳עס צייטען. בכדי צו בעווייזען נירונ׳ען, וואָס האָט גאָרנישט געהאַלטען פון יודישען פאָלק, דעם בליהענדען צושטאַנד פון ירושלים, האָט קיסטיוס געהייסען די כהנים צו ציילען, ווי ווייט מעגליך איז, דאָס פאָלק. היות ווי גראָד דענסטמאָל איז געפאַלען פסח, בשעת מען פלעגט ברייננען קרבנות פון דער ניינטער ביז דער עלפטער שעה, און אַרום איטליכען קרבן פלעגט זיך צונויפקלייבען אַ

געזעלשאַפט פון צעהן, און אָפטמאָלס מסתמא אויך פון צוואַנציג מענשען (וואָרום איינער אַליין טאָר מען דעם קרבן ניט עסען) — האָט מען דורך צייהלען אַרויסגעפונען 256 500 קרבנות. ווען מיר זאָלען אָננעמען, אַז אויף איטליכען קרבן קומען אויס אַפילו צעהן אָנטיילנעמער, דעמאָלט האָבען מיר אַ קימאַ לן פון 2 700 000, און דאָס אַלץ ריינע און געהייליגטע מענשען; וואָרום מצורעים, זבים, נדות און אַנדערע פעראומרייניגטע מענשען האָבען ניט געטאָרט נעמען קיין אָנטייל אין דעם קרבן, פונקט אַזוי ווי ניט־אידען, וואָס האָבען געקאָנט זיין דערביי ביי דער עבודה.

4. בכן האָט די הויפט־מאַסע פון די אָנטיילנעמער אין יום־טוב זיך געהאַט צונויפגעקליבען פון דער פרעמד, און אַזוי איז בגזר געוואָרען, אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז געווען איינגעשלאָסען, ווי אין אַ תּפיסה, און דעם שונא׳ס חייל האָט אַרומגערינגעלט די שטאָדט, וואָס איז געווען פּאַק און פול מיט מענשען. דעריבער איז אויך די מאַסע פון די אומגעקומענע געווען גרעזער, איידער ביי ערגיץ אַן אַנדער צרה, וואָס מענשען אָדער גאָט האָבען ווען עס איז אַרויפגעשיקט אויף אַ שטאָדט.

אַזוי האָבען די רוימער פון די, וואָס האָבען זיך איצט בעוויזען, גע־טויט נאָר אַ טייל, די אַנדערע האָבען זיי געמאַכט פאַר געפאַנגענע. זיי האָבען אויפגעזוכט אויך די, וואָס האָבען זיך געפונען אין די אונטערערדישע גיינג, האָבען דורכגעבראָכען די ערד און אויסגעה׳רג׳עט אַלעמען, ווער עס איז נאָר אַריינגעפאַלען צו זיי אין די הענד. אויך אין די דאָזיגע גיינג האָט מען גע־פונען העכער 2 000 טויטע, וואָס צום טייל האָבען זיי זיך אַליין געהאַט גע־נומען דאָס לעבען, צום טייל איינער דעם אַנדערן, ס׳רוב אָבער זיינען זיי אַוועקגעפאַלען פון הונגער.

די סאָלדאַטען, וואָס זיינען אַריינגעדרונגען, איז מחמת דעם אַנטקעגענ־געקומען אַזאַ שרעקליכער מתים־גערוך, אַז אַ סך פון זיי זיינען געשווינד ווידער אַרויס. אַנדערע ווידער, וואָס זייער געלדגיריגקייט האָט זיי פאָרט אַריינגע־טריבען, האָבען געמוזט געהן איבער הויפענס טויטע. באמת האָט מען אין די גיינג געפונען אַ סך טייערע חפצים, און די תשוקה צו געווינס האָט געהאַלטען פאַר ערלויבט איטליכען מיטעל, בכדי זיי צו בעקומען. ווייטער האָט מען אַרויסגענומען אַ סך געפאַנגענע פון די טיראַנען; וואָרום אפילו נאָך אינ׳ם לעצטען אויגענבליק זיינען יענע נאָך בעשטאַנען אויף זייער אכזריות.

דערפאַר האָט זיי טאַקע גאָט בעשטראָפט ביידען, ווי זיי האָבען דאָס פערדיענט. יוחנן, וואָס האָט אינאיינעם מיט זיינע ברידער געליטען הונגער אין די אונטערערדישע גיינג, האָט צולעצט פאָרט געבעטען ביי די רוימער גענאָד, וואָס ער האָט פריהער פערוואָרפען. שמעון, פערקעהרט, האָט זיך אונ־טערגעגעבען, נאָכדעם ווי ער האָט געקעמפט מיט דער שרעקליכסטער נויט, אַזוי ווי עס איז בעשריבען ווייטער 1). איהם האָט מען בעהאַלטען פאַר אַ קרבן

1) ז. בוך VII, 2, 2.

פאַר׳ן טריאומף, יוחנן ווייטער איז פער׳משפט געוואָרען אויף אייביגער תפיסה.

איצט האָבען די רוימער אונטערגעצונדען נאָך ד׳י ווייטסטע שטאָדט-טיילען און האָבען געמאַכט די מויערן גלייך מיט דער ערד.

# צעהנטער קאפיטעל.

א בליק צוריק אויפ׳ן פריהערדיגען גורל פון דער שטאָדט.

1. אַזוי איז געפאַלען ירושלים אין צווייטען יאָהר פון אַספּסינוס׳עס רע-גירונג, אַכט טעג אין חודש אלול. פינף מאָל איז זי פריהער אַיינגענומען געוואָרען, און איין מאָל אויך צעשטערט. אַיינגענומען די שטאָדט האָבען דער עגיפּטישער קעניג אַזאָכעאוס 1), דערנאָך אַנטיוכוס, דערנאָך פּומפּיוס, נאָך איהם סאָסיוס אינאיינעם מיט הורדוס׳ען; נאָר זיי האָבען געלאָזט זי שטייהן. פאַר זיי האָט זי געהאַט אַיינגענומען און צעשטערט דער קעניג פון בבל 2), 1468 יאָהר מיט 6 חדשים נאָך איהר גרינדונג.

אויפגעבויט ירושלים דאָס ערשטע מאָל האָט אַ כנעני׳שער כהן, וואָס זיין נאָמען בעדייט אויף דער אָרטיגער שפּראַך „גערעכט ער קעניג" 3). דאָס איז ער טאַקע געוועזן מיט אַן אמת, און דעריבער האָט ער טאַקע געדיענט דער ערשטער אַלס כהן דעם אויבערשטען, און אויך האָט ער דער ערשטער געגרינדעט אַ הייליגטום, און אַ נאָמען געגעבען די שטאָדט, וואָס האָט פריהער געהייסען שלם, ירושלים 4). שפּעטער האָט דער קעניג דוד אַרויסגעטריבען די כנענים פון דער שטאָדט און האָט זי בעפעלקערט מיט זיינע פאָלקסברי-דער. 477 יאָהר מיט 6 חדשים נאָך איהם האָבען זי די בבליים צעשטערט. פון דוד׳ן, וואָס איז געוועזן דער ערשטער קעניג אין ירושלים, ביז דער צעשטע-

1) אין „קדמוניות", בוך VIII, קאפּ. 10 § 2. א. וו. רופט יוסף אָן דעם אייגענעם קעניג סוסאק. דער בעריהמטער אַלטער גריכישער היסטאָריקער הערא‌דאט רופט איהם אָן סעזאסטריס; דאָס איז, פערשטייהט זיך, דער שישק מלך מצרים, וואָס האָט איינגענומען ירושלים אין רחבעמ׳ס צייטען (מלכים א׳, קאפּ. י״ד, 25; דה״י ב׳, י״ב, 2; אין מלכים איז דער כתיב שושק).

2) נבוכדנצר; ד. ה. פריהער בלויז פאַר די לעצטע.

3) מלכי-צדק, בראשית י״ד 18.

4) שרייבענדיג אויף גריכיש, טייטשט יוסף איין דעם גריכישען נאָמען פון דער שטאָדט ירושלים, אזוי ווי ער וואָלט געוועזן דער לכתחילה׳דיגער. די גריכען פלעגען אָנרופען ירושלים— היעראסאָלימא. היעראס — הייסט אויף גריכיש הייליג, און ווי עס ווייזט אויס, האָבען די גריכען טאַקע פערשטאַנען דעם נאָמען „ירושלים", ווי „הייליגע סאלימא". יוסף האָט זיך אזוי פיעל צוגעפּאַסט צו זייגע גריכישע לעזער, אז ער האָט מיט אַ ביון בעמאַכט אַ פאַלשען פירוש אויפ׳ן וואָרט.

רונג דורך טיטוס׳ן, זיינען אַוועק 1179 יאָהר, און פון איהר ערשטער גרינ-דונג ביז צו דער לעצטער עראָבערונג – 2177 יאָהר 1).

ניט דער טיעפער עלטער פון דער שטאָדט, ניט איהר אומגעהייערער רייכטום, ניט די פערשפרייטונג פונ׳ם פאָלק, וואָס האָט געהערט צו איהר איבער דער גאַנצער ערד, ניט דער גרויסער נאָמען פונ׳ם גאָטעסדיענסט, וואָס׳ מען האָט אין איהר געהאַלטען, – איז געווען אין שטאַנד זי אַיינצוהיטען פון אונטערגאַנג. דאָס איז געווען דער סוף פון דער בעלעגערונג פון ירושלים

---

1) געגוי זיינען די צאָהלען אודאי ניט. בפרט נאָך, אז אין די פערשיידענע כתבי-יד פון יוסף׳ס שריפטען געפינען זיך פערשיידענע צאָהלען. דאָס קומט דערפון, וואָס די איבערשרייבער האָבען אַ טעות געהאַט.

# זיבעטער בוך.

## אינהאלט.

ווי אזוי די רוימער האבען, נאכדעם ווי אלע אידען זיינען געווארען אויסגע'הרג'עט און געגומען געפאנגען, חרוב געמאכט אלצדינג ביז'ן גרונד, חוץ דריי טורעמס, וואס האבען בעדארפט געבען די שפעטערדיגע דורות א פארשטעלונג וועגען דער אמאליגער שיינקייט פון דער שטאדט.

טיטוס'עס רעדע צו די סאלדאטען, וואו ער האט זיי געלויבט און בעדאנקט פאר זייערע גבורות.

ווי אזוי ער האט איינצעלנע פון זיי אבגעגעבען כבוד דורך קאמף-פריזען און מתנות.

ווי אזוי ער איז אוועק קיין קיסריה, נאכדעם ווי ער האט געגעבען רייכע מתנות די לעגיאנען; אהין האט ער אויך געלאזט בריינגען דעם גאנצען רויב פון דער מלחמה.

אספסינוס פאהרט ארויס פון אלכסנדריה קיין רוים.

ווי אזוי טיטוס איז אוועק קיין קיסריה פיליפי און האט דארט איינגעארדענט שפיעלען, ביי וועלכע א סך קריגסגעפאנגענע זיינען דער'הרג'עט געווארען.

ווי אזוי עס איז געפאנגען געווארען דער טיראן שמעון און בעהאלטען געווארען פאר'ן טריאומף.

ווי אזוי טיטוס האט געלאזט אומבריינגען א סך אידען לכבוד זיין ברודערס געבורטסטאג.

ווי אזוי די אידען אין אנטיוכיה זיינען אריינגעפאלען אין א גרויסער סכנה, ווייל א איד אנטיוכיוס האט עובר געווען אויפ'ן געזעץ.

ווי אזוי אספסינוס איז גלענצענד אויפגענומען געווארען אומעטום און בעזונדערס אין רוים.

ווי אזוי די גערמאנען, וואס האבען מורד געווען קעגען די רוימער, זיינען ווידער אונ-טערטעניג געמאכט געווארען.

ווי אזוי עס זיינען בעשטראפט געווארען די סארמאטען איבער אן אנפאל אין מעזיען און זיינען צוריק אבגעטריבען געווארען אין זייער לאנד.

ווי אזוי טיטוס האט זיך אומגעקעהרט צוריק פון בעריטוס און האט געלאזט אומבריינגען א סך אידען אין שפיעלען, וואס ער האט איינגעארדענט. א מערקווירדיגען בעריכט איבער דעם אזוי אנגערופענעם שבת-טייך.

ווי אזוי די איינוואוינער פון אנטיוכיה האבען זיך בעקלאגט אויף די אידען, נאר מען האט זיי אבגעוויזען.

ווי אזוי טיטוס האט זיך אומגעקעהרט צוריק קיין ירושלים, און אז ער האט דערזעהן

## אינהאלט.

די חרוב'ע שטאדט, האט זיך ז'ערוועקט ביי איהם א רחמנות. ער פאהרט אב קיין רוים איבער אלכסנדריה.

ווי אזוי מען האט איהם אויפגענומען אין איטאליען מיט בעגייסטערונג און מיט גרויס פּראַד בעגלייט, און ווי אזוי ביידע קיסרים האבען בעשלאסען צו טריאומפירען אינאיינעם.

בעשרייבונג פונ'ם טריאומף־צוג און פון די גערויבטע חפצים, וואס זיינען בשעת מעשה געוויזען געווארען.

טויטונג פונ'ם טיראַן שמעון בשעת דעם טריאומף־צוג.

ווי אזוי מען האט אוועקגעלייגט די גערויבטע חפצים אינ'ם טעמפעל פון דער געטין פון שלום, וואס אספּסינוס האט אויסגעבויט נאכ'ן טריאומף.

ווי אזוי באסוס איז געקומען אין לאנד יהודה, און נאכדעם ווי ער האט געצוואונגען די אידען איבערצוגעבען די פעסטונג הורדיום, האט ער זיך גענומען אויך פאר דער ערָאבערונג פון דער פעסטונג מכוור.

וועגען דער לאגע פון מכוור.

וועגען דער רוטען־פלאנצונג, וואס וואקסט אינ'ם קיניגליכען שלאס פון מכוור.

מערקווירדיגער בעריכט וועגען אן אנדער פלאנצונג.

וועגען די ווארימע קוואלען פון דעם אָרט.

ווי אזוי באסוס האט זיך דערשלאגען דערצו, אז מען האט איהם איבערגעגעבען די שטאדט, וואס איז געווען זייהר שטארק בעפעסטיגט, דורכדעם וואס ער האט פריינבלאזט א יונגען מאן מיט'ן נאמען אלעזר, וואס מען האט איהם געהאט גענומען געפאנגען אויף א מאדנעם אופן.

ווי אזוי ער האט בעלאזט ארומרינגלען און אויס'הרג'ען אלע אידען, וואס האבען זיך געהאט בעהאלטען אין א וואלד־טאל מיט'ן נאמען יארדעס.

ווי אזוי אספּסינוס האט געשיקט צו באסוס'ן און ליבעריוס'ן א בעפעהל, אז זיי זאלען פערקויפען דאס גאנצע לאנד פון די אידען און ארויפלייגען אויף די אידען אין אלע ערטער, וואו זיי וואוינען, א שטייער פון צוויי דראכמעס א יאהר, וואס זיי האבען עס געמוזט צאהלען פאר'ן קאפּיטאליום, אזוי ווי זיי האבען פריהער געצאהלט פאר'ן בית־המקדש.

וועגען דעם אומגליק פון קעניג אנטיוכוס פון קאמאגענע.

וועגען די אלאנען און זייערע רויב־אנפאלען אויף מעדיען און ארמעניען.

וועגען דער פעסטונג מצדה און די סיקאריער, וואס האבען זי געהאלטען בעזעצט.

ווי אזוי סילווא האט זיך גענומען פאר דער בעלעגערונג פון מצדה. בעשרייבונג פון דער שטאדט.

וועגען די זאפּאסען פון געוועהר און לעבענס־מיטלען, וואס זיינען דארט געלעגען זינט קעניג הורדוס'עס צייטען.

ווי אזוי דער רוימישער קריגס־פיהרער איז אנגעפאלען אויף מצדה און האט געהייסען צעשטערען די מויערן דורך פייער, און האבענדיג בדעה אנצופאלען אויף די פיינד דעם אנ־דערן מארגען אין דערפריה, האט ער געהייסען זיי שטריינג בעוואכען ביינאכט.

ווי אזוי אלעזר, דער אנפיהרער פון די סיקאריער, האט צוגערעדט אלע זיינע אונטער־

## אינהאלט.

געבענע דורך דרינגענדע טענות, ביז זיי האָבען בעשלאָסען צו טויטען זיך אינאיינעם מיט זייערע פאמיליעס.

ווי אזוי עס האָבען דערויף אלע מענשען, וואָס האָבען זיך געפונען אין דער פעסטונג, אויסגעקוילעט איינער דעם אנדערן, חוץ צוויי ווייבער און פינף אינגלעך.

ווי אזוי די רוימער און סילווא, וואָס האָבען זיך פאַרגעשטעלט, אז ביים איינגעמען די שטאָדט וועלען זיי האָבען גרויסע צרות, האָבען זיי איינגענומען אָהן ארויסצוציהען א שווערד.

ווי אזוי די סיקאריער, וואָס זיינען אנטלאָפען געוואָרען קיין אלעקסנדריה, האָבען דאָרט געהאַט אויסצושטייהן גרויסע צרות, און ווי אזוי עס איז חרוב געוואָרען דער בית־המקדש אין מצרים, וואָס אמאָל האָט איהם אויסגעבויט דער כהן גדול חוניו.

ווי אזוי א געוויסער סיקאריער יונתן, וואָס איז געווען לויט זיין מלאכה א וועבער, האָט אונטערגעהעצט די אידען פון קירענע צו א מרידה, און ווי אזוי עס זיינען מחמת דעם אומגעקומען א סך פון זיי.

ווי אזוי יונתן האָט פאלש אָנגעקלאָגט צווישען אנדערע אויך יוסף'ן, ווייל דער פערוואלטער קאַטולוס האָט איהם דערצו אונטערגעהעצט.

ווי אזוי אספסינוס האָט אויסגעפאָרשט דעם גאנצען ענין און איז דערגאנגען דעם אמת און האָט געהייסען פערברענען יונתנ'ען לעבעדיגערהייד, און ווי אזוי קאַטולוס איז לכתחלה ארויס פריי, נאָר שפּעטער איז ער געשטאָרבען פון א קראנקהייט, וואָס גאָט האָט אויף איהם געשיקט אלס א שטראָף פאר דער טויטונג פון די אידען, וואָס זיינען פאלש אָנגעקלאָגט געוואָרען.

---

# ערשטער קאפּיטל.

**די צעשטערונג פון ירושלים, חוץ דריי טורעמס. — טיטוס בעלוינט זיין חייל און לאָזט פונאנדער אַ טייל פון איהם.**

1. היות ווי די סאָלדאַטען האָבען שוין מעהר ניט געהאַט וואָס צו מאָרדען און צו רויבען, און אין זייער ערביטערונג האָבען זיי זיך אומזיסט אומגעקוקט אויף אַ זאַך, אָן וואָס זיי זאָלען קאָנען אויסלאָזען זייער כעס (וואָרום בלויז מחמת רחמנות וואָלטען די סאָלדאַטען מ׳מא קיינעם ניט דורכגעלאָזט), — דעריבער האָט דער קיסר בעפויהלען צו צעשטערען ביז׳ן גרונד די גאַנצע שטאָדט און דעם בית־המקדש. נאָר די טורעמס פזאל, היפיקוס און מרים, וואָס זיינען געווען העכער פאַר אַלע, און דער מערב׳דיגער טייל פונ׳ם מויער האָבען בעדאַרפט בלייבען שטייהן: דער לעצטער, בכדי צו העלפען בילדען אַ פעסטען לאַגער פאַר׳ן קומענדיגען גאַרניזאָן, די טורעמס ווייטער — בכדי צו זאָגען עדות פאַר די שפּעטערדיגע דורות, ווי גרויסאַרטיג און שטאַרק בעפעסטיגט עס איז געווען די שטאָדט, וואָס די רוימער מיט זייער גבורה האָבען זי איינגענומען.

אַלע איבעריגע טיילען פון דער שטאָדטישער מויער האָבען די זיגער אינגאַנצען גלייך געמאַכט מיט ד׳ער ערד, אַזוי אַז פרעמדע וואָלטען כמעט ניט געגלויבט, אַז די שטאָדט זאָל ווען עס איז זיין געווען בעוואוינט. אַזאַ טרויעריגען סוף האָט געהאַט די שיינע וועלט־בעריהמטע שטאָדט ירושלים, מחמת דער משוגעת פון די מורדים.

2. אַלס גאַרניזאָן האָט טיטוס בעשלאָסען איבערצולאָזען דעם צעהנטען לעגיאָן, עטליכע אָבטיילונגען רייטער און קלענערע אָבטיילונגען פוספאָלק. נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי געענדיגט די מיליטערישע אָפּעראַציעס, האָט זיך איהם פערוואָלט אַרויסצוזאָגען זיין דאַנק דעם גאַנצען חייל מחמת זיינע ערפאָלגען, און איבערגעבען די, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט, די בעלוינונגען, וואָס זיי האָבען פערדיענט. צוליעב דעם צוועק האָט ער געלאָזט אויפבויען אין מיטען דעם פריהערדיגען לאַגער אַ גרויסע טריבונע, איז אַרויף אויף איהר מיט די העכערע אָפיצירען און האָט געהאַלטען צום גאַנצען חייל פאָלגענדע רעדע, וואָס מען האָט געקאָנט הערען ווייט:

„אַ דאַנק, אַ גרויסען דאַנק זאָג איך אייך פאַר דער גוטער געזינונג, וואָס איהר האָט אַרויסגעוויזען קעגען מיר, און וואָס איז געבליבען שטענדיג גלייך

ביז איצט. ווייטער לויב איך אייער פּאָלגזאַמקייט, וואָס איהר האָט מיר בע־וויזען אין משך פון דער גאַנצער מלחמה, ניט קוקענדיג אויף אַ סך שווערע סכנות, אינאיינעם מיט גרויסען פערזענליכען מוט, בכדי פון אייער זייט אויך מיטצוהעלפען, אַז די ממשלה פון אייער פאַטערלאַנד זאָל פערברייטערט ווע־רען און בכדי צו בעווייזען דער וועלט, אַז ניט קיין געגנער, וואָס איז שטאַר־קער לויט זיין צאָהל, ניט שטאַרקע בעפעסטיגונגען, ניט גרויסע שטעדט, ניט אומזיניגע משוגע׳נע דרייסטקייט און טירישע ווילדקייט קאָנען זיך ניט אַנט־קעגענשטעלען קעגען די רוימישע וואָפען, זאָל זיין אַפילו ווען די שונאים האָבען אַ מאָל גליק.

בכן האָבען מיר די מלחמה, וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג פערצויגען, גע־ענדיגט מיט כבוד, אַזוי ווי מיר האָבען זיך געוואונשען ביים אָנהויב. אָבער נאָך אַ גרעסערער כבוד און רוהם איז עס פאַר אייך, וואָס דער הערשער און פיהרער פון דער רוימישער אימפעריע, וואָס איהר האָט איהם אויסגעקליבען און איז פאָראויס אַוועקגעשיקט אַ היים, ווערט ווייט און ברייט בעגריסט מיט פרייד, אַז אומעטום איז מען מסכים צו אייער בעשלוס און מען ווייס אייך, אַלס ווייהלער, צו דאַנקען דערפאַר. דעריבער זאָג איך אייך אויך אַרויס בעוואונדערונג און אַכטונג; וואָרום איך ווייס דאָך, אַז ביי קיינעם פון אייך איז דער גוטער ווילען ניט צוריקגעבליבען הינטער דעם, וואָס מען קאָן דערגרייכען.

די אָבער, וואָס זיינען געבענשט מיט אַ גרעסערער קערפּער-קראַפט און האָבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט אין דער מלחמה, בעצירט זייער לעבען מיט גבורות און דערהויכט דעם רוהם פון מיין חייל דורך די זיגרייכע אונ־טערנעמונגען, — זיי וויל איך איצט געבען די פּאַסיגע פּריזען און בעלוינונגען, און קיין איינער, וואָס האָט זיך געפלייסט צו טון מעהר, איידער די אַנדערע, זאָל ניט אָנוועהרען דעם דאַנק, וואָס איהם קומט. וואָרום דאָס איז מיר זייהר צום האַרצען, ווי בכלל בין איך מעהר גערן צו בעלוינען דעם גוטען אויפפיהר פון מיינע חברים אין קריג, איידער צו שטראָפען זייערע פעהלערן״.

3. תיכף האָט ער געהייסען די מענשען, וואָס ער האָט דערויף בע־שטימט, פאָרצולייענען די נעמען פון די, וואָס האָבען אין משך פון דער מלחמה אויפגעטאָן עפּיס אַ גבורה. ווי זיי זיינען אַזוי איצט פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי איהם, האָט ער זיי איינעם נאָכ׳ן אַנדער׳ן אָנגערופען מיט די נעמען, האָט זיי געלויבט און אַרויסגעוויזען אַזאַ שמחה, אַזוי ווי מען וואָלט דער־ציילט די גבורות, וואָס ער גופא האָט אָבגעטאָן. צוגלייך האָט ער זיי גע־געבען גאָלדענע קראַנצען, גאָלדענע האַלז-קייטען, גרויסע גאָלדענע שפּיזען, אָדער ער האָט זיי געשאָנקען זילבערנע פאָהנען און האָט איטליכען אויפ־געהויבען מיט אַ מדרגה העכער אין דיענסט. אויך האָט ער פונאַנדערגעטיילט פון׳ם קריגס-רויב נאָך גאָלד, זילבער, טייערע בגדים און אַנדערע זאַכען לרוב.

נאָכדעם ווי ער האָט זיי אַלעמען אויף אַזאַ אופן אָבגעגעבען די אויס־

צייכענונג, וואָס זיי האָבען פערדיענט, האָט ער געזאָגט אַ ברכה איבער׳ן חייל, איז אַראָב אונטער פריידענס-געשרייען פון דער מאַסע פון דער טריבונע און האָט געהייסען בריינגען קרבנות לכבוד דעם נצחון. פאַר די אַלטאַרען זיינען שוין געשטאַנען צוגעגרייט אַ סך אָקסען; מען האָט זיי געקוילעט און זייער פלייש צעטיילט צווישען די סאָלדאַטען, און אַזוי האָט מען זיי געמאַכט אַ רייכליכע סעודה.

ער גופא האָט געהוליעט מיט די אָפיצירען אין משך פון דריי טעג און דערנאָך האָט ער די פרעמדע סאָלדאַטען געלאָזט גייהן, וואוהין זיי ווילען. דעם צעהנטען לעגיאָן האָט ער געהייסען היטען ירושלים, אָנשטאָט איהם צו שיקען צוריק צום פרת, וואו ער איז פריהער געשטאַנען. דעם צוועלפטען לעגיאָן, פערקעהרט, וואָס איהם האָט ער נאָך אַלץ ניט געקאָנט פערגעסען דאָס, וואָס אונטער קיסטיוס׳ן איז ער אַנטלאָפען געוואָרען פאַר די אידען, האָט ער אינגאַנצען אַרויסגעשיקט פון סיריען, וואו ער איז געשטאַנען פריהער אין ראַפאַנעאַ, און האָט איהם אַוועקגעשיקט קיין מעליטענע, אַ געגענד נעבען פרת אויפ׳ן גרעניץ צווישען אַרמעניען און קאַפּאַדאָקיען. צוויי לעגיאָנען, דעם פינפטען און פופצעהנטען, האָט ער געוואָלט בעהאַלטען ביי זיך, ביז ער וועט קומען קיין עגיפּטען.

דערנאָך איז ער אַוועק מיט זיין חייל קיין קיסריה ביים ים, וואו ער האָט אויך איבערגעלאָזט אויף היטען דעם קריגס-רויב, וואָס איז געווען אָהן אַ שיעור, און די קריגסגעפאַנגענע. אָבצופאָהרען קיין איטאַליען האָט ניט דערלאָזען דער ווינטער.

# צווייטער קאַפּיטעל.

טיטוס גיט אין קיסריה פיליפּי אַ רייה שוישפּיעלען. — דער טיראַן שמעון ווערט געפאַנגען.

1. אין דער צייט וואָס דער קיסר טיטוס איז געווען שטאַרק פערנומען מיט דער בעלעגערונג פון ירושלים, האָט אַספּסינוס אין אַלכסנדריה זיך אַריינגעזעצט אין אַ האַנדעלס-שיף און איז אַריבערגעפאָהרען קיין ראָדאָס. פון דאָרט איז ער געפאָהרען ווייטער אויף דריירודערער, האָט בעזוכט אַלע שטעדט, וואָס זיינען איהם געלעגען אונטערוועגס, און איז אומעטום בעגעגענט געוואָרען מיט גליקוואונשען און ברכות. דערנאָך איז ער פון יאָניען אַריבערגעפאָהרען קיין גריכענלאַנד און ווייטער פון קערקיראַ נאָך דעם יאַפּיגישען ברעג, און פון דאָרט איז ער שוין ווייטער געפאָהרען אויף דער יבשה.

דערוויל איז טיטוס אַרויסגעטראָטען פון קיסריה ביים ים און איז אַוועק קיין קיסריה פיליפּי, וואו ער האָט זיך אויפגעהאַלטען אַ לייִנגערע צייט און האָט בעלאָזט אויפפיהרען אַ סך שפּיעלען. אַ סך קריגסגעפאַנגענע האָבען

דערביי געפונען דעם טויט, וואָרום אָדער מען האָט זיי געוואָרפען פאַר וויל-דע חיות אָדער מען האָט זיי געצוואונגען מאַססענווייז צו קעמפען מיט אַנאַנד. דאָ האָט אויך טיטוס זיך דערוואוסט וועגען דעם, אַז שמעון בר גיורא איז געוואָרען געפאַנגען. דאָס איז צוגעגאַנגען אַזוי.

שמעון האָט, ווי בעוואוסט, בשעת דער בעלעגערונג פון ירושלים גע-האַט אונטער זיך די אויבערשטע שטאָדט. בשעת דער רוימישער חייל איז שוין געווען אין די מויערן און האָט פערוויסט די גאַנצע שטאָדט. דעמאָלט האָט ער גענומען זיינע נאָהענטסטע גוטע פריינד מיט עטליכע שטיינהאַקערס, אויך די נויטיגע אייזערנע געצייג פאַר די לעצטע און פראָוויאַנט, וואָס האָט געקאָנט קלעקען אויף עטליכע טעג, און איז אַראָב אין בעגלייטונג פון די דאָזיגע מענער אין איינעם פון די פינסטערע גיינג. כל זמן עס האָט זיך געצויגען דער אַלטער גאַנג, זיינען זיי טאַקע געגאַנגען מיט איהם; אַז זיי זיי-נען געקומען צום פעסטען שיכט ערד, האָבען זיי ווייטער געגראָבען, האָפענ-דיג, אַז בשעת זיי וועלען ווייטער גייהן, וועלען זיי זיך קאָנען אַרויסחאַפּען אין אַ זיכערן אָרט און זיך ראַטעווען אויף אַזאַ אופן.

אָבער בשעת זיי האָבען דאָס מיט אַן אמת געפרובט טון, האָבען זיי זיך געמוזט באַלד איבערצייגען, אַז אַלע זייערע בעמיהונגען וועלען צו גאָרנישט ברייננגען. וואָרום די אַרבייטער זיינען געקומען ווייטער בלויז עטליכע שריט, און שוין האָבען די לעבענסמיטלען אָנגעהויבען אויסצוגייהן, הגם מען האָט זיי געברויכט שפּאָרעוודיג.

דעמאָלט האָט שמעון, בכדי אָבצונאַרען די רוימער, דורכדעם וואָס ער וועט דערוועקען ביי זיי שרעק, אָנגעטאָן אַ ווייסען ראָק, האָט אַרויפגעוואָרפען דעריבער נאָך אַ פּורפור-וואָלענעם איבער-בגד און איז אַרויס פון דער ערד אויפ׳ן זעלביגען אָרט, וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען דער בית-המקדש. צוערשט האָבען די סאָלדאַטען, וואָס האָבען דאָס דערזעהן, זיך טאַקע איבערגעשראָקען און זיינען געבליבען שטייהן. דערנאָך אָבער זיינען זיי צוגעגאַנגען נעהענטער און האָבען אַ פרעג געטאָן: ווער איז דאָ? שמעון האָט זיי דערויף ניט גע-ענטפערט, נאָר ער האָט געהייסען זיי רופען זייער קאָמאַנדיר. געשווינד זיינען זיי אַוועקגעלאָפען צו טערענטיוס רופוס׳ן, וועלכער איז אויך תיכף געקומען צו גייהן; ער איז דאָס געבליבען אלס קאָמאַנדיר פונ׳ם חייל. בשעת ער איז דערגאַנגען פון שמעונ׳ען די גאַנצע מעשה, האָט ער געהייסען איהם בינדען און היטען און האָט מודיע געווען דעם קיסר, ווי אַזוי ער האָט איהם געחאַפּט.

אַזוי האָט גאָט אַוועקגעגעבען שמעונ׳ען אין דער האַנד פון זיינע דם-שונאים, אלס שטראָף דערפאַר, וואָס ער האָט טיראַניזירט זיינע מיטבירגער און האָט אַזוי שרעקליך געווילדעוועט קעגען זיי. און בעצוואונגען איז ער געוואָרען ניט איבער געוואַלד, נאָר מיט׳ן גוטען ווילען האָט ער זיך געשטעלט צו דער בעשטראָפונג, און בכן האָט ער געמוזט טון דאָס זעלביגע, וואָס דער-

פאַר האָט ער אַכזריות׳דיג געוואָלט הרג׳ען אַזוי פיעל מענשען אויף דער פאַלשער בעשולדיגונג, אַז זיי האַלטען פאַר די רוימער. וואָרום פונקט אַזוי ווי די רשעות קאָן ניט אַנטלויפען פאַר גאָטס צאָרן, אַזוי איז אויך זיין גערעכטיגקייט ניט אָהן קראַפט, נאָר אין משך פון דער צייט טרעפט זי שטענדיג די יעניגע, וואָס האָבען געזינדיגט קעגען איהר, בעשטראָפט די רשעים מיט אַזאַ שטראָף, וואָס זיי פיהלען זי נאָך שטאַרקער, ווייל זיי האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי זיינען שוין פון איהר פטור געוואָרען, וויבאַלד אַז זי איז ניט געקומען באַלד נאָך דער עבירה. דאָס איז אויך דערגאַנגען שמעון, בשעת ער איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דער נקמה פון די רוימער.

זיין אַרויסקריכען פון דער ערד האָט איבעריגענס געווירקט, אַז אין יענע טעג האָט מען געפונען נאָך אַנדערע מורדים מאַסענווייז אין די אונטערערדישע גיינג. אַז טיטוס האָט זיך אומגעקעהרט קיין קיסריה ביים ים, האָט מען פאַר איהם געבראַכט צו פיהרען דעם טיראַן, אַ געשמידטען אין קייטען; דערויף האָט ער געהייסען איהם היטען פאַר׳ן טריאומף, וואָס ער האָט געהאַט בדעה צו פייערן אין רוים.

# דריטער קאַפּיטעל.

טיטוס אָרדענט איין נאָך חגאות לכבוד זיין ברודער און זיין פאָטער. — די שלעכטע לאַגע פון די אידען אין אנטיוכיה.

1. בשעת ער האָט זיך אויפגעהאַלטען דאָרט [אין קיסריה], האָט ער געפייערט זייהר גלענצענד זיין ברודערס געבורטסטאָג און האָט געלאָזט פון זיין כבוד וועגען טויטען אַ סך געפאַנגענע אידען. מעהר פון 2 500 האָט בעטראָפען די צאָהל פון די, וואָס זיינען אומגעקומען צום טייל אין געשלעגען מיטווילדע חיות, צום טייל אויף שייטערהויפענס, צום טייל אין געשלעגען מיט אַנאַנד. אָבער ניט קוקענדיג אויף די דאָזיגע און די פיעלערליי אַנדערע מינים טויטען, וואָס די אידען האָבען געמוזט אויסשטייהן, האָט זיך די רוימער נאָך אַלץ אויסגעדוכט, אַז די שטראָף פון די מורדים איז נאָך ניט האַרב גענוג.

נאָכדעם איז דער קיסר אַוועק קיין בעריטוס, אַ רוימישע קאָלאָניע אין פעניקיען, וואו ער האָט זיך געזאַמט אַ לייגגערע צייט, און בכדי צו פייערן דאָרט זיין פאָטערס געבורטסטאָג, האָט ער געלאָזט אויפפיהרען גרויסאַרטיגע שפּיעלען און האָט בכלל אַרויסגעוויזען דעם גרעסטען לוקסוס. אויך דאָ האָבען, פונקט אַזוי ווי פריהער, אַ סך געפאַנגענע געמוזט לאָזען זייער לעבען.

2. אין יענער צייט איז אויך אויף די אידען פון אַנטיוכיה, וואָס ביז אַהער זיינען זיי פערשוינט געבליבען פון די צרות פון דער מלחמה 1), גע-

1) ז. בוך II, קאַפּ. 18 § 5.

פאַלען אַ האַרבער חשד, און זייער לעבען איז געשטאַנען אין אַ גרויסער סכנה. די דאָרטיגע בירגער האָט אָנגעחאַפּט אַ גרויסע אויפרעגונג, צום טייל מחמת די בעשולדיגונגען, וואָס זיינען ארויסגעשטעלט געוואָרען קעגען אידען אין דער נייסטער צייט, צום טייל אָבער פון וועגען עלטערע געשעהענישען. די לעצטע מוז איך גאַנץ קורץ שילדערן, בכדי צו געבען צו פערשטייהן די ערצייהלונגען פון די שפּעטערדיגע געשעהענישען.

3. דאָס אידישע פאָלק לעבט, ווי בעוואוסט, צעשפּרייט איבער דער גאַנצער ערד צווישען די אַיינוואוינער פון די פערשיידענע לענדער. צום מייסט אָבער איז עס פערמישט מיט דער איבעריגער בעפעלקערונג אין דער פּראָווינץ סיריען, וואָס איז די נאָהענטסטע צו זיין שטאַם-לאַנד, און דאָ דער עיקר אין אַנטיוכיה פון וועגען דער גרייס פון דער דאָזיגער שטאָדט. אויך האָבען די מלכים נאָך אַנטיוכוס'ן געגעבען זיי דאָס רעכט זיך פריי דאָרט צו בעזעצען. דער דאָזיגער אַנטיוכוס, מיט'ן צונאָמען עפּיפאַנעס, האָט געהאַט צעשטערט ירושלים און אויסגערויבט דעם בית-המקדש. אָבער די מלכים, וואָס נאָך איהם, האָבען אַלע געגעבען הייליגע מתּנות פון קופּער די אידען פון אַנטיוכיה, האָבען דאָס אַוועקגעשטעלט אין זייער סינאַגאָגע און געגעבען זיי דיזעלביגע בירגערליכע רעכט, ווי די גריכען. אויך די שפּעטערדיגע מלכים זיינען זיך בעגאַנגען מיט זיי אויפ'ן אייגענעם אופן, און היות ווי מחמת דעם האָט זיך זייער צאָהל בעדייטענד פערמעהרט, דעריבער האָבען זיי פערשענערט זייער הייליגטום דורך קינסטלערישע און גרויסאַרטיגע מתּנות און האָבען איבערגעצויגען אַ סך גריכען צו זייער גלויבען, און דורכדעם האָבען זיי זיי אין אַ געוויסער מאָס געמאַכט פאַר מיטגלידער פון זייער אייגענער קהלה.

אין דער צייט, ווען עס איז דערקלערט געוואָרען דער קריג, און אַספּסינוס איז אָנגעקומען אין סיריען, און אומעטום האָט אויפגעפלאַקערט די שנאה צו אידען, איז אַ מיטגליד פון דער יודישער געמיינדע, מיט'ן נאָמען אַנטיוכוס, וואָס צוליעב זיין פאָטער, אַ פאָרשטייהער 1) פון די אידען אין אַנטיוכיה, איז ער געווען זייהר אָנגעזעהן, — אַרויסגעטראָטען אין טעאַטער פאַר די בירגער, וואָס האָבען זיך געהאַט דאָרט צונויפגעקליבען, און האָט אָנגעקלאָגט זיין פאָטער און די איבעריגע אידען, אַז זיי טראָגען זיך כלומרש'ט אַרום מיט אַ פּלאַן אונטערצוצינדען אין אַ בעשטימטער נאַכט די גאַנצע שטאָדט. צוגלייך האָט ער איבערגעגעבען אין די הענד פון די אַיינוואוינער פון אַנטיוכיה עטליכע פרעמדע אידען, וואָס זיי זאָלען כלומר'שט נעמען אַן אָנטייל אין דער פערשווערונג. די אַיינוואוינער פון אַנטיוכיה האָבען ניט געקאָנט אַיינהאַלטען זייער כעס דעריבער און האָבען תּיכף דאָרט גופא אין טעאַטער געלאָזט מאַכען אַ שייטערהויפען פאַר די אַרויסגעגעבענע, אויף וועלכען זיי זיינען טאַקע אַלע מיט אַמאָל פערברענט געוואָרען.

1) די אידישע געמיינדעס פון אלכסנדריה, אנטיוכיה און אנדערע האבען געהאט זייער זעלבסטפערוואלטונג, וואס די גריכישע מלכים האבען זיי געהאט געגעבען און וואס איז פערבליבען אויך אונטער דער רוימישער ממשלה. פארשטייהער פון די געמיינדעס הייסען ארכאנטען.

דערנאָך האָבען די גריכען זיך געגרייט אָנצופאַלען אויף זייערע אידישע מיטבירגער; וואָרום זיי האָבען גערעכענט, אַז וואָס גיכער זיי וועלען פון זיי נקמה נעמען, אַלץ זיכערער וועלען זיי ראַטעווען זייער פאַטערשטאָדט. אַנטיוכוס האָט נאָך ווייטער פונאַנדערגעבלאָזען זייער ערביטערונג, און בכדי צו בעווייזען, אַז ער האָט זיך אינגאַנצען אומגעביטען און האָט פיינט די אידישע רעליגיעזע מנהגים, איז לא די וואָס ער אַליין האָט געבראַכט קרבנות לויט'ן גריכישען מנהג, נאָר ער האָט אויך פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל אויך די איבעריגע צווינגען דאָס צו טון; ווער עס וועט זיך דערפון אָבזאָגען, וועט דאָס זיין אַ ראַיה, אַז ער איז אַ פערשווערער. די איינוואוינער פון אַנטיוכיה האָבען טאַקע געמאַכט אַ פּרוב, אָבער נאָר ווינציג אידען האָבען זיך געלאָזט בויגען. די ווידערשפעניגע האָט מען געלאָזט טויטען. דערויף האָט אַנטיוכוס בעקומען פון רוימישען פערוואַלטער סאָלדאַטען, וואָס מיט זייער הילף האָט ער שטאַרק בעדריקט זיינע מיטבירגער. ער האָט זיי פערזאָגט ניט צו האַלטען שבת, צו טוּן אַלע אַרבייטען אין איהם, און ער האָט פערשטאַנען דורכצופיהרען זיינע שטריינגע מאָסרעגעלן מיט אַזאַ קראַפט, אַז אויף אַ לאַנגער צייט האָט מען אויפגעהערט צו האַלטען שבת ניט בלויז אין אַנטיוכיה, נאָר לויט'ן מוסטער פון דער דאָזיגער שטאָדט אויך אין אַנדערע ערטער.

4. באַלד נאָכדעם, ווי די אידען האָבען געמוזט אויסשטייהן די דאָזיגע צרה, האָט מיט זיי געטראָפען נאָך אַן אומגליק, וואָס, בכדי איהם בעסער צו פערשטייהן וועט העלפען די פריהערדיגע ערציי‏הלונג. עס האָט זיך געטראָפען, אַז עס האָבען אָבגעבערענט דער פיערקאַנטיגער מאַרקפּלאַץ, דער ראָטהויז, דער אַרכיוו און דער קיניגליכער פּאַלאַץ. נאָר מיט דער גרעסטער אָנשטריינגונג האָט מען געקאָנט פערהיטען, אַז דער פייער זאָל ניט אַרומחאַפּען די גאַנצע שטאָדט. אַנטיוכוס האָט דערויף אָנגעקלאָגט די אידען, אַז זיי האָבען דאָס אונטערגעצונדען, און אַפילו אויב די איינוואוינער פון אַנטיוכיה וואָלטען שוין פון פריהער זיי ניט פיינט געהאַט, האָט דאָך די דאָזיגע מסירה געמוזט ווירקען אין דער ערשטער אויפרעגונג איבערן אומגליק. נאָר דורכדעם, וואָס אַנטיוכוס האָט זיך נאָך סומך געווען אויף דער פריהערדיגער געשעהעניש, האָט ער געפּועל'ט, אַז מען זאָל נאָך מעהר גלויבען זיינע מסירות, אַזוי אַז די איינוואוינער פון אַנטיוכיה האָבען זיך, ווי משוגע, אַ וואָרף געטאָן אויף די אידען, אַזוי ווי זיי וואָלטען געהאַט געזעהן מיט זייערע אייגענע אויגען, ווי זיי האָבען אונטערגעלייגט דעם פייער.

נאָר מיט מיה האָט זיך איינגעגעבען דעם לעגאַט קנעיוס קאָלעגאַ צו בערוהיגען זייער אויפרעגונג, דורכדעם וואָס ער האָט פערלאַנגט, אַז מען זאָל דאָס געשעהענע צוערשט מעלדען אין רוים. וואָרום קעזעניוס פעטוס, וואָס אסעסינוס האָט איהם געהאַט בעשטימט פאַר אַ פערוואַלטער איבער סיריען און האָט איהם שוין געהאַט געשיקט אַהין, איז נאָך ניט געווען געקומען. איבעריגענס האָט קאָלעגאַ דורך אַ גענויער אויספאָרשונג אַרויסבעקומען דעם אמת: פון די אידען, וואָס אַנטיוכוס האָט זיי געהאַט בעשולדיגט, איז קיינער

ניט געווען דערביי, נאָר ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די גאַנצע שרפה איז די אַרבייט פון עטליכע פערברעכערישע מענשען, וואָס האָבען געהאַט אויף זיך גרויסע חובות און האָבען געמיינט, אַז אויב זיי וועלען צעשטערען דורך פייער דעם ראַטהויז און די שטאָדטישע דאָקומענטען, וועט מען ביי זיי ניט קאָנען מעהר אויפמאָנען די חובות. כל זמן די אונטערזוכונג האָט זיך געצויגען, האָבען די אידען געשוועבט אין איין שרעק בנוגע צו דער צוקונפט.

# פערטער קאַפּיטעל.

אספּסינוס ציהט אריין אין רוים. — די גערמאַנען און סאַרמאַטען.

1. בשעת מען האָט דעם קיסר טיטוס געמעלדעט, ווי שטאַרק מען האָט געוואַרט אויף זיין פאָטער אין אַלע שטעדט פון איטאַליען, און ווי בעזונדערס אין רוים האָט מען איהם גלענצענד און האַרצליך צוגענומען, — האָט דאָס איהם שטאַרק געפרייהט, ווייל עס האָט צעטריבען זיינע דאגות.

וואָרום בשעת אַספּסינוס איז נאָך געווען ווייט, זיינען שוין אַלע הערצער אין איטאַליען געווען גענייגט צו איהם, אַזוי ווי ער וואָלט שוין דאָרט געווען. בלויז די ערוואַרטונג — אַזוי גרויס איז געווען דער פערלאַנג נאָך איהם — האָט שוין געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געווען שוין אָנגעקומען. און דערביי איז די אַלגעמיינע צונייגונג געווען לחלוטין פריי פון צוואַנג.

דער סענאַט, וואָס האָט געדיינקט די צרות, וואָס זיינען אַרויסגעקומען דערפון, וואָס עס האָבען זיך געביטען די מושלים אויפ'ן טרוין, האָט זיך געווינשט גליק, וואָס ער האָט אַן אימפּעראַטאָר, וואָס איז אויסגעצייכענט דורך בכּבוד'ען עלטער און דורך גלאַנץ פון קריגערישע מעשים און וואָס וועגען איהם קאָן מען זיין איבערצייגט, אַז ער וועט אויסנוצען זיין מאַכט נאָר צוליעב דער טובה פון זיינע אונטערטאַנען. דאָס פאָלק אָבער, וואָס איז געווען כמעט איינגעמאַטערט דורך די אינעווייניגסטע מהומות, האָט געוואַרט אויף זיין אָנקומען מיט נאָך אַ גרעסערן פערלאַנג; וואָרום פון איהם האָט עס געוואַרט, אַז לא די וואָס ער וועט עס געוויס בעפרייען פון די פריהערדיגע צרות, נאָר ער וועט אויך איינשטעלען אָרדענונג אין די ענינים און אַ וואוילשטאַנד. צולעצט דער חייל האָט געקוקט אויף איהם מיט בעזונדערן פערטרויען, וואָרום ער האָט דאָך צום בעסטען געוואוסט די בעדייטונג פון די מלחמות, וואָס ער האָט אַזוי גליקליך געענדיגט. חוץ דעם האָבען די סאָלדאַטען, וואָס האָבען גענוג געוואוסט די אומפעהיגקייט און די פּחדנות פון די אַנדערע אימפּעראַטאָרען, אַרויסגעוויזען גרויס חשק אויסצומעקען אַ סך פּערהערדיגע בזיונות, און דערפאַר האָבען זיי געוואַרט אויף איהם, וואָס ער אַ קאָן ווידער אויפריכטען זייער מאַכט און כבוד.

היות ווי אַלע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג האָבען אַרויסגעוויזען צו

איהם די גרעסטע איבערגעבענקייט, דעריבער האָבען די אָנגעזעהענסטע מענער פון שטאָדט ניט געקאָנט פועל'ן ביי זיך צו וואַרטען אויף איהם אין רוים, נאָר זיי זיינען איהם אַרויס אַנטקעגען ווייט חוצ'ן שטאָדט. נאָר אויך די אַנדערע בירגער האָבען ניט געקאָנט אַריבערטראָגען דאָס, וואָס די בעגעגעניש ווערט אָבגעלייגט. דעריבער זיינען זיי אַרויס אין גרויסע מאַסען, און היות ווי צו גייהן איז פאַר זיי געווען גרינגער, איידער צו וואַרטען, דעריבער האָט דאָס ערשטע מאָל געהערשט אין שטאָדט דער אָנגענעמער געפיהל, אַז עס זיינען געוואָרען ווינציגער מענשען — וואָרום די צאָהל פון די, וואָס זיינען איהם אַרויס אַנטקעגען, איז געווען בעדייטענד גרעסער פאַר דער צאָהל פון די, וואָס זיינען געבליבען.

צולעצט, בשעת מען האָט אָנגעזאָגט, אַז ער דערנעהענטערט זיך, און אַז די וואָס זיינען געווען אַוועק פאָראויס, האָבען געריהמט די לייטזעליגקייט, מיט וועלכער ער בעגריסט איטליכען, דעמאָלט האָט די גאַנצע איבעריגע בעפעלקערונג געוואָלט איהם בעגעגענען אויפ'ן וועג, און וואו ער איז פאַרביי־געגאַנגען, האָט זיין פריינדליכער אויפפיהר און דער מילדער אויסדרוק פון זיין פנים בעגייסטערט די מאַסע צו פערשיידענע אויסרופען, וואָס האָבען איהם בעצייכענט אַלס וואוילטוער, רעטער און אַלס איינציגער, וואָס איז ראוי צו הערשען איבער רוים. איבער די פיעל קרענץ און רויכערגעווירצען האָט די גאַנצע שטאָדט אויסגעזעהן כמעט ווי אַ טעמפעל.

נאָר מיט מיה האָט אספסינוס געקאָנט דורכגייהן דורך דער מאַסע פונ'ם פאָלק, וואָס האָט איהם אַרומגערינגעלט, ביז צום פּאַלאַץ, וואו ער האָט תיכף די הויזגעטער געבראַכט קרבנות צום דאַנק פאַר זיין גליקליכען אָנקומען. דאָס פאָלק האָט זיך דערוויילע געגומען פאַר הוליאַנקעס: אין שבטים, משפחות און שכנישע קרייזען האָבען די אַיינוואוינער פון רוים זיך אַוועקגעזעצט צו די סעודות, האָבען געגאָסען טראַנק-אָפּפערס און האָבען געבעטען די גאָטהייט, זי זאָל אַספּסינוס'ן גופא נאָך לאָזען רעגירען לאַנגע יאָהרען איבער דער רוי־מישער אימפּעריע און בעהיטען פאַר זיינע זיהן און פאַר די שפּעטערדיגע דורות זיינע אומבעשטריטען דעם טרוין. זינט יענער פרייהליכער בעגעגעניש, וואָס רוים האָט צוגעגרייט אַספסינוס'ן, איז דער וואוילשטאַנד פון שטאָדט בע־שיינפערליך געוואַקסען.

2. מיט אַ געהעריגער צייט צוריק, בשעת אספסינוס איז נאָך געווען אין אַלכסנדריה און טיטוס איז געווען פערנומען מיט דער בעלעגערונג פון ירושלים, זיינען אויפגעשטאַנען אַ גרויסער טייל פון די גערמאַנען, וואָס מיט זיי האָבען געמאַכט יד אחת די שכנישע גאַליער: פעראייניגטערהייד האָבען זיי געהאַט אַ גרויסע האָפענונג אַראָבצוואַרפען פון זיך דעם רוימישען יאָך. די גערמאַנען האָט בעוואויגען צום אויפשטאַנד און צו קריגערישע אונטער־נעמונגען צוערשט זייער פאָלקס-כאַראַקטער, וואָס לויט איהם קאָנען זיי ניט תופס זיין קיין פערשטאַנדיגע עצות, און ביי דער קלענסטער אויסזיכט אויף ערפאָלג, לאָזען זיי זיך אַריין מיט פערמאַכטע אויגען אין סכנות; צווייטענס

ווייטער זייער שנאה צוזייער בעדריקער, ווייל זיי ווייסען, אַז זייערע פאָלק איז נאָך פון קיינעם ניט געוואָרען בעצוואונגען, חוץ פון די רוימער. נאָר צום מיינסט האָט זיי געמאַכט מוט די אַלגעמיינע וועלט-לאַגע. היות ווי זיי האָבען געזעהן, אַז די רוימישע וועלט-הערשאַפט איז פון אינעוויינינג אָבגעשוואַכט איבער דעם אָפטען בייט פון די אימפּעראַטאָרען, און זיי האָבען זיך דערוואוסט דערפון, ווי אַלע טיילען פון דער גוואַלדיגער אימפּעריע געפינען זיך אין מהומות און אונאָרדענונג, — האָבען זיי גערעכענט, אַז זיי וועלען קאָנען געשיקט אויסנוצען צוליעב זייער טובה וועגען די דאָזיגע פערלעגענהייט און צרות פון די רוימער. אויפגערייצט און אָנגעפילט מיט אַזעלכע האָפענונגען זיינען זיי געוואָרען דורך זייערע אָנפיהרער קלאַסיקוס און וויטעליוס, וואָס האָבען בעשיינפערליך שוין לאַנג געהאַט אַרומגעטראָגען זיך מיט'ן פלאַן וועגען אַ מרידה, נאָר ערשט איצט, אויפגעמונטערט דורך די געשעהענישען פון דער צייט, האָבען זיי אַרויסגעזאָגט אָפען זייערע געדאַנקען און האָבען געהאַט בדעה צו פּרובען עפּיס טון מיט דער הילף פון די פעלקער, וואָס זיינען סיי-ווי-סיי געווען נוטה דערצו.

שוין זיינען דער גרעסטער טייל פון די גערמאַנישע שבטים צוגעשטאַנען צו דער מרידה, און די איבעריגע האָבען אויך צוגעזאָגט, עס צו טון אין גיכען — האָט אַספּסינוס, ווי אויף אַ וואונק פון אויבען, געשיקט צום געוועזענעם פּערוואַלטער פון גערמאַניען פּעטיליוס צערעאַליס אַ בריעף, וואו ער האָט איהם געגעבען דעם טיטעל קאָנסול און דעם בעפעהל, ער זאָל אַריבער קיין בריטאַניען און איבערנעמען דאָרט די פּערוואַלטונג. אויף דער נסיעה אין זיין בעשטימונגס-אָרט איז צו צערעאַליס'ן אָנגעקומען די ידיעה וועגען אויפשטאַנד פון די גערמאַנען, און היות ווי זיי האָבען זיך שוין געהאַט צונויפגעקליבען, דעריבער איז ער אָנגעפאַלען אויף זיי, האָט זיי אין אַן אָפענער שלאַכט אָנגעטאָן גרויסע שאָדענס און האָט זיי געצוואונגען דורכדעם זיך אָבצוזאָגען פון זייער ווילדער אונטערנעמונג און צוריקצוקעהרען צו פערשטאַנדיגער איבערלייגונג.

איבעריגענס, וואָלטען זיי אין גיכען געשטראָפט געוואָרען פאַר זייער אונטערנעמונג, אַפילו אויב צערעאַליס וואָלט ניט אַזוי גיך זיך געהאַט אַיינגעפונען אין זייער לאַנד. ווארום ווי נאָר אין רוים איז אָנגעקומען די בשורה וועגען זייער אויפשטאַנד, האָט דער קיסר דאָמיציאַנוס, אָהן זיך לאַנג מיישב צו זיין, ווי עס וואָלט געטאָן אַן אַנדערער אין זיינע יאָהרען, זיך גענומען פאַר דער אַרבייט, לויט דעם מוט, וואָס ער האָט גע'ירש'עט פון פאָטער, און לויט דער קריגס-געניטקייט, וואָס האָט ווייט אַריבערגעשטייגט זיין עלטער, און האָט זיך תיכף געלאָזט גייהן קעגען די באַרבאַרען. בלויז דער קלאַנג, אַז ער איז אַרויסגעטראָטען, האָט ביי זיי אינגאַנצען אָבגענומען דעם מוט, און אַזוי האָבען זיי זיך אונטערגעגעבען איהם אויס מורא און האָבען שוין בעטראַכט פאַר אַ געווינס דאָס, וואָס זיי האָבען געמעגט זיך בויגען אונטער'ן פריהערדיגען יאָך, ניט האָבענדיג געליטען קיין בעזונדערן אָנוועהר.

נאָכדעם ווי דאָמיציאַנוס האָט אָנגענומען אַזעלכע מיטלען אין גאַליען, אַז דאָרט זאָל ניט קאָנען אַזוי גרינג אויסברעכען ווידער אַן אויפשטאַנד, איז ער צוריק אַוועק קיין רוים, בעדעקט מיט רוהם און אויסגעצייכענט מיט גרויסע מעשים, וואָס מען האָט זיך ניט געקאָנט ריכטען מצד אַזאַ יונגען מענשען, אָבער דאָך פון דעם זוהן פון אַזאַ פאָטער.

3. צוגלייך מיט דער ידיעה וועגען אויבען דערמאָנטען אויפשטאַנד פון די גערמאַנען איז אויך אָנגעקומען אין רוים די בשורה וועגען אַ סקיטישער מרידה. דער גרויסער סקיטען-שבט פון די סאַרמאַטען איז אומבעמערקטערהייד אַריבער איבער דעם טייך איסטער און איז אַריינגעדרונגען אין מעזיען. דערנאָך האָבען זיי זיך מיט גרויס אימפּעט אַוואָרף געטאָן אויף די רוימער. דער אָנפאַל איז נאָך געווען שרעקליכער דערפאַר, ווייל ער איז געקומען גאָר אומגעריכטערהייד. זיי האָבען אויסגעהרג'עט אַ גרויסען טייל פון די סאָלדאַטען פון דאָרטיגען גאַרניזאָן, געטויט נאָך אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד דעם לעגאַט פאָנטעיוס אַגריפּאַ און זיינען דורכגעצויגען דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס איז געשטאַנען אונטער'ן רשות פון די רוימער, רויבענדיג און פערוויסטענדיג.

אַז אַספּסינוס האָט זיך דערוואוסט וועגען די דאָזיגע געשעהענישען און וועגען דער פערוויסטונג פון מעזיען, האָט ער געשיקט רובריוס גאַלוס'ן, בכדי צו בעשטראָפען די סאַרמאַטען, און איהם האָט זיך טאַקע איינגעגעבען צו טויטען אַ גרויסען טייל פון די מורדים אויפ'ן שלאַכטפעלד, און די איבעריגע זיינען דערשראָקען אַנטלאָפען געוואָרען אַהיים. דערמיט האָט זיך דער קריג געענדיגט, און דער קריגספיהרער האָט אויך געזאָרגט פאַר דער צוקונפטיגער זיכערקייט פון דער געגענד, דורכדעם וואָס ער האָט זי פערזאָרגט מיט גרעסערע און שטאַרקערע גאַרניזאָנען, אַזוי אַז די באַרבאַרען האָבען זינט יענער צייט לחלוטין ניט געקאָנט אַריבער דעם איסטער. אַזוי איז גיך געענדיגט געוואָרען דער קריג אין מעזיען 1).

1) די דאָזיגע גאַנצע מעשה וועגען די מלחמות מיט די גערמאַנען און סאַרמאַטען האָט, פערשטייהט זיך, קיין שום שייכות ניט צו דער געשיכטע פון די יודישע מלחמות. יוסף האָט זי דאָ איינגעשטעלט מעהר ניט, בכדי אונטערצוחנפ'ען די רוימישע קיסרים, אַספּסינוס'ן און דאָמיציאַנוס'ן. איבעריגענס, האָט ער בכלל גוזמ'ט געוועזן דאָמיציאַנוס'עס ראָל אין די מלחמות, לויט ווי עס איז צו זעהן פון זיין ביאָגראַפיע, וואָס עס האָט אָנגעשריבען דער בעוואוסטער רוימישער שריפטשטעלער סועטאָניוס.

# פינפטער קאפיטעל.

וועגען אזוי אָנגערופענעם שבת-טייך. — טיטוס זאָגט אָב די איינוואוינער פון אנטיוכיה אין זייערע טענות קעגען אידען. — דער טריאומף.

1. אַ לאַנגע צייט האָט דער קיסר טיטוס, ווי עס איז שוין אויבען דער־מאָנט, זיך אויפגעהאַלטען אין בעריטוס, פון דאָרט האָט ער בעזוכט כסדר אַלע שטעדט פון סיריען און האָט אין איטליכער פון זיי געגעבען גרויסאַרטיגע פאָרשטעלונגען, ביי וועלכע אידישע געפאַנגענע האָבען געמוזט דורך זייער טויט בעפרידיגען די נייגיריגקייט פון די צוזעהער. אויף דער דאָזיגער נסיעה האָט ער בעקוקט אויך אַ טייך, וואָס פליסט צווישען אַרעקאַ אין אַגריפּס׳עס קעניגרייך און צווישען ראַפאַנעאַ און איז מערקווירדיג לויט זיין טבע. וואָרום כל זמן ער פליסט, האָט ער אַ סך וואַסער און אַ גאַנץ שטאַרקע שטרעמונג; אָבער זעקס טעג נאָכאַנאַנד טריקענט ער אויס אינגאַנצען פון זיין קוואַל אָן, אַזוי אַז זיין גאַנצער גרונד בלייבט ליגען טרוקען. דערנאָך פליסט ער דעם זיבעטען טאָג רעגעלמעסיג, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר קיין הפסקה ניט פאָרגעקומען, און האַלט שטענדיג פעסט די דאָזיגע אָרדענונג, דערפאַר רופט מען איהם דער שבת-טייך — לויט דעם הייליגען טאָג פון די אידען [1].

2. בשעת די איינוואוינער פון אַנטיוכיה האָבען זיך דערוואוסט, אַז טיטוס דערנעהנטערט זיך צו דער שטאָדט, האָבען זיי פו שמחה ניט געקאָנט מעהר האַלטען זיך אין די מויערן, און זיינען געשווינד אַרויס איהם אַנטקעגען אויף אַ מהלך פון דרייסיג סטאַדיעס, און ניט בלויז מענער זיינען אַרויס פון שטאָדט, נאָר אויך אַ סך ווייבער און קינדער. ווי נאָר זיי האָבען איהם דער־זעהן פון דערווייטענס, האָבען זיי זיך אויסגעשטעלט אויף ביידע זייטען וועג, האָבען צום גערוס אויסגעשטרעקט איהם אַנטקעגען די הענד און האָבען איהם בעגלייט אין שטאָדט אַריין מיט פערשיידענע פרייהליכע אויסרופען.

צו אַלע זייערע גליקוואונשען האָבען זיי איבעריגענס ניט פערגעסען מוסיף צו זיין זייער שטענדיגע בקשה, אַז טיטוס זאָל לאָזען אַרויסטרייבען די אידען פון שטאָדט. אָבער דער קיסר האָט דערויף ניט מסכים געווען און האָט אויסגעהערט אַלע טענות שווייגענדיג. פונדעסטוועגען, היות ווי עס איז ניט געווען בעוואוסט, וואָס ער האָט בדעה צו טון, דעריבער האָבען די אידען אַ לאַנגע צייט געשוועבט אין גרויס פחד.

וואָרום טיטוס האָט זיך לאַנג ניט אויפגעהאַלטען אין אַנטיוכיה, נאָר ער איז אַוועק תכף קיין זויגמאַ ביים פרת. דאָרט האָבען אויף איהם געוואַרט שלוחים פון פאַרטישען קעניג וואָלאָגעזעס, וואָס האָבען איהם איבערגעגעבען

1) דאָס מיינט מען דעם טייך סמבטיון (שבתיון). לויט דער אידישער טראַדיציע און אויך לויט דעם אַלטען רוימישען נאַטורפאָרשער פליניוס איז די זאַך גראָד פערקעהרט: זעקס טעג פליסט דער טייך, און שבת רוהט ער.

אַ גאָלדענעם קראַנץ לכבוד זיין נצחון איבער די אידען. ער האָט די מתּנה אָנגענומען, האָט געלאָזט פיין אויפנעמען די שלוחים און האָט זיך אומגעקעהרט צוריק קיין אַנטיוכיה.

אויף דער דרינגענדער בקשה פונ'ם שטאָדט־ראַט און פון די בירגער, אַז ער זאָל קומען אין טעאַטער, וואו עס האָט זיך צונויפגעקליבען דאָס פּאָלק און וואַרט אויף איהם – האָט ער פריינדליכסט נאָכגעגעבען. אָבער אַז זיי זיינען האַרטנאַקיג צוגעשטאַנען צו איהם און האָבען פערלאַנגט, מען זאָל אַרויסטרייבען די אידען פון שטאָדט, האָט ער זיי געגעבען אַ געהעריגען ענטפער: „אָבער די הויפּטשטאָדט פון די אידען, וואוהין מען וואָלט זיי געקאָנט אַוועקשיקען, איז דאָך צעשטערט, און עס איז ניטאָ מעהר קיין אָרט, וואָס וועט זיי צונעמען". נאָכדעם ווי מען האָט זיי אָבגעזאָגט די דאָזיגע בקשה, האָבען די איינוואוינער פון אַנטיוכיה אַריינגעטראָגען באַלד אַ צווייטע: אַז טיטוס זאָל דערקלערען פאַר ניט־גילטיג די קופערנע טאָוולען, וואו עס שטייהען אויפגעשריבען די רעכט פון די אידען. אויך די דאָזיגע בקשה האָט ער זיי ניט בעוויליגט, נאָר ער האָט געלאָזען אַלצדינג בנוגע צו די אידען אין אַנטיוכיה, ווי עס איז פריהער געוועזן.

דערנאָך איז ער אָבגעפאָהרען קיין עגיפּטען. בשעת ער איז איצט פאַרבייגעפאָהרען פאַרביי ירושלים און האָט פערגליכען דעם טרויעריגען חורבן מיט דער אַמאָליגער פראַכט פון דער שטאָדט און האָט זיך דערמאָנט די גרייס פון די צעשטערטע פעסטונגען און אויך זייער שיינקייט, האָט ער אמת רחמנות געהאַט אויף דער אונטערגעגאַנגענער שטאָדט, און אָנשטאָט זיך צו גרויסען מיט דער עראָבערונג פון אַזאַ געוואַלדיגער פעסטונג, ווי עס וואָלט מסתּמא געטאָן אַן אַנדערער אויף זיין אָרט, האָט ער פערקעהרט פערשאָלטען די אויפטוער פון דער מרידה, וואָס האָבען אַרויפגעצויגען די שרעקליכע שטראָף אויף דער שטאָדט, און האָט דורכדעם אַרויסגעוויזען, ווי ווינציג עס איז געלעגען אין זיין כּונה אַרויסצווייזען זיין מוט ביי דער פערטיליגונג פון די געשטראָפטע.

פון די אומגעהייערע רייכטימער פון שטאָדט האָט מען איבעריגענס אונטער די חורבות נאָך געפונען אַ גוטען חלק, און הגם די רוימער האָבען געהאַט שוין אַ סך אַרויסגעגראָבען, האָבען די געפאַנגענע אַלץ מעהר אויסגעזאָגט, וואו עס געפינט זיך גאָלד, זילבער און אַנדערע טייערע חפצים, וואָס די בעלי־בתּים האָבען זיי געהאַט פערגראָבען אין דער ערד, קוקענדיג אויף דעם אומזיכערן צושטאַנד בשעת דער מלחמה.

3. בכן איז טיטוס ווייטער געפאָהרען קיין עגיפּטען, אַזוי ווי ער האָט געהאַט בעשלאָסען, איז דורכגעררייזט אַזוי גיך ווי מעגליך דעם מדבר און איז אָנגעקומען קיין אַלכּסנדריה, פון וואַנען ער האָט געהאַט בדעה זיך אַריבערצושיפען קיין איטאַליען. צוערשט האָט ער אָבגעלאָזט ביידע לעגיאָנען, וואָס האָבען איהם בעלייט, אין די ערטער, וואו זיי זיינען פריהער געשטאַנען: דעם פינפטען קיין מעזיען, דעם פופצעהנטען קיין פּאַנאָניען. דערנאָך האָט ער

בעפויהלען אויסצוקלייבען צווישען די געפאַנגענע די אָנפיהרער שמעוג׳ען און יוחנן און נאָך 700 מענער, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער שיינקייט און גרויסען וואוקס, און אָבצושיקען זיי תיכף קיין איטאַליען, ווייל ער האָט גערעכענט זיי צו פיהרען אין טריאומף־צוג.

זיין אייגענע נסיעה איבער׳ן ים איז געגאַנגען ווי געוואונשען, און רוים האָט זיך געגרייט איהם מקבל פנים זיין, פונקט אַזוי ווי זיין פאָטער, און איהם אַנטקעגען צו גייהן. אַ בעזונדערס גרויסער כבוד איז עס געווען פאַר טיטוס׳ן, וואָס זיין פאָטער גופא איז איהם אַרויס אַנטקעגען און בעגריסט, און דער בעפעלקערונג האָט עס פערשאַפט כמעט אַ הימלישע פרייד צו זעהן איצט די דריי [1] הויכע מענער אינאיינעם.

אין עטליכע טעג אַרום האָבען זיי בעשלאָסען צו האַלטען דעם טריאומף לכבוד זייערע מעשים אינאיינעם, הגם דער סענאַט האָט געהאַט בעוויליגט איטליכען פון זיי אַ בעזונדערן טריאומף. היות ווי פריהער איז שוין געווען בעקאַנט געמאַכט, ווען עס בעדאַרף פאָרקומען דער יום־טוב לכבוד דעם נצחון, דעריבער איז פון דער אויסערסט צאָהלרייכער בעפעלקערונג פון רוים קיין איין מענש ניט געבליבען אין שטוב. איטליכער שטיקעל אָרט, וואו מען האָט נאָר געקאָנט שטייהן, איז געווען פערנומען, און עס איז געבליבען נאָר אויף אַזוי פיעל פלאַץ, בכדי דער צוג זאָל קאָנען פאַרבייגייהן.

4. נאָכדעם ווי ביי־נאַכט איז דער גאַנצער חייל אין פולער אָרדענונג, מיט זיינע פיהרער בראש, אַרויס פון שטאָדט און האָט זיך אויסגעשטעלט פאַר די טויערן — ניט פון אויבערשטען פאַלאַץ, נאָר אין דער שכנות פונ׳ם איזיס־טעמפעל, דאָרט וואו די אימפעראַטאָרען האָבען גענעכטיגט — זיינען פריה בעגינען אַרויסגעטראָטען אַספּסינוס און טיטוס, מיט קרענץ פון איילבירטען־צווייגען און אָנגעקליידט אין די געוויהנליכע פורפורוואָלענע קליידער און זיינען אַוועק צו אָקטאַוויאַ׳ס גאַלעריי. דאָרט האָבען געוואַרט אויף זייער קומען דער סענאַט, די העכסטע בעאַמטע און די חשוב׳סטע פונ׳ם ריטער־שטאַנד. פאַר דער גאַלעריי איז אויסגעבויט געווען אַ טריבונע, וואו עס זיינען געשטאַנען פאַר זיי אָנגעגרייט שטולען פון העלפאַנד־ביין. ווי נאָר זיי זיינען אַרויף און האָבען זיך אַוועקגעזעצט דאָרט, האָט דער חייל אויפגעהויבען אַ פריידענס־געשריי און האָט געלויבט זייערע גבורות. אויך די סאָלדאַטען זיינען געווען אָהן געוועהר, אין זיידענע קליידער און מיט פוץ פון אייל־בירטען־צווייגען אויף די קעפּ.

אַספּסינוס האָט צוערשט אויסגעהערט זייערע גליקוואונשען, נאָר דערנאָך האָט ער באַלד געמאַכט אַ צייכען, מען זאָל שווייגען, און דורכדעם האָט ער געמאַכט אַ סוף צו די אויסגיסונגען פון די געפיהלען. נאָכדעם, אַז עס איז געוואָרען אומעטום אַ טיפע שטילקייט, איז ער אויפגעשטאַנען, האָט כמעט איינגעהילט זיין קאָפּ אין זיין מאַנטעל און האָט געזאָגט די תפלה, וואָס מען

1) ד. ה. װעספּסיאַנוס׳ן מיט זיינע צוויי זיהן: טיטוס און דאָמיציאַנוס.

איז זיך נוהג אין אַזעלכע פאַלען. דאָסזעלביגע האָט אויך געטאָן טיטוס. נאָך דער תפלה האָט אַספּסינוס געהאַלטען אַ קורצע רעדע צו אַלע, וואָס זיינען געשטאַנען דערביי, און האָט פונאַנדערגעלאָזען די סאָלדאַטען צו דער סעודה, וואָס קומט געוויינטליך פאַר ביי אַזעלכע געלעגענהייטען און וואָס די אימ־פּעראַטאָרען מאַכען פאַר זיי. ער גופא איז אַוועק צום טויער, וואָס האָט אַ נאָמען נאָך די טריאומף־צוגען, וואָס לויט'ן מנהג גייהען זיי דאָרט דורך. דאָ האָבען די דריי עפּיס צוגעביסען, אָנגעטאָן זייערע טריאומף־קליידער, האָבען געבראַכט אַ קרבן צו די געטער, וואָס זיי האָבען ביים טויער זייער טעמפּעל, און האָבען געהייסען אָנהויבען דעם צוג, וואָס האָט זיך בעוועגט דערנאָך דורך די טעאַטערן, בכדי דאָס פאָלק זאָל איהם בעסער קאָנען זעהן.

5. ס'איז אוממעגליך צו שילדערן ווי געהעריג די פיעל מערקווירדיגע זאַכען, וואָס זיינען דערביי בעוויזען געוואָרען, די גרויסע פּראַכט פון די קונסטווערק, לוקסוס־זאַכען און נאַטור־זעלטענהייטען, וואָס מען קאָן נאָר אויס־קלערען. וואָרום כמעט אַלץ בעוואונדערונגס־ווערטס און טייערס, וואָס רייכע מענשען האָבען ווען עס איז געהאַט זייער אייגענס איטליכער בעזונדער און וואָס ביי איטליכען פאָלק איז דאָס פון אַן אַנדער מין, — אַלצדינג איז יענעם טאָג געווען צונויפגעקליבען אין אַ קאָלאָסאַלער מאַסע, בכדי צו געבען אַ בע־גריף וועגען דער גרייס פון דער רוימישער אימפּעריע. זילבער, גאָלד און העלפאַנד־ביין אין די פערשיידענסטע פאָרמען און בעאַרבייטונגען האָט מען געזעהן ניט אייגענטליך אַלס צירונגס־שטיקער ביים צוג, נאָר פליסענדיג מאַ־סענהאַפט ווי אין אַ שטרום. קליידער געוועבט פון זעלטענסטער פּורפּורוואָל אָדער אויסגעהאַפט אויפ'ן פיינסטען אופן לויט דער באַבילאָנישער קונסט מיט בילדער, שעמערירענדיגע איידעלע שטיינער, איינגעפאַסט אין גאָלדענע קרוינען אָדער אין אַנדערע איינפאַסונגען, האָט מען פאַרבייגעטראָגען אין אַזעלכע מאַסען, אַז עס האָט געקאָנט אויסווייזען ווי אַ טעות די מיינונג, אַז אַזעלכע זאַכען זיינען זעלטען. אויך געצענבילדער, וואָס איבער זייער גרייס איז נשתומם צו ווערען, אַלע אויסגעאַרבייט פון טייערע מאַטעריאַלען מיט אויסגעצייכענטער קונציגקייט, האָט מען געפיהרט אין צוג; דאָס אייגענע חיות פון פערשיידענע מינים, איטליכע אויסגעפוצט מיט דער פּאַסיגער צירונג. אַפילו די פיעל טרעגער פון אַלע די טייערע זאַכען זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן אין לויטער פּורפּורוואָלענע קליידער, געשטיקט מיט גאָלד. גאַנץ גרויסאַרטיג און צו בעוואונדערן איז געווען ווייטער די רייכע צירונג פון די יעניגע, וואָס זיינען בעשטימט געוואָרען, צו בילדען דעם עצם צוג. נאָך מעהר, אַפילו די געפאַנגענע זיינען ניט געווען אָהן פּוץ, נאָר זייער בונט־געפאַרבטע שיינע קליידונג האָט פערדעקט פאַר די אויגען דעם שרעקליכען אָנבליק פון די אומגליקליכע געשטאַלטען.

די גרעסטע בעוואונדערונג אָבער האָט אַרויסגערופען דער געוואַלדיגער געביי פון די ביהנעס, וואָס מען האָט אַרויסגעטראָגען; וואָרום זייער גרייס האָט אומעטום, וואו מען פלעגט זיי פאַרבייטראָגען, אַרויסרופען זאָרג, טאָמער

װעלען זיי איינפאַלען. װאָרום אַ סך פון זיי האָבען געהאַט דריי, און אַפּילו פיער גאָרענס; דערביי איז זייער בעפּוצונג געװען כּמעט אַזוי שיין, אַז מען האָט עס כּמעט ניט געקאָנט תּופס זיין. איינינע זיינען געװען בעהאַנגען מיט טעפּיכער געשטיקט פון גאָלד, און אויף אַלע האָט מען געהאַט אַװעקגע-שטעלט קונסטװערק פון גאָלד און העלפאַנד-ביין. אין אַ סך איינצעל-בילדער איז געװען זייהר דייטליך פאָרגעשטעלט די מלחמה אין איהרע פערשיידענע ערשיינונגס-פאָרמען. דאָ האָט מען געזעהן, װי געבענשטע פעלדער װערען פערװיסט; װי גאַנצע מאַסען פיינד פאַלען אַנידער טויט, אַנדערע אַנטלויפען און װידער אַנדערע װערען גענומען געפאַנגען; װי ריזיגע מויערן פאַלען איין אונטער די קלעפּ פון די מאַשינעס; װי מען נעמט איין שטאַרקע פעס-טונגען; װי מען שטייגט אַרויף אויף די מויערן פון גרויסע שטעדט; װי דער חייל דרינגט אַריין אין זיי און פילט אַלצדינג אָן מיט מאָרד; די בעטענדיגע תּנועות פון די שוצלויזע; װי ברענענדיגע פאַקעלן װערען געשליידערט אין די הייליגטימער; הייזער, װאָס פאַלען איין איבער זייערע בעלי-בתּים; צולעצט נאָך אַזויפיעל סצענעס פון חורבן און טרויער — שטרוימען װאַסער, װאָס פליסען ניט איבער אַ בעפלאַנצטער שטיק ערד, אָדער בכדי צו דערקוויקען מענשען און בהמות, נאָר װאָס גיסען זיך איבער אַ לאַנד, װאָס ברענט נאָך אומעטום — װאָרום אַלע די דאָזיגע צרות האָבען די אידען אַרויפגעצויגען אויף זיך דורך דער מלחמה, װאָס זיי האָבען אָנגעהויבען. די קינסטלערישע אויספיהרונג און די גרויסאַרטיגע פּראַכט פון די דאָזיגע בילדער האָבען פאָרגעשטעלט די געשעהענישען פון דער מלחמה פאַר די, װאָס האָבען זיי פריהער ניט געװאוסט, אַזוי װי זיי גופא װאָלטען געװען דערביי. ביי איטליכער ביהנע איז געגאַנגען דער קאָמאַנדיר פון דער איינגענומענער שטאָדט אין די בגדים, אין װעלכע מען האָט איהם גענומען געפאַנגען. דערנאָך זיינען אויך געגאַנגען שיפען אין אַ בעדייטענדער צאָהל.

מאַסענװייז האָט מען דערנאָך פאַרבייגעטראָגען די גערויבטע חפצים, װאָס צװישען זיי האָבען בעזונדערס צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט יענע, װאָס מען האָט גענומען אין בית-המקדש אין ירושלים: אַ גאָלדענער טיש, װאָס האָט געװאויגען עטליכע טאַלענטען, און אויך אַ גאָלדענער לייכטער, אָבער פון אַ גאַנץ פערשיידענער געשטאַלט, װי די װאָס װערען געברויכט ביי אונז. װאָרום אין מיטען דעם פוס-געשטעל איז געשטאַנען אַ הויכע גלייכע רעהר, װי אַ זייל, און פון איהר האָבען זיך אָבגעצװייגט צװיי דינע צװיי-גען, װאָס האָבען זיך געענדיגט איטליכער מיט דריי שפּיצען. אויף איטליכען פון די דאָזיגע שפּיצען האָט זיך געפונען פון אויבען אַ קופּערנע לאָמפּ, אינ-גאַנצען, הייסט עס, זיבען, אַלס אַ רמז דערצו, אַז די צאָהל זיבען איז הייליג ביי אידען. די תּורה פון די אידען איז געװען דער רויב, װאָס מען האָט געטראָגען צום לעצטען. דערנאָך זיינען געקומען נאָך אַ געװיסע צאָהל מענשען מיט הטאַטועס פון דער זיגעס-געטין, װאָס זיינען אַלע געװען געמאַכט פון גאָלד און העלפאַנד-ביין. צולעצט איז געריטען אַספּסינוס גופא; נאָך איהם

טיטוס, און דאָמיציאַנוס איז געריטען איהם ביי דער זייט אין גרויסאַרטיגער צירונג אויף אַ הערליכען פערד.

6. דער ציעל פונ׳ם צוג איז געווען דער טעמפעל פונ׳ם קאַפּיטאָלישען יופּיטער, וואו מען האָט זיך אָבּגעשטעלט. וואָרום עס איז אַן אַלטער מנהג, צו וואַרטען דאָרט, ביז אַ שליח זאָגט אָן, אַז דער אָנפיהרער פונ׳ם פיינדליכען חייל איז טויט. דאָס איז געווען שמעון בר גיורא, וועמען מען האָט געפיהרט אין טריאומף אינאיינעם מיט די איבעריגע געפאַנגענע. איצט האָט מען אויף איהם אַרויפגעוואָרפען אַ שטריק און אוועקגעשלעפּט אויף אַ באַרג איבער דעם פאָרום, און אין דער צייט האָבען די פיהרער איהם געשלאָגען. אויפ׳ן דאָזיגען אָרט ווערען לויט׳ן רוימישען געזעץ געטויט די אָבּגעמשפּט׳ע פערברעכער.

אַז מען האָט אָנגעזאָגט, אַז ער איז טויט, האָט זיך אויפגעהויבען אַן אַלגעמיינער פריידענס-געשריי, און מען האָט אָנגעהויבען ברייגען די קרבנות, וואָס זיינען גליקליך געענדיגט געוואָרען אונטער די תּפלות, און נאָכדעם האָבען די אימפּעראַטאָרען זיך אומגעקעהרט צוריק אין פּאַלאַץ. אייניגע פון די אָנטיילנעמער אינ׳ם יום-טוב האָבען זיי אַיינגעלאַדען צו זייער טיש; פאַר דער מאַסע אָבער האָט מען צוגעגרייט אין דערהיים רייכע סעודות. וואָרום דעם דאָזיגען טאָג האָט די שטאָדט רוים געפייערט צום דאַנק פאַר׳ן זיגרייכען קריגס-צוג, אַלס דעם סוף פון די אינעווייניגסטע מהומות און אַלס התחלה פון אַ גליקליכער צוקונפט, ווי מען האָט געהאָפט.

7. נאָכ׳ן טריאומף און נאָכדעם ווי די אימפּעריע האָט זיך אינגאַנצען בערוהיגט, האָט אַספּסינוס בעשלאָסען אויסצובויען אַ טעמפּעל פאַר דער פריידענס-געטין, און האָט אין זייהר אַ קורצער צייט פערענדיגט אַזאַ אַרבייט, וואָס האָט אַריבערגעשטייגט אַלצדינג, וואָס מען האָט געקאָנט דערוואַרטען. ער האָט פערוועגדעט אויפ׳ן בוי ניט בלויז די אומגעהייער גרויסע מיטלען, וואָס איהם האָט געגעבען אין דער האַנד זיין אייגענער רייכטום, נאָר ער האָט איהם אויסגעפּוצט נאָך מיט די עלטסטע מייסטער-ווערק פון דער מאָלעריי און סקולפּטור. אין דעם דאָזיגען הייליגטום האָט בעדאַרפט צונויפגעקליבען און אַוועקגעשטעלט ווערען אַלצדינג, וואָס אַזוי וואָלט מען בעדאַרפט אַרומפאָהרען איבער דער גאַנצער וועלט, בכדי צו בעקוקען איטליכע זאַך בעזונדער. דאָרט האָט ער אויך געלאָזט אַריבערטראָגען די טייערע גאָלדענע כלים פונ׳ם בית-המקדש אין ירושלים, מחמת די דאָזיגע זאַכען זיינען בעזונדערס טייער געווען אין זיינע אויגען. פערקעהרט, די אידישע תּורה און די פּורפּורוואָלענע פאָרהאַנגען פון קדשי קדשים האָט ער בעפויהלען צו ברייגען אין זיין פּאַלאַץ און היטען עס דאָרט.

# זעקסטער קאפּיטעל.

עראָבערונג פון מכוור דורך לוציליוס באסוס.

1. דערווייל איז לוציליוס באַסוס געשיקט געוואָרען אַלס לעגאַט קיין יהודה מיט אַ חייל, וואָס ער האָט איבערגענומען פון צערעאַליס וויטעליאַנוס׳ן. ער האָט געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען די פעסטונג הורדיום אינאיינעם מיט איהר גאַרניזאָן און האָט צונויפגעקליבען דעם גאַנצען חייל, וואָס איז על פּי רוב געווען צעברעקעלט אין קליינע אָבטיילונגען, און אויך דעם צעהנטען לעגיאָן, בכדי אַרויסצוטרעטען קעגען מכוור.

ס׳איז געווען דורכאויס נויטווענדיג צו צעשטערען די דאָזיגע פעסטונג, מחמת אַנדערש וואָלט זי דורך איהר שטאַרקייט אויפגערייצט אַ סך אידען צו אַ מרידה, בפרט נאָך אַז פון דער נאַטור אויס איז דער פּלאַץ געווען אַזוי, אַז דעם גאַרניזאָן האָט עס בעדאַרפט אַיינפליסען בטחון, פערקעהרט די אָנ־פאַלער—שרעק און אומזיכערקייט. וואָרום די נאַטירליכע בעפעסטיגונג פאַר זיך ווערט געבילדעט דורך אַ פעלזיגען באַרג, וואָס שטייגט אַרויף צו בעדייטענדער הויך, און שוין דערפאַר איז איהם שווער אַיינצונעמען; אויך האָט די נאַטור געזאָרגט דערפאַר, אַז מען זאָל צו איהם כמעט ניט קאָנען צוקומען. אין אַלע זייטען איז ער געווען אַרומגערינגעלט פון טיפע טאָלען, וואָס מען קאָן זיי אַפילו ניט אַריבערגייהן, שוין אָבגערעדט פון אָנפילען זיי. וואָרום דער מערב׳־דיגער טייל פון טאָל, וואָס גרייכט ביז׳ן ים־המלח, האָט אַ ליינג פון 60 סטאַ־דיעס, און דערביי ווערט גראָד פון אָט דער זייט מכוור געשיצט דור׳ן העכסטען באַרג־שפּיץ. די טאָלען אין צפון־און דרום־זייט זיינען אמת קלענער פאַר דעם צו־ערשט דערמאָנטען, אָבער זיי מאַכען ניט פאַר אוממעגליך אַן אָנפאַל אויף דער פעסטונג, און וואָס איז שייך צום מזרח׳דיגען טייל, שליסט ער זיך תּיכף ווידער ביי אַ טיעפקייט פון ניט ווינציגער פון 100 איילען מיט אַ שורה בערג, וואָס ליגען קעגענאיבער מכוור.

2. דער אידישער קעניג אלכסנדר איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איינגעזעהן די גינסטיגע לאַגע פון דער געגענד און האָט אויסגעבויט דאָרט אַ פעסטונג, וואָס גאַביניוס האָט זי שפּעטער אין דער מלחמה מיט אַריסתּובול׳ן צעשטערט. אַז הורדוס איז געוואָרען קעניג, האָט ער איינגעזעהן, אַז דער דאָזיגער אָרט איז מעהר, איידער ערגיץ אַן אַנדערער, ווערט, מען זאָל אויף איהם געבען אַכטונג און איהם בעפעסטיגען, דער עיקר מחמת דער שכנות פון די אַראַבער, וואָס קעגענאיבער זייער לאַנד האָט די דאָזיגע פעסטונג געבילדעט אַ גינסטיג געלעגענעם פּונקט. מחמת דעם האָט ער אַרומגערינגעלט אַ גרויסען פּלאַץ מיט אַ מויער און מיט טורעמס און האָט געגרינדעט דאָרט אַ שטאָדט, וואָס מען האָט זי אַפריהער געמוזט דורכגייהן, איידער מען איז געקומען אין דער פעסטונג גופא. פונדעסטוועגען האָט ער נאָך דעם אויבער־שטען שפּיץ פון איהר געשיצט דורך אַ מויער און אין איהרע ווינקלען האָט ער אויסגעבויט טורעמס פון 160 איילען די הויך. אין מיטען דעם דאָזיגען

בעפעסטיגטען שטח האָט ער אויסגעבויט אַ פּאַלאַץ מיט גרויסע און שיינע חדרים. אויך האָט ער אין די פּאַסיגע ערטער אויסגעגראָבען אַ רייה ברונימער, בכדי צוזאַמענצוקלייבען דאָרט וואַסער און צו פערזאָרגען דערמיט די סביבה, וויפיעל מען בעדאַרף. בכן האָט ער געזוכט אַריבערצושטייגען די נאַטור, וואָס זי האָט געמאַכט דעם אָרט אומצוטריטליך, און האָט געפליסט זיך צו פערשטאַרקען די דאָזיגע אומצוטריטליכקייט דורך קינסטליכע בעפעסטיגונגען. חוץ דעם האָט ער פערזאָרגט דעם פּלאַץ מיט אַ סך שיסמאַטעריאַל און קריגס-מאַשינעס און האָט געשטרעבט בכלל צוצוגרייטען די איינוואוינער אין יעדען פרט אַזוי, אַז זיי זאָלען קאָנען אויסהאַלטען אַפילו די שווערסטע בעלעגערונג.

3. אינעווייניג אין פּאַלאַץ איז געוואַקסען אַמאָל אַ רוטען-בוים, וואָס איבער זיין גרייס איז געווען נשתומם צו ווערען, וואָרום ער איז געווען ניט קלענער פאַר אַ פייגענבוים הן בנוגע צו זיין גרייס און הן בנוגע צום היקף פון'ם שטאַם. מען האָט דערציילט, אַז ער שטייהט זינט הורדוס'עס צייטען, און ער וואָלט אפשר נאָך לאַנג געבליבען דאָרט, אויב די אידען וואָלטען דעם בוים ניט אויסגעהאַקט, בשעת זיי האָבען איינגענומען די שטאָדט.

ווייטער איז פאַרהאַן אין דעם טאָל, וואָס גרעניצט זיך מיט דער שטאָדט פון צפון-זייט, אַן אָרט, וואָס הייסט באַראַס און וואָס טראָגט קרייטיכער מיט'ן זעלביגען נאָמען. די דאָזיגע קרייטיכער זיינען פייער-רויט לויט זייער פאַרב און לאָזען אַרויס פון זיך אין אָבענד שטראַהלען. ווען מען גייהט צו נאָהענט צו זיי און מען וויל זיי אָנהאַפּען מיט די הענד, איז עס שווער זיי איינ-צוהאַלטען, ווייל זיי בעוועגען זיך כסדר און בלייבען ניט שטיהן פריהער, ביז מען גיסט אַרויף אויף זיי מי רגלים אָדער דם הנדה. נאָר אויך אַפילו דעמאָלט מוז מען בעשטימט שטאַרבען, אויב מען ריהרט אָן די געוויקס, ווען מען טראָגט זי ניט אַזוי, אַז דער וואָרצעל זאָל אַראָבהייגגען. איבעריגענס, קאָן מען זי בעקומען אויך אויף אַן אַנדער אופן אָהן אַ סכנה: מען גראָבט אויס אַרום און אַרום די ערד, אַזוי אַז עס בלייבט שטעקען דאָרט בלויז אַ קליינער טייל פון וואָרצעל, און מען בינדט צו דערצו אַ הונט. בשעת דער הונט וויל גיך נאָכלויפען דעם מענשען, וואָס האָט איהם אָנגעבונדען, דעמאָלט ווערט זי גרינג אַרויסגעצויגען. דער הונט אָבער פגר'ט אויף אַן אָרט, אַזוי ווי אַ קרבן פאַר דעם מענשען, וואָס וויל נעמען די געוויקס. דער, וואָס וויל זי איצט נעמען אין האַנד, האָט מעהר נישט וואָס מורא צו האָבען.

ניט קוקענדיג אויף דער גרויסער סכנה, וואָס עס איז פאַרהאַן ביים צונויפקלייבען די דערמאָנטע קרייטיכער, פונדעסטוועגען ווערען זיי שטאַרק געזוכט צוליעב אַ בעזונדער תכונה, וואָס זיי האָבען. די אַזוי אָנגערופענע דעמאָנען, דאָס הייסט די גייסטער פון שלעכטע מענשען, וואָס גייהען אַריין אין לעבעדיגע מענשען און טויטען אַלעמען, וועמען מען העלפט ניט, ווערען תיכף אַרויסגעטריבען דורך דער דאָזיגער געוויקס, ווי מען טראָגט זי נאָר צו נאָהענט צום חולה.

אויף דעם דאָזיגען אָרט פליסען עטליכע וואַרימע קוואַלען פון אַ גאַנץ פערשיידענעם געשמאַק: אייניגע זיינען ביטער, אַנדערע ווידער כמעט אינ־גאַנצען זיס. ווייטער אונטען אין טאָל געפינען זיך אַ סך קוואַלען פון קאַלטע וואַסער האַרט נעבען אַנאַנד.

נאָך מערקווירדיגער איז פאָלגענדע ערשיינונג. ניט ווייט פון דאָרט זעהט מען אַ הייל, וואָס איז ניט בעדייטענד טיעף און וואָס ווערט בעדעקט דורך אַ פעלזענשטיין, וואָס הייגגט איבער איהר. איבער דעם דאָזיגען פעלז שטאַרצען אַרויס, נאָר ווינציג אָבגערוקט פון אַנאַנד, צוויי בערגלעך, וואָס זעהען אויס ווי צוויי פרויען־בריסט, און פון איינעם פליסט אַרויס אַ גאַנץ קאַלטער קוואַל, און פון אַנדערן אַ זייהר הייסער. ווען מען מישט צונויף ביידע וואַסערן, בעקומט מען זייהר אַן אָנגענעמע וואַנע, וואָס דיענט פאַר רפואה און שטאַרקט בעזונדערס די נערווען. חוץ דעם האָט דער אָרט נאָך אַלוין־גרובען און שוועבעל־גרובען.

4. נאָכדעם ווי באַסוס האָט אַרומגעקוקט די פעסטונג פון אַלע זייטען, האָט ער בעשלאָסען זיך צו פערשאַפען אַ צוגאַנג צו איהר דורך אויספיהלען דעם מזרחדיגען טאָל, און האָט זיך תיכף גענומען פאַר דער אַרבייט, בכדי וואָס גיכער אויסצובויען וואַלען און מיט זייער הילף זיך צו פערגרינגערן די בעלאַגערונגס־אַרבייטען.

דעמאָלט האָבען די איינגעשלאָסענע אידען זיך אָבגעשיידט פון די פרעמדע און האָבען זיי געצוואונגען צו בלייבען אונטען אין שטאָדט און דאָרט אויסצוהאַלטען דעם שונא׳ס ערשטען אָנפאַל, מחמת זיי האָבען זיי סיי־ווי־סיי געהאַלטען פאַר אַן ערב־רב. די פעסטונג גופא, וואָס איז געלעגען העכער, האָבען זיי אַליין בעזעצט, ראשית, דערפאַר, ווייל זי איז געווען שטאַרק בע־פעסטיגט, און צווייטענס, ווייל זיי האָבען געזאָרגט פאַר זייער אייגענער רע־טונג: וואָרום זיי האָבען געהאָפט, אַז זיי וועלען ווערען בעגענאָדיגט, אויב זיי וועלען איבערגעבען די רוימער די פעסטונג.

צוערשט האָבען זיי געוואָלט פרובען בכלל צו מאַכען צונישט די בע־לעגערונג. טאָג אויס טאָג איין האָבען זיי בכן אונטערגענומען דרייסטע אויס־פאַלען, און אַז די רוימער פלעגען אַרויסטרעטען קעגען זיי, פלעגען זיי זיך אַריינלאָזען אין געשלעגען מיט זיי, און הגם זיי פלעגען פון זייער זייט אָנוועהרען אַ סך מענשען, נאָר זיי פלעגען אויך די רוימער אָנטון ניט ווינציג שאָדען. מנצח זיין פלעגט איטליכס מאָל דער, ווער עס פלעגט קאָנען אויס־נוצען אַ גינסטיגע געלעגענהייט. די אידען פלעגען האָבען די אויבערהאַנד, בשעת זיי פלעגען אָנפאַלען אויף די רוימער אומגעריכטערהייד, די רוימער ווידער — בשעת זיי פלעגען פון זייערע וואַלען אויס בעמערקען צו דער רעכ־טער צייט דעם אָנפאַל און וואַרטען אויף איהם אין געדיכט געשלאָסענע רייהען.

נאָר ס׳איז ניט בעשערט געווען, אַז די דאָזיגע בעלעגערונג זאָל זיך

ענדיגען מיט אַזעלכע קליינע געשלעגען; דורך אַ צופאַל זיינען די אידען גאָר אומגעריכטערהייד געצוואונגען געוואָרען איבערצוגעבען די פעסטונג.

צווישען די בעלעגערטע האָט זיך געפונען זייהר אַ דרייסטער און מו־טיגער יונגערמאַן מיט'ן נאָמען אלעזר. ביי די אָנפאַלען האָט ער זיך שטענדיג אויסגעצייכענט, דורכדעם וואָס ער פלעגט אונטערגעבען דער מאַסע חשק זיך אַריינצולאָזען אין אַ קאַמף און צו שטערען די רוימער ביי זייערע שאַנץ־אַרבייטען. אויך האָט ער אין די איינצעלנע געשלעגען אָנגעמאַכט די פיינד גרויסע אָנוועהרען און גרינג געמאַכט דעם אָנפאַל זיינע חברים, וואָס זיינען אַרויס מיט איהם אינאיינעם, און דערנאָך געשיצט זיי ביים צוריקציהען זיך, דורכדעם וואָס ער איז דער לעצטער געבליבען אויפ'ן קאַמף־פּלאַץ.

איין מאָל איז שוין די שלאַכט געווען געענדיגט, און פוןביידע זייטען האָט מען אָנגעהויבען צוריקצוטרעטען — איז אלעזר געבליבען שטייהן אין דרויסען פאַר'ן טויער, בכדי צו מאַכען חוזק פון די פיינד, און היות ווי ער האָט גאָרניט געטראַכט אַפילו, אַז עמיצער פון זיי זאָל ווידער אָנהויבען דעם קאַמף, דעריבער איז ער זיך רוהיג געשטאַנען און האָט זיך פערטיפפט אין אַ שמועס מיט די אידען, וואָס זיינען געשטאַנען אויבען אויפ'ן מויער. דעם דאָזיגען גינסטיגען אויגענבליק האָט בעמערקט אַ מצרי, וואָס האָט געדיענט אין רוימישען חייל, מיט'ן נאָמען רופוס, איז צוגעלאָפען פלוצלונג, איידער מען האָט זיך געקאָנט אַרומזעהן, האָט אויפגעהויבען דעם יונגען מאַן, וואָס איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין אַלע זיינע געוועהר, און האָט איהם אַוועקגע־טראָגען אין לאַגער פון די רוימער, בשעת די צוקוקער זיינען געווען געפלעפט פאַר שרעק. דאָ־ט האָט דער קאָמאַנדיר געגעבען אַ בעפעהל אויסצוטון איהם נאַקעט און צו שמייסען איהם פאַר די אויגען פון די אַיינוואוינער פון שטאָדט.

די אידען זיינען פון טיעפסטען האַרצען געווען דערציטערט איבער די יסורים פונ'ם יונגען מאַן; די גאַנצע שטאָדט האָט געיאָמערט און געקלאָגט מיט אַזאַ שטאַרקייט, וואָס איז אייגענטליך בשום אופן ניט געשטאַנען אין ערך מיט דעם יונגענמאַנס אומגליק. אַז באַסוס האָט דאָס בעמערקט, האָט ער אויסגענוצט די שטימונג פון די בעלעגערטע צוליעב אַ קריגס־קונץ. ער האָט געזוכט צו ברייגען זייער רחמנות אַזוי ווייט, אַז זיי זאָלען ווע׳לען איבערגעבען די פעסטונג, בכדי צו ראַטעווען דעם מאַן. דער דאָזיגער פּלאַן האָט זיך איהם טאַקע איינגעגעבען.

ער האָט געלאָזט אויפשטעלען אַ קרייץ, אַזוי ווי אלעזר וואָלט שוין בעדאַרפט ווערען געהאַנגען אויף איהם. ווי נאָר די אידען אין דער פעסטונג האָבען דאָס דערזעהן, זיינען זיי פאַר צער נאָך מעהר אויפגערעגט געוואָרען און האָבען אויסגערופען מיט געוויין, אז אַזאַ אומגליק קאָן מען ניט אַריבער־טראָגען. חוץ דעם האָט אויך אלעזר זיך געבעטען ביי זיי, זיי זאָלען איהם ניט לאָזען אַריבערטראָגען דעם ערגסטען מין טויט פון אַלע טויטען, נאָר

אַדרבא זיי זאָלען זיך גופא ראַטעווען דורכדעם, וואָס זיי וועלען נאָכגעבען דער קראַפט און דעם גליק פון די רוימער, בפרט נאָך אַז דאָס גאַנצע לאַנד איז שוין אונטעריאָכט. זיינע רייד האָבען זיי געבראָכען דאָס האַרץ, און היות ווי אַ סך אַיינוואוינער פון דער פעסטונג האָבען גענומען בעטען פאַר איהם (וואָרום אלעזר האָט געהערט צו אַ גרויסער משפחה), דעריבער האָבען זיי זיך געלאָזט בעוועגען צו רחמנות קעגען זייער אמת'ער מיינונג און האָבען אומגעזאַמט אָבגעשיקט שלוחים, בכדי צו אונטערהאַנדלען וועגען איבערגעבען די פעסטונג, בתנאי אַז מען זאָל זיי לאָזען פריי אָבציהען און אַרויסלאָזען אלעזר'ן. די רוימער און זייער קאָמאַנדיר האָבען אָנגענומען דעם פאָרשלאָג.

אָבער אַז די פיעל אַיינוואוינער פון דער אונטערשטער שטאָדט האָבען זיך דערוואוסט וועגען דעם בעזונדערן אָבמאַך פון די אידען, האָבען זיי בעשלאָסען צו אַנטלויפען אין דער נאַכט שטילערהייד. בשעת זיי האָבען געעפענט די טויערן, האָט באַסוס געקראָגען וועגען דעם אַ ידיעה דורך די, וואָס האָבען געשלאָסען דעם אָבמאַך, — צי דערפאַר, ווייל זיי האָבען ניט פערגונען יענע מענשען זייער רעטונג, צי ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, מען זאָל אויף זיי ניט אַרויפוואַרפען די שולד פאַר'ן אַנטלויפען פון יענע. די מוטיגסטע פון די פליטים האָבען זיך דורכגעשלאָגען און זיינען אַנטרונען געוואָרען; פון יענע אָבער, וועלכע מען האָט נאָך אָנגעטראָפען אין שטאָדט גופא, זיינען העכער 1700 מאַן אויסגע'הרג'עט געוואָרען, און די ווייבער מיט די קינדער פערקויפט אין שקלאַפעריי.

דעם אָבמאַך מיט די אידען, וואָס האָבען געוואָלט איהם איבערגעבען די פעסטונג, האָט באַסוס גערעכענט, אַז ער מוז האַלטען. מחמת דעם האָט ער געלאָזט זיי אָבציהען און האָט פריי געלאָזט אלעזר'ן.

5. נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט דעם דאָזיגען טייל פון זיין אויפגאַבע, האָט ער זיך געלאָזט גייהן אין גיכע מאַרשען צום וואַלד-טאָל מיט'ן נאָמען יאַרדעס, וואו עס זאָלען זיך האָבען צונויפגעקליבען, לויט ווי מען האָט איהם געמעלדעט, אַ סך אידען, וואָס זיינען אַנטרונען געוואָרען ביי דער בעלעגערונג פון ירושלים און פון מכוור. בשעת ער איז אָנגעקומען אַהין, האָט ער טאַקע געפונען, אַז די דאָזיגע ידיעה איז אמת. בכן האָט ער צוערשט אַרומגערינגעלט דעם גאַנצען פלאַץ מיט זיינע רייטער, וואָס האָבען בעדאַרפט מאַכען אוממעגליך פאַר די אידען צו אַנטלויפען, אויב זיי וועלען זיך פּרובען דורכצושלאָגען; דעם פוס-פאָלק אָבער האָט ער געהייסען אויסהאַקען דעם וואַלד, וואו די געגנער האָבען זיך געהאַט בעהאַלטען.

מחמת דעם זיינען די אידען געווען געצוואונגען, צו אונטערנעמען אַ ווילד-דרייסטע טועכץ, ווייל זיי האָבען געהאָפט, אפשר וועלען זיי קאָנען זיך ראַטעווען דורך אַ מוטיגען קאַמף. בכן האָבען זיי זיך געלאָזט אַרויסלויפען מאַסענווייז מיט גרויס געשריי און האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די רוימער, וואָס האָבען זיי אַרומגערינגעלט. יענע אָבער זיינען אויף אַ האָר ניט אָבגעטראָטען, און דער קאַמף האָט זיך פערצויגען אין דער לייגג ביי דער פער-

צוויפעלטער דרייסטקייט אויף איין זייט און ביי אויסגעהאַלטענער פעסטקייט אויף דער אַנדערער. זיין סוף אָבער האָט זיך אויסגעלאָזט זייהר ניט גלייך: פון די רוימער זיינען געפאַלען אינגאַנצען נאָר צוועלף מאַן און עטליכע זיינען פערוואונדעט געוואָרען; פון די אידען פערקעהרט איז קיינער ניט אַרויס גאַנץ פון געשלעג, נאָר זיי זיינען אַלע, 3000 מאַן, אויסגעהרג'עט געוואָרען, צווישען דעם אויך זייער אָנפיהרער יהודה בן ארי, וואָס וועגען איהם האָב איך אויבען דערמאָנט, אַז ביי דער בעלעגערונג פון ירושלים איז ער געשטאַנען בראש פון אַ אידישער אָבטיילונג, און האָט זיך געראַטעוועט דורך אַן זונטערערדישען גאַנג.

6. אין יענער צייט האָט אַספּסינוס געשיקט אַ שריפטליכען בעפעהל צו באַסוס'ן און צו ליבעריוס מאַקסימוס, וואָס איז דענסטמאָל געווען דער פּערוואַלטער פון לאַנד, זיי זאָלען פערקויפען דאָס גאַנצע לאַנד פון די אידען. וואָרום אַ נייע שטאָדט האָט ער ניט געוואָלט דאָרט גרינדען; נאָר די אַקער-ערד האָט ער געוואָלט בעהאַלטען פאַר זיך אַלס זיין פּריוואַטער אייגענס. מעהר ניט 800 אויסגעדיענטע סאָלדאַטען האָט ער געשאָנקען נחלאות אין דער געגענד פון אומעס, וואָס ליגט אַ מהלך פון 30 סטאַדיעס פון ירושלים. אויף אַלע אידען, וואו זיי זאָלען ניט וואוינען, האָט ער אַרויפגעלייגט אַ יעהרליכע קאָפּ-שטייער פון צוויי דראַכמעס, וואָס זיי האָבען בעדאַרפט צאָהלען פאַר'ן קאַפּיטאָליום, ווי פריהער פאַר'ן בית-המקדש אין ירושלים. אַזוי טרויעריג האָט עס געהאַלטען דעמאָלט מיט דער יודישער נאַציע.

# זיבעטער קאפּיטעל.

די מפלה פונ'ם קעניג אנטיוכוס פון קאָמאגענע. — די אלאנען.

1. עס זיינען פאַרבייגעגאַנגען פיער יאָהר, זינט אַספּסינוס איז געוואָרען קיסר, — האָט געטראָפען אַ שווערער אומגליק מיט'ן קעניג אַנטיוכוס פון קאָמאַגענע און מיט זיין גאַנצען הויזגעזינד איבער פאָלגענדער סבה. קעזעניוס פּעטוס, דער דעמאָלטיגער פערוואַלטער פון סיריען, האָט געשריבען קיין רוים, — מען האָט ניט געקאָנט דערגייהן, צי לויט'ן אמת אָדער מחמת שנאה צו אַנטיוכוס'ן — אַז אַנטיוכוס און זיין זוהן עפּיפאַנעס טראָגען זיך אַרום מיט'ן געדאַנק מורד צו זיין קעגען די רוימער, און צוליעב דעם צוועק האָבען זיי שוין געשלאָסען אַ בונד מיט'ן קעניג פון די פּאַרטער; בכן מוז מען אָנפאַלען אויף זיי אומגעריכטערהייד, בכדי זיי זאָלען ניט בעוויזען שוין אַריינחאַפּען עפּיס און זאָלען סוף-כל-סוף ניט אַריינציהען די גאַנצע רוימישע אימפּעריע אין קריגערישע פערדרייהענישען.

די דאָזיגע מסירה, וויבאַלד אַז זי איז שוין געמאַכט געוואָרען, האָט אַספּסינוס ניט געקאָנט לאָזען אומבעאַכטערהייד, ווייל די שכנות פוןביידע מלכים האָט געפאָדערט, מען זאָל אָננעמען ענערגישערע מיטלען. וואָרום

סאַמאָסאַטע, די הויפּטשטאָדט פון קאָמאַגענע, ליגט ביים פּרת, און זי וואָלט בכן זייהר גרינג געמאַכט די פּאַרטער אַריבערצוגייהן דעם טייך, אויב זיי וואָלטען עפּיס וואָס אַזוינס געפּלאַנט, און געגעבען זיי אַ זיכערן אָרט אויף זיך צו בעהאַלטען.

בכן האָט מען פּעטוס'ן געגלויבט דערין, וואָס ער האָט געמעלדעט, און געגעבען איהם דעם כח הרשאה צו טון אַלצדינג, וואָס איהם ווענט זיך אויסדוכטען פּאַר צוועקמעסיג. האָט ער טאַקע קיין שהיות ניט געמאַכט, נאָר ער איז אַריינגעפאַלען אין קאָמאַגענע מיט'ן זעקסטען לעגיאָן און מיט עט־ליכע קאָהאָרטעס און רייטער־אָבטיילונגען, און אַנטיוכוס און די זייניגע האָבען אַפּילו ניט אָנגעהויבען צו קלערען וועגען עפּיס. בעלייט האָבען איהם חוץ דעם די מלכים אַריסתּובול פון כאַלקידיקע און סאָעמוס פון עמעסאַ. ביי זייער מאַרש האָבען זיי קיין שום ווידערשטאַנד ניט בעגעגענט; וואָרום קיינער פון די אָרטיגע איינוואוינער האָט זיך ניט געטרויט אויפצוהויבען אַ האַנד, בכדי זיך צו פערטיידיגען.

בשעת אַנטיוכוס האָט בעקומען די טרויעריגע בשורה, האָט ער להלוטין ניט געטראַכט וועגען פיהרען מלחמה מיט די רוימער; נאָר ער האָט בעשלאָסען צו פערלאָזען זיין קעניגרייך, ווי ער שטייהט און גייהט, און צו אַנט־לויפען מיט ווייב און קינדער; אויף אַזאַ אופן האָט ער גערעכענט זיך אָב־צוזייניגען אין די אויגען פון די רוימער פון איטליכען חשד, וואָס האָט געקאָנט אויף איהם פאַלען. בכן איז ער אַרויס פון שטאָדט אין אַ טאָל, וואָס ליגט אַ מהלך פון 120 סטאַדיעס פון איהר, און האָט זיך דאָרט געלעגערט.

2. תיכף האָט פּעטוס געשיקט אַן אָבטיילונג פון זיינע סאָלדאַטען, בכדי איינצונעמען סאַמאָסאַטע, און זיי האָבען דאָס טאַקע געטאָן. ער גופא איז דערוויל מיט'ן רעשט פון זיין חייל אַרויסגעטראָטען קעגען אַנטיוכוס'ן. נאָר אויך אין דער שווערער לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך איצט געפונען, האָט דער קעניג ניט געלאָזט זיך בעוועגען צו אונטערנעמען עפּיס קריגערישעס קעגען די רוימער, נאָר בעקלאָגענדיג זיין ביטערן מזל, האָט ער געוואַרט, וואָס עס וועט זיין. אָבער זיינע יונגע זיהן עפּיפאַנעס און קאַליניקוס, וואָס זיינען געווען געניט אין קריגס־ענינים און האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער קערפּערקראַפט, איז עס ניט געפאַלען אַזוי גרינג מקבל צו זיין דעם גזר דין אָהן ווידערשטאַנד; פערקעהרט, זיי האָבען זיך געגרייט אַרויסצו־טרעטען קעגען שונא. אין אַ הייסען געשלעג, וואָס האָט געדויערט פון אין דער פריה ביז'ן אָבענד, האָבען זיי אַרויסגעוויזען אַן אויסגעצייכענטען פער־זענליכען מוט, און אַז עס איז געוואָרען נאַכט, האָבען זיי זיך צוריקגעצויגען אָהן אַ בעזונדערן אָנוועהר.

נאָר אַנטיוכוס'ן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַפילו נאָך דער דאָזיגער שלאַכט, וואָס איז אַראָב אַזוי גינסטיג, איז אויך ניט כדאי צו בלייבען, און ערפאַר איז ער אַנטלאָפען מיט זיין ווייב און טעכטער קיין קיליקיען. דורך

דעם דאָזיגען שריט האָט ער אָבער אײַנגעבראָכען דעם מוט ביי זיינע סאָל-דאַטען, און היות ווי זיי האָבען געמיינט, אַז ער האָט זיך אָבגעזאָגט פון זיין טרוין, דעריבער האָבען זיי איהם פערלאָזען און זיינען אַריבער צו די רוי-מער, ניט בעהאַלטענדיג זייער פערצווייפעלטע שטימונג.

דעריבער האָבען עפיפאַנעס און זיינע מענשען געמוזט זוכען צו ראַ-טעווען זיך, איידער אַלע זייערע קאַמפּס-חברים זיינען אַוועק פון זיי. גאַנצע צעהן רייטער זיינען אַריבער מיט איהם איבער׳ן פרת, און אויסגעלייזט פון אַלע סכנות, זיינען זיי אַוועק צו וואָלאָגעזעס, דעם קעניג פון די פּאַרטער, וועלכער האָט ניט געקוקט אויף זיי פון אויבען אַראָב, ווי אויף פּליטים, נאָר ער האָט זיי אָבגעגעבען כבוד, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך נאָך געפונען אין זייער פריהערדיגער גליקליכער לאַגע.

3. אַז אַנטיוכוס איז אָנגעקומען אין תּרסוס אין קיליקיען, האָט פּעטוס איהם געלאָזט חאַפּען דורך אַ צענטוריאָ און האָט איהם אָבגעשיקט אַ געשמיד-טען אין קייטען קיין רוים. נאָר אַספּסינוס האָט ניט דערלאָזען, אַז דער קע-ניג זאָל צו איהם ווערען געפיהרט אין אַזאַ צושטאַנד, און האָט בעסער גע-וואָלט נעמען אין אַכט די אַלטע פריינדשאַפט, איידער אויסלאָזען צו איהם זיין כעס איבער דעם אויפשטאַנד — וואָס איז איבעריגענס ניט בעוויזען געוואָ-רען. דעריבער האָט ער אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז מען זאָל איהם נאָך אונטערוועגס אַראָבנעמען די קייטען, און אָבלייגענדיג זיין נסיעה קיין רוים, האָט ער איהם געלאָזט בלייבען אין לאַקעדעמאָן; אויך האָט ער בעשטימט פאַר איהם אַזעלכע בעדייטענדע הכנסות, אַז ער האָט געקאָנט לעבען ניט בלויז רייך, נאָר אַפילו ווי אַ קעניג.

בשעת עפּיפאַנעס און זיין ברודער, וואָס ביז אַהער האָבען זיי זיך גע-ריכט אויף דאָס ערגסטע פאַר זייער פאָטער, זיינען דאָס געוואָהר געוואָרען האָבען זיי זיך געפיהלט בעפרייט פון שווערע זאָרג און האָבען געהאָפט, אַז אויך זיי גופא וועט אַספּסינוס מוחל זיין, בפרט נאָך אַז וואָלאָגעזעס האָט אַוועקגעשריבען קיין רוים פון זייערטוועגען. וואָרום הגם זיי איז אַודאי ניט שלעכט געווען, פונ-דעסטוועגען האָבען זיי ניט געקאָנט לעבען אויסערהאַלב דער רוימישער אימ-פעריע. באמת האָט זיי אַספּסינוס מיט גרויס גענאָד צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיי ניט בעשטראָפען. דערויף זיינען זיי אַוועק קיין רוים, און אַז אין אַ קור-צער צייט אַרום האָט זיך אויך זייער פאָטער צונויפגעטראָפען מיט זיי, זיינען זיי דאָרט געבליבען און האָבען געלעבט אין גרויס כבוד.

4. דאָס פאָלק פון די אַלאַנען, וואָס, אויב איך האָב קיין טעות ניט האָב איך שוין דערמאָנט וועגען איהם, אַז דאָס איז אַ שבט סקיטען, וואָס וואוינט אין דער געגענד פון טאַנאַאיס און פון דער מעאָטישער אָזערע [1],—

[1]) טאַנאַאיס איז דער טייך דאָן אין רוסלאַנד; די מעאָטישע אָזערע איז דער אזאָ-ווער ים.

האָט אין יענער צייט געשטעלט זיך אַ פּלאַן צו מאַכען אַרויב־אָנפאַל אויף דאָס לאַנד מדי און נאָך ווייטער, און האָט צוליעב דעם געפיהרט אונטערהאַנדלונ־גען מיט׳ן קעניג פון די הירקאַנער; וואָרום יענער איז דער האַר איבער דעם דורכגאַנג, וואָס דער קעניג אַלכּסנדר 1) האָט געמאַכט איהם צו פערשליסען מיט אַן אַייזערנעם טויער.

אַז דער קעניג פון די הירקאַנער האָט זיי דערלויבט דורכצוגייהן דאָרט, זיינען זיי אָנגעפאַלען אין גרויסע מאַסען אויף די מעדיער, וואָס האָבען זיך גאָרניט געריכט אויף קיין זאַך, און האָבען אויסגערויבט דאָס לאַנד, וואָס איז געווען רייך מיט כּל׳ערליי נוצליכע בהמות, און קיינער האָט זיך ניט דערוועגט אַנטקעגענצושטעלען. דער קעניג פונ׳ם לאַנד, פּאַקאָרוס, איז אַנטלאָפען גע־וואָרען אין איין שרעק אין ווי סטעניש ען, וואו קיינער קאָן ניט צוקומען, און האָט זיי אַלצדיגג אַוועקגעגעבען, און נאָר מיט מיה האָט זיך איהם אַיינגעגע־בען ווידער אוֹסצוקויפען זיין ווייב און זיינע קעבסווייבער, וואָס זיינען אַרײַנ געפאַלען אין געפאַנגענשאַפט, פאַר 100 טאַלענטען.

היות ווי די אַלאַנען האָבען געקאָנט בעפרידיגען זייער רויב־לוסט גאַנץ גרינג און אָהן אַרויסצוציהען אַ שווערד, בכן זיינען זיי, פערוויסטענדיג אַלצדינג אונטערוועגס, אַריינגעדרונגען ביז אַרמעניען, וואו מערידאַטעס איז געווען קעניג. יענער איז אַרויסגעטראָטען זיי אַנטקעגען און האָט מיט זיי געהאַט אַ שלאַכט, נאָר כּמעט וואָלט ער געפאַנגען געוואָרען לעבעדיגערהייד. איין אַלאַן האָט פון דערווייטענס אַרויפגעוואָרפען אויף איהם אַ שטריק און וואָלט איהם אַוועקגע־שלעפּט, אויב דעם קעניג וואָלט זיך ניט אַיינגעגעבען ביי־צייטענס איבערצו־האַקען די שטריק מיט׳ן שווערד און אויף אַזאַ אופן זיך צו ראַטעווען.

נאָך ווילדער געוואָרען דורכ׳ן קאַמף, האָבען די באַרבאַרען פערוויסט דאָס גאַנצע לאַנד און זיינען ווידער אַוועק אַהיים מיט אַ סך געפאַנגענע און מיט דעם איבעריגען רויב, וואָס זיי האָבען צונויפגערויבט איןביידע קיניג׳ רייכען 1).

1) אלכסנדר מוקדון. דאָס מיינט ער די דורכגאַנגען אין די קאַווקאַזער בערג.

2) דער דאָזיגער גאַנצער קאַפּיטעל האָט קיין שום שייכות ניט צו דער אידישע מלחמות. דאָ טרעט יוסף אַרויס נאָר ווי אַ הויפּשרייבער פון רוימישען קיסר.

# אכטער קאפיטעל.

סילוואַ בעלעגערט די פעסטונג מצדה. — אלעזר׳ס רעדע צו זיינע אונטערגעבענע.

1. נאָך באַסוס׳עס טויט האָט פלאַוויוס סילוואַ איבערגענומען דעם פּאָכטען פון פּערוואַלטער איבער יהודה. ער האָט געפונען דאָס גאַנצע לאַנד אונטעריאָכט, חוץ איין איינציגער פעסטונג, וואָס איז נאָך פערבליבען ביי דער מרידה, און קעגען איהר איז ער אַרויסגעטראָטען מיט אַלע סאָלדאַטען, וואָס ער האָט צונויפגעקליבען פון דער סביבה. די דאָזיגע פעסטונג, וואָס האָט געהייסען מצדה, האָבען געהאַלטען בעזעצט סיקאַריער, וואָס בראש פון זיי איז געשטאַנען אַן איינפלוסרייכער מאַן מיט׳ן נאָמען אלעזר 1), אַן אוראייניקעל פון יענעם יהודה, וועלכער האָט, ווי עס איז אויבען דערמאָנט 2), אין יענער צייט, בשעת קוויריניוס איז געשיקט געוואָרען קיין יהודה, בכדי צו צייהלען די איינוואוינער, איינגערעדט אַ סך אידען, זיי זאָלען זיך ניט לאָזען צייהלען.

אויך האָבען זיך די סיקאַריער געהאַט פערשוואָרען קעגען אַלעמען, וואָס וועלען זיך אונטערגעבען די רוימער, און זיינען זיך בעגאַנגען מיט זיי אין אַלע פּרטים, ווי מיט פיינד, האָבען אַוועקגערויבט און אַוועקגעשלעפּט ביי זיי זייער אייגענס און אונטערגעצונדען זייערע הייזער: צווישען די דאָזיגע אידען, האָבען זיי געטענ׳עט, און צווישען די פרעמדע איז קיין שום חלוק ניטאָ, ווייל זיי האָבען בוגד געווען קעגען דער פרייהייט, וואָס מען קעמפּט פאַר איהר אַזוי הייס, און האָבען אָפען אויסגעקליבען די רוימישע קנעכטשאַפט. נאָר אַזעלכע רייד זיינען געווען מעהר ניט אַ דעקמאַנטעל, הינטער וועלכען זיי האָבען געוואָלט בעהאַלטען זייער אַכזריות און געלדגיריגקייט, ווי דאָס איז געווען דייטליך צו זעהן פון זייערע מעשים. וואָרום די אַנדערע אידען האָבען דאָך געהאַט מיטגעמאַכט זייער אויפשטאַנד און האָבען גענומען אַן אָנטייל אינ׳ם קאַמף קעגען די רוימער, ביז וואַנען די בענאַרישטע האָבען זיך איבערצייגט, אַז די רשעות פון די סיקאַריער איז נאָך דריקענדער, איידער דער יאָך פון די רוימער. בשעת מען פלעגט די סיקאַריער אויפווייזען, אַז זייערע טענות האָבען ניט אויף וואָס זיך סומך צו זיין, פלעגען זיי נאָך מעהר צרות אָנטון די יעניגע, וואָס האָבען מיט רעכט זיי פאָרגעוואָרפען וועגען זייער רשעות.

אין יענער צייט האָט בכלל די רשעות געבליהט, אַזוי אַז עס איז ניט געווען קיין איין מעשה נבלה, וואָס איז דעמאָלט ניט אָבגעטאָן געוואָרען, און אויב מען וואָלט אַפילו אָנגעווענדט די גאַנצע שאַרפזיניגקייט, בכדי אויסצוגעפינען נייע, וואָלט מען אויך קיינע ניט געפינען. סיי דאָס לעבען

1) ז. II, 17, 9 און IV, 7, 2.

2) ז. II, 8 1.

פון פרט און סיי דאָס לעבען פון כלל האָט גלייך געליטען פון דער דאָ-זגער צרה, און אומעטום האָט מען ממש געזוכט אַריבערצושטייגען איינער דעם אַנדערן אין זינד קעגען גאָט און אומגערעכטיגקייט קעגען מענשען. די אָנפיהרער האָבען אונטערדריקט דעם געמיינעם המון, און דאָס פאָלק פון זיין צד האָט געזוכט צו פערטיליגען די מעכטיגע. יענע האָט זיך גע-לוסט צו אַ טיראַנישער הערשאַפט, דאָס פאָלק ווייטער — צו טון געוואַלדטאַ-טען און צו בערויבען די רייכע. די הפקרות און דער אַכזריות'דיגער וויל-דעווען קעגען אייגענע פאָלקסברידער איז אויסגעגאַנגען דוקא פון די סי-קאַריער, וואָס האָבען ניט געלאָזען קיין איין זידעל-וואָרט, וואָס זיי זאָלען ניט האָבען אויסגערעדט קעגען די גערודפ'טע, און קיין איין אויפטון וואָס זיי זאָלען ניט האָבען אויסגעפּרובט צוליעב זייער פערדאַרבען.

נאָר אויך זיי זיינען אויסגעקומען געמעסיגט אין פערגלייך מיט יוחנן, וואָרום יענער, לא די וואָס ער האָט געמאָרדעט אַלע בירגער, וואָס האָ-בען איהם געגעבען גוטע און ניצליכע עצות, און האָט זיי בעהאַנדעלט ווי די ערגסטע שונאים, נאָר ער האָט בכלל אַריינגעוואָרפען זיין פאָטערלאַנד אין אַן אומגליק, וואָס האָט זיין גלייכען ניט, ווי דאָס האָט נאָר געקאָנט געשעהן דורך אַ מענשען, וואָס איז בעגאַנגען די נידערטרעכטיגקייט מורד צו זיין קעגען גאָט. וואָרום בפרהסיה האָט ער געגעסען טרפות, און די אַלע אַלטע דינים וועגען ריינינגונג האָט ער ניט אָבגעהיט, אַזוי אַז עס איז קיין וואונ-דער ניט, וואָס אַ מענש, וואָס איז געווען אַזוי אינגאַנצען איינגעזונקען אין זינד, האָט עובר געווען אויף זיינע התחייבות'ען קעגען פּרט און כלל.

און ווייטער שמעון בר גיורא — צידען האָט ער ניט אָבגעטאָן אַלע מעגליכע מעשי-נבלה? אָדער צי איז פאַרהאַן עפּיס אַ רשעות, וואָס ער זאָל ניט האָבען אָנגעטאָן אַלע פריי-געבאָרענע יודען, הגם גראָד זיי האָט ער גע-האַט צו פערדאַנקען זיין שטעלונג אַלס טיראַן? נאָך מעהר, אַפילו פריינד-שאַפטליכע בעציהונגען און קרובע'שאַפט פון בלוט, לא די וואָס זיי האָבען ניט אָבגעשוואַכט זייער מאָרדגיריגקייט, נאָר זיי האָבען זיי געמאַכט נאָך פון טאָג צו טאָג עזות'דיגער. וואָרום שעדיגען אַ פרעמדען האָט געהערט, לויט זייער מיינונג, צו די געוויינליכע מעשי רשעות, וואָס טרעפען זיך אַלע טאָג; זיי אָבער האָבען געוואָלט שפּיעלען אַ גלענצענדע ראָל דורך אַכזריות'-דיגען ווילדעווען קעגען זייערע נאָהענטסטע קרובים.

דערצו איז נאָך צוגעקומען די ווילדקייט פון די אדומים, וואָס האָבען געוואָלט נאָכמאַכען די משוגע'גע מעשים פון די טיראַנען. די דאָזיגע מנוולים האָבען געהאַט די עזות'קייט צו דערשטעכען די כהנים גדולים, בכדי עס זאָל ניט בלייבען אַפילו קיין סימן פון גאָטספאָרכטיגקייט, זיי האָבען אויך פערטיליגט לחלוטין אַלצדינג, וואָס עס איז נאָך איבעריג געבליבען פון דער בירגערליכער אָרדענונג און אין איטליכען פרט האָבען זיי געלאָזט הערשען די אָפענסטע אומגעזעצליכקייט — אַ צושטאַנד, אין וועלכען עס האָט געוואַקסען און געבליהט די כנופיה פון די אַזוי אָנגערופענע קנאים, וואָס האָבען בע-

וויזען דורך זייערע מעשים, אַז זיי זיינען ראוי צו טראָגען זייער דאָזיגען נאָמען.

וואָרום איטליכע מעשה רשעות האָבען זיי געפלייסט זיך נאָכצוטון, און אַלע פריהערדיגע פערברעכענס, וואָס די געשיכטע דערציילט וועגען זיי, האָבען זיי געדיענט פאַר אַ מוסטער. לויט זייער אייגענער פאָרשטעלונג האָט טאַקע דער נאָמען, וואָס זיי האָבען זיך געגעבען, בעדאַרפט בעטייטען דעם שטרעבען צום גוטען, און די דאָזיגע מאָדנע אויפפיהרונג קאָן דערקלערט ווערען נאָר אַזוי, אָדער אַז זיי האָבען דערמיט געוואָלט חוזק מאַכען פון די, וועמען זיי האָבען געפייניגט — אַזוי אוממענשליך זיינען זיי געווען — אָדער אַז זיי האָבען מיט אַן אמת געהאַלטען די גרעסטע רשעות פאַר גוטע מעשים.

דעריבער האָט אויך איטליכער איינציגער פון זיי געפונען זיין פער־דיענטען סוף, וויל גאָט האָט אויף זיי אַלעמען אַרויפגעוואָרפען די שטראָף, וואָס זיי האָט געקומט. יסורים, וואָסערע די מענשליכע טבע קאָן נאָר אַריבער־טראָגען, האָבען זיי געמוזט אויסשטייהן, און די לעצטע פון אַלע ליידען, דער טויט, איז אויך געקומען אויף זיי אונטער כל׳ערליי ענויים. פונדעסטוועגען קאָן מען זאָגען: זיי האָבען פאָרט בעקומען ווינציגער, איידער זיי האָבען דאָס פערדיענט לויט זייערע זינד. אינגאַנצען זיי בעצאָהלען, וויפיעל זיי קומט, איז דאָך ניט מעגליך געווען.

צו בעקלאָגען ווי געהעריג די יעניגע, וואָס זיינען געפאַלען פאַר קרבנות פון זייער אַכזריות, איז דאָ ניט דער פּאַסיגער אָרט, און דעריבער ווענד איך זיך ווידער צו דעם טייל פון מיין ערצייהלונג, וואָס איז נאָך איבעריג גע־בליבען.

2. בכן איז קעגען אלעזר׳ן און די סיקאַריער, וואָס מיט איהם אינאיי־נעם האָבען זיי געהאַט בעזעצט מצדה, אַרויסגעטראָטען דער רוימישער קאָמאַנדיר בראש פון זיין חייל. די גאַנצע געגענד האָט ער אונטערטעניג געמאַכט אָהן גרויס מיה און האָט אַוועקגעשטעלט אין די פּאַסיגע ערטער גאַרניזאָנען. די פעסטונג גופא האָט ער אַרומגערינגעלט מיט אַ מויער, בכדי עס זאָל זיין פאַר די בעלעגערטע שווער צו אַנטלויפען, און האָט פונאַנדער געשטעלט אויף איהר וועכטערס. דערנאָך האָט ער אויסגעקליבען אַ לאַגער־פּלאַץ, וואָס זאָל זיין בעזונדערס צוועקמעסיג צוליעב דער בעלעגערונג, — דאָס איז געווען אין יענעם פונקט, וואו די פעלזען פון דער פעסטונג האָ־בען בעריהרט דעם באַרג אין דער שכנות, הגם אין יענעם אָרט איז גראָד שווער געווען צו בעקומען דעם נויטיגען פראָוויאַנט. וואָרום ניט בלויז די עסענוואַרג האָבען די אידען, וואָס זיינען געוואָרען בעשטימט דערצו, געמוזט ברייגגען פון מרחקים און מיט די גרעסטע שוויריגקייטען, נאָר אויך די טרינק־וואַסער האָט מען געמוזט אַריינפיהרען אי׳ן לאַגער, וויל ניט וויט פון דעם אָרט אין קיין קוואַל ניט געווען.

אַז סילוואַ האָט אויף אַזאַ אופן געמאַכט די נויטיגע הכנות, האָט ער

אָנגעהויבען די בעלעגערונגס-אַרבייטען, וואָס האָבען געפאָדערט די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט און אָנשטריינגונג מחמת דער שטאַרקייט פון דער פעסטונג. זי איז געבויט אויף פאָלגענדען אופן:

3. אַ פעלזען-שטיין פון ניט קיין קליינעם היקף און פון אַ בעדייטענ-דער הויך רינגלען אַרום פון אַלע זייטען טיעפע גראָבענס, וואָס מען קאָן זייער גרונד ניט דערזעהן און וואָס ניט מענשען און ניט חיות קאָנען דאָרט צוקומען; מעהר ניט אין צוויי ערטער לאָזט צו דער פעלז פון אונטען אַ צוגאַנג, וואָס איז אָבער נאָך אַלץ אַ שווערער. דער איינער פון די דאָזיגע שטעגלעך ציהט זיך פון ים המלח קיין מזרח-זייט, דער אַנדערער, וואָס אויף איהם איז גרינגער צו גייהן, — קיין מערב-זייט. דעם ערשטען רופט מען אָן מחמת ער איז שמאָל און שטאַרק געדרייהט, שלאַנגען-שטעגעל, וואָרום ער ברעכט זיך ביי די שפיצען, וואָס שטאַרצען אַרויס פונ'ם שפּוע, קעהרט זיך אום אָפטמאָלס צו זיך אַליין און ציהט זיך ווידער אַ ביסעל אין דער לייננ, אַזוי אַז ער קומט נאָר פּאַמעליך נעהענטער צום ציעל. בשעת מען גייהט אויף דעם דאָזיגען וועג, מוז מען זיך שטענדיג פעסט איינשפּאַרען מיט איין פוס. וואָרום אויב מען גליטש זיך אויס, איז מען פערלאָרען אָהן רעטונג, וואָרום צו ביידע זייטען זיינען געעפענט טיעפע אָבגרונדען, וואָס זייער שרעקליכער אָנבליק קאָן מאַכען דערציטערן אפילו דעם מוטיגסטען מענשען.

אַז מען האָט אַרויפגעשטייגט אויף דעם דאָזיגען שטעגעל אַ מהלך פון 30 סטאַדיעס, דעמאָלט האָט מען פאַר זיך דעם אויבערשטען טייל פעלז, וואָס זעהט אָבער ניט אויס שפּיציג, נאָר ער בילדעט פון אויבען אַ ברייטען פלאַך. דאָרט האָט צוערשט יונתן כהן גדול אויסגעבויט אַ פעסטונג, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבען מצדה. שפּעטער האָט קעניג הורדוס זיך געגעבען אַ סך מיה זי אויסצוהאַלטען אין אַ גוטען שטאַנד. ער האָט אַרומגערינגעלט דעם גאַנצען שפּיץ באַרג, וואָס האַלט זיבען סטאַדיעס אין היקף, מיט אַ מויער פון ווייסע קוואַדער-שטיינער, וואָס איז געווען צוועלף איילען די הויך און אַכט איילען די ברייט, און האָט אויסגעבויט אויף איהר 37 טורעמס צו 50 איילען די הויך; פון די דאָזיגע טורעמס האָט מען געקאָנט צוקומען צו די דירות, וואָס זיינען געווען צוגעבויט צו דער אינעווייניגסטער זייט פון דער מויער פאַזע איהר גאַנצער לייננ. אָבער דעם עצם שטח פונ'ם שפּיץ האָט דער קעניג גע-לאָזט פריי צום בעאַרבייטען, ווייל די ערד איז דאָרט געווען בעזונדערס פעט און האָט אין איהר פרוכפּערקייט אַריבערגעשטייגט דאָס גאַנצע אַקער-לאַנד אין טאָל, און אַזוי האָבען די מענשען, וואָס האָבען אין דער פעסטונג געזוכט זייער רעטונג, ניט בעדאַרפט ליידען קיין נויט, אויב מען וואָלט ניט געווען צוגעפיהרט פּראָוויאַנט.

אויף אַ קיניגליכען פּאַלאַץ האָט ער אויסגעבויט ביים מערב'דיגען צוגאַנג אונטערהאַלב פון מויער. דער דאָזיגער פּאַלאַץ, וואָס זיין פּראָנטאָן איז געווען געווענדעט קיין צפון-זייט, האָט געהאַט זייהר הויכע און שטאַרקע מויערן, און אויך אין די ווינקלען פיער טורעמס צו 60 איילען די הויך. דער אינעווייניג-

סטער פוץ פון זיינע זאַלען, גאַלערייעס און בעדער איז געווען שיין און פראַכטפול, די ציילען אומעטום פון איין שטיין, די ווענט און די דילען אומעטום אויסגעלייגט מיט מאָזאַאיק.

ווייטער האָט ער געלאָזט אויסהאַקען אין פעלז אין אַלע ערטער, וואו עס זיינען געווען דירות פאַר מענשען, דאָס הייסט אויבען, ביים פּאַלאַץ און פאַר׳ן מויער, אַ בעדייטענדע צאָהל ברונימער, בכדי צו פערשאַפען דורכדעם פאַר׳ן גאַרניזאָן אויך אַ גרויסען זאַפּאַס וואַסער. וואָס אַזוי וואָלטען זיי עס בעקומען פון קוואַלען.

פון פּאַלאַץ אויס האָט געפיהרט צום שפּיץ פעלז אַ וועג, אויסגעהאַקט אין שטיין, וואָס פון אויסווייניג האָט מען איהם ניט געקאָנט זעהן. אבער די וועגלעך, וואָס מען האָט יאָ געזעהן, האָט דער שונא אויך געקאָנט נאָר שווער אויסנוצען: ווארום אויפ׳ן מזרח׳דיגען קאָן מען ניט אַרויף מחמת זיין אויבען געשילדערטער טבע; דעם מערב׳דיגען אָבער האָט דער קעניג אויפ׳ן שמאָלסטען אָרט געשיצט דורך אַ גרויסען טורעם, וואָס איז אָבגעשטאַנען פון דער עצם פעסטונג ניט ווינציגער ווי אויף 1 000 איילען, און וואָס ניט מען האָט איהם געקאָנט אויסמיידען און ניט אַיינגעמען מיט גרינגער מיה. אַפילו די פרידליכע בעזוכער פון דער פעסטונג איז דורכדעם פערשוויריגט געוואָרען אַריין און אַרויסצוגייהען.

בכן האָבען זיך אויף אַזאַ אופן פעראייניגט נאַטור און קונסט, בכדי צו מאַכען די פעסטונג זיכער קעגען פיינדליכע אָנפאַלען.

4. נאָך אַ גרעסערע בעוואונדערונג האָט געמוזט דערוועקען דער גרויסער סכום פּראָוויאַנט, וואָס דאָרט איז געווען צונויפגעקליבען, און דער לאַנגער משך צייט, וואָס עס האָט זיך דאָרט געהאַלטען. ווארום דאָרט איז געלעגען אָהן אַ שיעור תּבואה, וואָס האָט געקאָנט קלעקען אויף יאָהרען; דאָס אייגענע איז געווען אין דער פעסטונג אַ גרויסער זאַפּאַס וויין, בוימעל, טייטלען און כל׳ערליי פּירות.

בשעת אלעזר מיט זיינע סיקאַריער האָבען דורך רמאות אַיינגענומען דעם אָרט, האָט ער אַלצדינג געפונען נאָך אומפערדאָרבען און אַזוי פריש, פונקט ווי מען וואָלט עס אָקאָרשט געהאַט אַריינגעלייגט — הגם זינט מען האָט אָוועקגעלייגט די דאָזיגע זאַפּאַסען, ביז דער צייט, וואָס די רוימער האָבען אַיינגענומען די פעסטונג, איז אַוועק כמעט אַ יאָהרהונדערט. אָבער אויך די רוימער האָבען געפונען דעם רעשט פון די פּירות אין אַזאַ צושטאַנד, אַז מען האָט געקאָנט זיי פּולקום עסען. פאַר דער אמת׳ער סבה פון דער דאָזיגער דויערהאַפטיגקייט בעדאַרף מען מסתמא אָננעמען די טבע פון דער לופט, וואָס מחמת דער הויכער לאַגע פון דער פעסטונג איז זי פריי פון אַלע אומריינע פּאַרעס, וואָס קומען פאָר נעהענטער צו דער ערד.

ווייטער האָט זיך דאָרט געפונען אַ סך געוועהר פון אַלע מינים,

וואָס הורדוס האָט אַוועקגעלייגט און וואָס וואָלטען קלעקען פאַר 10 000 מאַן, און אויך אומבעאַרבייטע אַייזען, קופער און בליי.

די דאָזיגע געוואַלדיגע הכנות האָבען געהאַט אַ גוטען יסוד. וואָרום מען זאָגט, אַז הורדוס זאָל האָבען בעשטימט די פעסטונג פאַר אַ בעהעלטע-ניש פאַר זיך גופא, ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ צווייענדיגע סכנה: איינע מצד דעם אידישען פאָלק, וואָס פאַר איהם האָט ער מורא געהאַט, עס זאָל איהם ניט אַראָבוואַרפען און ווידער אַרויפזעצען אויפ'ן טרון די אַלטע קיניגליכע פאַמיליע; די גרעסערע און ערנסטערע סכנה אָבער איז געווען מצד דער עגיפטישער קיניגין קלעאָפּאַטרע. וואָרום די לעצטע האָט איהר מיינונג ניט בעהאַלטען, נאָר שטענדיג האָט זי געבעטען אַנטאָניוס'ן, ער זאָל לאָזען הרג'ען הורדוס'ן און איהר אַוועקשיינקען זיין קיניגרייך. און אין דער אמת'ען מוז מען זיך פערוואונדערן, וואָס אַנטאָניוס, וואָס איז גע-ווען פערליעבט אין איהר ביז צו שקלאַפישער אונטערוואַרפונג, האָט שוין ניט ערפילט איהר פערלאַנג, בפרט נאָך, אַז קיינער האָט זיך גאָרניט גע-ריכט, ער זאָל זיך אָבזאָגען פון צו טון איהר די טובה. אַזעלכע דאגות האָ-בען בעוואויגען הורדוס'ן צו בעפעסטיגען מצדה, און אַזוי האָט עס געטראָ-פען, אַז גראָד אין דער דאָזיגער פעסטונג האָט ער איבערגעלאָזען די רוי-מער די לעצטע שטיקעל אַרבייט אין דער מלחמה קעגען די אידען.

5. אַז דער רוימישער קריגס-פיהרער האָט, ווי עס איז שוין דערמאָנט, אַרומגערינגעלט דעם גאַנצען פלאַץ מיט אַ מויער פון אויסווייניג און האָט געמאַכט גענויע פערוואָהרענישען, אַז קיינער פון גאַרניזאָן זאָל ניט אַנטלוי-פען, האָט ער געלאָזט אָנהויבען די בעלעגערונג, הגם ער האָט געפונען נאָר איין איינציגען אָרט, וואָס זאָל זיך פאַסען דערצו, מען זאָל דאָרט קאָנען אויפבויען וואַלען.

הינטער'ן טורעם, וואָס האָט בעהערשט דעם וועג, וואָס פיהרט פון מערב-זייט צום פאַלאַץ און צום שפיץ פעלז, האָט זיך געפונען אַ שטייניגער בערגעל פון אַ בעדייטענדער ברייט, וואָס איז גענוג ווייט געווען אַרויסגע-רוקט, נאָר ער איז געלעגען מיט 300 איילען טיעפער, איידער מצדה. דער דאָזיגען בערגעל, וואָס מען האָט אָנגערופען דער ווייסער פעלז, האָט סיל-וואַ געלאָזט אַיינגעמען און דערנאָך האָט ער געהייסען זיינע מענשען בריינגען ערד.

אין גיכען האָט זיך מחמת דער פלייסיגער אַרבייט פון אַ סך מענשען אויפגעהויבען אַ פעסטע דאַמבע פון 100 איילען די הויך. אָבער נאָך האָט זיך דאָס ניט אויסגעדוכט פעסט און הויך גענוג, בכדי צו דיענען אַלס שטאַנד-אָרט פאַר די מאַשינעס, בכן האָט מען אויסגעבויט פון אויבען נאָך אַ הויכען געבויי פון גרויסע שטיינער. די מאַשינעס גופא זיינען געווען געמאַכט פונקט אַזוי, ווי די, וואָס פריהער אַספּסינוס און דערנאָך טיטוס האָבען געהאַט זיי אויסגעטראַכט צוליעב בעלעגערונגס-צוועקען. חוץ דעם

האָט מען נאָך אויסגעבויט אַ טורעם פון 60 איילען די הויך, וואָס איז געווען איינגאַנצען בעשלאָגען מיט אייזען און וואָס פון שפּיץ האָבען די רוימער מיט אַ סך סקאָרפּיאָנען און באַליסטען צוריקגעטריבען די פּערטיידיגער פון די מויערן און זיי ניט דערלאָזט אַפילו אַ קאָפּ אַרויסשטעקען.

ווייטער האָט סילוואַ געלאָזט מאַכען אַ געוואַלדיגען שטורעמבאָק או שטופּען מיט איהם אָן אויפהער אויף דער מויער, און הגם מען האָט כמעט ניט געקאָנט זי צו שטערען, פונדעסטוועגען האָט איהם זיך פּאָרט איינגעגע־בען צו מאַכען אין איהר אַ לאָך. נאָר געשווינד האָבען די סיקאַריער פון אינעווייניג אויסגעבויט נאָך אַ מויער, וואָס קעגען איהר האָבען אַפילו די מאַשינעס גאָרנישס ניט געקאָנט אויפטון. וואָרום בכדי אַז זי זאָל זיין אין שטאַנד דורך איהר ווייכקייט אָבצושוואַכען די קראַפט פון די שטופּען, האָ־בען זיי זי אַזוי געמאַכט.

זיי האָבען צונויפגעלייגט גרויסע קלעצער מיט די עקען נאָך דער לייגנג אַזוי, אַז צוויי שורות פון זיי האָבען זיך געצויגען נעבען אַנאַנד אין אַן אָבשטאַנד פון אַ מויער־ברייט. דעם מיטעלשטען חלל צווישען ביידע שורות קלעצער האָבען זיי אויסגעפילט מיט ערד. בכדי אָבער די ערד זאָל זיך ניט פונאַנדערשיטען, אַז מען וועט העכער מאַכען דעם וואַל, האָבען זיי פּער־בונדען די קלעצער, וואָס זיינען געלעגען אין דער לייגנג, דורך אַנדערע באַלקענס, וואָס זיי האָבען געפעסטיגט אין דער ברייט, אַזוי אַז דער גאַנ־צער געביי האָט אויסגעזעהן ווי אַ בלאָקהויז. זינט דעמאָלט אָן האָבען די שטויסען פון די מאַשינעס אויפגעהערט צו ווירקען אויף דער ווייכער מאַסע; נאָך מעהר, דורך די קלעפּ איז דער גאַנצער געביי נאָך פעסטער געוואָרען.

אַז סילוואַ האָט דאָס בעמערקט, האָט ער גערעכענט, אַז גיכער וועט ער קענען צעשטערען דעם וואַל דורך פייער, און האָט געהייסען זיינע סאָל־דאַטען שליידערן דערויף אַ מאַסע ברענענדיגע שטולקאַרצען. און טאַקע האָט זיך די מויער, וואָס איז בעשטאַנען צום גרעסטען טייל פון האָלץ, גיך אָנ־געצונדען און מחמת איהר גרינגען בוי איז זי באַלד געשטאַנען אין העלען פלאַקער, אַרומגחאַפּט ביז׳ן גרונד.

אָבער ביים אָנהויב פון דער שרפה האָט זיך אויפגעהויבען אַ צפון־ווינט, וואָס איז געוואָרען געפעהרליך פאַר די רוימער: ער האָט אָוועקגע־בלאָזען די פלאַמען פון דער פעסטונג און האָט זיי געטריבען זיי אין פּנים אַריין. כמעט האָבען זיי זיך שוין מיאש געווען אינ׳ם ערפאָלג, ווייל זיי האָ־בען מורא געהאַט, זייערע מאַשינעס זאָלען ניט ווערען פערברענט. אָבער מיט אַ מאָל האָט זיך דער ווינט אומגעדרייהט, אַזוי ווי דורך אַ גזר מן השמים, זיך אַ קעהר געטאָן קיין דרום־זייט, און ווייהענדיג צו גלייך שטאַר־קער, האָט ער געטריבען די פלאַם צוריק אויפ׳ן מויער, וואָס האָט שוין געברענט פון אויבען ביז אונטען. דערפון האָבען די רוימער דערקענט גאָטס הילף און האָבען זיך אומגעקעהרט אין לאַגער מיט אַ פריילעכען האַרצען,

זיינענדיג פעסט ביי דער דעה אויף מאָרגען צו מאַכען דעם שטורעם. דער־
ווייל האָבען זיי געלאָזט איבער נאַכט אַלצדינג היטען, בכדי קיינער זאָל ניט
קאָנען אַנטלויפען פון דער פעסטונג.

6. נאָר וועגען אַנטלויפען האָט אלעזר לחלוטין ניט געטראַכט, פונקט
אַזוי ווי ער וואָלט עס אויך קיין אַנדערן ניט ערלויבט. פערקעהרט, ווי באַלד
ער האָט דעזעהן, אַז די מויער איז צעשטערט פון פייער, און עס איז ניטאָ קיין
אַנדער מיטעל צוליעב דער רעטונג אָדער פערטיידיגונג, האָט ער זיך פאָרגע־
שטעלט, ווי אַזוי די רוימער וועלען בעהאַנדלען די ווייבער און קינדער, אַז
זיי וועלען אַריינפאַלען צו זיי אין די הענד, און איז געקומען צום בעשלוס,
אַז אַלע מוזען זיך אָנטון אַ טויט. און היות ווי ביי דעם איצטיגען מצב האָט
ער דאָס געהאַלטען פאַר דאָס בעסטע, בכן האָט ער צונויפגערופען די שטאַרק־
מוטיגסטע צווישען זיינע חברים און האָט געזוכט אויפצומונטערן זיי דערצו
דורך פאָלגענדער רעדע:

„שוין לאַנג, מוטיגע חברים, זיינען מיר פעסט ביי דער דעה ניט צו
זיין אונטערטעניג ניט די רוימער און ניט עמיצען אַן אַנדערן, חוץ גאָט אַליין,
ווייל ער איז דער אמת׳ער און געזעצליכער האַר איבער די מענשען. איצט
אָבער איז געקומען דער אויגענבליק, וואָס רופט אונז צו בעקרעפטיגען מיט
דער טאַט אונזער היכען בעשלוס. בכן, לאָמיר זיך ניט מאַכען אַליין מבוזה
דורכדעם, וואָס מיר, וואָס פריהער האָבען מיר ניט געקאָנט איבערטראָגען
אַפילו אַן אומגעפעהרליכע קנעכטשאַפט, וועלען איצט אַרויפציהען אויף זיך
מיט׳ן גוטען ווילען אינאיינעם מיט דער קנעכטשאַפט אויך די שרעקליכסטע
יסורים, וואָס וועלען אויף אונז קומען, ווען מיר וועלען אַריינפאַלען אין די
הענד פון די רוימער. וואָרום פונקט אַזוי ווי מיר זיינען געווען די ערשטע,
וואָס זיינען אויפגעשטאַנען קעגען זייער יאָך, זיינען מיר נאָך די לעצטע,
מיט וועמען זיי האָבען נאָך צו קעמפען. איך האַלט עס פאַר אַ בעזונדער
גאָטס גענאָד, וואָס ער האָט אונז געגעבען דעם כח אונטערצוגייהן מיט כבוד
אַלס פרייע מענשען, וואָס איז ניט געווען בעשערט אַנדערע מענשען, וואָס
זיינען בעוועלטיגט געוואָרען אומגעריכטערהייד.

מיר ווייסען דאָך פון פריהער, אַז מאָרגען וועלען מיר אַריינפאַלען אין
שונא׳ס האַנד; אָבער נאָך האָבען מיר די ברירה אינאיינעם מיט אונזערע
ליעבע צו שטאַרבען אַ בכבוד׳ען טויט. דאָס קאָנען די שונאים ניט שטערען
ווי שטאַרק זיי זאָלען ניט וועלען בעקומען אונז לעבעדיגערהייד אין זייער
האַנד. פון דער אַנדער זייט, זיינען מיר אויך ניט מעהר אין שטאַנד זיי
מנצח צו זיין אין קאַמפף. גלייך אין אָנהויב אפשר, בשעת אונזערע
שטרעבונגען צו פרייהייט האָבען בעגעגענט אַזאַ גרויסען ווידערשטאַנד ביי
אונזערע לאַנדסלייט און נאָך אַ גרעסערען מצד אונזערע פיינד, האָבען מיר
בעדאַרפט פערשטייהן, וואָס איז די גזרה פון גאָט, און איינזעהן, אַז ער
האָט בעשטימט צום אונטערגאַנג דאָס אידישע פאָלק, וואָס איז אַמאָל אַזוי

טייער געווען. וואָרום אויב ער וואָלט געבליבען לייטזעליג צו אונז, וואָלט ער מסתמא ניט אַזוי רוהיג צוגעקוקט, ווי עס זיינען אומגעקומען אַזוי פיעל מענשען, און וואָלט ניט איבערגעגעבען זיין הייליגע שטאָדט אין רשות פון פייער און צעשטערונג. און דאָ קאָנען מיר דען נאָך האָפען, אַז אונז אַליין צווישען גאַנצען אידישען פאָלק וועט זיך איינגעבען צו בלייבען גאַנץ און צו ראַטעווען אונזער פרייהייט, אַזוי ווי מיר וואָלטען ניט האָבען געזינדיגט קעגען גאָט, אין דער צייט וואָס מיר זיינען נאָך געווען דערין די מורי דרך פאַר אַנדערע?

איהר זעהט דאָך, ווי גאָט מאַכט צו־נישט אונזערע פוסטע ערוואַרטונגען, דורכדעם וואָס ער לאָזט קומען איבער אונז אַ פלאָג, וואָס צעשטערט אינגאַנצען אונזערע האָפענונגען. וואָרום וואָס האָט אונז גענוצט בנוגע צו אונזער רעטונג דאָס, וואָס די דאָזיגע פעסטונג איז ניט איינצונעמען? און צידען האָט גאָט ביי אונז ניט אָבגענומען איטליכע האָפענונג אויף רעטונג, הגם מיר האָבען אַ רייכען זאַפּאַס פראָוויאַנט, אַ סך געוועהר און אַלע איבעריגע נויטיגע זאַכען די והותר? וואָרום דאָס איז ניט געווען קיין צופאַל, וואָס דער פייער, וואָס איז לכתחלה געווען געווענדעט קעגען די פיינד, האָט זיך אומגעקעהרט קעגען דער מויער, וואָס מיר האָבען אויסגעבויט, נאָר גאָטס צאָרן פון וועגען די פיעל פערברעכענס, וואָס מיר זיינען בעגאַנגען אין אונזער משוגעת קעגען אונזערע לאַנדסלייט. אָבער די שטראָף דערפאַר לאָמיר ליידען ניט פון אונזערע דם־שונאים, פון די רוימער, נאָר פון גאָט דורך אונזער אייגענער האַנד; וואָרום זיין שטראָף איז אַ גרינגערע. אומגעשענדעט זאָלען שטאַרבען אונזערע פרויען, פריי פון שקלאַפען־קייטען — אונזערע קינדער! און נאָכדעם ווי זיי וועלען זיין טויט, וועלען מיר איינער דעם אַנדערן טון דעם לעצטען חסד — דעמאָלט וועט דער רוהם, אַז מיר האָבען הויך געהאַלטען די פרייהייט, פערבייטען אונז אַ בכבוד׳ע לויה.

פריהער אָבער לאָמיר צעשטערען דורך פייער אונזערע טייערע זאַכען און די גאַנצע פעסטונג; וואָרום איך בין בעזיכערט, אַז די רוימער וועלען זיך ערגערן, אַז זיי וועלען אונז ניט קאָנען כאַפּען לעבעדיגערהייד און חוץ דעם נאָך אָנוועהרען דעם רויב. מעהר ניט די עסענוואַרג לאָמיר זיי לאָזען, בכדי זיי זאָלען דיענען נאָך אונזער טויט פאַר אַ ראיה, אַז ניט דער הונגער האָט אונז גובר געווען, נאָר אַז מיר זיינען פון אָנהויב אָן, פונקט אַזוי ווי איצט, געווען פעסט ביי זיך בעסער צו שטאַרבען, איידער צו זיין קנעכט״.

אַזוי האָט גערעדט אלעזר; אָבער נאָך ווייט ניט אַלע די, וואָס זיינען געווען דערביי, זיינען געווען מוסכם מיט זיינע רייד. אמת טאַקע, עטליכע זיינען געווען גרייט מיט׳ן גאַנצען האַרצען אויסצופיהרען זיין פאָרשלאָג. נאָך מעהר, זיי האָבען זיך אַפילו אַרויסגעוויזען כמעט ווי מלא שמחה, ווייל זיי האָבען געהאַלטען אַזאַ טויט פאַר אַ בכבוד׳ען. פערקעהרט, די ווייכהאַר-

ציגערע צווישען זיינע מענשע האָט אָנגענומען אַ רחמנות אויף די פרויען און קינדער, און היות ווי אויך זיי איז געשטאַנען פאַר די אויגען דער זי-כירער אונטערגאַנג, דעריבער האָבען זיי איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט מיט טרערען אין די אויגען און האָבען דורכדעם אַרויסגעוויזען זייער אומ-צופרידענקייט מיט אלעזר׳ס פלאַן. אַז יענער האָט בעמערקט זייער אַראָבגע-פאַלענע שטימונג און האָט געמוזט אײנזעהן, אַז זייער מוט האַלט ביים פאַ-לען מחמת יענער פערצווייפעלטער עצה, איז אויף איהם אַרויפגעפאַלען אַ שרעק, טאָמער וועלען זיי דורך זייער קלאָגען און וויינען ריהרען אויך די יעניגע, וואָס האָבען אויסגעהערט זיינע ווערטער מיט אַ מוטיגען האַרצען. דעריבער האָט ער זיך ווייטער גענומען זיי אויפמונטערן, זיין געשטאַלט האָט זיך אויסגעגלייכט, און אַ פייערדיגע בעגייסטערונג האָט איהם דורכגעדרונגען, און ער האָט אָנגעהויבען אַ בעגייסטערטע רעדע וועגען השארת הנפש. מיט אַ געהויבענער שטים, זיינע אויגען גלייך געווענדט צו די וויינענדיגע, האָט ער אַזוי געזאָגט:

„באמת, איך האָב מיך שטאַרק אָבגענאַרט, בשעת איך האָב גערעכענט, אַז איך בעשטייה דעם קאַמף פאַר דער פרייהייט אינאיינעם מיט מוטיגע מענער, וואָס זיינען פעסט ביי זיך צו שטאַרבען, אויב זיי קאָנען ניט לע-בען אין כבוד. צום בעדויערן אָבער שטייהט איהר בנוגע צו גבורה׳שאַפט און מוט ניט העכער פאַר וואָסערן איהר ווילט מענשען פון אַ גאַנץ יאָהר, וויבאלד אַז איהר האָט מורא פאַר׳ן טויט אַפילו דעמאָלט, בשעת ער בע-דאַרף אייך אויסלייזען פון די גרעסטע צרות, — אָנשטאָט צו קוקען איהם גלייך אין די אויגען אָהן פחד און אָהן דעם, אַז עמיצער זאָל דאַרפען אייך אויפפאָדערן דערצו.

וואָרום פון דער ערשטער רגע, זינט מיר זיינען געקומען צום בע-וואוסטזיין, האָט מען לויט אַן אַלטער מסורה אונז געלעהרנט, און אונזערע זיידעס און עלטערזיידעס האָבען דאָס בעקרעפטיגט דורך זייערע מעשים און מחשבות, אַז ניט דער טויט, נאָר דער לעבען איז פאַר׳ן מענשען אַן אומגליק. וואָרום דער טויט גיט די נשמות די פרייהייט און עפענט זיי דעם צוגאַנג צו יענעם ריינעם אָרט, וואָס איז זייער היים און וואו קיין צרה וועט זיי מעהר ניט טרעפען. אָבער כל זמן זיי זענען נאָך צוגעבונדען צום שטאַרבליכען גוף און אָנגעשטעקט פון זיינע פעהלערן, קאָן מען זיי מיט אַן אמת בעצייכענען פאַר טויט; וואָרום די פערבינדונג פונ׳ם געטליכען מיט׳ן שטאַרבליכען איז עפּיס אומנאַטירליכעס. אמת, די נשמה קאָן אויך אויפטון גרויסעס, בשעת זי וואוינט נאָך אין גוף, דורכדעם וואָס זי מאַכט איהם פאַר איהר אייגענעם פיהלענדען געצייג, בעוועגענדיג איהם אומגעזעהענערהייד און איפּהויבענדיג איהם איבער זיין שטאַרבליכער נאַטור דורך בעדייטענדע מעשים. אָבער ערשט דעמאָלט, אַז זי מאַכט זיך לויז פון דער דריקענדיגער שווערקייט, וואָס ציהט זי צו דער ערד, און דערגרייכט צו איהר אמת׳ער היים, בעקומט זי אַ חלק אין גליקליכער טועכץ, און ווי גאָט אַליין, פיהרט זי

אַן אייביגע עקסיסטענץ, וואָס דעם מענשענס אויג קאָן זי ניט זעהן. אַוודאי קאָן מען זי אויך ניט זעהן, כל זמן זי געפינט זיך אין גוף: אומגעזעהענער-הייד קומט זי, און קיינער בעמערקט זי ניט, בשעת זי גייהט אַוועק, און הגם זי גופא לויט איהר טבע קאָן זיך ניט אומבייטען, פונדעסטוועגען ווערט זי די סיבה פון אַלע שינויים אין גוף. וואָרום דאָס, מיט וואָס די נשמה פער-בינד זיך, דאָס לעבט און ענטוויקעלט זיך; אָבער דאָס, פון וואָס זי שיידט זיך אָב, דאָס פערוועלקט און שטאַרבט אָב — אַזוי גרויס זיינען די אוצרות פון אומשטאַרבליכקייט, וואָס זיינען אין איהר בעהאַלטען. די דייטליכסטע ראיה דערצו, וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרען, קאָן פאַר אַייך זיין דער שלאָף, אין וועלכען די נשמות געניסען די זיסטע רוה. אומגעשטערט פונ'ם גוף, צוריק-געצויגען אין זיך, פערקעהרען זיי מיט גאָט, וואָס פון איהם שטאַמען זיי, פליהען אַרום אומעטום און זאָגען פאָראויס אַ סך זאַכען, וואָס וועלען געשעהן.

טאָ ווי אַזוי קאָן מען מורא האָבען פאַר'ן טויט, בשעת מען האָט ליעב די רוה אין שלאָף? און צידען וואָלט עס ניט געווען אַ סימן פון נאַרישקייט, אויב עמיצער זאָל שטרעבען צו דער ערדישער פרייהייט און פונדעסטוועגען זיך ניט פערגינען די אייביגע? דעריבער האָבען מיר בעדאַרפט שוין אויפ'ן סמך פון דער ערציהונג, וואָס מיר האָבען בעקומען, בעווייזען אַנדערע אַ ביישפיעל, ווי אַזוי מען איז מקבל באהבה דעם טויט.

נאָר אויב מיר האָבען נאָך נויטיג מוסטערן פון דער פרעמד, לאָמיר אַ קוק טון אויף די אינדער, וואָס פערנעמען זיך מיט לערנען חכמה. די דאָזיגע איידעלע מענער טראָגען איבער דעם ערדישען לעבען בלויז מיט אַ ווידערווי-לען, ווי אַ שקלאַפען-דיענסט, וואָס די נאַטור האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט, און פרייהען זיך, אַז די נשמה ווערט אויסגעלייזט פון דעם קערפערס קייטען: ניט מחמת דעם, וואָס זיי דריקט אָדער מאַטערט עפיס אַ וויהטאָג, נאָר מחמת ביינקשאַפט נאָכ'ן אייביגען לעבען זאָגען זיי אָן די אַנדערע, אַז זיי זיינען מוכן ומזומן אַוועקצוגייהן פון דער וועלט. קיינער שטערט זיי ניט דערין, פערקעהרט-איטליכער האַלט זיי פאַר גליקליך און גיט זיי מיט שליחות'ען צו פערשטאָר-בענע קרובים — אַזוי פעסט און זיכער גלויבען זיי אין דער פעראייניגונג פון די נשמות. נאָכדעם ווי זיי האָבען בעקומען יענע שליחות'ען, גיבען זיי איבער זייער גוף דעם פייער, בכדי אָבצושיידען די נשמה פון קערפער אין מעג-ליכער ריינקייט, און שטאַרבען מיט לויבליעדער. זייערע ליעבע אָבער בע-לייטען זיי צום טויט מיט אַ גרינגערן האַרצען, איידער אַנדערע מענשען בע-לייטען זייערע מיטבירגער צו אַ ווייטער נסיעה; זיך גופא בעוויינען זיי, יענע אָבער האַלטען זיי פאַר גליקליך, ווייל זיי זיינען שוין אויפגענומען אין די רייהען פון די אומשטאַרבליכע. צידען מוזען מיר זיך ניט שעמען, אַז מיר קאָנען זיך ניט דערהויבען צום איידעלן געדאַנק פון די אינדער און אַז דורך אונזער פחדנות זיינען מיר משנה די געזעצען פון אונזערע עלטערן, וואָס פון וועגען זיי איז אונז מקנא די גאַנצע וועלט?

אָבער אויב פון שטענדיג אָן וואָלט מען אונז געלעהרנט פונקט דעם

היפוך, דאָס הייסט, אַז דאָס ערדישע לעבען איז דעם מענשענס העכסטע גוטס און אַז דער טויט איז אַן אומגליק, פאָדערט פון אונז אונזער איצטיגער מצב, מיר זאָלען איהם אַריבערטראָגען מיט אַ גוטען מוט, ווייל דאָס פערלאַנ. גען גאָטס רצון און די הכרחיות. וואָרום שוין לאַנג האָט גאָט, ווי מיר דוכט, אָנגענומען דעם דאָזיגען בעשלוס בנוגע צום גאַנצען אידישען פאָלק: מיר מוזען אָנוועהרען דעם לעבען, ווייל ער וויל אונז מעהר ניט זיין לייטזעליג. אויף אַייך גופא בעדאַרפט איהר ניט אַרויפלייגען די שולד, און אויך ניט דאָס צורעכנען פאַר אַ פערדיענסט פון די רוימער, וואָס די מלחמה קעגען זיי האָט אונז אַריינגעוואָרפען אין פערדאַרבעניש. וואָרום ניט דורך זייער קראַפט איז אַזוינס געשעהן, נייערט אַ העכערע מאַכט האָט דאָס בעשטימט, אַז זיי קאָנען זיך בעטראַכטען אַלס זיגער.

למשל, צידען זיינען עס געווען אפשר רוימישע וואָפען, וואָס דורך זיי זיינען אומגעקומען די אידען אין קיסריה? ניין, זיי האָבען לחלוטין ניט געטראַכט וועגען אַ מרידה, און אין דער צייט וואָס זיי האָבען געהאַלטען שבת. איז דער המון פון קיסריה אָנגעפאַלען אויף זיי, האָט זיי אויסגעקוילעט אינאיינעם מיט זייערע ווייבער און קינדער, ניט בעגעגענענדיג אַפילו דעם קלענסטען ווידערשטאַנד, און האָט אַפילו ניט געשראָקען זיך פאַר די רוימער, וואָס האָבען דערקלערט פאַר פיינד נאָר די אָבטריניגע, דאָס הייסט מענשען פון אונזער מין.

נאָר מען וועט אָבשלאָגען, אַז די אַיינוואוינער פון קיסריה האָבען שטענדיג געפיהרט מחלוקת מיט די אידען, און אויסנוצענדיג אַ גינסטיגע געלעגענהייט, האָבען זיי געשטילט נאָר אַן אַלטע שנאה. נאָר וואָס וועלען מיר זאָגען וועגען די אידען פון סקיטאָפּאָליס. די גריכען צוליעב האָבען זיי אויפגעהויבען דעם שווערד קעגען אונז, אָנשטאָט אינאיינעם מיט אונז, זייערע פאָלקס. ברידער, צו קעמפען קעגען די רוימער. אָבער וואָס האָבען זיי געהאַט פון זייער גוטגינציגקייט און פריינדליכקייט בנוגע צו זייערע גריכישע מיטבירגער? אינאיינעם מיט זייערע משפחות זיינען זיי אַוועקגעקוילעט געוואָרען אָהן רחמנות; דאָס איז געווען דער דאַנק פאַר זייער הילף. דאָס, וואָס זיי האָבען געוואָלט אונז שטערען אָנצוטון די גריכען, דאָס איז מיט זיי געשעהן, אַזוי ווי דאָס האָט געמוזט קומען אַזוי.

נאָר עס וואָלט מיך געפיהרט צו ווייט, אויב איך וואָלט געוואָלט אַלצדינג איבערגעבען בפרטיות: איהר ווייסט דאָך, אַז עס איז ניטאָ קיין איין שטאָדט אין סיריען, וואָס זאָל ניט האָבען אומגעבראַכט איהרע אידישע אַיינוואוינער, הגם יענע זיינען געווען אַ סך פרידליכער געזונען קעגען אונז, איידער די רוימער. איך וויל נאָר ברייגען עטליכע ביישפיעלען. אַזוי האָבען די אַיינוואוינער פון דמשק, הגם זיי האָבען ניט געקאָנט אויסטראַכטען אַפילו אַ שאָטען פון אַן אויסרייד, בעפלעקט זייער שטאָדט דורך אַ שרעקליכער בלוט. פערגיסונג, אויס׳הרג׳ענדיג 18000 אידען אינאיינעם מיט זייערע ווייבער און

קינדער. ווייטער זיינען עגיפּטען געמאַטערט געוואָרען צום טויט אָהן אַ שיעור אידען – לויט ווי מען הערט, 60000.

אַוודאַי האָבען יענע געפונען אַזאַ טרויעריגען טויט אין פרעמדען לאַנד, ווייל זיי זיינען איבערגעגעבען געוואָרען אָהן שוץ אין די הענד פון זייערע פיינד. אָבער אויך די, וואָס האָבען אין זייער אייגענעם לאַנד געפיהרט מלחמה קעגען די רוימער און וואָס אומעטום האָט מען געקאָנט האָפען, אַז זיי וועלען האָבען דעם נצחון, האָבען אויך דעם דאָזיגען נצחון ניט בעקומען. וואָפען, מויערן, פעסטונגען, וואָס זיינען געווען ניט איינצונעמען, און אַ מוט, וואָס האָט אָהן פחד זיך אַרויסגעשטעלט קעגען אַלע סכנות פון׳ם בעפרייאונגס-קריג – דאָס אַלץ האָט בעשטאַרקט דאָס פאָלק אין זיין פלאַן צו דערוועגען זיך אויף אַ מרידה. אָבער נאָכדעם ווי דאָס האָט געדויערט נאָר אַ קורצע צייט און האָט אונז אָנגעפילט מיט גוטע האָפענונגען, האָט עס זיך אַרויסגעוויזען שפּעטער בלויז אַלס די סיבה פון נאָך אַ סך גרעסערן אומגליק. איין פעסטונג נאָך דער אַנדערער איז געוואָרען איינגענומען און איז אַריינגעפאַלען צום פיינד אין די הענד, אַזוי ווי זיי וואָלטען בלויז צוליעב דעם געווען אַזוי אויסגעבויט׳ בכדי נאָך גלענצענדער צו מאַכען דעם נצחון פון די רוימער, און ניט צוליעב דעם, בכדי צו העלפען ראַטעווען זיך די יעניגע, וואָס האָבען זיי אויס-געבויט.

נאָר די, וואָס זיינען געפאַלען אין שלאַכט, האָט מען געקאָנט נאָך האַלטען פאַר גליקליכע, וואָרום זיי זיינען לכל הפחות געשטאָרבען מיט אַ שווערד אין דער האַנד און האָבען ניט בוגד געווען אין דער פרייהייט. אָבער ווער וועט ניט רחמנות האָבען אויף דער מאַסע פון די יעניגע, וואָס זיינען אַריינ-געפאַלען אין דער רוימישער געפאַנגענשאַפט? און ווער וואָלט ניט מיט פריי-דען לאָזען זיך טויטען, איידער איהם וועט טרעפען דער אַיְיגענער גזר-דין? פון די דאָזיגע אומגליקליכע זיינען אייניגע געשטאָרבען אויף׳ן עשאַפאָט, פער-מוטשעט דורך פייער און קלעפּ; אַנדערע ווידער, פון ווילדע חיות האַלב צע-ריסען, זיינען לעבעדיגערהייד אַיינגעהיט געוואָרען צוליעב אַ צווייטען מאָלצייט פאַר די חיות רעות – צום געלעכטער און צייט-פערטרייב פון זייערע פייניגער. אָבער צום מיינסט זיינען צו בעקלאָגען די יעניגע, וואָס לעבען נאָך און קאָנען ניט געפינען דעם הייס געווינשטען טויט.

און וואו איז איצט יענע גרויסע שטאָדט, די הויפּטשטאָדט פון דער אי-דישער אומה, וואָס איז געווען בעפעסטיגט דורך אַזוי פיעל מויערן, געשיצט דורך אַזוי פיעל שלעסער און טורעמס, די שטאָדט, וואָס האָט קוים געקאָנט אַיינהאַלטען די מאַסע פון די קריגסגעצייג און געהאַט אין זיך אַזוי פיעל צעהנדליגער טויזענדער מענער, וואָס האָבען פאַר איהר געשטריטען? וואו איז זי אַהינגעקומען, די שטאָדט, וואָס דער אויבערשטער האָט זי אויסגעקליבען, אין איהר צו וואוינען? ביז׳ן טיעפסטען גרונד איז זי צעשטערט, און אַלס אַן איינציגע מצבה פון איהר איז געבליבען נאָר דער לאַגער פון איהרע פער-ויסטער, וואָס שטייהט נאָך אויף איהרע חורבות. עלענדע זקנים ליגען ביים

אַש פון היכל, און עטליכע ווייבער, וואָס זיינען געבליבען צוליעב דער אומ-פערשעמטער תּאוה פון די שונאים.

אויב עמיצער זאָל אַ טראַכט טון וועגען דעם, ווי קאָן ער נאָך וועלען קוקען אויפ׳ן טאָג, אַפילו אויב ווייטער וועט ער קאָנען לעבען בשלום? און ווער איז דער פיינד פון פאָטערלאַנד, דער ווייכהאַרציגער און פחדן, אַז ער זאָל זיך ניט מצער זיין דעריבער, וואָס ער וואָלט נאָך געמוזט לעבען ביז היינט? הלואי וואָלטען מיר אַלע געשטאָרבען, איידער מיר האָבען דערזעהן, ווי די הייליגע שטאָדט איז צעשטערט געוואָרען דורכ׳ן פיינדס האַנד, און דער בית-המקדש אַזוי פערברעכעריש פערוויסט!

אַוודאַי זיינען מיר אויפגעהאַלטען געוואָרען דורך דער איידעלער האָ-פענונג, אַז אפשר וועלען מיר נאָך קאָנען ווען עס איז נקמה נעמען פונ׳ם שונא דערפאַר; אָבער איצט איז זי אויך אַוועק און מיר שטייהען איינזאַם פנים אל פנים מיט דער נויט. לאָמיר ניט זאַמען צו שטאַרבען אין כבוד. לאָמיר רחמנות האָבען אויף זיך אַליין, רחמנות אויף אונזערע ווייבער און קינדער, כל זמן מיר האָבען נאָך די פרייהייט צו טון אַזאַ באַרימהאַרציגקייט. וואָרום פאַר׳ן טויט זיינען מיר געבאָרען, און צוליעב דעם טויט האָבען מיר אויך אונזערע קינדער געהאַט: אַפילו די גליקליכסטע קאָנען איהם ניט אויס-מיידען; אָבער פייניגונג און שקלאַפעריי און מוזען צוזעהן, ווי אַזוי ווייבער און קינדער ווערען געשלעפּט צו שענדונג, דאָס זיינען ניט אַזעלכע צרות, וואָס די נאַטור-נויטווענדיגקייט האָט זיי אַרויפגעלייגט אויפ׳ן מענשען, נייערט אַזעלכעס טרעפט זיך מיט זיי מחמת זייער אייגענער פחדנות, ווייל זיי ווילען ניט שטאַרבען, איידער זיי דערלעבען דאָס אַלץ, הגם זיי וואָלטען עס גע-קאָנט טון.

מיר, פערקעהרט, האָבען מורד געווען קעגען די רוימער אין שטאָלצען פערטרויען אויף אונזער כח און האָבען נאָך גאָר גאַנג ניט געוואָלט אויס-הערען זייער פאָדערונג זיך אונטערצוגעבען. ווּעמען וועט דאָס ניט קלאָר זיין, ווי שווער זייער נקמה וועט אונז טרעפען, ווען זיי וועלען אונז בעקומען לע-בעדיגערהייד אין זייערע הענד? ווייה וועט דעמאָלט זיין צו די יונגע לייט, וואָס זייער קערפער-קראַפט וועט מוזען אויסהאַלטען גאָר אַפולע ענויים! ווייה אויך צו די זקנים, וואָס וועלען מחמת זייער טיעפען עלטער ניט קאָנען מעהר אַריבערטראָגען די יסורים! דעמאָלט וועט איינער זעהן, ווי מען וועט זיין ווייב אַוועקפיהרען צו דער שענדונג, אַן אַנדערער וועט הערען די שטים פון זיין קינד, ווי ער יאָמערט נאָך זיין פאָטער, וואָס איהם זיינען די הענד געבונדען!

נאָר ניין — כל זמן די דאָזיגע הענד זיינען נאָך פריי, און קאָנען האַל-טען דעם שווערד, זאָלען זיי אונז טון די גרעסטע גענאָד! ניט פערשקלאַפט דורך די פיינד לאָמיר שטאַרבען, אַלס פרייע מענער אינאיינעם מיט ווייבער און קינדער לאָמיר זיך שיידען פון לעבען. דאָס בעפעהלען אונז די געזעצען, דאָס בעטען ביי אונז אונזערע ווייבער און קינדער; צו דער נויטווענדיגקייט

צו טון דעם דאָזיגען שריט האָט אונז געבראַכט גאָט, און דעם היפוך דערפון פערלאַנגען די רוימער: זיי האָבען מורא, טאָמער וועט איינער פון אונז שטאַרבען ביים פאַלען פון דער פעסטונג. דעריבער לאָמיר זיך איילען צו לאָזען זיי, אָנשטאָט דער געווינשטער פרייד, וואָס אונזער געפאַנגען-נעמונג האָט בעדאַרפט זיי פערשאַפען, דעם שרעקליכסטען בילד פון אונזערע טויטע קער-פערס און ערשטוינונג איבער אונזער דרייסטקייט!"

# ניינטער קאפיטעל.

די פערטיידיגער פון מצדה קוילען זיך אויס איינער דעם אנדערן.

אַז ער האָט נאָך געוואָלט ווייטער ריידען, האָבען אַלע איהם איבערגע-ריסען אין מיטען די רייד און, אָנגעהאַפּט פון אַ ווילדען אימפּעט, האָבען זיי זיך געשטופּט צום טאַט און זיינען אַוועקגעלאָפען, אַזוי ווי אַ בייזער רוח וואָלט זיי געטריבען. איינער האָט געזוכט זיך צו פעדערן פאַר'ן אַנדערן, און איטליכער האָט גערעכענט זיך אַרויסצוווייזען פאַר בעזונדערס מוטיג און אַנטשלאָסען דורכדעם, וואָס ער וועט זיך געפינען ניט צווישען די לעצטע — אַזאַ מין בע-גיריגער פערלאַנג האָט זיי אָנגעהאַפּט צו מאָרדען זייערע ווייבער, קינדער און געגענזייטיג זיך אַליין.

אויך איז זייער היציגקייט ניט קאַלטער געוואָרען, בשעת זיי זיינען צו געטראָטען צו דער אויספיהרונג, ווי מען האָט געקאָנט מיינען, נאָר זיי זיינען פערבליבען פעסט ביי די מחשבות, וואָס אלעזר'ס רעדע האָט זיי געהאַט איינגעפליסט. אַוודאַי זיינען זייערע געפיהלען צו קרובים און גוטע פריינד ניט געמינערט געוואָרען; אָבער דער שכל הישר, וואָס האָט זיי געזאָגט, אַז אויף אַזאַ אופן זאָרגען זיי צום בעסטען פאַר זייערע ליעבע, האָט בעקומען די אויבערהאַנד. אַזוי האָבען זיי אויסגעפיהרט זייער החלטה, אַרומנעמענדיג זייערע פרויען מיט ליעבשאַפט, צודריקענדיג זייערע קינדער צום האַרצען און בעדעקענדיג זייערע ליפען מיט די לעצטע קושען, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך בעדיענט מיט אַ פרעמדער האַנד. זייער טרייסט האָבען זיי געפונען ביי דעם דאָזיגען געצוואונגענעם מאָרדען אין דעם געדאַנק וועגען די פּייניגונגען, וואָס די זייעריגע וואָלטען בעדאַרפט אויסשטייהן, אויב זיי וואָלטען אַריינגעפאַלען אין דעם שונא'ס האַנד.

צולעצט האָט זיך קיינער ניט אַרויסגעוויזען פאַר צו שוואַך פאַר דער שרעקליכער אַרבייט, נאָר אַלע האָבען כסדר אויסגעקוילעט זייערע ליעבע. ווייה געשריען איבער דער שרעקליכער נויט, וואָס מחמת איהר האָט זיך די אומגליקליכע אויסגעדוכט פאַר דער קלענסטער צרה, מיט דער אייגענער האַנד אויסצושעכטען זייערע ווייבער און קינדער!

אומפּייהיג אַריבערצוטראָגען דעם ווייהטאָג איבער זייער טאַט און אין דעם געפיהל, אַז זיי וואָלטען געטאָן אַן עולה קעגען די טויטע, אויב זיי

וואָלטען זיי אַריבערגעלעבט כאָטש איין קליינע ווײלע, האָבען זיי דערנאָך צונויפגעשלעפּט אַלץ דאָס טייערסטע אין איין הויפען, האָבען עס אונטער־געצונדען און האָבען אויסגעקליבען דערנאָך צעהן פון זייערע חברים, וואָס האָבען בעדאַרפט ווערען די מערדער פון אַלע איבעריגע. ליגענדיג נעבען זיין ווייב און זיינע קינדער און אויסשפּרייטענדיג זיינע אָרעמס איבער זיי, האָט איטליכער פון זיי אויסגעשטרעקט זיין האַלז די צעהן, וואָס האָבען געטאָן דעם טרויעריגען דיענסט.

קוים אָבער האָבען די לעצטע אָהן ציטערן און מורא געהאַט דער־שטאָכען אַלע זייערע חברים מאַן פאַר מאַן, האָבען זיי על פּי גורל אָנגע־נומען דעם זעלביגען בעשלוס בנוגע צו זיך גופא: דער, אויף וועמען עס איז געפאַלען דער גורל, האָט בעדאַרפט אומברײנגען די איבעריגע ניין און צולעצט אויך זיך גופא; ווארום אַלע האָבען דאָך געהאַט צו אַנאַנד דעם פעסטען פערטרויען, אַז איטליכער פון זיי וועט מיט גלייכער פרייד מוסכם זיין אויסצופיהרען דעם בעשלוס סיי אין טעטיגקייט און סיי אין ליידענדער הינזיכט. אַזוי האָבען זיך די ניין געלאָזט טויטען דורכ׳ן שווערד.

דער איינער אָבער, וואָס איז צולעצט נאָך לעבען געבליבען, האָט נאָר בעקוקט דעם הויפען פון די, וואָס זיינען געלעגען, צי איז ביי דער גרויסער שחיטה אפשר אײנער איבעריג געבליבען, וואָס זאָל בעדאַרפען זיין הילף צום שטאַרבען, און אַז ער האָט געפונען, אַז זיי זיינען אַלע טאַקע מיט אַן אמת טויט, האָט ער אונטערגעלייגט פייער אין פּאַלאַץ, דערנאָך האָט ער זיך גופא דערשטאָכען מיט אַ קרעפטיגער האַנד און איז אַנידערגעפאַלען נעבען זיינע חברים אין אומגליק.

אַזוי זיינען זיי געשטאָרבען אין דער איבערצייגונג, אַז זיי האָבען קיין נפש ניט איבערגעלאָזען, וואָס האָט געקאָנט אַריינפאַלען אין די הענד פון די רוימער. נאָר איין בעיאָהרענטע פרוי און אויך אלעזר׳ס אַ קרובה — די לעצטע, אַ פרוי, וואָס לויט איהר פערשטאַנד און בילדונג האָט זי אַריבערגע־שטייגט די מעהרסטע פון איהר מין – זיינען שטילערהייד אינאיינעם מיט פינף קינדער אַריינגעקראָכען אין אַן אונטערערדישער וואַסערלייטונג, אין דער צייט וואָס די געדאַנקען פון די אַנדערע זיינען געווען אינגאַנצען פער־נומען מיט דער ערמאָרדונג פון די חברים.

די צאָהל פון די טויטע, אַרייגערעכענט די ווייבער און קינדער, האָט בעטראָפען 960. די דאָזיגע שרעקליכע מעשה איז געשעהן 15 טעג אין חודש ניסן.

2. אויף מאָרגען אין דער פריה האָבען די רוימער, וואָס האָבען זיך געריכט אויף אַ ווידערשטאַנד, זיך געמאַכט גרייט, האָבען פערבונדען זייער וואַל און די מויער דורך פאַל-בריקען און זיינען אַריין אין פעסטונג. אָבער אַז זיי האָבען קיין איין פיינד ניט דערזעהן, נאָר אומעטום אַן אומהיימליכ־

פוסטקייט, אינעווייניג אין שלאָס פייער, און בכלל האָבען זיי בעמערקט אַ טיעפע שטילקייט, — האָבען זיי זיך ניט געקענט אויסמאָלען, וואָס עס איז געשעהן.

צולעצט, אַז מען האָט בעדאַרפט אָבשיסען די פיילען, האָבען זיי אויפ־געהויבען זייער שלאַכטרוף, בכדי דורכדעם אַרויסצורופען דעם אָדער יענעם פון די אײַנוואוינער. דעם דאָזיגען געשריי האָבען דערהערט די ווייבער, זיינען תּיכף אַרויסגעקראָכען פון די אונטערערדישע גיינג און האָבען דער־צייהלט די מעשה מיט אַלע פּרטים; בעזונדערס איינע פון די פרויען האָט געוואוסט צו דערצייהלען אויפ'ס גענויסטע אַלצדינג, וואָס עס איז גערעדט און געטאָן געוואָרען. נאָר די רוימער האָבען ווינציג וואָס אויף איהר גע־הערט, ווייל זיי האָבען ניט געגלויבט דער שרעקליכער מעשה, נייערט זיי האָבען זיך געמאַכט אַ וועג דורך די פלאַמען, פּרובענדיג אַיינצולעשען די שרפה, און זיינען אַריינגעדרונגען אין פּאַלאַץ אַריין.

אָבער אַז זיי האָבען דאָ מיט אַן אמת דערזעהן די פיעל דער'הרג'עטע, האָבען זיי זיך ניט געפרייהט, ווי איבער'ן אונטערגאַנג פון פיינד, נאָר זיי האָבען בעוואונדערט דעם מוטיגען בעשלוס און פעראַכטונג צום טויט פון אַזוי פיעל מענשען, וואָס האָבען גענומען אַן אָנטייל אין דער טאַט.

# צעהנטער קאפּיטעל.

אונרוהען מצד סיקאַריער אין אלכסנדריה. — אספּינוס הייסט פערמאַכען בית־חוניו.

1. אַז מצדה איז אויף אַזאַ אופן אַיינגענומען געוואָרען, האָט דער רוי־מישער קאָמאַנדיר איבערגעלאָזט אַ גאַרניזאָן אין דער פעסטונג און איז אַוועק מיט זיין חיל קיין קיסריה. וואָרום קיין איין פיינד איז ניט געבליבען אין יהודה, נאָר איצט איז דאָס גאַנצע לאַנד געוואָרען אונטעריאָכט דורכ'ן קריג.

פון דער אַנדער זייט זיינען איצט אַ סך פון די אידען פון חוץ־לארץ, אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבען געוואוינט זעהר וויט פון זייער שטאַם־לאַנד, אַריינגעפאַלען אין אַ שלעכטער לאַגע מחמת דעם אויפשטאַנד. אַזוי האָבען, למשל, קורץ פאַר'ן פאַלען פון מצדה געמוזט אומקומען אַ סך אידען אין אַלכסנדריה של מצרים. וואָרום יענע פון דער באַנדע סיקאַריער, וואָס זיי האָט אָבגעגליקט צו אַנטלויפען אַהין, האָבען זיך ניט בעגענוגט דערמיט, וואָס זיי זיינען אַנטרונען געוואָרען מיט גאַנצע ביינער, נאָר זיי האָבען גע־זוכט אויפ'ס ניי אויפצוהויבען אומרוהען, דורכדעם וואָס זיי האָבען אַיינגע־רעדט אַ סך פון די, וואָס האָבען זיי אויפגענומען ביי זיך, אַז זיי זאָלען אויפשטייהן פאַר דער פרייהייט, ניט האַלטען די רוימער פאַר בעסער, איי־

דער זיך גופא, און ניט אָנערקענען קיין אַנדער האַר, חוץ גאָט. אַז א טייל פון די חשוב׳ע אידען האָט זיך אַרויסגעשטעלט קעגען זיי, האָבען זיי איי־ניגע אָבגעראַמט פון וועג, און צו די אַנדערע זיינען זיי ערשט ועכט צו־געשטאַנען מיט זייערע העצערייען.

מחמת דער דאָזיגער ווילדער טועכץ זייערער האָבען די אויבערשטע מיטגלידער פון׳ם ראַט בעשלאָסען, אַז זייער לעבען איז ניט זיכער, אויב זיי וועלען נאָך ווייטער לאָזען די סיקאַריער טון, וואָס זיי ווילען. דעריבער האָבען זיי צונויפגערופען די גאַנצע עדה אידען אויף אַ פערזאַמלונג, האָבען אויפגעדעקט די פּלענער פון די בעלי־העזה און האָבען זיי געשילדערט אַלס די אויפטוער פון אַלע צרות, וואָס האָבען ביז איצט געטראָפען מיט אידען. איצט אָבער, האָבען זיי ווייטער גערעדט, ווייבאַלד אַז די סי־קאַריער האָבען ניט צו האָפען אויף רעטונג, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס זיי האָט זיך איינגעגעבען צו אַנטלויפען (וואָרום ווי נאָר די רוימער וועלען זיי דערקענען, וועלען זיי תיכף ווערען געטויט), — דעריבער זוכען זיי אַריינצוציהען אין זייער פערדיענטען שיקזאַל אויך די יעניגע, וואָס האָבען קיין מאָל זיך ניט בעטייליגט אין זייערע פערברעכערישע מעשים. דעריבער האָבען די פאָרשטייהער אויפגערופען דאָס פאָלק, זיך צונעמען אין אַכט פאַר׳ן אומגליק, וואָס די מורדים ווילען זיי אָנטון, און זיך פערענטפערן קעגען די רוימער דורכדעם, וואָס זיי וועלען אַרויסגעבען די פערברעכער.

היות ווי זיי האָבען ריכטיג איינגעזעהן די סכנה, וואָס איז זיי פאָר־געשטאַנען, האָבען זיי אויך אַלע אָהן אויסנאַם גענומען די דאָזיגע רייד צום האַרצען, האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די סיקאַריער און האָבען זיי גע־חאַפּט. 600 פון זיי זיינען אויף אַן אָרט געפאַנגען געוואָרען; אַנדערע, וואָס זיינען אַנטלאָפען געוואָרען אין די אינעווייניגסטע טיילען פון עגיפטען און בעזונדערס קיין טעבען (נוֹא אמן), האָט מען באַלד דערויף געכאַפּט און גע־בראַכט צו פיהרען.

זייערע עקשנות און זייער משוגעת אָדער גייסטשטאַרקייט — ווי מען וויל עס אָנרופען — האָט דערוועקט ערשטוינונג ביי אַלעמען. וואָרום אַלע מעגליכע ענויים און פייניגונגען, וואָס מען האָט אָנגעטאָן זייער גוף, בכדי זיי זאָלען אָנערקענען דעם רוימישען אימפּעראַטאָר פאַר זייער האַר, האָבען ניט געקאָנט ווירקען אויף קיינעם ניט, ער זאָל נאָכגעבען, אָדער צווינגען איהם, ער זאָל דאָס אַרויסזאָגען, וואָס מען האָט פון איהם געפאָדערט. פערקעהרט, זיי זיינען פערבליבען ביי זייער געזינונג, וואָס איז ניט געווען צו בויגען דורך קיין נויט, אַזוי ווי זייער גוף וואָלט געווען לחלוטין אָבגעטעמפּט קעגען פיי־ניגונג און פייערדיגע יסורים, און זייער נשמה וואָלט אַפילו נאָך געפיהלט אַ פרייד דעריבער. נאָר די גרעסטע פערוואונדערונג האָבען דערוועקט ביי די צוקוקער די קליינע אינגלעך: וואָרום אויך פון זיי האָט מען קיינעם ניט גע־קאָנט בריינגען דערצו, ער זאָל אָנרופען דעם אימפּעראַטאָר פאַר זייער האַר —

אַזוי פיעל האָט אַריבערגעשטייגט זייער געוואַלדיגע דרייסטקייט די שוואַכקייט פון זייער קערפּער.

2. לופוס, דער דעמאָלטיגער פּערוואַלטער פון אלכסנדריה, האָט באַלד געמעלדעט וועגען דער דאָזיגער בעוועגונג אין רוים. און היות ווי אַספּסינוס איז געווען איבערצייגט, אַז דער חשק פון די אידען צו אַ מרידה וועט קיין מאָל ניט אײנגעשטילט ווערען, און האָט צוגלייך מורא געהאַט, טאָמער וועלען זיי זיך ווידער צונויפקלייבען אין גרעסערע מאַסען און אַנדערע אָנרייצען צו אַ מרידה, דעריבער האָט ער בעפויהלען לופוס'ן צו צעשטערען דעם אידישען טעמפּעל, וואָס איז געשטאַנען אין דעם אַזוי אָנגערופענעם חוניו'ס ראַיאָן.

דער דאָזיגער טעמפּעל געפינט זיך אין עגיפּטען און האָט צו פערדאַנקען זיין אויפבויאונג און זיין נאָמען פאָלגענדער סבה. חוניו, דער זוהן פון שמעון כהן גדול אין ירושלים, איז אַנטלאָפען געוואָרען קיין אַלכסנדריה פאַר אַנטיוכוס'ן, דעם קעניג פון סיריען, בשעת יענער איז אַרויס מלחמה האַלטען קעגען די אידען. דאָרט האָט איהם תּלמי פריינדליך אויפגענומען מחמת זיין פיינדשאַפט קעגען אַנטיוכוס'ן, און ער האָט תּלמי'ן דערפאַר צוגעזאָגט, אַז ער וועט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק ברייגנען אויף זיין צד, אויב דער קעניג וועט וועלען אויסהערען זיינע רייד. תּלמי האָט איהם פערזיכערט, אַז ער וועט איהם אונטערשטיצען מיט וואָס נאָר עס וועט זיין מעגליך, און דעמאָלט האָט חוניו געבעטען אַן ערלויבעניש אויסצובויען ערגיץ וואו אין עגיפּטען אַ טעמפּעל און אַיינצושטעלען אַ גאָטעסדיענסט לויט'ן מנהג פון זיינע עלטערן. דעמאָלט, האָט ער געזאָגט, וועלען די אידען נאָך האַרטנאַקיגער קעמפען קעגען אַנטיוכוס'ן, דעם פּערוויסטער פון בית־המקדש אין ירושלים, בנוגע צו תּלמי'ן אָבער וועלען זיי אַרויסווייזען נאָך מעהר צוגעטאָנקייט און בעזעצען זיך מאַסענווייז אין זיין לאַנד, ווייל זיי וועלען קאָנען דאָרט פריי האַלטען זייער רעליגיע.

3. צו די דאָזיגע סברות האָט דער קעניג מסכים געווען און האָט איהם געשאָנקען אַ פּלאַץ אין ראַיאָן פון העליאָפּאָליס, אַ מהלך פון 110 סטאַדיעס פון מעמפיס. דאָ האָט חוניו צוערשט אַ פעסטונג געגרינדעט און אויסגעבויט דערנאָך דעם טעמפּעל, אָבער ניט לויט'ן מוסטער פון בית־המקדש אין ירושלים, נאָר אויף דעם אופן, אַז ער איז מעהר געווען געגליכען צו אַ פעסטונג, וואָס איז געווען געבויט פון גרויסע קוואַדער־שטיינער, און האָט זיך דערהויבען אַן ערך אויף 60 איילען. דעם מזבח אָבער האָט ער געמאַכט אין דערזעלביגער געשטאַלט, ווי אין דער היים, און האָט איהם אויסגעצירט אויך מיט טייערע צירונגען. ביי דער מנורה האָט ער געמאַכט אַן אויסנאַם. ער האָט געלאָזט מאַכען ניט קיין שטייהענדיגען לייכטער, נאָר אַ גאָלדענעם לאָמפּ, פון וועלכען עס זיינען אַרויסגעגאַנגען שטראַהלען, און האָט עס אויפגעהאַנגען אויף אַ גאָלדענער קייט. דעם גאַנצען הייליגטום האָט ער אַרומגערינגעלט מיט אַ מויער פון ציגעל, וואָס האָט געהאַט מאַסיווע שטיינערנע טויערן.

דער קעניג האָט איהם דערנאָך געשאָנקען נאָך אַ גרויסע נחלה, וואָס פון איהר הכנסה האָבען די כהנים געהאַט חיונה בשפע, און חוץ דעם זיינען דערפון געדעקט געוואָרען די הוצאות פאַרן גאָטעסדיענסט.

חוניו האָט אָבער ביים דאָזיגען אויפטו ניט געהאַט קיין ריינע כוונות, נאָר ער האָט זיך געלאָזט פיהרען דורך זיין שנאה צו די אידען אין ירושלים, וואָס ער האָט זיי ניט געקאָנט מוחל זיין דאָס, וואָס זיי האָבען איהם גע-צוואונגען צו אַנטלויפען; און איצט האָט ער גערעכענט, אַז דורכדעם וואָס ער וועט אויפבויען דעם דאָזיגען טעמפעל, וועט ער אָבציהען פון דאָרט אַ סך אידען.

איבעריגענס איז געווען אַ נבואה וועגען דער זאַך, וואָס איז געזאָגט גע-זאָגט געוואָרען שוין העכער 600 יאָהר: ישעיה הנביא האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז דער דאָזיגער טעמפעל וועט אויפגעבויט ווערען אין מצרים דורך אַ אידען [1]. אויף אַזאַ אופן איז ענטשטאַנען דער טעמפעל.

4. ווי נאָר לופוס, דער קאָמאַנדיר פון אַלכסנדריה, האָט בעקומען דעם געהעריגען בעפעהל פון רוים, איז ער געקומען אין געהייליגטען ראַיאָן און האָט צוגעשלאָסען דעם טעמפעל, נאָכדעם ווי ער האָט אַרויסגענומען פון דאָרט עטליכע הייליגע כלים.

אָבער באַלד דערויף איז ער געשטאָרבען, און פוילינוס, וואָס האָט פער-נומען די שטעל נאָך איהם, האָט ניט בלויז אָבגענומען אַלע הייליגע מתנות פונ'ם טעמפעל אונטער האַרטע סטראַשונקעס קעגען די כהנים, טאָמער וועלען זיי עפּיס בעהאַלטען, און לא די וואָס ער האָט פערבאָטען די מאַמינים אַריינ-צוגייהן אין די הייליגע חדרים, נאָר ער האָט אויך פערשלאָסען די טויערן און האָט געמאַכט, אַז קיינער זאָל ניט קאָנען צוקומען צום טעמפעל, אַזוי אַז אויף דעם אָרט איז מעהר קיין סימן ניט געבליבען פון גאָטעסדיענסט.

זינט דער טעמפעל איז אויפגעבויט געוואָרען, ביז ער איז פערשלאָסען געוואָרען, זיינען אַוועק 343 יאָהר.

# עלפטער קאפיטעל.

דער סיקאַריער יונתן אין קירענע. — שלוסוואָרט.

1. איבעריגענס, האָט די משוגעת פון די סיקאַריער זיך אָנגעקלעפּט, ווי אַ מגפה, אַפילו צו קירענע און די שכנישע שטעדט. וואָרום דאָרט איז אַנטלאָפען געוואָרען זייהר אַ נידערטרעכטיגער מענש מיט'ן נאָמען יונתן, לויט זיין מלאכה אַ וועבער, וואָס האָט צונויפגעקליבען אַרום זיך אַ בעדייטענדע מאַסע

1) יוסף מיינט דאָ דעם פסוק אין ישעיה י"ט, 19.

אָרימע מענשען און האָט זיי אַוועקגעפיהרט אין מדבר, וואו ער האָט זיי צו-געזאָגט צו בעוויזען מופתים.

זיין רמאות'דיגער אויפפיהר האָט בכלל דערוועקט ווינציג אויפמערקזאַמ-קייט. פונדעסטוועגען האָבען די חשוב'ע אידען פון קירענע געפונען פאַר נויטיג צו מסר'ן זיין אַוועקגייהען דעם פערוואַלטער פון פענטאַפּאָליטאַנער ליב-יען, קאַטולוס'ן. יענער האָט אַרויסגעשיקט פוספאָלק און רייטעריי, וואָס האָבען גרינג גובר געווען דעם אומבעוואָפענטען המון. דער גרעסטער טייל איז גע-פאַלען אין געשלעג; נאָר עטליכע זיינען גענומען געוואָרען געפאַנגען און גע-בראַכט צו קאַטולוס'ן. דער אויפטוער פון דער גאַנצער אונטערנעמונג, יונתן איז דעמאָלט אַנטלאָפען געוואָרען, אָבער אַז מען האָט איהם אַלאַנגע צייט געזוכט אין גאַנצען לאַנד, האָט מען איהם סוף-כל-סוף פאַרט געחאַפּט.

אַז מען האָט איהם געבראַכט פאַר קאַטולוס'ן, האָט ער פערשטאַנען אַזוי צו פערדרייהען און אויסצוטייטשען די זאַך, אַז ער גופא איז אַרויס אָהן אַ שטראָף; פערקעהרט, האָט ער געגעבען דעם פערוואַלטער די געלעגענהייט צו זייהר אומגערעכטע מעשים, דורכדעם וואָס ער האָט פאַלש בעשולדיגט די רייכערע אידען, אַז זיי האָבען איהם צוגערעדט צו זיין אויפטו.

2. קאַטולוס, איז גערן געווען אָנצוחאַפּען זיך פאַר די דאָזיגע רכילות'ען, און האָט געזוכט דורך היזיכע ווערטער צוצוגעבען דער זאַך אַ בעזונדערע וויכ-טיגקייט, בכדי עס זאָל האָבען דעם אויסזעהן, ווי ער וואָלט האָבען געענדיגט אויך אַ מין אידישע מלחמה. אָבער נאָך ערגער איז געווען, וואָס ער, וואָס האָט פאַר זיך אַזוי גרינג געגלויבט איטליכער באָלבעריי, האָט נאָך אונטער-געלעהרנט די סיקאַריער צו טרייבען רכילות. אַזוי האָט יונתן אויף זיין בעפעהל גע'מסר'ט אַ אידען מיט'ן נאָמען אַלכסנדר, וואָס קאַטולוס האָט איהם שוין פון לאַנג אָן פיינט געהאַט און האָט שוין געהאַט אָפען אַרויסגעוויזען זיין שנאה צו איהם, און האָט אַריינגעדרייהט אויך אַלכסנדר'ס ווייב בערעניקע אין די בעשולדיגונגען.

דערויף האָט דער פערוואַלטער צוערשט געהייסען טויטען זיי ביידע און דערנאָך אומברייינגען אַלע רייכע אידען, 3000 מאַן מיט אַ מאָל. ער האָט גע-רעכענט, אַז ער וועט דאָס קאָנען טון אָהן סכנות, ווייל ער האָט צוגעגעבען די פערמעגענס פון די געטויטע צו דעם אימפעראַטאָרס הכנסות.

3. און בכדי די אידען פון אַנדערשוואו זאָלען ניט אויפווייזען זיינע עולות, דעריבער האָט ער נאָך מעהר אויסגעברייטערט דעם נעץ פון זיינע ליגענס און האָט אַיינגערעדט יונתנ'ען און נאָך עטליכע פון די געפאַנגענע מיט איהם, זיי זאָלען פע'מסר'ן די אָנגעזעהענסטע אידען אין אַלכסנדריה און רוים, אַז זיי טראַכטען וועגען אַ מרידה. צווישען די, וואָס זיינען אויף אַזאַ אופן פאַלש פערקלאָגט געוואָרען, האָט זיך געפונען אויך יוסף, דער מחבר פון דעם דאָזיגען געשיכטס-ווערק.

נאָר קאַטולוס'ן האָט זיך זיין שמד-שטיק ניט אַייגעגעבען. וואָרום אַז

ער איז אָנגעקומען אין רוים, פיהרענדיג מיט זיך יונתן און זיינע חברים, גע. שמידטע אין קייטען, האָט ער געמיינט, אַז מען וועט מעהר קיין אויספאָר־שונגען ניט מאַכען, ווייל די רכילות איז געזאָגט געוואָרען אין יונתנ׳ס נאָמען און דורך איהם. נאָר אַספּסינוס, ווען די זאַך איז אויסגעקומען חשוד׳יג, האָט געלאָזט געבוי אויספאָרשען די אמת׳ע פאַקטען, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך איבערצייגט, אַז אַלע בעשולדיגונגען, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרען קעגען די דאָזיגע מענער, האָבען קיין שום גרונד ניט, האָט ער אויף טיטוס׳עס השתדלות זיי פולקום פרייגעשפראָכען. אויף יונתן אָבער האָט ער בעשטימט די פערדיענטע שטראָף: ער איז געוואָרען געשמיסען און דערנאָך לעבעדיגערהייד פערברענט.

4. דער גוטסקייט פון ביידע הערשער האָט קאַטולוס איצט געהאַט צו פערדאַנקען, וואָס מען האָט איהם ניט בעשטראָפט האַרטער, ווי מיט אַן אויסריידעניש. אָבער מיט אַ קורצער צייט שפּעטער איז אויף איהם אָנגעפאַלען אַ שווערע אומהיילבאַרע קריינק, און צולעצט האָט ער געפונען אַ טויט פול מיט ווייהטאָג, ניט נאָר אויסגעמאַטערט אין גוף, נאָר בעפאַלען פון נאָך ערגערע יסורים פון דער נשמה. שרעקליכע בילדער האָבען איהם שטענדיג נאָכגעיאָגט, און איין מאָל נאָכ׳ן אַנדערן האָט ער געשריען, אַז ער זעהט, ווי עס שטייהען פאַר זיין געלעגער די שאָטענס פון די, וואָס ער האָט גע־הרג׳עט; דעמאָלט האָט ער זיך ניט געקאָנט מעהר איינהאַלטען און איז אויפגעשפּרונגען פון בעט, אַזוי ווי מען וואָלט געקומען צו איהם צו פייני־גען איהם מיט פייער. מעהר און מעהר איז די קריינק געוואַקסען. צו לעצט זיינען איהם די געדערים פערפוילט און אַרויסגעפאַלען פון קערפּער, און אַזוי איז ער געשטאָרבען — אַ דייטליכערביישפּיעל, אַז די געטליכע השגחה צאָהלט אָב דעם רשע די פערדיענטע שטראָף.

5. דערמיט ענדיג איך די געשיכטע, וואָס איך האָב זי געשריבען, לויט ווי איך האָב צוגעזאָגט, מיט דער גרעסטער גענויאיגקייט פאַר די יע־ניגע, וואָס ווילען דערגייהן, ווי אַזי עס איז זיך פערלאָפען די דאָזיגע מלחמה פון די רוימער קעגען די אידען. וועגען דעם אופן, ווי אַזוי דאָס איז גע־שילדערט, זאָל אורטיילען דער לעזער. וואָס איז שייך צו דער ריכטיגקייט פון די פאַקטען, האָב איך, ווי איך קאָן מיט זיכערקייט בעהויפּטען, נאָר דערויף געווענדט מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אינ׳ם גאַנצען ווערק.

---

# אינהאלט פונ׳ם צווייטען טייל.

## פערטער בוך.

זייטען:



## פינפטער בוך.

זייטען:



# זעקסטער בוך.



# זיבעטער בוך.

זייטען:



---

